# JERUSHALAIMER ALMANACH
## YIDDISH WRITERS GROUP IN JERUSALEM

רעדאַקטאָר : יוסף קערלער

מיטרעדאַקטאָרן : דוד ספאַרד, אפרים שעדלעצקי

רעדאַקציע־סעקרעטאַר : מאיר חרץ

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון ירושלימער שטאָט־פאַרוואַלטונג
(קולטור־דעפּאַרטאַמענט) און משרד הקליטה.





נדפס בישראל 1976

בדפוס קואופרטיבי "אחוה" בע"מ, ירושלים

# אינהאַלט:

## פאַרקריצט אין זכרון



## שרייבער און ווערק



## נייע ביכער



## קולטור־כראָניק



## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך



## קונסט־אילוסטראַציעס :



## ביאָ־ביבליאָגראַפיע



## ביים שליסן דעם נומער

# 60טע יאָרצייט פון שלום־עליכם

(1976-1916)



זינאָווי טאָלקאַטשאָוו פּאָרטרעט. פון דער בילדער־סעריע „אַ שטעטל“

# אונדזער גרויסער פֿאָלקס־שרייבער

אין ערב־פּעריאָד פון דער יידישער קלאַסיק האָבן צוויי שטרעמונגען באַ־הערשט די יידישע געזעלשאַפט און די יידישע ליטעראַטור — — — דאָס חסידות און די השכלה. די ערשטע האָט פאַר דעם שטענדיק געטרודפטן און באַדראָטן יידן געשאַפן אַן אָפּגעזונדערטע פאַרשלאָסענע כשוף־וועלט פון רוחניותדיקע תענוגים און וואונדער. די צווייטע האָט, פאַרקערט, געלאָקט דעם יידן אַרויסצוגיין פון זיין גייסטיקן געטאָ אין דער ברייטער וועלט, צוזאָגנדיק אים, אַז דאָרט וועט ער געפינען מנוחה.

די קלאַסישע יידישע ליטעראַטור האָט אויפגענומען אין זיך די ביידע וועלטן און דורך דעם אויפדעקן דעם אוניווערסאַלן באַטייט פון די יידישע גייסטיקע ווערטן און פון די אויסטערליש־טראַגישע יידישע דערפאַרונגען געשאַפן דעם סינטעז פון ביידע שטרעמונגען, וועלכער איז געוואָרן דער פונדאַמענט פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

אין אונטערשיד פון פיל אַנדערע איז די יידישע קלאַסיק די ערשטע מאָ־דערנע יידישע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור. מאָדערנע אין דעם זין, וואָס נישט בלויז די יידישע טעמע און דער יידישער פערסאָנאַזש באַשטימען איר נאַציאָנאַלן כאַ־ראַקטער, איר ספּעציפישע באַזונדערקייט, נאָר דער אייגנאַרטיקער נוסח, וועלכער האָט זיך געשאַפן אין משך פון דורות אין רעזולטאַט פון די אויסנאַמלעכע באַ־דינגונגען, אין וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט געלעבט אומעטום און אין אַלע צייטן.

דער דאָזיקער נוסח וואָרצלט נישט בלויז אין אייגנאַרטיקע שפּראַכלעכע אויסדרוקן און שטייגער־שילדערונגען, נאָר אין דער ערשטער ריי אין דער פּסי־כישער אַטמאָספער, אין וועלכער עס קומען אויף אַלע געדאַנקען און עמאָציעס און וועלכע שאַפט זיך פון די דערפאַרונגען און ענדערונגען אין לעבן פון אַ פאָלק, ווי עס שאַפן זיך דער קאָליר און דער טעם פון אַ קוואַל פון די אַלע ערד־שיכטן, דורך וועלכע ער גייט אַדורך.

פון דער דאָזיקער אַטמאָספער איז אויפגעקומען די איראָניש־סאַטירישע האַרבע פּיקחות פון מענדעלע מוכר־ספרים, וועלכע איז תמיד באַגלייט פון אַן אינערלעכער דיסקרעטער גוטסקייט און פאַרחלומטקייט. דאָס איז זי דער גורם פון אייגנאַרטיקן לשון, וואָס דער עלטסטער יידישער קלאַסיקער האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגעלייטערט פון דער נאָך נישט דיפערענצירטער פאָלקס־שפּראַך און געשאַפן אויף איר געשטאַלטן, וועלכע, זייענדיק טיף יידיש אין זייער אופן פון טראַכטן און אויסדריקן זיך, זענען זיי גלייכצייטיק אוניווערסאַל אין זייער אינהאַלט.

דאָס "אייניקל" פון מענדעלע מוכר־ספרים, ווי דער געניאַלער יידישער שרייבער שלום־עליכם (פּסעוו. פון שלום ראַבינאָוויטש) האָט זיך אַליין אָנגערופן, האָט דאָס טראַגיקאָמישע פון יידישן לעבן אויסגעברייטערט, פאַרטיפערט און קאָנקרעטיזירט אין לעבעדיקע געשטאַלטן און אַקטועלע געשעענישן און עס אויפגעהויבן צו אַן אַלגעמיינער קאַטעגאָריע. די אייגנאַרטיק־יידישע פאָרם פון זיינע שאַפונגען שטערט נישט זייער אוניווערסאַלן באַדייט. פאַרקערט, זי באַשטעטיקט די ריכטיקע הנחה, אַז וואָס נאַציאָנאַל עכטער און אויטענטישער עס איז אַ קינסטלערישע ווערק, אַלץ מערער אוניווערסאַל איז עס. שלום־עליכמס "געלעכטער דורך טרערן" האָט דורך זיין יידישן לבוש דערגרייכט צום אַלמענטשלעכן.

דאָס איז צו זען אין דעם דאָרפישן יידן, טוביה דער מילכיקער, וועלכער פאַרקערפּערט מיט אַזאַ טיף־יידישער טראַדיציאָנעלער פאָלקס־חכמה און פאָלקס־שפּראַך די שווערע איבערלעבונגען און טענות פון זיין פאָלק, פאַרשטעלנדיק מיט זיך גלייכצייטיק אַ שטאַלצן בונטאַר קעגן יעדער מענטשלעכער אומגלייכהייט און אונטערדריקונג.

דאָסגלייכן דער גרעסטער שלימזל און בעל־חלומות, מנחם־מענדל, וועלכער פאַלט דורך אָן אויפהער אין אַלץ, צו וואָס ער זאָל זיך נישט נעמען, אויף דעם סאַמע קאָמישסטן אופן, נאָר וועקנדיק אין אונדז נאָך יעדן דורכפאַל נישט קיין געלעכטער און נישט קיין רחמנות, נאָר אַ טיפן טרויער, מחמת דער דערהייבונג פון איינצלפאַל אין אַ סימבאָל פון מענטשלעכער הילפלאָזיקייט בכלל קעגנאיבער די בייזע כוחות, וועלכע שטערן דער פאַרווירקלעכונג פון יעדן טרוים.

דאָס זעלבע איז מאָטל פּייסי דעם חזנס, דער העלד פון איינס פון די האַרציקסטע און רירנדיקסטע ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור, וועלכער מאַכט דורך אַ לעבן פול מיט קאָמישע און אין דער זעלבער צייט טראַגישע סיטואַציעס און פּעריפּעטיעס, אויסוואַקסנדיק צו אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט און טענה פון אַ הילפלאָזן קינד צו די מענטשן און צו דעם גורל.

און אַזוי אַלע אַנדערע העלדן פון שלום־עליכמען. ביי זייער ספּעציפיש־יידישער אויסערלעכקייט, באַוועגונגען, רייד־אופנים, טראַכטונגען און ד.ג. טראָגן זיי אין זיך אוניווערסאַלע ווערטן, וועלכע לאָזן זיך אָנווענדן צו אַלע מענטשן.

* * *

עס זענען געווען שרייבער אין דער נאָענטער, צי אפילו ווייטער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע פיל מענטשן לייענען נאָך אַפּט ביז היינט. און עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס בלויז געציילטע כאַפּן נאָך אַ קוק אין זייערע שאַפונגען פון צייט־צו־צייט.

שלום־עליכמען האָט מען נאָך נישט אויפגעהערט צו לייענען — אַלע און אומעטום. און וואָס מער מען לייענט אים, אַלץ טיפער הייבט מען אים אָן צו פאַרשטיין, אַלץ בולטער הייבט מען אָן זען דורך זיינע "פריילעכע" פאַרשווינען דאָס טרויעריקע לעבן פון יענער צייט, דורך די קאָמישע סיטואַציעס — די טראַ־

גישע, אויסוועגלאָזע לאַגע פון די יידן אין דער פרעמדער פיינטלעכער אַרומ־רינגלונג און דורך די יחידישע דאגות און יסורים — דעם גורל פון פאָלק.

שלום־עליכם האָט געשילדערט געוויינלעך מענטשן פשוטע, אַזעלכע, וואָס מען האָט צו יענער צייט באַגעגנט אויף שריט און טריט אין יעדער יידישער שטאָט און שטעטל. ער האָט זיי געשילדערט אַנשוילעך מיט אַלע זייערע תנועות און העוויות, מיט אַלע זייערע מנהגים, רייד־נוסח און אויך מיט אַלע זייערע קליינלעכע השגות און גרויסע צרות.

די מנחם־מענדלס, טוביהס, שימעלע סאַראַקערס און זייערע צענדליקער וואַריאַנטן, וועלכע ער האָט אַרויסגעבראַכט, אין זיינע פאַרשידענע מאַנאָלאָגן, דערציילונגען, ראָמאַנען און דראַמעס האָבן אין גרונט־געגומען אין זיינען געהאַט גשמיותדיקע זאַכן אין שייכות מיט פרנסה, צער גידול־בנים, אויסגעבן טעכטער און סתם יידישע צרות, אומגליקן און גירושים. זיי האָבן זיך על־פי־רוב נישט אַריינגעטראַכט אין מה למעלה און מה למטה, זיך נישט אָפּגעגעבן מיט הימלישע ענינים און בלויז פון צייט צו צייט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ כלל־זאַך, אויף אַ מאָראַליש פּראָבלעם און דאָס אויך סטימולירט פון אייגענע צרות און פאַר־דרייעניש, ווי טוביה אין שייכות מיט האָדלען, מיט חוה׳ן.

אָבער טאַקע דערפאַר, וואָס זיינע געשטאַלטן האָט שלום־עליכם אַרויסגעפירט פון דער טאָג־טעגלעכקייט, פון דער וואָכעדיקערווירקלעכקייט, וואָס זיי זענען געווען קאָנקרעטע און אמתדיקע אין זייערע באַציונגען מיט זיך און מיט זייער סביבה, האָבן זייערע יחידישע כאַראַקטערן און גורלות זיך דערהויבן צו פאַר־אַלגעמיינערונגען, וועלכע האָבן ווייט אַריבערגעשטיגן די גרענעץ פון זייער בלויזער ענגער סביבה, פאַרקערפּערן זיי דאָך טיף נאַציאָנאַלע און אפילו אַלגעמיין מענטשלעכע אייגנשאַפטן.

אַזוי, למשל, שטעלט פאַר מיט זיך מנחם־מענדל אַ שטעטלשן יידן מיט אַ דורות־לאַנגן איינגעשטעלטן פּאַטריאַרכאַלן לעבנס־סדר, וועלכער, אַריינפאַלנדיק אין די נייע באַציונגען פון שטאָט, פאַרלירט דאָס גלייכגעוויכט, בלייבנדיק הענגען אין דער לופט.

אָבער אין דער זעלבער צייט פאַרקערפּערט אויך מנחם־מענדל אויף אַ גלענצנדיקן אופן דעם טיפּ פון אַ מענטשן, וואָס געפינט זיך צווישן צוויי סאָ־ציאַלע פּאַליוסן און נישט קאָנענדיק צוליב מאַטעריעלע און פּסיכישע סיבות צושטיין צו קיין איינעם פון זיי, וואַקלט ער זיך כסדר ווי אַן אומרו אַהין און צוריק אין אַלע זיינע מחשבותן און מעשים.

אויסער דעם, איז ער אַ בולטע קינסטלערישע געשטאַלטיקונג פון דעם נע־ונד־גורל פון אַ יידן בכלל, וואָס דער מאַנגל פון וועלכן ס׳איז פעסטן באָדן אונטער די פיס און די כסדרדיקע רדיפות צווינגען אויף אים אַרויף אַ נישט נאַטירלעך פליענדיק לעבן אין אַ וועלט פון כולו פאַנטאַזיע.

אין דעם דאָזיקן דריטן אַספּעקט באַקומען די שלום־עליכם־געשטאַלטן גאָר אַן אַנדער אויסמעסטונג. דער קאָמעדיאַלער עלעמענט טרעט אין זיי אָפּ דאָס אָרט

אַ טיף־טראַגישער אַטמאָספער פון אַן אויסטערליש נאַציאָנאַלן גורל, וועלכער האָט אין משך פון דורות באַקומען זיין אויסדרוק אין אַ ספּעציפישן לעבנס־שטייגער און אין אַ ספּעציפישער גייסטיקער וועלט.

אַזאַ דריישטאַקיקע אויסמעסטונג פאַרמאָגט אַ גאַנצע ריי פון שלום־עליכמס הויפּטגעשטאַלטן, גרייכנדיק, ספּעציעל דורך דער דריטער צו יענער פאַלקסטימ־לעכער פאַנטאַסטיק און אויסטערלישער טראַגיק, אין וועלכע עס וואַרצלען אַזעלכע פאַרשידענע מאָדערנע קינסטלערישע אויפפאַסונגען, ווי די שאַגאַלישע, פון איין זייט, און די קאַפקישע, פון דער צווייטער.

די דריטע מעגלעכקייט פון אינטערפּרעטירן די שלום־עליכמישע געשטאַלטן, זייער פילזייטיקע מעטאַפאַרישקייט זענען דער סוד פון זייער דויערנדיקער אַקטועלקייט.

די מנחם־מענדלס מיט זייער אייביק אומרואיקן גייסט; די טוביהס מיט זייערע נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע קשיות, אַרויסגעבראַכטע מיט אַזוי פיל האַרץ און ישוב־הדעת; די סטעמפּעניוס, יאָסעלעך און אַלע אַנדערע בלאָנדזשענדע שטערן מיט זייערע חלומות וועגן שיינקייט, ליבע און דערהויבנקייט; די ווונ־דערלעכע לויטערע וועלט פון קינדער מיט מאָטל פּייסי דעם חזנס אין דער שפּיץ; די גאַנצע גאַלעריע פון בערזע־מענטשן און אויפגעקומענע; די פאַרגלי־ווערטע רעשטלעך פון דער אַלט־יידישער פעאָדאַלער וועלט און די אומצאָליקע וואַריאַנטן פון די יידישע שונאים און פאַרפאָלגער — זיי אַלע דערמאָנען אונדז אין נישט ווייניק דערשיינונגען פון אונדזער צייט.

מיט אויסערגעוויינלעכער פשטות און קראַפט האָט שלום־עליכם געשילדערט די ווילדע בלינדע שנאה צום ייד מצד די צאַרישע סאַטראַפּן און באַאַמטע, די אומנאַטירלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע ס'איז אים אויסגעקומען צו לעבן צווישן פרעמדע און פיינט, אָבער אויך די פאַרקריפּלונג פון יידן גופא, צו וועלכע דער מצב האָט דערפירט, דאָס געפיל פון מינדערווערטיקייט, דעם שמענדריקיזם, די געלט־גיריקייט. אין דער זעלבער צייט האָט ער ווי קיינער נישט אַרויסאַנטפּלעקט דאָס ווייטיקלעכע לירישע געמיט פון זיין פאָלק און זיין אייביקן חלום וועגן גערעכטיקייט און גליק מיט דיסקרעטן הומאָר און נאָבעלער זעלבסט־איראָניע, וועלכע זענען געוואָרן אין משך פון דער צייט דאָס שטאַרקסטע געווער פון יידישן פאָלק אין זיין קאַמף מיט די שונאים און די כאַראַקטעריסטישע אייגנ־שאַפטן פון זיין שעפערישן גייסט.

דאָס דאָזיקע געווער קאָן נישט ווערן פאַרעלטערט, עס איז אומאָפּהענגיק פון שטח און צייט און עס טרעט אויף יעדעס מאָל, ווען עס באַנייען זיך די אָנגריפן אויף אונדזער עקזיסטענץ. און אוודאי קאָן נישט ווערן פאַרעלטערט דער נוסח, מיט וועלכן שלום־עליכם האָט זיך מיט דעם געווער באַנוצט. דער נוסח וועלכן ער האָט געשאַפן און וועלכער איז געוואָרן אין די סאַמע שווערסטע צייטן אונדזער טרייסט און אונדזער נצחון — דער נוסח פון אַ שמייכל דורך טרערן איבער אונדזער אייגענער פּיין.

**שלום־עליכם**

# מיין באָבעשיס ראָמאַן

*מה שהיה הוא שיהיה*
*ומה שנעשה הוא שיעשה*
*ואין כל חדש תחת השמש.*
*(קהלת ט׳, א׳)*

.1

אַ שטורעם איז אַדורך איבער אונדזער הויז. אַלע זענען אין דער העכסטער מאָס אויפגערודערט. דער טאַטע איז בייז, ער איז אויסער זיך פון כעס; די מאַמע איז היסטעריש; די שוועסטער האַלט אין איין קלאָגן, נאָר זי באַהאַלט זיך דערמיט אויס פאַר מיר, כדי נישט אויסצוזען אין מיינע אויגן קליינמוטיק; די דינערשאַפט גייט אַרום אויף די שפּיץ פינגער און קוקט זיך איבער צווישן זיך מיט פילדייטיקע בליקן; אפילו די קינדער, פּילנדיק דאָס געוויטער, רעדן נישט אַנדערש ווי שעפּטשענדיק. די גאַנצע סומאַטאָכע נעמט זיך דערפון, וואָס מיין שוועסטער האָט זיך ביז שגעון איינגעליבט אין איר לערער, דעם סטודענט לעווינשטאַק, און האָט אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן באַשלאָסן צו דערקלערן זיך פאַר זיין, לעווינשטאַקס, כלה.

דערקלערן זיך פאַר זיין כלה... סאַראַ בזיון פאַר אַן אַנשטענדיקער פאַמיליע! סאַראַ חרפּה פאַר דער גאַנצער משפּחה מורה־מורינוס וואָס שטאָלצירט אַזוי שטאַרק מיט איר ייחוס! מע וואָלט אפילו געקענט אַנגעמען, אַז ער, לעווינשטאַק, איז יאָ ראוי צו זיין מיין שוועסטערס חתן. זי יעדנפאַלס האַלט אַזוי, און פאַרזיכערט מיך אפילו, אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז נישטאָ זיינס גלייכן, מיט וואָס איך אָבער בין נישט מסכים, ווייל איך קאָן אים בעסער; מיר זענען חברים; לויט מיר איז ער אַ גאַנץ וויל בחורל, און ווייטער גאָרנישט. אַזוי צי אַזוי, אונדזער פאָטער וויל וועגן דעם נישט הערן. ער, דער פאָטער, איז אויפגעטראָגן, אויפגעבראַכט, דערשיטערט ביז אין די טיפעניש פון זיין נשמה. סאַראַ חוצפּה! אים, אַ טאַטן, דערקלערט מען, אַז אָט, אַזוי צו זאָגן, דיין טאָכטער און דיין לערער געפעלן זיך איינס דעם צווייטן, און פון היינט מאָל אָן זענען זיי — חתן־כלה. און דו, נישט נאָר וואָג זיך נישט אַריינצומישן, פאַרקערט, פריי זיך, ווער צעשמאָלצן פון תענוג — ״איך האָב דעם כבוד אייך צו גראַטולירן, הער לעווינשטאַק, זאָל זיין אין אַ גוטער שעה!״... דער טאַטע געפינט קיין אָרט נישט פאַר כעס. נישט גענוג וואָס מע האָט אים געמאַכט צום נאַר, גאַנצע צוויי יאָר

געפירט ביי דער נאז, האט מען אים נאך צעשטערט זיינע בעסטע חלומות, צו נישט געמאכט די גלענצענדסטע פלענער, וועלכע ער האט געהאט אין פערספעקטיוו פאר דער טאכטער זיינער. און בכלל, מיט וועלכע אויגן וועט ער איצט קוקן "דער וועלט" אין פנים אריין, און מיט וואסערע אויגן וועט "די וועלט" קוקן אויף אים? די מורה מוריבוסעס און לעווינשטאק! רב אפרים מעזריטשערס (פון אים שטאמען מיר), אור־אור־אייניקל און את דער "סקובענט"! אן איראניע פון גורל! נישט שוין זשע וועט ער, א טאטע, דולדן אין זיין שטוב אזא פארלעצן פון עלטערן־רעכט, אזא גרינגשעצונג פון פאטערלעכן כבוד? נישט שוין זשע טאקע?... און אין אלעמען איז דאך שולדיק נאר זי, די מאמע. ווארעם ווער, אויב נישט זי, דארף וויסן וואסער דיבוק ס'איז אריין אין דער טאכטערט הארץ? און ס'קאן טאקע נישט געמאלט זיין, אז זי זאל וועגן דעם נישט האבן געוווסט. זי האט געוווסט אלץ און וועגן אלץ!

ארעמע מוטער! זי האט וועגן דעם אלעמען געוווסט פונקט אזוי פיל ווי דער טאטע. פון וואנען האט איר געזאלט איינפאלן, זיך צוצוהערן וועגן וואס דער לערער רעדט מיט זיין שילערין, וועגן דיפערענציאלן צי גאר וועגן הארץ־אנגעלעגנהייטן. צי האט זי אים נישט געזאגט אפשר הונדערט טויזנט מאל, למאי האט ער זיך עס איינגעשפארט צו מאכן פון דער טאכטער דווקא א מלומדת? דער טאטע אבער האט זיך באמיט צו איבערצייגן אי זיך, אי אונדז אלעמען, אז פאר אים איז כלומרשט קלאר, ווי צוויי מאל צוויי איז פיר, אז דאס האט מען קעגן אים, קעגן פאטער, פארטראכט א נידערטרעכטיקע פארשווערונג, פארפירעריש אים צום נאר געמאכט, ארויסגעשטעלט אים, דעם פאטער פון דער פאמיליע, אויף חוזק, אז פון הייבט מאל אן איז ער ביי זיך אין הויז נישט מער ווי אן אומנוצלעכע שמאטע, א פינפט ראד ביים וואגן, א גארנישט. אבער, זאל מען נישט מיינען, אז דאס וועט אפלויפן את אזוי זיך גלאט. א, אין גיכן וועלן זיי זיך איבערצייגן, וואס דאס הייסט א טאטע פון קינדער, א מאן פון א ווייב, א הויפט פון א פאמיליע; און אויב אנדערע האבן באוויזן אזוי גוט אים צורעכט צו מאכן, וועט ער באווייזן נאך בעסער דאס אלץ צונישט צו מאכן.

ארעמער פאטער! ער וואלט אזוי נישט גערעדט, ווען ער זאל נישט זיין איבערצייגט, אז ער איז שוין א פארשפילטער; נאר די ווונד איז נאך צו פריש, און די באליידיקונג, וועלכע ס'מוז איבערטראגן זיין פאטערלעכע אייגנליבע, איז צו שווער, מען זאל קענען דערמיט אזוי גיך מסכים זיין, אזוי שנעל זיך בארויקן און דעריבער וואקסט וואס א מאל שטארקער די אויפגעבראכטקייט פון דעם פיינלעך געטראפענעם; די פארשטעלונגס־קראפט פונעם באליידיקטן צעפלאמט זיך אלץ שטארקער, און מאלט דאס שרעקלעכסטע בילד פון פאמיליען־צעשטערונג: די מוטער קריגט פון אים, פון דעם דערצארנטן מאן, א גט און צוזאמען מיט דער טאכטער אירער פארשווינדט זי פון דאנען, וווהין די אויגן וועלן זי טראגן; מיך ארדנט מען איין, אנשטאט אין אוניווערסיטעט, אין עפעס א קאנטאר; די יינגערע ברידער פארשיקט מען, אנשטאט אין גימנאזיע, צו וועלכער מען האט

זיי פריער געגרייט, אין עפּעס אַ ישיבה, און דער טאַטע אַליין, נאָכן צעטיילן זיין גאַנץ פאַרמעגן צווישן די זין, איבער וועלכע ער וועט באַשטימען אַפּוטרופּסים, נעמט פאַר זיך אַ קלייניקייט פון זיין גאַנץ פאַרמעגן און פאָרט אַוועק קיין ארץ־ישראל! דאָרט וועט ער פאַרברענגען די לעצטע יאָרן זיינע, (ער איז אַלט צוויי־און־פערציק יאָר), יאָ, דעם רעשט פון זיינע טעג. ביי דעם געדאַנק הויבט ער אָן צו וויינען, וואָס איז פאַר אונדז ערגער פון אַלץ. מיט איין וואָרט, די לאַגע ווערט פון טאָג צו טאָג שווערער, אומדערטרעגלעכער. אין שטוב הערשט אַן אַבסאָלוטע אַנאַרכיע. יעדער באַזונדער דרייט זיך אַרום אַן אַנגעברוגזטער, אַדער פאַרשטעקנדיק זיך אין עפּעס אַ ווינקעלע, פאַרטיפט ער זיך דאָרט אין עצבנותדיקער איינזאַמקייט, אין טרויעריקע מחשבות.

אין אָט דעם כאַאָס פון פאַמיליען־ברוך בלייבט אומדערשיטערט בלויז איין פערזאָן, די באָבעשי, דעם טאַטנס מוטער, וואָס לעבט ביי אונדז אין מעזאַנין [1], און פאַרברענגט די לעצטע יאָרן אירע (זי איז שוין איבער זיבעציק) אויף תפילות און תעניתים. אָפּהיטנדיק אַ וווּנדערלעכע רויקייט, קוקט די באָבעשי נאָך נאָך יעדן איינציקן פון אונדז באַזונדער, און לאָזט אַרויס פון צייט צו צייט אַ טיפן זיפץ. איר אויפמערקזאַמקייט איז קאָנצענטרירט דערהויפּט אויף דער שוועסטער, דער שולדיקער אין דער דאָזיקער מהומה, און מיר דוכט זיך, אַז זי פילט איר אפילו מיט, ווייל זי גייט שוין צו איר צו אָפט און פרעגט זיך נאָך אויף איר געזונט, פרעגט זיך אויס צי איז זי געשלאָפן, געגעסן א.ד.ג. "בישט שוין זשע וייסט זי נאָך גאָרנישט?" — פרעגט מיך די שוועסטער אַ ביסל פאַרשעמט. — "וואָס הייסט זי ווייסט נישט? — ענטפער איך. — אַוודאי ווייסט זי. זי ווייסט זייער גוט"... עס וווּנדערט אונדז. נאָר אין גיכן האָט עס אונדז אויפגעהערט וווּנדערן.

איין מאָל — געווען איז עס אַן אָוונט, ווען דער פאָטער האָט געמאַכט אַזאַ אויפריר אין שטוב, אַז מיר מיט דער שוועסטער האָבן באַשלאָסן צו פאַרשווינדן פון זיינע אויגן, און צו "זוכן אַזיל" ביי דער באָבעשי. מיר זענען אַרויף אין איר "קעניגרייך", אין אַ שטיל, היימיש, זויבער חדרל, וואָס איז ווי באַשאַפן אויף מתפּלל צו זיין. מיר האָבן געטראָפן די באָבעשי, ווי אַלע מאָל, איבער אַ גראָבן סידור. איר רויק געזיכט, וואָס איז קענטיק געווען אַ מאָל זייער שיין, האָט אין שיין פון לאָמפּ אויסגעדרוקט אַ סך אומעט. מיר האָבן זיך שווייגנדיק אַוועקגעזעצט לעבן איר. קוקנדיק פון איבער די ברילן אויף דער שוועסטער, האָט זי טיף אָפּגעזיפצט. שאָקלענדיק דערביי מיטן קאָפּ. צי די שוועסטער האָט פאַרשטאַנען איר בליק, צי באַהערשט פון עפּעס אַן אינסטינקט, נאָר זי האָט פּלוצים זיך אַ וואָרף געטאָן דער באָבעשין אויפן האַלדז, זי אַרומגענומען און אָנגעהויבן ווילד צו קושן.

— אָך, באָבעניו! אָך, באָבעניו! — האָט זי נאָר געקאָנט אַרויסברענגען, רויטלנדיק זיך פון פאַרשעמטקייט.

— וואָס אָכקעסטו, טאָכטער מיינע? — האָט זי די באָבעשי באַרויקט, גלעטנדיק איר קאָפּ, ווי ביי אַ קינד. — נישט אָכקען דאַרפסטו, נאָר וויינען. יאָ, מיין קינד, וויינען דאַרפסטו, וואָרעם גרויס איז דיין זינד, זאָל זי דיר גאָט מוחל זיין. און איך בין זיכער, אַז גאָט וועט דיר מוחל זיין, ווייל נישט דו ביסט שולדיק; דו ביסט נישט מער ווי אַ קרבן פאַר פרעמדע זינד... יאָ, יאָ, דאָס איז זיין שטראָפנדיקע האַנט. נישט אומזיסט האָט ער זיך ביים באַרג סיני אָנגערופן דער גאָט פון נקמה, וואָס שטראָפט די קינדער פאַר די חטאים פון זייערע עלטערן. און, אוי וויי! ווי איך זע, האָבן אַלע מיינע תפילות און תעניתים נאָך נישט מכפר געווען אין גאַנצן פאַר די שווערע זינד, פאַר וועלכע איך און מיינע קינדער זענען געשטראָפט געוואָרן, אָט איז דיר, נעבעך, באַשערט צו זיין דער קרבן פאַר מיר. איך האָב דאָס כמעט פאַרויסגעזען; איך האָב געוווּסט, אַז עפּעס ענלעכס וועט ביי אונדז פאַרקומען...

— וואָסערע זינד? וואָסער קרבן בין איך עס — פרעגט די שוועסטער, קוקנ־דיק דאָ אויף דער באָבעשי, דאָ אויף מיר.

— דאָס זענען יענע זינד — ענטפערט די באָבעשי — וואָס כאָטש דו ווייסט אַליין גאַנץ גוט, ווי קרום דאָס איז, אָט דאָס וואָס דו טוסט, און דאָך טראָגסטו זיך אַרום מיט זינדיקע געדאַנקען, וואָרעם גרויס איז דער כוח פון יצר־הרע. איך זאָג דאָס דערפאַר, ווייל איך אַליין בין דערמיט געפּרוּווט געוואָרן; איך בין דאָך אויך אַמאָל געווען אַ מיידל, ווי דו, וואָס יאָגט זיך נאָך פוסטע חלומות, און ווען ס'איז געקומען די צייט מיר חתונה צו מאַכן, האָט זיך דער שטן־מקטרג אַריינ־געמישט און מיך אַריינגעשליידערט אין אַזאַ נעפּל, וועגן וועלכן ס'האָבן געוווּסט נאָר איך און גאָט און נאָך איין מענטש — דער זיידע אייערער, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן.

— דאָס הייסט, אַז דו, באָבעניו, האָסט אויך געהאַט אַ ראָמאַן? — האָט אויסגערופן מיין עקספּאַנסיווע שוועסטער, אויסער זיך פון באַגייסטערונג. — באָבעניו, ליבינקע, דערצייל אונדז, טייערינקע, וועגן דער ליבע דיינער.

— פע, סאַראַ אויסדרוקן ביי דיר, טאָכטער מיינע! — באַמערקט די באָבעשי מיט צוריקגעהאַלטנקייט. — אַזעלכע ווערטער פּאַסן גאָר נישט פאַר אַ יידישער טאָכטער, אַ יידישע טאָכטער שטייט גאָר נישט אָן נאָכצומאַכן אַנדערע, וואָרעם אַנשטענדיקייט און צניעות זענען אונדזערע מידות, און אַ דאַנק דעם זענען מיר זוכה צו האָבן גוטע און פרומע קינדער, צוליב וועלכע מיר זענען, אייגנטלעך, באַשאַפן אויף דער וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז שווער אַריינצודרינגען אין אַ פרעמדער נשמה, און נאָך שווערער איז ברענגען צו פאַרשטאַנד אַ מענטשן דעמלט, ווען דער נישט־גוטער פאַרפירט אים. איך ווייס, אַז דאָ וועלן קיין שום פאַרנונפטיקע באַווייזן נישט העלפן — און זאָל דיר גאָט געבן גליק, מיין קינד. נאָר איך מיין, אַז ס'וועט קומען אַ צייט, ווען דו וועסט אַליין איינזען, ווען דו וועסט זיך אויפכאַפּן פונעם גאָלדענעם טרוים, און ס'קאָן זיין, אַז דעמלט וועט

קומען פאַר דיר אַ צייט פון טיפער חרטה, און דו וועסט חרטה האָבן, ווי איך האָב אַמאָל געהאַט, און האָב נאָך ביז היינט חרטה.

די באָבעשי רעדט מיט אַזאַ טאָן, וואָס לאָזט נישט צו קיין שום דערווידער־רונג. מיר שפּאַרן זיך טאָקע נישט מיט איר, מיר שטייען נאָר צו צו איר אויף כלערליי אופנים, זי זאָל אונדז דערציילן, וואָס אַזעלכעס האָט זי אָפּגעטאָן. און אויף וואָס אַ שטייגער האָט זי חרטה געהאַט, און האָט נאָך חרטה ביזן היינטיקן טאָג. דערויף ענטפערט זי אונדז, אַז זי וואָלט אונדז גערן צוליב געטאָן, ווען זי וואָלט וויסן, אַז מיר וועלן דערפון אָפּלערנען אַ מוסר־השכל פאַר זיך אַליין. נאָר צי ווייסט זי דען נישט, אַז אין אַזאַ צייט, (זי וואַרפט אַ זייטיקן בליק אויף דער שוועסטער), גייט דאָס וואָרט אין איין אויער אַריין, און דורכן אַנדערן גייט עס אַרויס? מיר זענען אָבער נישט אָפּגעטראָטן פון איר: "דערצייל, באָבעניו, דערצייל!"

— הייסט עס, איר באַשטייט דערויף, קינדערלעך? — זאָגט די באָבעשי שמייכלענדיק מיט איר גוטן שמייכל, — גוט, איך וועל אייך דערציילן פון אָנהייב ביזן סוף, ווי אַזוי איך האָב חתונה געהאַט פאַר אייער זיידן, — ער זאָל זיין אַ מליץ יושר פאַר אונדז אַלעמען אין הימל, — און וועגן דעם וואָס איז געווען קודם און נאָך דעם, מיט איין וואָרט — אַלץ אויספירלעך; און איר הערט צו, אָבער מיט קאָפּ.

אַראָפּנעמענדיק די ברילן, לייגט זי זיי אַריין אין סידור און פאַרמאַכט עס. מיר האָבן זיך צוגערוקט נעענטער, און די באָבעשי האָט נאָך אַ קורצער הפסקה אָנגעהויבן מיט אַ גלייכמעסיק, רויק קול דערציילן איר געשיכטע.

.2

"די שאָטנס פון די אַלע גאָטספאַרכטיקע מענטשן, וועלכע מיר וועט אויס־קומען מיט מיינע רייד צו באַאומרויקן, רוען שוין לאַנג אין פרידן, אין גן־עדן. די ביינער זייערע ליגן שוין לאַנג אין די קברים, און זייערע נשמות געפינען זיך אין הימל. נאָר איך איינע, זינדיקע בריאה, פּלאָג מיך נאָך איינע אַליין אויף דער וועלט, און ווייס באמת נישט, צוליב וועמענס מעשים טובים, ווייל צוליב מיינע, מסתמה, נישט."

"אין יענער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען דאָס, וואָס איך וועל אייך דאָ דערציילן, האָבן נאָך געלעבט מיינע טאַטע־מאַמע — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָלן זיי האָבן. עס האָבן נאָך געלעבט מיינע עלטערע ברידער און שוועסטער, אַלע מיינע פעטערס און מומעס, און אפילו דער זיידע ר' מאיר — אין גן־עדן זענען זיי אַלע. און אַלט בין איך דאַן געווען זעכצן יאָר, און כמעט די גאַנצע משפחה אונדזערע האָט דאַן געוווינט אין מאַזעפּעווקע. און ווי אַזוי מיר האָבן דעמלט געלעבט, קענט איר פאַרשטיין דערפון אַליין, אַז בלויז זילבער איז אונדז פאַרבליבן בירושה נאָכן זיידן ר' אפרים מעזריטשער ז"ל, ביין מיט אַ האַלבן פּוד, און אַן אייגענע שטיי־נערנע שול, און אַ גאַנצע ריי שטיינערנע קלייטן און אַ סך האָב־און־גוטס האָבן

מיר פֿאַרמאַגט, און ספרים אַזוי פֿיל אין די שענק, אָן איך ווינטש זיך זען ביי מיינע אייניקלעך, רבונו של עולם, כאָטש אַ צענט חלק דערפֿון; נאָר נישט יענע ביכלעך, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפֿן פֿאַר די רייד, וואָס איר לייענט, נאָר יענע ספרים, וואָס עס האָבן אין זיי אַריינגעקוקט מיין זיידע און אייער זיידע, עליהם השלום.

אַ לייכט וואָלקנדל האָט פֿאַרשאָטנט מיט באַטריבטקייט דער באָבעשיס גוט־מוטיק פּנים, נאָר גיך האָט זיך עס ווידער אויסגעלייטערט, און זי האָט ווייטער דערציילט.

„פֿאַר מיר, פֿאַר דער מיזינקע, האָט מען אָנגעהויבן זייער פֿרי צו טראַכטן פֿון אַ שידוך. די צרה איז אָבער, אַז קיין חתן איז נישט געווען, ד.ה. חתנים זענען יאָ געווען, נאָר אַלץ נישט לויט אונדזער שטאַנד; ווייל מיין פֿאָטער — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן — איז געווען אין די זאַכן זייער איבערקלייבעריש. אים האָט זיך געגלוסט, ווי מען זאָגט, דאָס טעלערל פֿון הימל, און אַזוי ווי דאָס טעלערל פֿון הימל איז נישט לייכט צו דערגרייכן, בין איך „פֿאַרזעסן". דאָס האָט זייער מצער געווען מיינע עלטערן, דערהויפּט די מוטער, עליה השלום, וועלכע האָט אפֿילו נישט איין מאָל זיך באַקלאָגט: „דו — האָט זי געטענהט צום טאָטן — האָסט גענומען און בידים באַגראָבן דאָס קינד לעבעדיקערהייט. ווער עס גייט מיטן גלייכן וועג, פֿאַלט קיין מאָל נישט, און ווער עס קלייבט צו פֿיל איבער, דער פֿאַרלירט אַלץ. אָן אומגליק איז מיר! וואָס וועלן מיר איצט טאָן?" — „דו רעדסט ווי אַ יידענע — פֿלעגט זי דער טאָטע טרייסטן. — אויב ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, הייסט עס, אַז ס'האָט זיך נאָך נישט געטראָפֿן דער רעכטער זיווג אירער, און אויב אַזוי, איז אַ סימן אַז אַזאַ איז דער רצון פֿון גאָט, ברוך הוא וברוך שמו". — „אמן" — ענטפֿערט די מאַמע, ע"ה, וועלכע האָט זיך קיין מאָל נישט ליב געהאַט צו שפּאַרן, כאָטש זי האָט נישט פֿיינט געהאַט אַריינצוואַרפֿן אַ מאָל אַ שטעכווערטל. און בשעת זיי האָבן זיך אַזוי געזאָרגט כדי אויסצוגעפֿינען אַ חתן פֿאַר מיר, איז דער חתן געזעסן אונטער דער נאָז, טאַקע ביי אונדז אין שטוב.

— אָט דאָ הייבט זיך אָן דער „ראָמאַן" — האָט איראָניש באַמערקט די שוועסטער, און פֿאַרשטייט זיך בכלל נישט צום אָרט, באַגעגנדיק זיך מיט מיין ווייט נישט צושטימענדיקן בליק, האָט זי זיך פֿאַררויטלט, און די באָבעשי האָט נישט איבערגעריסן איר דערציילונג.

— איך האָב געהאַט אַ מומע — מיין מאַמעס אַ שוועסטער — וועלכע מען האָט גערופֿן צביה. זאָגט מען, אַז זי איז געווען אַ ווונדערלעכע פֿרוי — אַ בר־דעת, אַ יפֿה־תואר, אַ גוטע נשמה, ווי ס'מאַכט זיך אַ מאָל, אַז אַ מענטש איז געראָטן מיט אַלע מעלות. נאָר אַזעלכע מענטשן האָט גאָט אַליין אויך ליב, דעריבער ווייזט אויס, לאָזט ער זיי נישט איבער צו לאַנג אויף דער וועלט. איז אָט, נאָכן ערשטלינג, האָט די מומע צביה, אַרויסגייענדיק פֿון באָד, געכאַפּט אַ „שלעכטן צוג" און איז אַראָפּ פֿון זינען, איבערלאָזנדיק דעם פֿעטער ביניש אַליין, מיט אַ פּיצל קינד. איך קאָן די אומגליקלעכע מומע צביה נישט דערמאָנען אָן

טרערן; ווי מען האָט זי דאָס נעבעך געמוטשעט! עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָט זיך מיין באָבע, ע״ה, אַרומגעשלעפּט מיט דער אומגליקלעכער טאָכטער אירער איבער גאָר דער וועלט. זי איז מיט איר אויסגעווען ווו די וועלט האָט אַן עק. ביי די גרעסטע צדיקים, ביי זנאַכאַרעס, ביי כישופמאַכערס, ביי טאָקטערן — און ביי וועמען איז זי מיט איר נישט אויסגעווען? קיינער האָט דער אָרעמער מומע צביה נישט געקענט צוריקקערן דעם פאַרשטאַנד. ״יאָגט אים אַוועק פון מיר, דעם שטן, דעם אשמדאי!״ — האָט זי נישט אויפגעהערט צו שרייען ביז דער לעצטער מינוט, ביז דער אויבערשטער האָט אין זיין גרויס רחמנות זיך ענדלעך דערבאַ־רעמט איבער איר זינדיקער נשמה, און האָט זי צוגענומען צו זיך, זאָל זי שוין דאָרט רוען אין פרידן אויף יענער וועלט. מען דערציילט נאָך, אַז זי איז, ווייזט אויס, אַראָפּ פון זינען, ווייל זי האָט נישט געקענט אויסהאַלטן פון דעם מאַן אירן, דער פעטער בייניש — זאָל ער מיר דאָרט מוחל זיין אויף יענער וועלט — איז געווען אַזאַ סאַמאַדור און אַזאַ בויאַן, אַז אפילו אַ מלאך וואָלט מיט אים נישט געקאָנט אויסקומען; כאָטש מען מוז צוגעבן, אַז ער איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ הייסער חסיד. מען דערציילט אפילו, אַז אין משך פון איין יאָר איז פון אים די מומע צביה דריי מאָל אַוועק, נאָר אַדאַנק גוטע מענטשן, וואָס האָבן זיך אַריינגעמישט, האָט זי זיך צו אים ווידער צוריקגעקערט; און ער האָט זי דער־פאַר דערנאָך נאָך מער געפּייניקט, געמוטשעט דאָס אומגליקלעכע ווייבל, נעבעך, און נישט געוואָלט איר געבן קיין גט. אַזוי צי אַזוי, — איך בין דערביי נישט געשטאַנען, — נאָר די אָרעמע מומע איז נעבעך פון זינען אַראָפּ, און דער פעטער בייניש, וועלכער האָט געמוזט באַלד חתונה האָבן, האָט זיך פאַרזאָרגט מיט אַ היתר פון הונדערט רבנים, לויטן דין, באַלד געגעבן צביה׳ן אַ גט, און אין גיכן זיך אַראָפּגעבראַכט אַ צווייט ווייב, אַ יונג, שטיל מיידל, וועלכע האָט, ווייזט אויס, אויך נישט געקאָנט לאַנג אויסהאַלטן פון איר מאַן, ווייל עס זענען נישט אַריבער קיין צוויי יאָר, איז זי קראַנק געוואָרן אויף סוכאָטע און זיך איבערגעקליבן אין דער בעסערער וועלט אַריין. דער פעטער בייניש — זאָל ער מיר דאָרט מוחל זיין — האָט זיך דערמיט נישט איבערגענומען צו פיל; ער האָט צום דריטן מאָל חתונה געהאַט; דאָס מאָל שוין נישט מיט אַ יונג מיידל, נאָר מיט אַן עלטערער פאַרמעגלעכער אלמנה; זי האָט פאַרמאָגט אין מאַקאַראָווקע אַן אייגענע קלייט און געזוכט אַ מאַן ער זאָל זי איר העלפן פירן. דער פעטער בייניש האָט צונויפגע־פאַקט זיין גאַנץ פאַרמעגן, דערונטער דאָס ייִנגעלע זיינס אויך, און האָט זיך איבערגעצויגן קיין מאַקאַראָווקע אויף אייביק, און דערמיט אויף אייביק באַגראָבן זיך אַליין טאָקע, וואָרעם די אלמנה, זאָל מיר גאָט מוחל זיין, איז געווען אַזאַ מרשעת און האָט פאַרשטאַנען אַזוי אַריינצונעמען דעם מאַן אין אירע הענט, אַז דער פעטער בייניש האָט זיך גאָר אין קורצן געפונען אונטער איר קנאַפּל, און נישט נאָר נישט געוואָגט צו ווילדעווען, נאָר ער האָט אפילו מורא געהאַט אַ פּיפּס טאָן. אַ רחמנות געווען, האָט מען געזאָגט, אַנצוקוקן דעם פעטער בייניש, פון וועלכן ס׳איז קיין העלפט נישט פאַרבליבן, נאָר אַ גרעסער רחמנות איז געווען

אַנצוקוקן דאָס אומגליקלעכע קינד נעבעך, ווען ס׳איז באַשערט געווען אָפּצו־
קומען פֿאַר פּרעמדע זינד. פּונעם וויגעלע ביז אַכט יאָר, האָט דאָס קינד נישט
געוווסט וואָס דאָס הייסט עסן צו דער זעט, און וואָס דאָס הייסט פֿאַרמאָגן אַ בגד
אויפֿן לייב. פֿון קלעפּ מיט פּעטש מיט סטוסאַקעס און ברוינע בלויע צייכנס, איז
שוין אָפּגערעדט. דאָס אומגליקלעכע קינד איז, נעבעך, אַזוי געוווינט געווען צו
די קלעפּ, אַז זיין לייב האָט שוין אויפֿגעהערט צו שפּירן די ווייטיקן. איר קענט
אייך פֿאָרשטעלן, ווי ווייט עס איז שוין דערגאַנגען, אַז דער טאַטע, ד.ה. דער
פּעטער בייניש, וועלכער האָט אַליין אויך ספּעציעל נישט געפּעסטעט זיין זונ־
דעלע, האָט עס שוין נישט געקאָנט מער צוזען, ער האָט שוין נישט געקאָנט
גלייכגילטיק זיך צוקוקן, ווי מען טרייבט אין קבר אַריין אַן אומשולדיק קינד.
האָט ער זיך ענדלעך דערבאַרעמט איבערן יינגל, באַצאָלט פֿאַר אים אַ פּלאַץ אין
אַ בויד, וואָס פֿלעגט פֿירן פֿאַרשידענע זאַכן קיין מאַזעפּעווקע, געגעבן אים אַ
העמדל מיט אַ האַלבן ברויט אויפֿן וועג, און בגנבה פֿאַרן ווייב, אים אָפּגעשיקט
מיט אַ בריוו צו אונדז.

״איז אַט, קינדערלעך, אין איינעם אַ קאַלטן אָסיענדיקן פֿרימאָרגן, ווי
געווייינטלעך נאָך סוכּות צייט, מאַכט זיך אויף די טיר און ס׳קומט אַריין צו אונדז
אין שטוב אַריין אַ קליין יידעלע מיט אַ העמדל אונטערן אָרעם, אָפּגעריסן און
אָפּגעשליסן און האַלט אין איין ציטערן. מיר האָבן אים אַנגענומען פֿאַר אַן אָרעמאַן,
ביז ער האָט דערלאַנגט דעם טאַטן אַ בריוו. דער טאַטע נעמט דעם בריוו, הויבט
אָן לייענען, און זאָגט אַז דאָס שרייבט דער פּעטער בייניש, און אַז דאָס יינגל
איז זיין זון, און אַז מיר האָבן דערהערט, וואָס עס שטייט אין דעם בריוו, איז אין
שטוב געוואָרן אַ יללה גלייך מע וואָלט זיך געגרייט צו אַ לוויה. קיין מאָל האָב
איך נאָך נישט געהערט פֿון דער מאַמען אַזוי פֿיל שטעכווערטלעך וויפֿל
זי האָט אין יענעם טאָג אויסגעשיט אויפֿן פּעטער בײנישעס און זיין פֿלו־
ניתטעס קעפּ. דאָס יינגעלע אָבער, קוקנדיק אויף יעדן פֿון אונדז מיט דורכ־
דרינגלעכע בליקן פֿון אַ דערוואַקסענעם, האָט נישט אויפֿגעהערט צו ציטערן.
״ווי רופֿט מען דיך ?״ — האָט אים דער טאַטע געפֿרעגט. — ״דיין טאַטע האָט
זיך דאָ צעשריבן פֿאַר מיר אויף אַ גאַנצן בויגן פּאַפּיר, אַ מגילה אַ גאַנצע, קלאָגנ־
דיק זיך אויף זיין טרויעריקער, באמת טרויעריקער לאַגע, נאָר וועגן דיר דער־
מאָנט ער עפּעס, ווי כּלאחר־יד, און פֿאַרגעסט אפֿילו אָנצורופֿן דעם נאָמען
דיינעם״. — ״מען רופֿט מיך משה־יצחק״ — ענטפֿערט דאָס יינגעלע עפּעס אַזוי
סאָליד, און מיט יישוב־הדעת, ווי אַ גרייז, מיט גראָע האָר. די מאַמע ווידער,
זאָל זי דאָרט רוען אין פֿרידן, האָט נישט אויפֿגעהערט שיטן מיט שטעכווערט־
לעך אויפֿן פּעטער בײנישעס אַדרעס, אָוועקזעצנדיק גלייכצייטיק דאָס יינגעלע
ביים טיש, עסן. ״האָסט, ווייזט אויס, אַ געזונטע שוויגער, טייבעלע מיינס, ווייל
דו האָסט געטראָפֿן פּונקט צום מיטאָג. דיין טאַטע, ס׳זאָל זיך אים דאָרט לייכט
שלוקערצן, האָט אָנשטאָט אַליין משוגע צו ווערן, משוגע געמאַכט מיין אָרעמע
שוועסטער, נעבעך, אַז וועלכער דו ביסט געראָטן, ווי צוויי טראָפּן וואַסער. איך

וואָלט געוווּנטשן דער שטיף־מוטער דיינער, זי זאָל אַזוי פריילעך אָפּלעבן איר לעבן, ווי מיין אומגליקלעכע שוועסטער, נעבעך, נאָר אַ שאָד כ׳לעבן: זאָל דיין ליבהאַרציקער טאַטע וואָס לענגער פילן דעם טעם פון אַ זיס לעבן אויף דער וועלט. גאָט זיצט אויבן און רעגירט אויסגעצייכנט מיט אונדז אַלע דאָ אונטן; יעדערן פּאַסט ער צו דאָס זייניקע — קיין בעסערס קומט נישט. נישט אומזיסט, זאָגט מען, אַז די לבנה וואַרעמט נישט, און לעבן אַ שטיף־מאַמע ווערט דער אייגענער טאַטע אויך אַ שטיף־טאַטע. עס געזונטערהייט, מיין קינד, און פאַרגעס אָן די צרות. סטאַרע זיך צו זיין אַ פרומער ייד און גאָט וועט דיך זיכער נישט פאַרלאָזן, און מיר אוודאי נישט.״

און אַזוי איז טאַקע געווען. מיר האָבן אים נישט פאַרלאָזט און דער אויבער־שטער אויך נישט, וואָרעם אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דאָס ייִנגל באַוויזן ווער ער איז, און גאָטס ברכה האָט גערוט אויף אים. דאָס איז געווען אייער זיידע, ער זאָל זיין אַ מליץ יושר און זיך מיען דאָרט פאַר אייך פאָרן באַשעפער פונעם הימל און גאָר דער ערד.״

.3

דער באָבעשיס הימלש־הערלעך, וווּנדערלעך־רויק געזיכט האָט געשטראַלט מיט שטאָלץ, ביים דערמאָנען דעם אומפאַרגעסלעכן, איר אַמאָל אַזוי טייערן מענטשן. מיט וואַקסנדיקער באַגייסטערונג האָט זי ווייטער דערציילט.

״מיר זענען מיט אים, מיט משה־יצחקן — ווייט אָפּגעשיידט איז ער — געווען כמעט אין די זעלבע יאָרן, (איך בין אַלט געווען אַכט און ער ניין יאָר), און מיר זענען געוואַקסן צוזאַמען, ווי אַ שוועסטער און ברודער. און ער איז געווען אַזאַ געראָטענער, אַז די גאַנצע שטאָט האָט געשמט מיט אים; און אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַזאַ, אַז ביי דרייצן יאָר האָט ער מיט זיין למדות געקענט איבערשטייגן דעם רב אַליין; דערצו נאָך איז ער געווען באַשיידן, ווי אַ שטילע טויב, אַזוי ווי מיין מאַמע, ע״ה, אייער עלטער באָבע, האָט אים גערופן. און געהאַט האָט ער אַ גוט האַרץ, אַ וווּנדערלעך האַרץ, און קיין טראָפּן שטאָלץ האָט ער נישט פאַרמאָגט אין זיך, און תמיד געדענקט, אַז אַלץ קומט פון גאָט, און אַז גאווה און גדלות, זענען נישט קיין יידישע מידות; איך זאָג אייך, קינדערלעך, אַזאַ טייערער ייד, ווי אייער זיידע, איז שוין דעמלט נישט געווען, און היינט איז אוודאי נישטאָ; איך, ווייניקסטנס, האָב אַזעלכן נישט געטראָפן; דאָס וועט אייך זיכער באַשטעטיקן יעדער זייטיקער מענטש, וואָס געדענקט נאָך ר׳ משה־יצחקן, אין גן־עדן איז ער. נו, און מיר איז קיין מאָל — קיין מאָל, נישט איינגעפאַלן אפילו אַזאַ געדאַנק, אַזאַ שרעקלעכער געדאַנק איז קיין מאָל איבער מיין קאָפּ נישט אַדורך, אַז משה־יצחק וועט אַמאָל זיין... אַז איך וועל אַ מאָל זיין זיין ווייב... מיר האָט זיך געדאַכט אַז מיר וועלן אייביק בלייבן קינדער, אַז ער וועט אייביק בלייבן ביי אונדז, און איך וועל מיך תמיד שפּיגלען אין זיין ליכטיקן פּנים, און זיינע ליכטיקע אויגן, און וועל מיך תמיד צוהערן צו זיינע קלוגע און זיסע רייד, וועלכע

איך האָב, אגב, ווייניק וואָס פאַרשטאַנען; נאָר איך האָב געפילט, אַז זיי זענען אויסערגעוויינלעכע, ווייל אַלע די, וועלכע האָבן זיי יאָ פאַרשטאַנען, זענען פון זיי בתפּעל געוואָרן. אַז ס׳איז אָבער באַשערט גאָט זאָל עפּעס פאַראייניקן, פאַר־אייניקט ער, זאָרגט אייך נישט. ער איז אַ געלונגענער, אַן אויסגעצייכנטער מייסטער, אונדזער פאָטער אין הימל, געלויבט זאָל זיין דער נאָמען זיינער.

״אַזוי איז משה־יצחק געוואַקסן און מיט אים צוזאַמען איז געוואַקסן דער שם זיינער; וואָרעם צו פופצן יאָר האָט ער שוין געלערנט פאַר זיך, און צו זיבעצן — האָט דער נאָמען זיינער געקלונגען אין אַלע עקן וועלט. ס׳האָבן זיך געשיט שידוכים פון אומעטום; מען האָט אים אָנגעהויבן שדכענען די פיינסטע, די אָנ־געזעענסטע די רייכסטע כלות. אַמערסטן אָבער איז צוגעשטאַנען ר׳ יואליק, ע״ה, אין יענע צייטן דער ערשטער גביר אין מאַזעפּעווקע און אונדזער נאָענטסטער שכן. אַ לאַנגע צייט האָט זיך עס געשלעפּט — וואָרעם ר׳ יואליק, זאָל ער מיר מוחל זיין, אויף יענער וועלט — איז געווען אַ גרויסער קמצן, און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט געלט, האָט ער געציטערט איבער יעדן גראָשן; און דער טאַטע מיינער, ע״ה, האָט זיך געדונגען איבער משה־יצחקן, ווי איבער אַן אייגענעם זון.

״צו יענער צייט, ווען זיי האָבן זיך אַזוי געדונגען, (און געדויערט האָט עס אַ האַלב יאָר), איז די מעשה אָנגעגאַנגען אי מיך, אי משה־יצחקן, ווי דער פאַר־יאָריקער שניי, עלעהיי עס גייט אין קויפן צו פאַרקויפן אַ הויז. איך האָב אים געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם ברודער, פאַר אַ נאָענסטן מענטשן, און עס האָט מיך ווייניק וואָס געאַרט, וואָס זיי רעדן דאָרטן. איך בין געווען צו אים אַזוי צוגעע־וווינט, ער איז געווען אַזוי טיף איינגעבאַקן אין מיין האַרצן, אַז ווען ער זאָל, חלילה, געווען ערגעץ ווו אַוועקפאָרן פון אונדז, וואָלט איך דאָס, דאַכט זיך, נישט איבערגעטראָגן, פון בענקשאַפט אַליין... איין קלייניקייט, אַכט יאָר געוואַקסן אין אייגעם, צוזאַמען פאַרבראַכט די גאַנצע קינדהייט... קיינער האָט אים אַזוי גוט נישט געקענט, ווי איך, ווייל עס איז נישט געווען קיין זאַך, וואָס ער זאָל זי פאַר מיר אויסבאַהאַלטן. ער פלעגט זיך טיילן מיט מיר מיט אַלעמען, וואָס האָט באַאומרויקט זיין יונג האַרץ, וואָס פלעגט אים פאַרשאַפן עגמת־נפש. ווי גוט עס איז אים נישט געווען ביי אונדז, איז ער דאָך זעלטן געווען פריילעך, ווי אַנדערע קינדער. טיף אין האַרצן האָט ער געטראָגן אַ וווּנד, וועלכע פלעגט זיך אָפט עפע־נען, און ער פלעגט זיך מאַטערן פון פאַרבאָרגענעם צער. די וווּנד איז געווען דער פעטער בייניש. שטעלט אייך פאָר: זייט מען האָט משה־יצחקן אָפּגעשיקט צו אונדז, האָט זיך נאָך אים מער קיינער נישט נאָכגעפרעגט, און אים אפילו מיט קיין איין בריוול נישט דערמאָנט, אין משך פון די אַלע יאָרן. דאָס פלעגט זייער פאַרדריסן מיין טאַטן, ע״ה, וועלכער האָט נישט געקענט הערן און דערמאָנען דעם פעטער ביינישעס נאָמען, אַז ער זאָל נישט אַריינפאַלן אין אַ שרעקלעכער רציחה, און די מאַמע פון איר זייט האָט בײַשט אויפגעהערט צו שיטן מיט אירע שטעכווערטלעך, אָנרופנדיק דעם פעטער בייניש מיט אַלע מעגלעכע און אוממעג־

לעכע צונעמעניש־ן, ווי למשל: אכזר, רוצח, אשמדאי און ד. ג. נאָר יעדעס מאָל, ווען מען פלעגט פאַרפירן אַ שמועס וועגן זיין פאָטער, פלעגט משה־יצחק ווערן רויט און טויט און נישט איין מאָל זיך אויפהייבן און אַוועקגיין. „איך וואָלט שוין ליבער אויסגעשטאַנען די שלעק און קלעפּ פון דער שטיף־מאַמען, איידער צוהערן זיך, ווי מען באַליידיקט דעם טאַטן מיינעם", האָט ער זיך מיר איין מאָל מודה געווען. „ער האָט זיך דאָך אָבער פאַרט שלעכט באַגאַנגען מיט דיר — האָב איך געפּרוּווט זאָגן. — „יאָ, נאָר ער איז דאָך אָבער פאַרט מיין טאַטע, און ווען דו וואָלסט באַך געוווסט, וואָס ער האָט אויסצושטיין פון איר, וואָס ער ליידט זיך אַן פון איר!" — און משה־יצחק, ע"ה, האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן איר אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן, אַז די האָר האָבן זיך מיר געשטעלט קאַפּויער איינציק־ווייז. „אַז איך וועל גרויס ווערן, — פלעגט ער מיר נישט איין מאָל זאָגן, — וועל איך אים אַרויסרייסן פון אָט דעם גהינום; כ'וועל אים געוויס אויסלייזן פון דאָרטן, און מיט איר זאָל זיך גאָט רעכענען".

„איין מאָל, מירביידע האָבן זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן לערנען שרייבן, קומט ער, ע"ה, צו גיין פונעם חדר און רופט מיך עפּעס געהיימניספול אַרויס אויפן הויף, אויף אַ סוד. מיר גייען ביידע אַרויס אין דרויסן. „זעסט?" — זאָגט ער אַרויסנעמענדיק פון אונטערן אַרבע־כנפות אַ בויגן פּאַפּיר, געדיכט געשריבן מיט דראָבנע אותיות. — דאָס איז מיין ערשטער „כתב־יד". כ'וועל עס אַוועקשיקן קיין מאַקאַראַוועקע". — „צום פעטער בייניש?" — רוף איך אויס אַ פאַרוווּנדערטע. — „יאָ, צום טאַטן. 'כבד את אביך ואת אמך' שטייט אין די צען געבאָט. אוי, ווי שטאַרק וועט זיך עס זיין פאַרביטערט האַרץ דערפרייען מיט דעם"... נאָר, צי בין איך דען אין שטאַנד צו דערמאַנען זיך היינט אַלע די קלייניקייטן, פון וועלכע איך וואָלט איצט געקענט פאַרשטיין, ווי גרויסמוטיק און פרום אייער זיידע איז געווען, און וואָסער גרויסע פריינטשאַפט עס האָט געהערשט צווישן אונדז ביידע, פון קינדהייט אָן? ס'איז אָבער נישטאָ קיין אייביקע זאַכן אויף דער וועלט, און יעדע זאַך מוז האָבן איר גרענעץ. ס'האָט אויך אַ סוף גענומען צו אונדזער פריינטשאַפט, צו אונדזער געבענטשטער נאָענטקייט, און די קינדהייט אונדזערע איז ווי מיט אַ מאָל פאַרשוווּנדן געוואָרן. דאָס איז געשען אין יענעם טאָג, ווען משה־יצחק און מלכה (אַזוי האָט מען גערופן ר' יואליקס טאָכטער), זענען גע־וואָרן חתן־כלה. מיטן ערשטן צעבראָכענעם טאָפּ אויף די תנאים, האָב איך דער־פילט, ווי עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן ביי מיר אין האַרצן, און ווען איך בין צו אים צוגעגאַנגען אָפּגעבן אים מזל־טוב, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זיין פּנים איז בלאַס געוואָרן, און ער האָט געקוקט אויף מיר אַזוי, גלייך ער וואָלט מיר ווען עפּעס זאָגן — נאָר געזאָגט האָט ער גאָרנישט.

„פון דעמלט אָן, האָבן מיר אויפגעהערט צו רעדן צווישן זיך, און עפּעס ווי אָנגעהויבן זיך שעמען און אויסמיידן איינס דאָס אַנדערע. פאַרוואָס — ווייס איך אַליין נישט; עפּעס האָט מיר געשטערט, נישט דערלאָזט... בלויז איין מאָל, בלייבנדיק אַליין, האָט ער ווי פאַרבייגייענדיק, בעת ער האָט געבלעטערט עפּעס

אין אַ ספר, געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז "גאווה און גדלות זענען ביי יידן די מיאוסטע מידות, וואָרעם אַ ייד טאָר נישט פאַרגעסן, אַז מיר אַלע זענען ברידער, קינדער פון איין פאָטער אין הימל". איך האָב ביי אים געפרעגט וועמען מיינט ער דאָס מיט די דאָזיקע רייד און וואָס באַדייטן זיי? נאָר ער — אין גן־עדן איז ער — האָט נאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, געכאַפּט אַ ספר און ווי געווײנט־לעך אַוועק אין שול אַריין. וויפל איך האָב מיר דערנאָך נישט צעבראָכן דעם קאָפּ איבער זיינע רעטזלהאַפטע ווערטער, האָב איך דעם מיין זייערן נישט געקאָנט פאַרשטיין. אָט דער מיין זייערער איז מיר קלאָר געוואָרן ערשט אַ סך שפּעטער; צוגיין צו אים גלאַט אַזוי און פרעגן זיך, האָב איך בשום אופן נישט געקענט; עפּעס האָט מיך צו אים אי געצויגן, אי אָפּגעשטויסן אויף צוריק. נישט שוין זשע איז דאָס טאָקע געווען אַ געוויינלעכע פאַרשעמטקייט? — האָב איך ביי זיך אַליין געפרעגט. אמת, די מאַמע, ע"ה, האָט מיך דעמלט אָנגעהויבן דערמאָנען, אַז איך דאַרף זיך שוין שעמען פאַר "מאַנצבילן", (געמיינט האָט זי דערמיט משה־יצחקן), און אויפהערן "מיט זיי" רעדן אַזוי בפרהסיה. און מיר האָבן זיךווירקלעך אָנגע־הויבן שעמען איינס פאַרן אַנדערן. נאָר איך האָב באַשלאָסן, וואָס עס זאָל נישט זיין, מוז איך זיך מיט אים דורכשמועסן, אונטער פיר אויגן; נאָר איך האָב דאָס אַלץ אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג, ביז עס האָט מיר אין גאַנצן דעם קאָפּ פאַר־שלאָגן, און איין צרה האָט אין גאַנצן אַרויסגעשטויסן די אַנדערע — און עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מיר שווערע טעג, זייער שווערע, פול מיט ביטערע נסיונות, מיט די שרעקלעכסטע פאַרפירערישע מחשבות, וועלכע מיין זינדיקע נשמה האָט נישט געקאָנט ביישטיין, און דערפאַר האָט מיך געטראָפן די פאַרדינטע שטראָף פון הימל, און איך האָב דערפאַר זייער טייער באַצאָלט, און צאָל נאָך ביזן היינטיקן טאָג..."

.4

די באָבעשי האָט פונאַנדערגענומען איר ברוין־זיידענע שאַל, אַרויסגענומען פון ערגעץ ווו אַ קליינטשיק, פון אינעווייניק באַגאָלדעט זילבערן טאַבאַק־שקע־טעלע, און אַרויסגענומען פאַרזיכטיק, מיט צוויי שפּיץ פינגער פון דער רעכטער האַנט, אַ שמעק טאַבאַק. און איך בין נישט אין שטאַנד געווען נישט צו באַמערקן דער באָבעשיס נאָך אַלץ שיינע, זעלטן קלאָרע האַנט. און איך דערמאָן זיך, ווי קינדווייז פלעגט אָט די ליבע האַנט מילד אָנפילן מיינע קעשענעס מיט פאַרשידענע פּירות, מיט יאַגעדעס און ניס, ווען מיר פלעגן מיט דער שוועסטער קומען צו איר שבת נאָכן עסן נאָך שבת־אויבס. דאָס איז געווען מיט אַ יאָר פופצן צוריק. דעמלט האָט נאָך דער זיידע געלעבט, און זיי האָבן ביידע באַוווינט אַ זייער קליין, נאָר זייער אַ זויבער הייזל אין עק שטאָט, ווו מען האָט געקאָנט זען אַ גרין גרעזל, אַ בליענדיקביימל און אפילו אַ טייכל, וועמענס הייליקע רויקייט עס האָט גע־שטערט דער גערויש פון צוויי וואַסער־מילן, וואָס פלעגן באַזונדערס אָנטציקן אונדז, אייניקלעך פון שמוציקן צענטער פון דער שטויביקער, נישט באַזונדערס

שמעקנדיקער שטאָט. מיט וואָסער צערטלעכקייט פלעגט אָט די האַנט גלעטן מיין קאָפּ, בעת דער זיידע פלעגט מיך פאַרהערן די סדרה פון דער וואָך, חומש מיט רש״י. אין די מחשבות לייג איך צו מיינע ליפּן און שטעמפּל אָפּ אַ קוש אויף דער שיינער האַנט פון מיין באָבעשי, און זי הערט נישט אויף צו דערציילן.

״מיר זענען מיט מלכהן — ווייט אָפּגעשיידט איז זי — געווען די בעסטע חברטאָרינס; און איך מוז אייך זאָגן דעם אמת: ז'איז געווען זייער אַ פיין מיידל און געהאַט זייער אַ גוט האַרץ. גאָרנישט געראָטן געווען אין טאַטן אירן, ר' יואליקן, וועלכן די גאַנצע שטאָט האָט נישט באַזונדערס ליב געהאַט — זאָל ער מיר מוחל זיין — פאַר זיין קאַרגשאַפט און נישט-פריינטלעכקייט. אָבער פון יענעם טאָג אָן, וואָס מלכה איז אַ כלה געוואָרן פאַר משה-יצחקן, האָט זי אַלץ מער און מער אָנגעהויבן פאַרלירן איר חן אין מיינע אויגן, און צום סוף איז זי מיר אפילו געוואָרן עפּעס ווי איבערדריסיק. און זי ווידער, ווי אויף צו להכעיס, האָט זיך צו מיר צוגעבונדן נאָך מער ווי פריער, און ס'איז נישט אַריבער דער טאָג, זי זאָל צו אונדז נישט אַריינקומען אַ צוויי-דריי מאָל מיט עפּעס אַ האַנט-אַרבעט, מיט אַ זאָק, אָדער גלאַט אַזוי זיך צו זיצן ביי מיר: ״נשמהניו, האַרצעניו, ליובעניו, איך קאָן אָן דיר נישט לעבן!״ פלעגט זי זאָגן צו מיר, און דאָס איז טאַקע געווען דער ריינער אמת. זי האָט מיר אַליין מודה געווען, אַז ס'איז איר אַלע מאָל געווען אָנגענעמער ביי אונדז, ווי אין דער היים, ווו דער טאַטע האָט נישט אויפגעהערט צושטיין צו דער מוטער, אַז זי גיט כלומרשט אויס צו פיל געלט; ווו ער טיילט אויס ממש אויף דער וואָג דאָס שטיקל ברויט פאַר די קינדער, און האַלט אין איין אָפּטאָן אַ סך אַזעלכע שטיקלעך. נאָר ווי עס ווייזט זיך אַרויס, מאַכט זיך אַ מאָל, אַז ביי גוטע עלטערן זענען פאַראַן שלעכטע קינדער, און פאַרקערט: ביי שלעכטע עלטערן וואַקסן אָפּט מאָל אויס די בעסטע קינדער. איך קאָן אייך זאָגן, אַז מלכה איז געווען אַ זעלטן מיידל — אַ גוטע, אַ לעבעדיקע, אַ פריילעכע און באַרעדעווו-דיקע, און האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע שטימע, געקענט אומצאָליקע יידישע לידער, און געווען דערביי אַ זייער אויסטערלישער מענטש. ווי שטאַרק זי האָט ליב געהאַט די מאַמע אירע, אַזוי שטאַרק פיינט האָט זי געהאַט דעם טאַטן, וועלכן זי האָט אַנדערש נישט גערופן ווי: ״מיין מילדער פאָטער״, אָדער איינ-פאַך: ״דער מילדער״. נישט איין מאָל פלעגט זי זיצן ביי מיר מיט אַן אַרבעט, פּלאַפּלען, לאַכן און פלוצים צעזינגען זיך אָבער מיט אַזאַ טרויעריק קלאָג-לידל, אַז עס פלעגט אַזש פאַרקלעמען ביים האַרצן, און די טרערן האָבן נישט אויפגע-הערט צו רינען פון אירע אויגן. ״פע, סאָראַ קלאָג-מוטער בין איך עס!״ — זאָגט זי דערנאָך און צעלאַכט זיך. נאָר זינט זי איז אַ כלה געוואָרן, האָט זי זיך ווי איבערגעביטן; געוואָרן מער פאַרטראַכט, צוריקגעהאַלטן און כמעט אין גאַנצן אויפגעהערט צו זינגען, און ווער שמועסט אין משה-יצחקס קעגנוואַרט. ווי נאָר זי פלעגט אים דערזען פון דער ווייטנס, אָדער הערן דערמאָנען זיין נאָמען, פלעגט זי זיך פאַרוויטלען, און אַז זי פלעגט אים באַגעגענען, פלעגט זי בלויז בגנבה אַ בליק טאָן אויף אים, אי דאָס, ווען איך האָב דאָס נישט באַמערקט; האָב איך אָבער

אַ קוק געטאָן אויף איר, האָט זי באַלד אַראָפּגעלאָזט די אויגן. און תּמיד האָט זי ליב געהאַט, איך זאָל איר דערציילן וועגן אים, וועגן משה־יצחקן: ווען איז ער אויפגעשטאַנען און ווען איז ער אַוועקגעגאַנגען, ווען איז ער געקומען און וואָס האָט ער געזאָגט, און די אויגן ביי איר ברענען בשעת־מעשה, און הערן גאָר נישט אויף צו ברענען... אַן אַנדערש מאָל, פּלעגן מירביידע שפּאַצירן אין אָוונט אין גאַס. זומער־לעב, אין דרויסן איז שטיל, רויק; מען הערט נאָר די זשאַבעס קוואַקען און די הינט בילן; אויפן הימל לייכטן די שטערן, די לבנה, און אויף דער נשמה איז אַזוי גוט, אַזוי לייכט. מלכה זינגט שטיל עפּעס אַ טרויעריק לידל, ווי מען פּלעגט זינגען פאַרצייטן: וועגן דער מוטער רחל, וועגן דער בייזער שטיף־מאַמע, אָדער וועגן "פרישן קבר", און נאָך אַזעלכע לידלעך. דערנאָך פּלעגט זי מיר אָנהויבן דערציילן, וואָס עס וועט זיין שפּעטער, און ווי אַזוי זי וועט לעבן "דערנאָך", ווען גאָט וועט זי אויסלייזן פונעם "מילדן" פאָטערס הענט — און מיט אַ מאָל פּלעגט זי מיך אַרומכאַפּן און אָנהייבן שטאַרק, שטאַרק קושן: "בשמהניו, האַרצעניו, ליובעניו!" איך האָב ענדלעך פאַרשטאַנען, אַז מלכה — זאָל זי דאָרט רוען אין פרידן — איז געווען גליקלעך, אַזוי גליקלעך, אַז ס'איז צו איר, דוכט זיך, קיין גלייכן נישט געווען אויף גאָר דער וועלט. און ווי נאָר איך האָב אָט דאָס פאַרשטאַנען — איך בין מיך מודה ווי פאַר גאָט אַליין — האָב איך זי אָנגעהויבן מקנא זיין, אָבער מקנה זיין מיטן גאַנצן האַרצן. איך האָב זיך אַליין געפרעגט: פאַרוואָס עפּעס זאָל זי דווקא זיין די גליקלעכע? צי האָב איך דען נישט געקענט זיין אויף איר אָרט?... און עס האָבן מיר אָנגעהויבן קריכן אין קאָפּ אַריין כלערליי נאַרישע, זינדיקע מחשבות. מיין חברטעס גליק האָט מיר געשטאָכן די אויגן, און עס זענען געווען מאָמענטן, ווען איך האָב מלכהן נישט געקאָנטליידן, ממש ווי דעם ערגסטן שונא מיינעם, און איך האָב אָנגעהויבן ברוגזן זיך אויף איר און זי אויסמיידן, בשעת זי, ע"ה, האָט קיין זאַך נישט פאַר־דעכטיקט, און פּלעגט אַלץ, אַזוי ווי פריער, וואַרפן זיך מיר אויפן האַלדז: "בשמה־ניו, האַרצעניו, ליובעניו!", און מיר איז דאָס געווען נמאס ומאוס, נישט צום איבערטראָגן. איך האָב זיך באַמיט דאָס צו פאַרגעסן. איך פּלעג פאַרמאַכן די אויגן, כדי נישט צו זען איר פּנים, וואָס האָט געשיינט פון גליק. איך האָב זיך געפּייניקט, פילנדיק, אַז דאָס, וואָס איך טו, איז שלעכט, איז אַ זינד, אַ שרעקלעכע זינד. וואָרעם וואָס האָב איך, אַ יידישע טאָכטער צו טאָן מיט אָט דעם אַלעמען? ווי אַזוי האָב איך גאָר אפילו געקאָנט וואַגן צו טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן? ווי האָב איך עס געקאָנט אפילו צולאָזן אַזעלכעס צו מיין האַרץ, און גאָר וואַגן זיך וועלן אָנטקעגנשטעלן גאָטס דרכים, לויט וועלכע נאָר ער אַליין רעגירט די וועלט, נישט פאַרלאָזנדיק אפילו דאָס נישטיקסטע ווערעמל, באַשיצנדיק עס מיט זיין גרויסן חסד? נאָר מערקווירדיק: וואָס מער איך האָב אַריינגעטראַכט אין דעם אַלעמען, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער יצר־הרע, און אַלץ שטאַרקער האָט זיך מיר געגלוסט צו זיין אויפן אָרט פון דער גליקלעכער מלכה... אוי, האָב איך עס גע־טראָגן אַ ווונד אין האַרצן, אוי, אַ ווונד! און פאַר ווערמען זיך אויסרעדן, אויסגיסן

מיין ביטער האַרץ האָב איך נישט געהאַט, און דעריבער האָב איך אָנפּאַרטרויט דעם גרויסן אומעט מיינעם דעם, וועלכער שטראָפט אונדז פאַר אונדזערע חטאים, און וועלכער קאָן שיקן אַ היילונג פאַר אַלע אונדזערע ליידן. איך האָב צו אים מתפלל געווען מיט גרויס כוונה, געוויינט, געבעטן אים, ער זאָל אַראָפּשיקן אַ רפואה פאַר דער געפערלעכער קראַנקהייט מיינער, פון וועלכער איך בין געוואָרן ווי באַנומען צו יענער צייט. ווארעם אַז דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ קרענק, איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג. ווייל פאַרפירטקייט, און יעדע זינד איז נישט מער ווי אַ חלאת, וואָס דער רבונו של עולם שיקט אויף אונדז אָן, כדי אויסצופּרווון די נשמות אונדזערע. נאָר די תפילות האָבן אויך נישט געהאָלפן. ס׳איז געווען גענוג איך זאָל בלויז אַ פאַרבייגייענדיקן בליק וואַרפן אויף משה־יצחקן, אָדער דערהערן זיין קול, אַז בייזע געדאַנקען זאָלן ווידער אָנהייבן קריכן אין קאָפּ אַריין, עקבערן דעם מוח מיינעם, ווי דאָס ווערעמל, וואָס האָט זיך אַריינגענעסטעט אין די געהירן פון טיטוסן, ימח שמו זאָל ער ווערן, דער רוצח.

— ע, די באָבעשי איז געווען אייפערזיכטיק — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיין שוועסטער.

— כאַטש — האָב איך צוגעגעבן — זי האָט אפשר געהאַט דערצו אַ סך ווינציקער אורזאַכן, ווי נישט אין היינטצייטיקע באַרישניע, וואָס איז נאַריש איינגעליבט אין איר חתנדל, לעבט אין איר זעלבסטהערלעכקייט, גלייך ווי...

— הער אויף! ווער בעט דיר דורכפירן אַנאַלאָגיעס ? — האָט די שוועסטער זיך אָנגעברוגזט.

— שעמט אייך, קינדער, צו האַלטן זיך אין איין שפּאַרן — האָט זיך אַריינגעמישט די באָבעשי. — איר זענט נאָך טאַקע כלעבן צו יונג, אַז איר זאָלט זיך בייזערן. כעס איז ביי אונדז געגליכן צו עבודה זרה.

— ניין, ניין, באָבעניו, ס׳איז גאָרנישט ; דאָס איז גלאַט אַזוי, באָבעשי, דערציילט, דערציילט, מיר הערן דיך.

”דער יצר־הרע האָט מיך פלינק אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט אַריין, און איך בין, כ׳לעבן, גאָרנישט געווען ביי די קלאָרע געדאַנקען, איך בין גאָרניט געווען ביים פאַרשטאַנד, אָדער — איך בין געווען נאָענט צו פאַרלירן דעם פאַרשטאַנד. און, אָן שום צווייפל, אַז איך וואָלט דערצו געווען דערגאַנגען, ווען עס וואָלט זיך נישט געווען אַריינגעמישט די השגחה עליונה, וועלכע מיר זעען באַשיינפּערלעך אומעטום, אין דער מינדעסטער זאַך אויף דער וועלט, ווי איר וועט דאָס גלייך הערן פון מיין געשיכטע.

.5

”ס׳איז געוואָרן אָפּגערעדט, אַז ר׳ יואליק, זאָל ער מיר מוחל זיין, וואָס איך באַאומרויק אים אַזוי פיל מאָל אויף יענער וועלט, האָט זיך פאַרפליכטעט צו געבן נדן זיין טאָכטער טויזנט אַכט הונדערט דוקאַטן, פון וועלכע ער האָט באַדאַרפט סילוקן די העלפט צו די תנאים, און די צווייטע העלפט זומער, דריי

חדשים פאַר דער חתונה. דערווייל, די צייט לויפט, און דער זמן־חתונה, חצי־אלול, האָט זיך דערנענטערט, און ר׳ יואליק שלעפּט אַלץ אָפּ מיטן אויסצאָלן דעם נדן, און לייגט אָפּ פון טאָג צו טאָג. דאָס האָט זייער דערצערנט דעם טאַטן מייַנעם, ע״ה. ״וואָס פאַרא געמיינהייט! — פלעגט ער זאָגן. — מילא, ווען ער וואָלט כאָטש געווען אַן אָרעמאַן; אָבער, ער איז דאָך פול אָנגעשטאָפּט מיט געלט. איז נישט גענוג, וואָס ער האָט זיך געדונגען ווי איבער אַן אָקס, אַרויסגעצויגן אַלע אָדערן און אַריינבאַקומען אַזאַ אוצר, מען קאָן זאָגן כמעט אומזיסט, האָט ער נאָך בדעה אַראָפּצולאָזן אין קעשענע אַריין אַ האַלבן נדן. דאָס וועט אים אָבער נישט געלונגען — נישט אויף אַזאַ איינעם האָט ער אָנגעטראָפן. אויב ער וועט נישט אָפּציילן איצט די צווייטע ביין הונדערט דוקאַטן מזומן, מעג ער פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ מאָל געהאַט די חוצפּה צו וועלן משדך זיין זיך מיט אונדזער משפּחה. איך וויל אים מער נישט קאָנען, מיטן געלט זיינעם, און פאַר מיין פלימעניק וועט מיר, אי״ה, דער אויבערשטער צושיקן אַ בעסערע מציאה, ווי די טאָכטער פון עפּעס אַ רייכן זשלאָב״. דאָס האָט, ווייזט אויס, ר׳ יואליקן איבערגעשראָקן נישט אויף קאַטאָוועס, און גלייך אויפן צווייטן טאָג, ווי נאָר מען האָט אים איבערגעגעבן די דאָזיקע ווערטער, איז ער אַריינגעפאַלן, אונטערשפּרונגנדיק, צו אונדז אין שטוב ווי אַ באָמבע, (ער האָט — זאָל ער מיר מוחל זיין — געהינקען אויף אַ פוס), און גיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, אָנגעהויבן שרייען: ״גאָט איז מיט אייך, וואָס טוט זיך עס דאָ? וואָס איז עס מיט אייך? איר מאַכט חוזק, צי וואָס? איר וועט דאָך נישט אָפּלאָזן אַ שידוך צוליב אַ ליאַדע נאַרישקייט? צי דען מיינט איר, מחותן־לעב, אַז איך וואָלט מיך געדונגען, ווען איך וואָלט געווען בכוח אַרויסצו־נעמען, אָפּצוציילן און מיט אַ מאָל סילוקן אַזאַ מטמון מיט געלט, וואָס איך אַליין, ווי איר זעט מיך אַ יידן, האָב אפילו קיין מאָל נישט פאַרמאָגט, און פאַרמאָג נאָך איצט אויך נישט? דאָס הייסט, איך האָב יאָ פאַרמאָגט, געלט איז יאָ געווען, נאָר איצט איז עס נישטאָ, אויסגערונען געוואָרן, פאַרפאַלן; געלט איז קיילעכיק; היינט דאָ, מאָרגן דאָרט״... דערביי האָט זיין כיטרע פּנים — זאָל מיך גאָט נישט שטראָפן פאַר די רייד — אויסגעקרומט אַזאַ געמיין שמייכעלע, אַז ס׳איז געווען פשוט אוממעגלעך אים גלייכגילטיק אויסצוהערן. מיין פאָטער האָט דאָס אַזוי שטאַרק פאַרדראָסן (ער איז געווען אַ ווספּילטשעווער, דער טאַטע, ע״ה), אַז ער איז שוין מער נישט אין שטאַנד געווען זיך צו באַהערשן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַרויס־גענומען פונעם קופערט די תנאים, צוזאַמען מיט דער קבלה אויפן חלק איינגע־צאָלטן נדן, האָט אים דאָס אַ שליידער געטאָן אין פּנים אַריין און — אַרויס פון שטוב.

״איך געדענק אַזוי ווי היינט יענע שרעקלעכע סצענע, וועלכע — איך בין מיך מודה ומתוודה — האָט מיך נישט נאָר נישט דערשיטערט, נאָר אפילו דער־פרייט, און ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער טאַטע, ע״ה, האָט געהאַנדלט אויסערסט אָנשטענדיק און פיין. אָט ווי ווייט מיין נשמה האָט זיך שוין דעמלט געפונען אין די הענט פון דער סטרא־אחרא, אָט ווי טיף איך האָב שוין דעמלט

געזונקען אין זינד! אגב, דאָס געשעעניש האָט דערפריידט משה־יצחקן אויך, ווייל ווען דער טאַטע, ציטערנדיק נאָך אַלץ פון אויפרעגונג, האָט אים בשעת דעם עסן דערציילט וואָס עס האָט פּאַסירט, האָב איך באַמערקט, ווי עס האָבן זיך ביי משה־יצחקן אַנגעצונדן די אויגן, און דאָס גאַנצע פּנים זיינס האָט געפלאַמט, ווייזט אויס פון פאַרדראָס, — נאָר נישט אויפן טאַטן, חלילה, אויף ר׳ יואליקן. דאָס האָב איך פאַרשטאַנען דערפון, וואָס נאָך אַ געוויסן פאַרטראַכטן זיך, האָט ער זיך שוין געוואַנדן צום טאַטן מיט די דאָזיקע באַרויקנדיקע ווערטער: ״אַלץ איז צום גוטן, האָט געזאָגט איינער פון אונדזערע גרויסע חכמים, ר׳ נחום איש־גמזו״. צי האָב איך פאַרשטאַנען וואָס ער האָט דערמיט געוואָלט זאָגן — ווייס איך נישט. נאָר ווען מיינע בליקן האָבן זיך באַגעגנט מיט זיינע — ווייט אָפּגעשיידט זאָל ער זיין — האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב זיין בליק פאַרשטאַנען...

״אויפן צווייטן טאָג האָט שוין די גאַנצע שטאָט געקאָכט. אומעטום: אויפן מאַרק, אין שול און גלאַט אין די גאַסן — האָט מען געהאַלטן אין איין רעדן, נאָר וועגן אָט דער מעשה. מען האָט דערציילט, ווי שרעקלעך מיר האָבן באַליידיקט ר׳ יואליקן און זיין טאָכטער, אונדז פאַרגעוואָרפן שפיכת־דמים, געדראָט מיט אַ שטראָף פון הימל פאַר פאַרשעמען אַ יידישע טאָכטער און א.וו. אַנדערע ווידער האָבן, אמת, אונדז אָפּגעגעבן גערעכט, וויסנדיק, אַז ר׳ יואליק איז אין תוך גענומען אַ האַרבער ייד, אַ שווערער, אוממעגלעכער מענטש, און האָבן זיך אפילו געוווּנדערט, ווי האָט עס דער טאַטע מיינער, ר׳ אפרים מעזריטשערס זון, באַלד אין אַנהייב באַשטאַנען זיך משדך צו זיין מיט אַזאַ גראָבן יונג. די מערהייט אָבער איז פאַרקערט, געווען אויף זיין זייט, און מען איז געווען אויפגעבראַכט קעגן פאָטער, פאַר זיין האַנדלונג, און געדרונגען, אַז ר׳ אפרים מעזריטשערס זון באַדאַרף זיך אַזוי נישט אויפפירן; דעריבער האַלטן זיי, אַז ער דאַרף בעטן מחילה ביים פאַרשעמטן ר׳ יואליקן און באַלד ווידער שליסן דעם אָפּגעלאָזטן שידוך.

״איך מוז אייך זאָגן, אַז מיין פאָטער, אין ליכטיקן גן־עדן איז ער — איז טאַקע געווען אַ ווספּילטשיווער, נאָר אין יענער מינוט, ווען ער איז געוואָרן אין כעס. נאָר קוים איז די ״מינוט״ אַוועק, איז ער געוואָרן ווייכער פון אַ לעמעלע. אין דעם פּרט איז אייער פאָטער — אים צו לאַנגע יאָרן — נישט ווייט אַוועק פון מיין טאַטן. איך האָב באַמערקט, אַז דער טאַטע הייבט זיך אָן אונטערצוגעבן, נאָכצולאָזן, און איך מוז מודה זיין, אַז איך האָב זיך דערפאַר געשראָקן, ווי ס׳געהער צו זיין — איר פאַרשטייט?... איך האָב מער גאָרנישט פאַרלאַנגט, ווי נאָר דאָס, אַז דעם טאַטנס צאָרן זאָל דויערן ווי ווייט מעגלעך צום לענגסטן, אייביק; און פאַרוואָס? — איך האָב אפילו נישט געוואָגט צו חלומען, כאָטש דאָס האַרץ און אויך דאָס וואָרט, וואָס משה־יצחק האָט דעמלט געגעבן אַ וואָרף אַריין, זענען מיר אַריין טיף אין דער נשמה, האָבן מיר געזאָגט, אַז אַלץ איז צום גוטן. און איך האָב אַלץ מער און מער געטראַכט אין זין פון אָט די דאָזיקע פּשוטע ווערטער. צי דען האָט ער געמיינט דאָס זעלבע וואָס איך, צי האָט ער זיך נאָר באַנוצט מיט יענע ווערטער צוליב געוויינלעכער באַרויקונג? איך האָב זיך

באַמיט צו דערמאָנען, ווי האָט אויסגעזען זיין פּנים, ווי האָט געקלונגען זיין שטימע, און ווי אַזוי האָט ער דאָס אַרויסגעזאָגט — און עס האָט זיך מיר אויס־געמאָלט, אַז איך האָב אים נאָך קיין מאָל נישט געזען אַזאַ, און נאָך קיין מאָל נישט געפילט אַזאַ הארציקייט אין זיין קול. און גערעדט האָט ער ווי אַן עלטערער, דערוואַקסענער, ערנסטער מענטש — ווי אַ "פּאָלנער ייד", כאָטש ער איז דעמלט אַלט געווען נישט מער ווי זיבעצן יאָר...

"אָט אַזוי, קינדערלעך מיינע, האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט מיינע זינדיקע געדאַנקען, קלערנדיק נאָר וועגן זיך אַליין און פאַרגעסנדיק וועגן אומגליק פון די אַנדערע. מיין גליק אָבער, ווי מען זאָגט, האָט זיך אַליין געבעטן, געקלאַפּט אין טיר. שטעלט אייך פאָר, אַז אין דער סאַמע הייסער צייט, ווען גוטע מענטשן האָבן זיך באַמיט, מיט אַלע כוחות זיך אַריינגעלייגט צו מאַכן שלום צווישןביידע צדדים, און דער ענין האָט כמעט געהאַלטן ביים ענדיקן זיך לטובת ר׳ יואליקן און זיין טאַכטער, באַווייזט זיך פלוצעם מיין מאַמען, ע״ה, די מומע צביה פון יענער וועלט — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי דאָרט האָבן...

— וואָס הייסט, אַז זי האָט זיך באַוויזן פון יענער וועלט, ווי אַזוי האָט זי עס באַוויזן? — פרעגט אַ פאַרוווּנדערטע די שוועסטער.

— ווי זשע דען אַנדערש, אַז נישט אין חלום? — האָט געענטפערט די באָבעשי, אַן אומצופרידענע, וואָס מען שלאָגט איר איבער די רייד. — שרעק זיך נישט, טאָכטער מיינע, די טויטע באַאומרויקן אונדז נישט אויף דער וואָר, און אויב ס׳וועט דיר עמעצער זאָגן פאַרקערט, מעגסטו אים דרייסט איבערגעבן אין מיין נאָמען, אַז ער איז מחילה אַ גרויסער ליגנער.

די שוועסטער האָט זיך פאַררויטלט און פאַרביסן די צונג, בעת איך בין ווי געוויינטלעך געווען צופרידן מיט איר דורכפאַל און אין דער מחשבה אַפּלאָדירט: "בראַוואָ, באָבעניו, בראַוואָ!"

.6

און אָט, חלומט זיך אין איין נאַכט דער מאַמען מיינער, די מומע צביה, ע״ה. זי איז געקומען, אָוועקגעשטעלט זיך ביי איר צוקאָפּנס, און אויסגעזען האָט זי אַזוי שרעקלעך און אָפּגעריסן, ווי אין דער לעצטער צייט פון איר געפערלעכער שלאָפקייט. זי שטייט, וועקט אויף די מאַמע, און זאָגט צו איר אַזוי: "שוועסטער מיינע געטרייע! גיב נאָר אַ קוק: דו האָסט רחמנות געהאַט אויף מיין קינד, אים אַרויסגעריסן פון שטנס נעגל, פונעם אשמדאי, אים אויסגעכאָוועט און אויפגע־האָדעוועט, ווי אַן אייגן קינד; צוליב וואָס זשע זאָלסטו אים איצט אָפּגעבן אין אַ פּרעמד הויז, אַז דו האָסט פאַר אים אַ ראַוועסניצע, וואָס ער איז ראוי פאַר איר, און ער קאָן אויף שטענדיק בלייבן דיין זון? דעמלט וועט זיך אפשר אויך באַרויקן די זינדיקע נשמה מיינע, וואָס בלאָנדזשעט אַרום איבער דער זינדיקער וועלט, כדי אָפּצוקומען פאַר מיינע שווערע זינד, און פאַר די זינד פון כל ישראל..." אויס־

לאָזנדיק די ווערטער אירע, האָט די מומע צביה אַ בלאָז געטאָן דער מאַמען אין פּנים אַריין און איז פאַרשווּנדן.

„צומאָרגנס אין דער פרי, אַז די מאַמע האָט דערציילט דעם טאַטן איר אויס־טערלישן חלום, האָט ער — אין ליכטיקן גן־עדן איז ער — זי באַרויקט, אויס־געטייטשט איר דעם חלום צום גוטן און געזאָגט, אַז אונדזערע חכמים האָבן נישט צוגעשריבן חלומות קיין ספּעציעלן באַדייט. ער האָט אונדז אָנגעהויבן דערקלערן, אַז אַ חלום איז נישט מער ווי אַ פאַרשטעלונג פון דמיון; אַז אונדזער נשמה פליט אַוועק ביי נאַכט אין הימל אַריין, כדי אָפּצוגעבן דין וחשבון פאַרן גאַנצן טאָג...

„זייער פיין — האָט אים די מאַמע איבערגעהאַקט די רייד. — איך אַליין בין נישט קיין חכמה, איך בין נאַר אַ חכמס אַ ווייב, און דעריבער גלויב איך יאָ אין חלומות, און דער עיקר אין אַזעלכע, אין וועלכע דו טרעפסט זיך פּנים אל פּנים מיט נאָענטע פאַרשטאָרבענע. אָדער דו מיינסט טאַקע, אַז מיין טויטע שוועסטער וואַנדערט גלאָט אַזוי זיך, צוליב פאַרגעניגן וועגן, אַרום איבער דער וועלט? צי וועסטו מיר נאָך אפשר אַלץ וועלן איבערצייגן דערין, אַז די זינדיקע נשמות פון מענטשן, איידער זיי גייען אין גן־עדן אַריין, מוזן זיי נישט אַרומוואַגלען גאָט ווייס ווו און ווי לאַנג? און אפשר וועסטו אויך נאָך וועלן זאָגן, אַז צביה ווייסט דאָרט טאַקע גאָרנישט, וואָס ס׳טוט זיך דאָ מיט איר קינד? איך בין פריער אויך נישט געווען קעגן דעם שידוך, וואָס קיין בעסערן קאָן איך מיר גאָרנישט ווינטשן. אַז מען דאַרף פייער, זוכט מען אין אַש, און איך וויל גאָרנישט וויסן דערפון, אַז ביינעיש איז זיין טאַטע, איך ווייס נאָר, אַז ער איז דער זון פון מיין אומגליקלעכער שוועסטער צביה, וועלכע וויל אויך דאָס זעלביקע וואָס איך. הייסט עס אַן אייגענע חתונה מיט אייגענע כלי־זמר. אמן.״ — אָט אַזאַ יידענע איז געווען מיין מאַמע; און כאָטש דער טאַטע איז געווען אַ גרויסער חכם, האָט זי אים געקענט איבער־צייגן בלויז מיט אירן אַ וואָרט, אָדער אַ גלייכוווערטל, וועלכע זי האָט פאַרמאָגט אפשר אַ מיליאָן.

„אָבער ביט אַזוי גיך טוט זיך עס, ווי עס דערציילט זיך אין אַ מעשהלע. קודם כל האָט מען באַדאַרפט צונויפרופן די גאַנצע משפּחה אונדזערע, און זיך אַן עצה האַלטן, דערנאָך ערשט האָט מען באַשלאָסן, אַז מען דאַרף זיך נישט אַנט־קעגנשטעלן דעם ווילן פון דער פאַרשטאָרבענער. דער טאַטע, ע״ה, האָט זיך אַ געוויסע צייט געוואָקלט. אים, מוז מען צוגעבן, האָט נאָך אַלץ פאַרדראָסן דער פעטער ביינעיש, וועגן וועלכן עס זענען צו אונדז דערגאַנגען נישט קיין איבעריק גוטע ידיעות. מען האָט געזאָגט, אַז ער האָט פאַרלאָזט זיין ווייב די הענדלערקע, מיט די קינדער, און פון צרות אפילו אָנגעהויבן טרינקען, זאָל מיר גאָט מוחל זיין די רייד... נאָר ענדלעך זענען מיר געוואָרן חתן־כלה, אין אַ גוטער, אין אַ מזל־דיקער שעה. צי בין איך געווען גליקלעך, ווי איך האָב מיר דאָס פאַרגעשטעלט? יאָ — נאָר ווען ס׳זאָל זיך נישט געווען אַריינמישן אַ דריטע פּערזאָן, און ווען מיין נשמה וואָלט געווען ריין פון יעדער זינד״...

די באָבעשי האָט זיך פאַרקלערט, גלייך זי וואָלט זיך באַמיט אָנשטרענגען

דעם זכרון, כדי פעסטצושטעלן, אַז אַלץ איז נאָך אין אים אָפּגעהיטן, און נאָך אַ ווײַלע, האָט זי ווידער פֿאַרגעזעצט איר געשיכטע.

״באַלד נאָך די תנאים, האָט מען זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער חתונה. זעקס שניידער זענען בײַ אונדז געזעסן און גענייט דעם אויסשטײַער פֿאַר חתן־כלה. אַלע אין שטוב זענען געווען פֿאַריאָגט, פֿאַרנומען, געפֿאָרעט זיך, געאײַלט, און דערהויפּט די מאַמע, ע״ה, וועמען ס׳האָט זיך פֿאַרגלוסט אָפּשפּילן אַ חתונה, וועגן וועלכער די גאַנצע שטאָט זאָל דערנאָך רעדן, כאָטש אַ יאָר צען צום ווײַ־ניקסטן. און אָט שטיי איך אַזוי איין מאָל אין מיטן צימער, אין דער אָנוועזנהייט פֿון דער מאַמע און צוויי מומעס, און מען מעסט מיר עפּעס אַ קלייד. מען דרייט מיך אויף אַלע זײַטן. אין דעם קומט אַרײַן איינע פֿון מײַנע חברטאָרינס, שיינע־ביילע, און גיט אַ זאָג צו מיר: ״אַ גאָט העלף דיר, ליבינקע, אָט מיט וואָס דו ביסט פֿאַרנומען! אײַנעם שיקט גאָט פּערל, דעם אַנדערן טרערן; דאָ איז אַ חתונה, דאָרט אַ לוויה״. — ״מזל־טוב דיר! — שלאָגט איר די מאַמע איבער די רייד. — אַ דאַנק דיר פֿאַר דער גוטער בשורה; נישט אומזיסט זאָגט מען: די קאַץ וואַשט זיך, אַ גאַסט אײַלט זיך. זאָג נאָר, טײַערינקע, ווו האָסטו דאָס ערגעץ באַגעגנט אַ לוויה, אין חלום, צי אויף דער וואָר?״ — ״קיין לוויה איז נאָך נישטאָ, — ענטפֿערט שיינע־ביילע אַ פֿאַרשעמטע — און זאָל גאָט געבן, אַז ס׳זאָל טאַקע נישט זײַן; נאָר נישט די שעה זאָל עס זײַן, מען האַלט, אַז אין שטוב בײַ ר׳ יואליקן איז גאָרנישט פֿריילעך״... איך האָב גלײַך אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דאָס געמאָסטענע קלייד; עפּעס האָט מיר געגעבן אַ שטאַרקן שטאָך, אין סאַמע האַרצן אַרײַן. ״וואָס איז, וואָס איז געשען? — פֿרעג איך. — ״גאָרנישט — ענטפֿערט שיינע־ביילע. — דו ווייסט דען נישט וואָס דאָרט טוט זיך? פֿון יענער צײַט אָן, וואָס דאָס אַלץ האָט פּאַסירט, באַווײַזט זיך נישט מלכה, צי פֿון צרות, צי פֿון בזיון, בכלל אין גאַס נישט. זי האַלט אין איין וויינען, זאָגט מען; נישט זי עסט, נישט זי שלאָפֿט, גייט אויס, דאַכט זיך, ווי אַ ליכט... וויפֿל אמת אין דעם איז פֿאַראַן ווייס איך נישט, וואָרעם דו ווייסט דאָך, אַז איך קום נישט אַהין. ס׳קאָן גאַנץ געמאָלט זײַן, אַז זי האָט זיך פּשוט צוגעקילט צו יענער צײַט, באַדנדיק זיך אין טײַך. יעדנפֿאַלס, זי האָט היץ. און ווי מען זאָגט, איז דאָס זייער געפֿערלעך״... מיך האָט עפּעס ווי אַ ריס געטאָן, און איך האָב מיך געלאָזט לויפֿן. וווהין? — האָב איך אַליין נישט געוווּסט. ״משוגע מײַנע שונאים!״ — האָט מיר די מאַמע, ע״ה, פֿאַרשטעלט דעם וועג. אַליין אָבער איז זי אַוועק צו שכנים, דערוויסן זיך, וואָס עס טוט זיך בײַ ר׳ יואליקן. און ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי זיך צעלאָזט מיט אַ גאַנצן ים שטעכווערטלעך אויפֿן אַדרעס פֿון שיינע־ביילע, פֿאַר־זיכערנדיק מיך, אַז כאָטש מלכה איז ווירקלעך נישט מיט אַלעמען, איז זי אָבער ווײַט פֿון צו זײַן מסוכן קראַנק.

״נישט געקוקט דערויף, האָב איך די גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט קיין אויג צוטאָן. ערשט פֿאַר טאָג בין איך אײַנגעדרימלט. פּלוצעם הער איך פֿון דערבײַיקן צימער, דאָרט ווו ס׳זיצן בײַ טאָג די שניידער בײַ די חתונה־קליידער, עפּעס אַ

מאַדנע שעפּטשען. איך פֿויל מיך נישט, גיי אַריין אַהין און זע! אַנשטאָט די שניידער עפּעס גאַנץ אומבאַקאַנטע ווייבער, און אַנשטאָט די סאַמעטענע און זיידענע מלבושים, נייען זיי עפּעס ווייסע, לאַנגע תכריכים. דערנעבן שטייט מלכה, נעמט אין די הענט אַריין אַלע מאָל אַנדערע תכריכים, מעסט זיי אָן, לאַכט און זאָגט: ״נו, וואָס? זיי פּאַסטן גוט, אַ יאָ?״ דערנאָך קומען אַריין פֿאַרשידענע יידן, אומבאַקאַנטע אין טלית און תפֿילין און זינגען עפּעס אַ שרעקלעך טרויעריקן ניגון. מלכה זינגט מיט און וויינט דערביי. איך וויין אויך. ״פּע, סאַראַ קלאָג־מוטער בין איך עס געוואָרן!״ גיט זי פּלוצעם אַ זאָג און פֿאַרגייט אין אַ געלעכטער. דערנאָך דערהערן זיך ווידער די געזאַנגען; אַ רעש, אַ טומל, אַ גערעדערייַ, אַ טאַראַראַם און איך... כאַפּ מיך אויף! ס׳איז שוין טאָג. אין שכנותדיקן צימער — אַ רעש, אַ געפּילדער, דאָס געלעכטער און דאָס זינגען פֿון די שניידער, וואָס זענען פֿאַרנומען מיטן נייען אונדזערע חתונה־בגדים... אָפּטרייסלענדיק זיך פֿונעם שווערן קאָשמאַר, האָב איך אויסגעשפּיגן דריי מאָל, ווי דער מנהג איז; דערנאָך האָב איך אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, אָפּגעזאָגט דעם שפּרוך, וואָס די מאַמע האָט מיך אויסגעלערנט זאָגן אין פֿאַל פֿון אַ בייזן חלום, זיך אָנגעטאָן און אַריין אין זאַל אַריין. איך טרעף דאָרט מיינע עלטערן — זאָלן זיי זיך מיען — פֿאַרזאָרגטע, סודנדיק זיך וועגן עפּעס זייער באַזאָרגט. דערזעענדיק מיך, באַמיען זיי זיך אויסצוזען פֿריילעך. ס׳קומט אויך אַריין משה־יצחק — אַ ליכטיקן גן־עדן האָט ער — אויך אַ צעדרודערטער, איילט זיך ערגעץ ווו, און זאָגט זיך אָפּ פֿון דער פֿרימאָרגנדיקער ציקאָריע. דער טאַטע מיט משה־יצחקן גייען ערגעץביידע אַוועק אין איילעניש, און איך מיט דער מאַמען בלייבן אַליין. ״וואָס טוט מלכה?״ — פֿרעג איך מיט אַ פֿאַרציטערט האַרץ. — ״מלכה — ענטפֿערט די מאַמע טרויעריק — אוי, מלכה איז שוין אויף דער אמתער וועלט, זאָל זי אונדז מוחל זיין אַלע עוולות און זאָל זי זיין אַ גוטע בעטערין פֿאַר אונדז אַלע זינדיקע ביים הימלישן שופֿט, וואָרעם קעגן איר האָבן מיר דאָך אוודאי גאַרנישט געהאַט, און זי קעגן אונדז מסתמא אויך נישט. זאָל דער חטא פֿאַלן אויף איר טאַטן דעם אכזר, און זי די טויב די ריינע, וועט זיכער דאָרט געפֿינען איר אייביקע רו באַגלייך מיט מיין שוועסטער צביה, וואָס איז אויך פֿאַר דער צייט, און פֿאַר פֿרעמדע זינד, פֿון דער וועלט געגאַנגען; און נאָך איין קרובה מיינע, בליומע, וועלכע מען האָט אויך אַ יונגנט אין קבֿר באַגראָבן, און נאָך איינע, מיינע אַ גוטע באַקאַנטע״... און די מאַמע האָט נאָך לאַנג גערעדט, דערמאָנענדיק אַלע אירע פֿאַרשטאָרבענע פֿריינט און קרובֿים. איך האָב מיך אַ צעשטרייטע צוגעהערט; מיין קאָפּ איז געווען פֿול מיט גאָר אַנדערע געדאַנקען, מיט שווידערלעכע מחשבֿות! איך האָב נישט געוויינט, ניין; איך האָב זיך נאָר אַרומגעשלעפּט איבערן גאַנצן הויז, און נאָך מיר, טריט ביי טריט, איז מיר נאָכגעגאַנגען דער שטן־מקטרג, וועלכער האָט מיך ביז איצט אַזוי אומבאַרחמנותדיק אונטערגעהעצט. איצט אָבער האָט ער פֿון מיר געחוזקט: ״אָט אַזוי, ר׳ אפֿרים מעזריטשערס אייניקל, וועמענס שטאַם ציט זיך פֿון די גרעסטע און שענסטע רבנים אין דער וועלט!״

דער באַבעשיס קול האָט זיך אָפּגעריסן. עס האָבן איר פאַרפעלט ווערטער, כדי אויסצודריקן איר דעמלטדיקן גייסטיקן צושטאַנד. איך און די שוועסטער האָבן אויסגענוצט דעם קורצן איבעררייס, אויף פאַרפולקאָמען אין די געדאַנקען דאָס בילד פון דער באַבעשיס ליבע און אירעליידן, וועלכע זי האָט אויסגעדריקט אין אַזאַ איינפאַכער פאָרם. דאָס איז געווען אַזאַ פייערלעכער מאָמענט, אַז מיר, ד.ה. די שוועסטער און איך, ביי וועמען די צונג האָט ווי געביסן צו פאַרפירן אַ דיסקוסיע וועגן אַן אַנאַלאָגיע צווישן ליבע אין דער פאַרגאַנגענהייט און אין די היינטיקע צייטן, האָבן נישט געוואָגט צו שטערן דאָס הייליקע שטילשווייגן.

.7

"איך וועל אייך לאַנג נישט ברייען — האָט די באַבעשי ממשיך געווען — וועגן דעם וואָס ווייטער האָט פּאַסירט, וויפל טרערן איך האָב פאַרגאָסן אויף מיין חתונה (קיינעם ווינטש זיך נישט אַזוי גריגג, ווי אַ כלה צו איר חופּה). איך וועל אייך בעסער דערציילן, וואָס ס'איז פאָרגעקומען נאָך דעם, שפּעטער.

"ווי דער שטייגער איז, זענען מיר נאָך דער חתונה געווען אויף קעסט ביי מיינע עלטערן כמה וכמה יאָרן. דעם טאַטן איז געווען שווער אָפּצורייסן דעם איידעם זיינעם, דעם ווילערנער, וואָס האָט געשמט איבער דער וועלט פון דער גמרא און אים אָוועקשטעלן צום נמאסן האַנדל מיט תבואה, (דערפון האָבן זיך מפרנס געווען ר׳ אפרים מעזריטשערס אָפּשטאַמיקע); דעריבער האָט מען אונדז אָפּגעגעבן אַ באַזונדער חדר מיט אַ גרויסן ספרים-שאַנק ספרים, איבער וועלכע משה-יצחק, אין גן-עדן איז ער מיט אַלע צדיקים ביינאַנד, פלעגט פאַרברענגען טעג און נעכט. און ווי גוט איז דאָס געווען צו זען אים אַ זיצנדיקן איבער די ספרים! ווי וואויל איז עס געווען צו הערן זיין קלינגענדיקע שטימע, וואָס האָט זיס געקלונגען, ווי דאָס געזאַנג פון נאַכטיגאַל, איבערן גאַנצן הויז, און בפרט אין די פרימאָרגנס, ווען אַלץ איז נאָך געווען פאַרזונקען אין שלאָף; אומעטום איז שטיל, דעמעריק; נאָר איין איינציקע שטראַל פון זון-אויפגאַנג, פלעגט זיך אַריינשלייכן, ווי גאַטס אַן אויג, אין פענצטער אַריין, — און נאָר די שטימע זיינע, משה-יצחקס שטימע, הילכט אָפּ ווי מוזיק אין דיינע אויערן, און דו ליגסט און הערסט זיך צו, און האָסט הנאה, און טרערן פון געריירטקייט באַווייזן זיך אין דיינע אויגן; און קלערסט זיך בשעת מעשה: און טאָמער איז דאָס אַן עבירה? וואָרעם איין מחשבה דערוועקט די צווייטע. וואָרעם גרויס איז די מאַכט פון שטן-מקטרג; עס שטייט געשריבן אין אונדזערע הייליקע ספרים: "איין עבירה שלעפּט נאָך זיך די צווייטע עבירה"; און דער יצר-הרע איז גרויס, און דער שטן-מקטרג פאַרשטייט אונדז צו פאַרפאַלגן מיט אים תמיד און אומעטום. אַ, גאָט, מיין גאָט! גאָט מיינער!... אַזוי פלעג איך ליגן און קלערן, בשעת משה-יצחק מיינער — אַ ליכטיקן גן-עדן זאָל ער האָבן, פלעגט זיצן איבער דער גמרא און זינגען, און דאָס קול זיינס האָט זיך ווייט געטראָגן דורכן הויז און פון הויז אַרויס... שכנים און סתם פאַרבייגייער פלעגן זיך אָפּשטעלן, צוהערן זיך: "האָט איר עס אַן

איידעמל, שוין איינמאָל אַן איידעם!" האָט נישט איינער פון זיי געזאָגט צו דער מאַמען, ע"ה, און זי פלעגט אָנקוועלן פאַר נחת. און היינט ווי שטאַרק האָב איך ערשט אָנגעקוואָלן! ס'מאַכט זיך אַ מאָל — איך קוק אויף אים און טראַכט מיר: דאָס בין איך די גליקלעכע באַזיצערן פון אָט דעם אוצר, און אויף דער נשמה פלעגט מיר דאַן ווערן אַזוי, גלייך איך בין נאָר וואָס נעכטן געבוירן געוואָרן אויף גאָטס וועלט, גלייך איך ווייס נאָך גאָר פון קיין צרות נישט, און פון קיין שום זינד נישט, און פון קיין טרערן אויך נישט. אָבער ווי נאָר איך גיב אַ קוק אַ ביסל אויף צוריק, און דערמאָן זיך אויף וועלכן אופן איך האָב אָט דעם אוצר באַקומען, פרעג איך נישט איין מאָל ביי זיך אַליין: ווי אַזוי האָב איך עס, ר' אפרים מעזרטשערס אייניקל, זיך געקאָנט דערלויבן, נאָך אַ מיידל זייענדיק, אַליין זיך גאָר אויסקלייבן אַ חתן, און נאָך דערצו אַ פרעמדן חתן, וועלכער האָט נאָך דערצו געהערט צו מיין חברטאָרין?... און דאָס טרויעריקע בילד פון מלכהן — ווייט אָפּגעשיידט זאָל זי זיין פון מיר — פלעגט מיר פלוצעם קומען פאַר די אויגן אין פאַרשידענע צושטאַנדן, און אָנהויבן מיך פאַרפאָלגן אומעטום, און דער נישט-גוטער, אַלץ דער זעלבער שטן-מקטרג, אַלץ דער זעלבער אשמדאי, הייבט מיך אָן צו מוטשען, צו מאַטערן: "דאָס האָסטו געטריבן אין דער ערד אַריין אַן אומשולדיק וועזן!"...

—וואָס טוט זיך מיט דיר, באָבעניו — האָבן מיר נישט אויסגעהאַלטן און געפרעגט ביי איר. — צי דען ביסטו שולדיק, וואָס...

— ע, איר זענט דאָך נאָך טאַקע אמתדיקע קינדער, כ'לעבן — האָט אונדז די באָבעשי איבערגעשלאָגן די רייד. — מען דאַרף דען אַ סך, כדי אים צו דערצערנען, אים וואָס לייענט אין די הערצער אונדזערע? צי קאָן מען פאַר אים עפּעס וואָס פאַרבאַרגן? צי קאָן מען אים אָפּנאַרן? אָט דאָס ווייסט איר, ווייזט אויס, נישט; איר ווייסט אָפּנים נישט, אַז ווער ס'איז יענעם מקנא, דער איז אַ שונא, און אַ שונא קאָן אַרויסרופן יעטוועדן אומגליק; און וואָלטן מיר קיין שונאים נישט געהאַט, און אַליין יענעם קיין פיינד נישט געווען, וואָלטן בכלל קיין אומגליקן אויף דער וועלט נישט געווען. אַזוי פלעגט נישט איין מאָל זאָגן דער פאַרשטאַרבענער זיידע אייערער, וועלכער האָט, נישט געקוקט אויף זיין גרויס לומדות, אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די וועלט און די מענטשן. פון וואַנען קאָן מען דאָס וויסן, צי ווען איך וואָלט אַזוי זינדיק נישט געווען, און נישט מקנא געווען מיין חברטע מיט איר גליק, וואָלט אפשר ר' יואליק זיך אַזוי נישט געווען איינגעעקשנט ביים אויסצאָלן דעם צווייטן העלפט נדן, מיין פאָטער וואָלט נישט אַריין אין כעס; די מומע צביה וואָלט נישט געקומען צו חלום דער מאַמען, מען וואָלט נישט אָפּגעלאָזט דעם שידוך, מלכה וואָלט אפשר נישט געשטאָרבן, און איך און מיינע קינדער וואָלטן אפשר נישט געשטראָפט געוואָרן — אַ גאַנצע לאַנגע קייט פון פאַרברעכנס און שטראָף, וואָלט אפשר נישט געווען בכלל עקזיסטירט. און ווו איז דער אָנהייב פון אָט יענער קייט? — אין מיין יוגנט, אין מיין ערשטער זינד. די מאַמע מיינע, ע"ה, איז דען נישט גערעכט געווען, אַז זי האָט מיר אָנגע-

זאָגט צו שעמען זיך? יאָ, אַ יידישע טאָכטער דאַרף זיך שעמען, און נישט נאָר זי טאָר נישט רעדן, נאָר אפילו דענקען טאָר זי אויך נישט... איך וועל זיך אָבער צוריקקערן צו מיין דערציילונג.

"אַט אַזוי האָב איך מיך געמוטשעט אין תשובה פאַר מיינע חטאים, זייענדיק אייגנטלעך די איינציק־גליקלעכע פרוי אויף דער וועלט. אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן אַ גאַנץ יאָר, אפילו מער ווי אַ יאָר, ביז ס'איז געבוירן געוואָרן, מיט גאָטס הילף, מיין ערשט קינד. און ווי נאָר דאָס קינד איז געקומען אויף דער וועלט, איז אַנטשטאַנען פאַר מיר אַ ניי, אַ גאַנץ ניי לעבן. ווערן אַ מוטער, איז אַזאַ מתנה פון גאָט, וואָס מאַכט פאַרגעסן די ערגסטע צרות און פירט צוריק אויפן גלייכן וועג די ערגסטע זינדער אפילו. עס איז געווען אַ מיידעלע, און מיר האָבן איר אַ נאָמען געגעבן נאָך דער מומע, צביה. אוי, איז דאָס געווען אַ קינד! נאָך איר האָב איך געהאַט נאָך קינדער — זאָלן זיי דאָרט רוען אין די קברים זייערע — און אַלע זענען זיין געווען שיין ווי די וועלט און זיי האָבן געהאַט אין וועמען געראָטן צו זיין, וואָרעם אויב איך בין אין דער יוגנט נישט געווען קיין מיאוסע, איז משה־יצחק... יאָ, איך האָב אייך נאָך, דאַכט זיך, נישט אויסגעמאָלן, ווי דער זיידע אייערער האָט אויסגעזען? איר געדענקט אים שוין אויף דער עלטער, אָבער יונגערהייט האָט זיין פּנים געשיינט ווי דער מאָרגנשטערן, און די אויגן זיינע האָבן געלויכטן מיטן ליכט פון דער הייליקער תורה און מיט גאָטס חכמה. אַ סך פון מיינע קינדער, דערונטער אויך דער טאַטע אייערער — זאָל אים גאָט מאריך ימים ושנים זיין — זענען געווען ענלעך צו אים; נאָר אַזאַ גאָלדן קינד ווי דאָס מיידעלע איז געווען, האָב איך שוין דערנאָך אַליין נישט געהאַט און אויך מער ביי קיינעם נישט געזען. איך בין געווען זיכער, אַז גאָט האָט פאַרנומען מיינע תפילות, אַז ער האָט מיר מוחל געווען, פאַר מיין חרטה אויף אַלע מיינע עבירות און האָט מיר געשענקט אָט־אָ דעם בריליאַנט, פאַר מיינע אומצאָליק פאַרגאָסענע טרערן. און איך האָב מיך געפרייט, באַגלייך מיט אַלע זינדיקע, וועלכע, ווען ס'לאָזט זיי אַ ביסל נאָך, הייבן זיי זיך אָן נאַריש צו מאַכן, נישט באַמערקנדיק כלל די שווערד, וואָס הענגט איבער זייערע קעפּ... דעריבער איז די פרייד מיינע נישט געווען אויף לאַנג; ס'איז געקומען די צייט אַנצונעמען פון זיין האַנט די פאַרדינטע שטראָף. דאָס איז געווען די ערשטע נקמה, דאָס ערשטע אומגליק, נאָך וועלכן עס זענען געקומען אַ גאַנצע ריי אומגליקן, וועלכע האָבן זיך נישט איבערגעריסן ביזן היינטיקן טאָג...

"דאָס קינד איז געוואַקסן, ווי אויף וווּנדער, און ס'האָט אויסגעוויזן, ווי פאַר אונדזער נחת וועגן. דאָס מיידעלע איז קוים אַלט געוואָרן אַ האַלב יאָר, איז עס שוין געזעסן און געפּלאַפּלט פאַרשידענע איינצלנע ווערטער, און מיר האָבן זי ליב געהאַט ווי דאָס לעבן. יענעם ווינטער האָט געהערשט אַ שרעקלעכער אונטערגאַנג פון פּאָקן, וואָס האָט אַוועקגעלייגט אַ מאַסע קינדער. איר קענט זיך פאַרשטעלן, ווי שטאַרק איך האָב געציטערט איבער מיין קינד, ווי איך האָב עס אָפּגעהיטן, געטוליעט, אויף קיין רגע פון די הענט נישט אַראָפּגעלאָזט. אויס־

געוויזן האָט זיך, אַז קיין אומגליק קאָן דאָ, חלילה, נישט געשען. נאָר ער, אַז ער הייסט, העלפן קיין שום חכמות נישט. ס׳איז שוין געווען שפּעט ביי נאַכט; איך בין לאַנג געזעסן איבער מיין מיידעלעס וויגעלע און געשפּיגלט זיך אין איר ליכטיק פּנימל, אויף וועלכן עס האָבן אין שלאָף ווי מלאכים געשפּילט; ווי צוויי צייטיקע עפּל האָבן געפלאַמט אירע בעקעלעך און די ליפּעלעך האָבן זיך גע־רויטלט, ווי די רויטע קאַרשעלעך. מיר האָט זיך עפּעס ווי אויסגעוויזן, אַז זי האָט היץ, און עפּעס אַ מאָדנע געפיל האָט מיך, ווי מיט אַ שפּילקע אַ שטאָך געטאָן. אין דער זעלבער צייט, האָבן אין מיין קאָפּ אָנגעהויבן קרייזן פאַרשידענע געדאַנקען, איינער טריבער פונעם אַנדערן... פּלוצעם עפנט זיך אויף די טיר און עמעצער, אין גאַנצן אין ווייסן, דערנענטערט זיך צו מיר מיט פאַמעלעכע שריט, און זעצט זיך פאַרזיכטיק אַוועק ביים קינדס וויגעלע. דאָס גאַנצע בלוט איז אין מיר פאַרקילט געוואָרן, און די האָר, ווי די נאָדלען, האָבן זיך מיר איינע נאָך דער אַנדערער ווי אויפגעשטעלט אויפן קאָפּ. איך קוק מיך איין אין געזיכט פון דעם נאָר וואָס אָנגעקומענעם אורח און זע — מלכה? יאָ, ס׳איז זי. דאָס פּנים אירס איז טרויעריק און שמייכלענדיק, פּונקט ווי דעמלט, פאַר מיין חתונה, און קוקן קוקט זי אַלץ, אָנבויגנדיק דעם קאָפּ אירן, אַהין, וווּ ס׳ליגט דאָס קינד. דער־נאָך האָט זי טיף אַפּגעזיפצט און פאַרזיכטיק, קוים באַוועגנדיק זיך, איבערגעבויגן, גענומען דאָס קינד אויף די הענט, דריי מאָל אים אַ קוש געטאָן און אים דער־לאַנגט איר ברוסט... איך האָב זיך פון אַנגסטן אויפגעכאַפּט און ארויסגעלאָזט אַזאַ מין מוראדיקן געשריי, אַז משה־יצחק, ע״ה, וואָס איז נאָך געזעסן איבער זיינע ספרים, איז נישט טויט, נישט לעבעדיק, צו צו מיר, און דערוויסנדיק זיך וועגן מיין חלום, האָט ער אָנגעהויבן מיך אויף פאַרשידענע אופנים צו באַרויקן. נאָר אַלץ אומזיסט. דאָס קינד ברענט, ווי פייער; דער רופא זאָגט, אַז דאָס זענען, דאַכט זיך, נישט קיין פּאָקן, נאָר איך גלייב אים נישט. אין עטלעכע טעג אַרום איז שוין מיין מיידעלע נישט געווען, זאָל זי דאָרט רוען, ווו אַלע אומשולדיקע נשמות רוען...

״ווער עס האָט מיך דעמלט נישט געזען, דער ווייסט נישט וואָס דאָס הייסט פאַרצווייפלונג. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע וועלט איז אויף מיר געפאַלן, און אַז איך וועל זיכער נישט איבערטראָגן דעם טויט פון מיין קינד. נאָר איך אַליין בין דאָן נאָך געווען אַ קינד. אייער זיידע — אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן — האָט מיר צוגעטראָגן אונדזער הייליקן תנ״ך, אויפגעעפנט אַ בלאַט אין ספר שמואל ב׳ און איבערגעלייענט פאַר מיר, פון אָנהויב ביזן סוף, די געשיכטע פון דוד המלך און בת־שבע, באַווייזנדיק מיר מיטן פינגער דעם פאָלגנדן פּסוק: ״ועתה מת למה זה אני צם האוכל להשיבו עוד אני הולך אליו והוא לא ישוב אלי״ (שמואל ב׳, י״ב, כ״ג)...

— — — — — — — — — — — — — — —

״אין יענע טעג איז צווישן מיר און אייער זיידן געזאָגט געוואָרן מער,

ווי אין משך פון די אַנדערטהאַלב יאָר, וואָס זענען אַוועק זייט אונדזער חתונה. און ווען מיר האָבן זיך שוין צערעדט, איז מיר באַוווּסט געוואָרן דאָס, אַז ער האָט שוין לאַנג געוווּסט, ד.ה. וועגן אַלע מיינע צרות און פּיין, נאָר ער האָט נישט געוואָלט און נישט געקאָנט מיט מיר רעדן דערפון, וואָרעם ער אַליין האָט אויך שרעקלעך געליטן. און אַ סך אַ סך זאַכן, ביז איצט נישט צוגענגלעכע פאַר מיין ווייבערישן שכל, האָבן זיך פאַר מיר אין יענעם טאָג אַנטפּלעקט. און ערשט דעמלט האָב איך פאַרשטאַנען, ווי קלוג און גאָטספאָרכטיק ער איז געווען — שענקען זאָל מיר גאָט אַ באַשיידן ווינקעלע אין גן־עדן, ווי עס פאַרדינט אַ ווייב פון אַזאַ גוטן און פרומען יידן, ווי ס׳איז געווען דער זיידע אייערער.

.7

די גלייכע און הויכע געשטאַלט פון דער באָבעשי, מיט איר מאַיעסטעטיש־רעזיגנירטן, אויסטערליש־פאַרקאַנסערווירטן געזיכט, וואָס שטעלט מיט זיך גיכער פאַר אַ דעקאָראַטיוון הינטערגרונט, איידער אַ בילד פון מענטשלעכער צעשטע־רונג, איז פון דער רגע אָן נאָך מער אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן, און איך בין אמתדיק שטאָלץ און גליקלעך צו פאַרמאָגן אַזאַ באָבעשי. דאָס זעלבט פילט געוויס אויך מיין שוועסטער, וואָרעם זייט דעמלט האָט זי דייטלעך אָנגעהויבן פאַרערן די באָבעניו, זי צעשיידט זיך מיט איר כמעט נישט, פילנדיק צווישן זיך און איר עפּעס ווי אַ פאַרבינדונג — אַ סך מער ווי אַ פאַמיליאַרע — אַזאַ מין פאַרבינדונג וואָס ווערט אָנגערופן: קרובהשאַפט פון גייסט, פון נשמה... איך וועל מיך אָבער צואיילן און ענדיקן דער באָבעשיס דערציילונג.

„נאָר אויב איר מיינט, קינדערלעך, אַז דערמיט האָב איך אָפּגעקומען אַלע מיינע זיבד, האָט איר אַ טעות. דאָס איז בלויז געווען אָן אָנצוהערעניש וועגן דעם, אַז עס איז פאַראַן אַן אויבערשטער כוח און אַ וואָג, אויף וועלכער מען וועגט געַנוי יעדן שריט אונדזערן, סיי די שלעכטע, סיי די גוטע, אפילו די נישטיקסטע מחשבה ווערט אויך געַנומען אין באַטראַכט. און סאַראַ וואָג אַ פינקטלעכע דאָרט איז פאַראַן! און ווי ס׳ווייזט אויס, האָבן זיך מסתמא ביי מיר צונויפגעזאַמלט אַזוי פיל זינדיקע געדאַנקען, און אין גאַנצן איבערפולט דעם קאָפּ מיינעם אין דער צייט פון דער זינדיקער יוגנט מיינער, וואָרעם ס׳האָט זיך צעגאָסן איבער מיר גאָטס צאָרן, און ס׳האָבן זיך אַ שיט געטאָן אויף אונדז אומגליקן, וועלכע ס׳איז, כ׳לעבן, שווער אויסצורעכענען. פונקט צום יאָר, נאָכן טויט פון מיין ערשטן קינד, איז פלוצעם געשטאָרבן מיין פאָטער, ע״ה. אין דעם זעלבן יאָר איז גע־שטאָרבן מיין עלטערער ברודער גדליה — אין גן־עדן איז ער — אויף אַ לונג־אָנצינדונג. באַלד דערנאָך זענען געשטאָרבן דער זיידע ר׳ מאיר, דער פעטער פנחס, די מומע דבורה, צוויי מיינע שוועסטער־קינדער און דריי גליד־געשוועס־טער־קינדער, פון וועלכע איינער איז דערטרינקען געוואָרן, אין מעמל, דעם צווייטן האָט מען געפונען אַ געהרגעטן פון רויבער אין וואַלד, און דעם דריטן האָט מען אָפּגעשניטן פון דעם שטריק ביי אים אויפן בוידעם, נאָך אַ גרויסן באַנקראָט —

זאָלן זיי שוין דאָרט אַלע רוען אין פרידן — און דאָס אַלץ אין משך פון בלויז צוויי יאָר! און וויפל קרובים אונדזערע האָט אַוועקגענומען די חולירע, נישט היינט געדאַכט, קאָן איך מיך שוין איצט אַליין נישט דערמאָנען. נאָך דעם איז די מאַמע מיינע — אין גן־עדן איז זי — געליימט געוואָרן און נישט אַראָפּ פון בעט ביזן לעצטן טאָג אירן. דערנאָך האָבן אונדז געטראָפן נאָך צוויי גרויסע אומגליקן: מען האָט אונדז אומברחמנותדיק באַגנבעט, און מיר זענען אָפּגעברענט געוואָרן ביזן לעצטן העמד. מיר האָבן געליטן אַזוי פיל פאַרלוסטן, אַז מיר זענען כמעט געוואָרן אָרעמע־לייט. נאָר דער אויבערשטער, שטראָפנדיק און צושיקנדיק אונדז מיט איין האַנט די מכה, האָט אונדז מיט דער צווייטער האַנט טאַקע באַלד צוגעשיקט די רפואה. דערצו, מוזט איר אויך וויסן, האָט משה־יצחק, ע״ה, געהאַט אַזאַ נאָמען אין דער וועלט, אַז אומעטום האָט מען אים געשענקט אומבאַגרענצטן קרעדיט, אַזוי אַז מיר האָבן אין גיכן אַלץ ווידער צוריק געוווּנען און מיט פראָ־צענט נאָך, און מיר זענען ווידער רייך געוואָרן. נאָר דערפאַר האָבן אונדזערע קינדער, נעבעך, ... אַז אַך און אַז וויי! קינדער האָבן זיך ביי אונדז נישט געהאַלטן. ניין קינדער האָב איך געבוירן און פון אַלע ניין, האָט זיך ביי מיר פאַרהאַלטן בלויז דער טאַטע אייערער, גאָט זאָל אים אייך שענקען אויף לאַנגע־לאַנגע יאָרן, וואָרעם איך האָב פאַר אים זייער אַ טייערן פרייז באַצאָלט. וויפל טרערן האָב איך איבער אים פאַרגאָסן! ביי וואָסערע צדיקים בין איך מיט אים נישט אויסגע־ווען, און וויפל צדקה האָב איך פאַרטיילט פאַר אָרעמעלייט, און אויף תלמוד־תורהס, און אויף הקדשן, און אויף יתומים. מיר דאַכט זיך, אַז ווען מען לייגט אַוועק אויף איין זייט דאָס גאָלד און אויף דער צווייטער דעם טאַטן אייערן, וואָלט דאָס גאָלד איבערגעוווגן. דערצו האָט ער ביי אונדז איבערגעקרענקט מיט אַלע קראַנקהייטן וואָס זענען נאָר פאַראַן אויף דער וועלט, און איין מאָל איז ער שוין אפילו געווען מיט איין פוס אויף יענער וועלט. דעמלט בין איך אַוועק אויפן בית־עלמין,מיטגעשלעפּט מיט זיך משה־יצחקן, אויסגעוווען אויף די קברים פון אַלע מיינע טייערע און נאָענטע, און אַז איך בין דערגאַנגען צום קבר פון מיין חברטע מלכה, בין איך צוגעפאַלן צו אים און נישט אויפגעהערט וויינען און קלאָגן און בעטן ביי איר מחילה אַזוי לאַנג, אַז איך געדענק נישט ווען און ווי אַזוי מען האָט מיך אַהיימגעטראָגן פון דאָרט. אַזוי האָב איך אים קוים אויסגעוויינט, מנדר געווען פאַרשידענע נדרים, גענומען אויף זיך כלערליי תעניתים, נדבות, וועלכע איך בין ביזן היינטיקן טאָג מקיים, און יעדע צרה וואָס קומט אויף מיר און אויף מיין הויזגעזינט, נעם איך אָן פאַר ליב, ווי אַן ערלעך פאַרדינטע שטראָף און זאָג נאָר: ״גאָטעניו, מיך שטראָף מיט אַלע שטראָפן פון דער וועלט, נאָר מיינע קינדער נעם ביי מיר נישט צו!״ און אַ דאַנק און אַ לויב זיין ליבן נאָמען, משפּט ער מיך, זיין אומווירדיקע דינסט, נישט לויט די פאַרדינסטן מיינע, אַזוי אַז נישט איין מאָל טראַכט איך מיר: אַ סוף, איך האָב שוין מיינע זינד אָפּגעקומען: נאָר ווען נישט ווען פלאַקערט ווידער אויף, אַזוי צי אַזוי, גאָטס גרימצאָרן, אויב נישט אויף מיר אַליין, און אויף מיין זון, וועלכן ער שטראָפט אַן אַנדערש מאָל מיט

אַ שלאָפֿקייט, אַן אַנדערש מאָל מיט אַ דורכפֿאַל אין מסחר, און אַז נישט דעם זון מיינעם, שטראָפֿט ער טייל מאָל די קינדער זיינע. אָט אַזוי ווי אַצינד, קינד מיינס — האָט די באָבעשי צוגעגעבן, ווענדנדיק זיך צו דער שוועסטער. — לאָמיר נעמען כאָטש דעם שידוך דיינעם. זע איך דען נישט באַשיינפּערלעך דערין אַן אָפּהילך פֿון יענער קללה, וואָס רוט אויף מיר, פֿאַר די זינד פֿון מיין יוגנט? יאָ, דאָס איז אַ צייכן פֿון גאָט!... איז, וואָס קאָן איך דיר זאָגן, טאָכטער מיינע? גאָט זאָל געבן, אַז דאָס זאָל זיין בלויז מיין אומגליק, נישט דיינער; און וואָס שייך דעם טאָטן דיינעם, מיין איך, אַז ער וועט זיך לאַנג נישט בייזערן. ס׳איז אים, נעבעך, שווער גלייך זיך איבערצובעטן; ס׳איז אים נישט אַזוי גרינג, דעם טאָטן, מען דאַרף צוואַרטן. "ס׳וועט זיך איבערמאָלן, וועט זיין מעל", זאָגט דער גוי אַ ווערטל. און אויב דאָס איז דער רעכטער זיווג דיינער, הייסט עס אַז עס איז פֿון השמים. כ׳וואָלט נאָר וועלן האָפֿן, אַז ר׳ אפֿרים מעזריטשערס אַן אוראייניקל און ר׳ משה־יצחק מורה־מורינוסעס אַן אייניקל, וועט נישט נעמען עפּעס אָבי ווּעמען, און וועט זיך באַמיען אַז דער ווּעמען איר האַרץ האָט אויסדערוויילט, זאָל נישט פֿאַרשוועכן דעם כבוד און דעם זכר פֿון ר׳ אפֿרים מעזריטשער, וואָס שטאַמט פֿון די גרעסטע און שענסטע רבנים אין דער וועלט. מיט דעם איינעם נאָר, קינד מיינס, קען איך דיך בענטשן, אַז אויב ס׳איז דיר שוין יאָ באַשערט, אַז דער גורל דיינער זאָל זיין פֿאַרבונדן מיט יענעם מענטשן, טאָ זאָל דיר גאָט העלפֿן, זאָלסט מיט אים אָפּלעבן דיין וועלט נישט קירצער און נישט ערגער, ווי איך האָב אָפּגע־לעבט מיטן זיידן דיינעם, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, נאָר מיט ווייניקער נסיונות און מיט ווייניקער שטראָף פֿונעם הימל. פֿאַר די צוויי און פֿופֿציק גליק־לעכע יאָר וואָס איך האָב אָפּגעלעבט מיט מיין מאַן, קאָן איך שווערן, אַז מיר האָבן איינס דעם אַנדערן קיין איין פֿאַרוואורף נישט געמאַכט, אפֿילו קיין בייזן בליק צווישן זיך נישט פֿאַרביטן, און אויב ס׳איז אַ מאָל געווען אַ גליקלעכע פֿרוי אויף דער וועלט — בין איך עס געווען".

באַקומענדיק אַזאַ האַרציקע ברכה פֿון דער באָבעשי, אין יענע שווערע שטורעם־טעג, איז די שוועסטער געבליבן ווי פֿאַרחלשט, און איז נישט געווען פֿעיק אפֿילו אַ וואָרט אַרויסצורעדן; און אויב מיין אויג האָט מיך נישט גענאַרט, בין איך גרייט מיך וועטן, אַז ביי מיין פֿיינפֿילנדיקער שוועסטער, האָט עפּעס זייער מאָדנע געציטערט די גאָמבע, אירע אויגן האָבן זיך עפּעס ווי צעפֿלויגן, און צוויי טרערן, ווי צוויי טראָפּן טוי אין דער שיין פֿון דער נאָר וואָס אויפֿגע־גאַנגענער זון, האָבן געהאָנגען איבער אירע לאַנגע, ווונדערלעך שיינע וויעס.

אננא דרעסנער

# אַ וואָרט פונעם איבערזעצער

אין יאַנואַר 1891, צען יאָר נאָך זיין דערשיינען, האָט דער "וואָסכאָד" [1] צום ערשטן מאָל פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ווערק פון אַ יידישן קלאַסיקער. געווען איז דאָס די רוסישע ווערסיע פון מענדעלע מוכר־ספרימס "די קליאַטשע", אַנגעשריבן פֿונעם מחבר [2]. מיט דריי חדשים שפּעטער, אין אַפּריל 1891, איז אין דעם זעלבן זשורנאַל דערשינען אַן אָריגינעלע רוסישע שאַפֿונג פון צווייטן יידישן קלאַסיקער, שלום־עליכם, א.ט. "ראָמאַן מאַיעי באָבושקי". ווי ווייט ס'איז באַוווּסט, האָט דער יידיש לייענער נאָך נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט דער דערמאָנטער דערציילונג, ווייל קיינער, אויך נישט דער אויטאָר, האָט זי נישט איבערזעצט אויף יידיש. דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן וועגן דער אַנדערער דערציילונג, "גאָריע רעב עליאָקימאַ", וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין "וואָסכאָד" מיט קנאַפּע צוויי יאָר שפּעטער, אין פעברואַר—מערץ 1893 [3].

"מיין באָבושקעס ראָמאַן", ווי ער איז אָנגערופן אויף יידיש [4], פיגורירט אין די ביבליאָגראַפישע באַמערקונגען פון שלום־עליכם־בוך (ז. 363). די צווייטע דערציילונג איז דאָרט נישט אָפּגעמערקט און הגם דער פּרווו איבערצוזעצן שלום־עליכמען אויף יידיש, און אפשר אפילו דער עצם געדאַנק וועגן דעם, קאָן, אָן ספק, פֿאַררעכנט ווערן צו די אויסערסט אינטערעסאַנטסטע ליטעראַטור ־ פּאַראַדאָקסן, אָדער קוריאָזן, דאָך איבערוועלטיקן דער רייץ און דער פֿאַרפירערישער געדאַנק וועגן דעם, אַלע לאָגישע ספיקות און באַוואָרענישן, וואָס זענען כלל נישט ווינציק.

שלום־עליכם, וועמענס ווערק זענען אַזוי פיל מאָל איבערזעצט געוואָרן, געהערט צו יענע מייסטער, וועלכע ס'איז דווקא נישט גרינג צו איבערזעצן, אויף וואָסער שפּראַך ס'זאָל נישט זיין, אפילו אויף רוסיש; ס'איז אים בכלל נישט לייכט צו "פֿאַרטייטשן" אויף העברעיש, נאָר אויף יידיש, איז עס אַ סך, אַ סך שווערער. וואָרעם אין דעם, מעגלעך איין און איינציקן מאָל, מוז די שטרעבונג פון איבערזעצער נישט בלויז באַגרענעצן זיך אויף דערגרייכן יענע מדרגה פון אַדעקוואַטקייט, אין וועלכער די איבערזעצונג זאָל קאָנען ביישטיין אַ קאָנפראָנטאַציע מיטן אָריגינאַל, נאָר פאַרקערט: זיין הויפּטציל מוז זיין צו דערגרייכן אַ מצב, אין וועלכן דאָס רוסיש פון מקור זאָל אַנטשפּרעכן אַלע אייגנאַרטיקייטן פונעם יידיש אין דער איבערזעצונג; מחמת דאָס יידיש איז אייגנטלעך די שאַפֿונגס־שפּראַך פון שרייבער. דאָס פאַרלאַנגט נישט בלויז אחריותדיקע, נאָר אויך שעפערישע מי, און אוודאי אויך אַ געוויסע קונסט, וועלכע איז, און איז אַלע מאָל געווען די אַרבעט פונעם איבערזעצער.

אָט די השערה באַשטעטיקן די גרונטלעגער פון דער איבערזעצונג־טראַדיציע, די ערשטע אין דער ליטעראַטור־געשיכטע "זיבעציק" איבערזעצער פון ספר־הספרים. די באַשטעטיקונג דערפון טרעפן מיר ביי דורות פון זייערע נאָכפאָלגער, די תנ"ך־איבערזעצער אויף אַלע אַנדערע לשונות, ווי אויך ביי אַלע די, וועלכע האָבן דעם מנהג איבערגעטראָגן אויף די שאַפֿונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור.

נאָר אויב די ביבל האָט געפאָדערט אַן אויסערסט געטרייע, וואָרט־וואָרטלעכע איבערזעצונג, האָט די וועלטלעכע ליטעראַטור תחילה פאַרפליכטעט אין ערשטער

ריי די שיינקייט פון שפראַך און פאָרם. דאָס האָט געבראַכט צו אַן אומבאַגרענעצט פרייער באַהאַנדלונג פון טעקסט. שוין ציצעראָ פאַרצייכנט וועגן זיינע איבערזעצונגען פון עסכינעסן און דעמאָסטענעסן, אַז ער האָט זיי אויסגעפירט „נישט ווי אַן איבערזעצער, נאָר ווי אַ רעדנער" (נאָן אוט אינטערפרעס, סעד אוט אָראַטאָר). ווי ס'ווייזט זיך אַרויס, איז סיי דעמלט סיי היינט גערעכט ווער ס'האָט פאַרגליכן די איבערזעצונג צו אַ פרוי, באַהויפטנדיק, אַז: „אַ שיינע איז נישט געטריי, און אַ געטרייע איז נישט שיין".

זייט די עלטסטע צייטן זענען אָנגעגאַנגען וויכוחים, מיינונגס־פאַרשידנהייטן און מיינונגס־אויסטוישונגען וועגן דעם פראָבלעם. עס זענען געשאַפן געוואָרן אסכולות און קעגנזעצלעכע טעאָריעס, מיטן ציל צו באַרמאָטיוויזירן די איבערזעצונגס־שיטה. נאָך אין יאָר 1635, אויף איינער פון די ערשטע זיצונגען פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע, האָט דער וויסנשאַפטלער מעזיריאַק פאָרגעלייגט זיין קריטישע אָפּהאַנדלונג „וועגן דער איבערזעצונג" [4]. די פראַגע איז אין משך פון צענדליקער יאָרן באַהאַנדלט געוואָרן אין אַ ריי לענדער, זי האָט באַשעפטיקט פאַרשידענע וויסנשאַפטלער, פאָרשער, שרייבער, קריטיקער און דיכטער [5]. ביז דער פראָפעסאָר פאַר געשיכטע אין עדינבורגער אוניווערסיטעט, א. פ. טיטלער, האָט אין זיינע „סקיצן וועגן איבערזעצונגס־מעטאָד" (1790)[6], לאַקאָניש, קלאָר, און ביז גאָר איינפאַך פאָרמולירט די דריי גרונט־פרינציפן, וועלכן מוזן פאַרפליכטן די איבערזעצונג סיי פון אַ פראַזאישן, סיי פון אַ פאָעטישן ווערק. 1. די איבערזעצונג מוז זיין אַ פולשטענדיקע און גענויע טראַנסקריפציע פונעם אינהאַלט פון דער שאַפונג; 2. דער אופן פון סטיל פון שרייבן מוז טראָגן דעם זעלבן כאַראַקטער אין דער איבערזעצונג, ווי אין אָריגינאַל; 3. די איבערזעצונג מוז טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אָריגינעלער קאָמפאָזיציע.

אָבער אַפילו ביים שטרענגען אָפּהיטן טיטלערס הויפט־רעגלען, לאָזן זיך נישט פאַרמיידן, און אוודאי נישט באַזייטיקן, די שוועריקייטן, אויף וועלכע עס שטויסט זיך אָן דער איבערזעצער אין יעדן באַזונדערן פאַל, ובפרט אין פאַל פון שלום־עליכמס אַ ווערק.

עס איז אַלע מאָל אַ גרויסע געוואַגטקייט און עס פאַרלאַנגט אַלע מאָל אַ סך מוט, אָבער עס איז אויך יעדעס מאָל פון דאָס ניי אַ וווּנדערלעכער פאַרמעסט, דאָס פרוּוון זיך אין גאַנצן אידענטיפיצירן מיט אַן אַנדערער פערזענלעכקייט, צואייגענען זיך איר געדאַנקענגאַנג, איר שעפערישע אידיי, און באַמיען זיך זיי איבערצוגעבן, גלייך זיי וואָלטן געווען אייגענע. מיר איז גוט באַקאַנט די אויסערגעוויינלעכע איבערלעבונג פון פאַרטיפן זיך איבער אַ באַליבטן ווערק פון אַ באַקאַנטן שרייבער, אָבער דאָך אַ מענטש, וואָס האָט געלעבט אין אַן אַנדערן צייט־אָפּשניט, אין אַ ביז גאָר פאַרשידענער ווירקלעכקייט; איינהערן זיך און פאַרפאָלגן דעם לויף און אויסקלאַנג פון זיין וואָרט, וואָס האָט זיך געפורעמט און אַנטוויקלט אין גאַנץ אַנדערע היסטאָרישע, עקאָנאָמישע, פאָליטישע און רעליגיעזע באַדינגונגען; וואָס איז אַנטשטאַנען אין די ראַמען פון אַ דורכויס ספעציפישער קולטור־טראַדיציע, אין לחלוטין אַנדערע לעבנסבאַדינגונגען און לעבנס־שטייגער — און נאָך אומצאָליקע וואַקלעניש און ראַנגלעניש באַשטימען דעם טרעפלעכן ריטם, זאַצבוי, סעמאַנטיק; ענדלעך באַשליסן, וועלכע פון אַ גאַנצער ריי סינאָנימען איז דער איינציק ריכטיקער, בכדי צו פאַרוואַנדלען דאָס פרעמדע, אומפאַרשטענדלעכע ווערק נישט בלויז אין אַ פאַרשטענדלעכן, נאָר אויך זאָרגן דערפאַר, אַז ער זאָל דערביי נישט באַרויבט ווערן פון זיין אייגנאַרטיקייט; אַז באַשענקענדיק עס מיט אַ נייעם קיום, זעט מען עס גלייכצייטיק נישט פאַרוואַנדלען אין אַן אויטאָמאַט, נאָר אין אַ לעבעדיק וועזן, וואָס איז געבוירן אין אַן אַטמאָספער פון נישט געצוווּנגענער מי.

דאָס אַלץ איז פֿאַל, ווען דאָס ווערק איז אַדרעסירט צו אַ ליטעראַרישן אָפּ־נעמער, ווי למשל די פּוילישע איבערזעצונג פֿון גאַנץ "טוביה דער מילכיקער" [7], פֿאַר וועלכן סיי דער מחבר, סיי זיין לשון און שאַפֿונגען, זענען אומבאַקאַנט; וועלכער געהערט צו אַן אַנדערן און פֿאַרשידענעם, דורכויס פֿרעמדן און ווייטן שפּראַך־בילדונג־ליטעראַטור און קולטור־קרייז. על אחת כמה וכמה, ווען די איבערזעצונג איז באַשטימט פֿאַר אַ לייענער, וואָס געהערט צו דער זעלבער שפּראַך־און־קולטור־ספֿערע. נאָך מער: וועלכער איז דערצויגן געוואָרן אויף די שאַפֿונגען פֿון מחבר, איז קלאָר און באַהאַוונט אין זיינע ווערק, און זיינע איינמאַליקע אויסדרוקן, ווערטלעך, שפּריכווערטער און אידיאָמען, זענען שוין לאַנג געוואָרן אַן אינטעגראַלער באַשטאַנדטייל פֿון זיין טאָג־טעגלעכן לשון.

אין ערשט־דערמאָנטן פֿאַל זענען די אויפֿגאַבן באַשטאַנען אין: 1. געפֿינען דעם אַדעקוואַטן אויסדרוקס־שיכט, נישט נאָר פֿאַר דער ליטעראַרישער שפּראַך, נאָר דער עיקר פֿאַר די בכיוונדיקע אָפּנויגונגען פֿון איר; 2. מאַכן זי קאָמוניקאַטיוו; 3. געפֿונען יענע אויסדרוק־פֿאָרם, וואָס זאָל, ביים מאַקסימאַלסטן אָפּהיטן דעם לאָגישן זין פֿון וואָרט און אינהאַלט פֿון דער איבערזעצונג; 4. געפֿינען יענעם קינסטלערישן עקוויוואַלענט, וואָס דערמעגלעכט אָנקניפּן אַ גייסטיקן קאָנטאַקט צווישן לייענער און ווערק, און העלפֿן אים שאַפֿן זיך, נישט בלויז דאָס געהעריקע בילד פֿון באַשריבענע רעאַלע זאַכן און געשעענישן, נאָר באַוועגן, אָנרעגן זיין כוח־הדמיון, כדי ער זאָל זיך קאָנען גענוי פֿאַרשטעלן די אַבסטראַקטע פּאַסירונגען און איבערלעבונגען, וואָס זענען באַשריבן אין ווערק; 5. דער הויפּטציל אָבער איז געווען — ברענגען דעם לייענער צו אַ מדרגה פֿון אַזאַ פּסיכישער אָנגאַזשירטקייט, וועלכע זאָל ביי אים אַרויסרופֿן די געוווּנטשענע עסטעטישע און עמאָציאָנעלע רעאַקציע, און ברענגען אים צו געלעכטער אָדער טרערן אין די ערטער, אין וועלכע עס וויינט און לאַכט דער, וואָס לייענט דעם אָריגינאַל.

וואָס שייך דער יידישער איבערזעצונג, איז זי אַלע מאָל זיכער מיטן הויפּט־ציל, ד.ה. מיט דער ריכטיקער עסטעטישער, פּסיכישער און עמאָציאָנעלער רעאַקציע פֿונעם לייענער. זי איז אָבער נישט אַלע מאָל זיכער, צי וועט זי קאָנען ביישטיין די קאָנפֿראָנטאַציע — ניין, נישט מיטן רוסישן אָריגינאַל, חלילה — נאָר מיטן טיף איינגעפּרעגטן אין זכרון פֿון לייענער, שלום־עליכמס ספּעציפֿישן נוסח און סטיל, וועלכע זענען אים אַזוי גוט באַקאַנט.

אָט די "סכנה" לויערט אָבער נאָר אין פֿאַל פֿון דער צווייטער דערציילונג, וועלכע טראָגט אויף זיך דעם חותם פֿון דעם שוין אויסקריסטאַליזירטן שלום־עליכם־סטיל. די ערשטע דערציילונג, דאַקעגן, איז פֿריי פֿון דעם כאַראַקטעריסטיש שלום־עליכמישן. ער האָט דאָ אָנגעוואַנדן דעם סטיל פֿון די ערשטע ראָמאַנען זיינע: "צווי שטיינער", "טייבעלע" (נאָטאַשאַ), און טיילווייז, הויפּטזעכלעך אין די נאַראַטיווע שטעלן — אין "קינדער־שפּיל". אין די דערמאָנטע פֿריע שאַפֿונגען, באַמיט זיך דער יונגער שלום־עליכם, צואייגענען זיין יידיש אַ ליטעראַרישע פֿאַראַלגעמיינערונג; אַ פּליסיקייט און זאַכלעכקייט, מיט וועלכע עס צייכענען זיך אויס די רוסישע, דער־הויפּט טורגעניעווישע, דערציילונגען.

אַזוי ווי די דערמאָנטע דערציילונגען, איז אויך "מיין באַבושקעס ראָמאַן", פֿריי פֿון דיגרעסיעס, פֿון פֿאָלקטימלעכע אויסדרוקן, פֿון דער מאָס אידיאָמען, וועלכע איז אונדז באַקאַנט אין זיינע שפּעטערדיקע יידישע שאַפֿונגען. אין פֿאַרגלייך מיט זיי, פֿעלט דאָס אינדיווידועל שלום־עליכמישע, וואָס מאַכט אים אַזוי באַליבט, פֿאַרשאַפֿט אַזוי פֿיל פֿאַרגעניגן די לייענער, און אַזוי פֿיל שוועריקייטן די איבערזעצער זיינע.

די געשיכטע פֿון זיין באַבושקעס "ראָמאַן", גיט איבער — לויטן שטייגער פֿון

מחבר — "ווארט ביי ווארט", אפילו א האר נישט געמינערט" — איר אייניקל, דער נאראטאר. ער רעדט אן ספק רוסיש, און באנוצט זיך אויך קאנטיק מיט דער שפראך, נישט נאר "אין דער ליטעראטור", נאר אויך אין זיין טאג־טעגלעכן לעבן. זיין רוסיש איז ליטעראריש, זעלטן באפארבט — לויט דער מאדע פון יענער צייט — מיט עטלעכע פרעמדווערטער. למשל: באשרייבנדיק זיין משפחה, באצייכנט ער זי צווישן אנדערע אלס: "בודזשואזנאיא סיעמיא"; וועגן דער שוועסטער זאגט ער: "מאיא עקספאנסיוונאיא סיעסטרא" [8]; אנשטאט "פארגלייך" שרייבט ער "אנאלאגיע". דער פאטער האט אין פערספעקטיוו פלענער פאר דער טאכטער; די באבושקא "קאנצענטרירט" איר אויפמערקזאמקייט אויף דער שוועסטער.

די באבושקע רעדט יידיש. שלום־עליכם איז שטרענג מקפיד אויף דער שפראך־דיפערענציאציע, און עס גיט זיך אים אויסגעצייכנט איין צו "פארײדישן" דער באבעס רוסיש, אדער גאר "פאררוסישן", איר יידיש, אין א זייער געלונגענער, כמעט ראפינירטער פארם, וועלכע זאגט עדות וועגן זיין אומבאגרענעצטער שליטה אין ביידע שפראכן.

בכדי מאכן מער צוגענגלעך דעם רוסישן לייענער זיין העלדינס לשון, האט ער אלע העברעאיזמען, וועלכע ס'איז נישט מעגלעך צום איבערזעצן, געלאזט אין זייער אריגינאל, באווארענענדיק זיי מיט די געהעריקע באמערקונגען. די יידישע "אויסטערלישקייטן" ווידער, האט ער באצייכנט, אין זייער רוסישער איבערזעצונג, מיט גענדזן־פיסלעך. נישט איבערזעצט זענען: "מיזינקע", "זיווג", "שידוכים", "ארבע־כנפות", "מזל־טוב", "שבת־אויבסט", "תנאים", "חצי־אלול", "מגילה", "טלית ותפילין", "מחילה". מיט גענדזן־פיסלעך זענען באצייכנט די פאלגנדיקע "יידישיזמען" "טאריעלאטשקא ס ניעבא" (דאס טעלערל פון הימל); "זאסיעדיעלאס" (איז פארזעסן געווארן); "פאסליע פיערוואוא ריעביאנקא" (נאכן ערשטלינג); "סקוויערני וויאטיעראק" (א שלעכטער צוג); "טשעסנים יעווריעיעם" (אן ערלעכער ייד); "אסטריע" שידוכים ("שארפע" אין זין פון בכבודיקע); "ווא וסיעך קאנצאך איזראאיליא" (בכל תפוצות ישראל); "רוקאפיס'" (כתב־יד); "אטדאט' מזל־טוב' (אפגעבן...); "מיעזשדו טשעטירמיא גלאזאמי" (אונטער פיר אויגן); "קראוואפראליטיא" (דא: שפיכת־דמים); "טוויארדי יעווריעי" (א שווערער ייד); "איסכאדיט טאטשנא סוויעטשא" (גייט אויס ווי א ליכט); "קאק צעלי יעווריעי" (ווי א פאלבער ייד); "אמאוויעניע נאגטיי" (אפגיסן נעגל־וואסער); "פאדניאט גלאזא נא 'מוזשטשינו'" (אויפהויבן די אויגן אויף א מאנסביל); "וויסמאטריעט" (אויסקלויבן זיך — א חתן); "פא זשענסקאמו ראזומו" (מיטן ווייבערישן שכל); "דיעטי או נאס 'ניע דיערזשאליס'" (קינדער האבן זיך ביי אונדז נישט געהאלטן); "נא טאם סוויעטיע" (אויף יענער וועלט); "קראסיוואיא קאק סוויעט" — (שיין ווי די וועלט); "יעשיבאט" און "כאסיד" (אן גענדזן־פיסלעך), בלייבן אין זייער פאררוסישטער פארם, אן שום באמערקונגען.

אלע נעמען זענען יידישע. די נעמען פון די אייניקלעך, וועלכע זענען אפשר רוסישע, זענען נישט געבראכט געווארן.

עס זענען געמאכט געווארן אלע אנשטרענגונגען, אז די איבערזעצונג זאל זיין א ביז גאר געטרייע. דער פארבטאן און ריטם איז חוץ קליינע אומפארמיידלעכע אויסנאמען, אנגעהאלטן לויט דער מעלאדיק פון אריגינאל. דער איינציקער אויסנאם איז, "נעבעך", וואס בעט זיך ממש אין יידישן טעקסט. ווי באוווסט, איז דער זשורנאל אדרעסירט צום רוסיש רעדנדיקן יידישן אינטעליגענט, דעריבער איז אפגעהיטן געווארן די ליטעראַרישע אויסדרוק־פארם פון נאראטאר, און די פרעמדווערטער מיט וועלכע ער באנוצט זיך זענען איבערגעגאנגען אין דער איבערזעצונג. נישט טאן דאס, וואלט געהייסן נישט זיין טריי דער כוונה פון

מחבר. און אויב אַזאַ זאַך איז נישט לעגיטים ביי יעדן איינציקן שרייבער, איז זי אין פאַל פון אַ קלאַסיקער אוודאי און אוודאי נישט דערלויבט.

דער באַבושקעס שפּראַך איז אַ גלייכמעסיקע, אַן איינגעהאַלטענע, אָן טיפּישע אָפּנויגונגען פון געוויינלעכן, קולטיווירטן רעדנס־אַרט פון אַ פרומער, גאַטס־פאָרכטיקער פרוי. זי באַנוצט אָן שום ספק העברעאיזמען, וואָרעם אין איר מצב, אַלס טאָכטער פון אַ פאַרמעגלעכער, יחסניש־למדנישער משפחה, האָט זי באַקומען אַן אָנשטענדיקע, לויט די דעמלטדיקע באַגריפן, יידישע דערציונג; זי האָט אויך, ווי זי דערציילט, געלערנט שרייבן, און מעגלעך אַז אפילו לשון־קודש.

די בולטסטע העברעאיזמען און שפּראַך־סטאַנדאַרטן קומען ביי איר צום אויסדרוק, ווען זי רעדט וועגן גאָט, וועגן די פליכטן לגבי אים, און אויך וועגן די טויטע. שלום־עליכם האָט געפונען די איינציק פאַסיקע רוסישע ״קאָעפיציענטן״, וועלכע זענען דאָ צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין יידישע טראַדיציאָנעלע און שטייגערישע שפּראַך־טראַפאַרעטן, ווי למשל: ״דאַ פּאָטשיעט דושאַ יעוואָ וו סוויעטלאָם ראַיו״, (זאָל זיין נשמה רוען אין ליכטיקן גן־עדן); ״מיר דושע יעוואָ״ (יעי) — איז אָן ספק — ״עליו השלום, עליה השלום״; אַביסל שווערער איז ״דאַ פּאָטשיעט אָן וו מיריע״ — זאָל ער רוען בשלום, וואָס איז נישט אָנגענומען אין טאָג־טעגלעכן לשון. ״רוען אין פרידן״ איז אַ בפירושער גערמאַניזם, וועלכער איז אויך פרעמד דעם יידישן רעדנסאַרט. ״דאַ פּראָסטיט אָן מניע״ — ״לאָז ער מיר דאָרט מוחל זיין״, און דער בייגעשמאַק פון פחיתת הכבוד איז דאָ ניט אומבאַרעכטיקט, וואָרעם מיט דעם אויסדרוק באַדינט זי זיך נאָר אין שייכות צום פעטער ביינוש און ר׳יואליקן, צו וועלכע זי האָט אַ נעגאַטיווע שטעלונג. ״דאַ פּראָסטיטסיאַ מניע״, וואָס וואָלט אין יידיש באַדאַרפט זיין ״זאָל מיר דאָס פאַרגעסן ווערן״, איז צו ״מאָדערן״; עס איז דעריבער איבערגעזעצט געוואָרן: ״גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן דערפאַר״, — אַ מאָל: ״פאַר די רייד״. ״דאַ בודיעט״, אָדער ״דאַ פּאָלאָזשיטסיאַ גראַניצאַ מיעזשדו זשיווימי אי מיאָרטווימי״ — איז איבערגעזעצט: ״זי (ער) זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט״; ״זאַסטופּניקאָם נאַשים דאַ בודיעט וו ניעביעסאַך״ — ״ער זאָל זיין אַ גוטער מליץ (אַ מליץ יושר) פאַר אונדז אין הימל״; אָבער: ״דאַ זאַבאַטיטסיאַ אָן אָ נאַס״ איז: ״ער זאָל זיך מיען פאַר אונדז״; ״ניע וו טאַקאָי טשאַס בוד׳ פּאָמיאַנוטאַ״ — ״נישט היינט (איצטער) געדאַכט״. ״ווספּילטשעווע״, וואָס פיגורירט אין ביידע דערציילונגען, ״בויאַן״ און ״סאַמאָדאָר״ איז פאַרבליבן אין אָריגינאַל, וואָרעם שלום־עליכם באַנוצט זיך זייער אָפט מיט די אויסדרוקן — אין זיינע ווערק.

דער באַבושעס חיתוך־הדיבור ווערט געענדערט בלויז אין דעם פאַל, ווען זי גיט איבער די ווערטער פון אַנדערע געשטאַלטן; דערהויפּט דער מוטערס ״שטעכווערטלעך״ און מלכהס רייד. די ערשטע קלינגען מיטן באַקאַנטן נוסח פון שיינע־שיינדלען, ובפרט דער מאַמע אירער, די צווייטע דערמאָנען זייער אָן חיה־עטלען, דער פריינדין פון רחל׳ן, אין ״סטעמפּעניו״. ס׳איז דעריבער קלאָר, אַז דער לייענער וועט דערקענען אין די שטעלן דעם אָפּקלאַנג פון די רייד פון שלום־עליכמס פריערדיקע און שפּעטערדיקע געשטאַלטן.

ס׳איז זייער וויכטיק צו באַמערקן, אַז די באַבושקע באַדינט זיך אָפט מיטן אויסדרוק: ״סאַטאַנאַ איסקוסיטיעל״. די ווערטלעכע איבערזעצונג דערפון איז: ״דער שטן, דער פאַרפירער, דער אונטערהעצער״. לויטן קאָנטעקסט באַנוצט זי די ווערטער אין פאַל, ווען אויף יידיש וואָלט זי געזאָגט, אָדער — ״דער שטן מקטרג״, אָדער — ״דער יצר־הרע״. די ווערטלעכע איבערזעצונג קלינגט נישט יידישלעך, און איז אויך נישט אָנגענומען ביי יידישע פרויען פון דער באַבושקעס שטאַנד. דעריבער זענען אין דער איבערזעצונג זייער זעלטן אָנצווענדן: ״דער

שטן דער פאַרפירער, אָדער — דער אונ־
טערהעצער".

דער באַבושקעס מוסר (ווי למשל: "כעס איז געגליכן ביי אונדזערע חכמים צו עבודה זרה") און אויך די ברכה און הסכמה אירע, רופן זיך זייער דייטלעך איבער מיטן נוסח פון אַ העלד, וועלכן שלום־עליכם האָט צום ערשטן מאָל אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור אין יאָר 1895. עס פעלט דאָ בלויז דער איראָניזירנדיקער הומאָר, מיט וועלכער טוביה באַגלייט זיין טאַכטער האָדל "ערגעץ אונטער די הרי חושך", און האָפט, אַז דער מאַן אירער, וועלכער איז "איינגעטאָן אין יושר פון קאָפּ ביז די פיס", "וועט כאָטש שרייבן אַ מאָל אַ בריוול דעם אַלטן טאַטן". פאַרשטייט זיך, אַז דער אינהאַלט פאַרפליכטעט, אָבער דער פאַרבטאָן און סטיליזאַציע זענען כמעט די זעלבע.

ס'איז זייער וויכטיק צו באַמערקן, אַז די כוונה פון איבערזעצן די דערציילונג איז אַ טאָפּלטע. די ערשטע, פאַרשטייט זיך, איז צו באַקענען מיט איר דעם יידישן לייענער. די צווייטע איז אָבער אַ מער קאָמפּליצירטע.

אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען (פון 28סטן יוני 1887, — זע דאָס מענדעלע־בוך, ז' 159), שרייבט מענדעלע צווישן אַנדערן "...אויב עס איז נאָך דאָ אין דעם לעבן פון אונדזער פאָלק ראָ־מאַנען, זענען זיי עפּעס גאָר אַנדערש, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער. מען מוז עס גוט פאַרשטיין און גאָר אַנדערש שרייבן". אָט די ווערטער ציטירט שלום־עליכם אין זיין בריוו, וואָס איז אויך גלייכצייטיק אַ דעדיקאַציע פאַר מענדעלע מוכר־ספרים, אין אַריינפיר צו "סטעמפעניו". ער גיט צו, אַז דעם זיידנס ווערטער זענען אים אַריין "טיף אין מוח". "...איך האָב אָנגעהויבן פאַרשטיין אויף וויפל דער יידישער ראָמאַן דאַרף זיין אַנדערש פון אַלע ראָמאַנען. מחמת דאָס יידישע לעבן בכלל און די אומשטענדן ביי וועלכע דער ייד קאָן ליב האָבן, זענען גאָר נישט גלייך, ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער. היינט, אויסער דעם האָט דאָך דאָס יידישע פאָלק זיין אייגענעם כאַראַקטער, זיין אייגענעם יידישן גייסט, מיט באַזונדערע מנהגים און רגילותן, וואָס זענען גאָר פאַרענדערט, ווי ביי אַנדערע אומות. אָט די נאַציאָנאַל־סימנים אונדזערע, וואָס בלייבן תמיד עכט יידיש, מוזן זיך אַרויסווייזן אין אַ יידישן ראָמאַן, אויב ער איז נאָר גענומען פונעם לעבן. דאָס האָב איך אָפּגעלערנט פון אייערע רייד, און דאָס האָב איך געוואָלט אַרויסזאָגן דורך דער י י ד י ש ע ר ט אָ כ ט ע ר, רחל די שיינע...".

אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער באַגריף "יידישער ראָמאַן", וועלכן שלום־עליכם האָט געשטרעבט צו רעאַליזירן אין "סטעמפעניו" און "יאָסעלע סאָלאָוויי". אָבער נאָכן באַקענען זיך מיט דער רוסישער דערציילונג, קען מען זיך דערלויבן פעסטצושטעלן, אַז די אידעע פונעם "יידישן ראָמאַן" לויטן מחברס באַגריף און צוגאַנג, איז פאַרווירקלעכט געוואָרן נישט אויף יידיש, נאָר אויף רוסיש.

אין קיין איינעם פון זיינע "יידישע ראָמאַנען" אין יידיש איז די גרונט־אידעע זיינע נישט רעאַליזירט געוואָרן אויף אַזאַ כמעט פערפעקטן אופן. אין קיין איינעם פון זיי איז זיין שעפערישער געדאַנק נישט דערפירט געוואָרן צו אַזאַ מדרגה פון קינסטלערישער און אידעאַלאָגישער פאַרווירקלעכונג, ווי אין "מיין באַבושקעס ראָמאַן", וועלכער צייכנט זיך אויס מיטן זיג פון די העלדן, וואָס ווייזט זיך אָבער גלייכצייטיק אַרויס אַלס דורכפאַל, אין לעבן און אין וועלט־באַנעם פון דער צענטראַלער פיגור.

דער באַבושקעס "ראָמאַן" איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אַ דאַנק אַ צופאַל, כמעט בדרך נס. דאָס פאַרליבטע פּאָר דערגרייכט זייער ציל אָן זייער אָנטייל, ביי אַ קאָמפּלעטער פּאַסיוויטעט פון זייער זייט. זייער ליבע האָט זיך אַנטפּלעקט און אַנטוויקלט, אויף אַ גאָר אַנדערן אופן, ווי עס פּאַסירט ביי די אומות העולם; אָבער דאָס גליק זייערס איז

פאַרווירקלעכט געוואָרן אין די ראַמען פון די טראַדיציאָנעלע אָנגענומענע מנהגים, לויטן ווילן און מיט דער הסכמה, נישט בלויז פון די עלטערן, נאָר פון דער גאַנצער משפּחה. עס איז אָבער געבויט אויפן טויט פון אַ דריטער געשטאַלט. דעריבער איז די צענטראַלע פּיגור, "די גליקלעכסטע צווישן אַלע פרויען" איבערצייגט, אַז דער מקור פון איר גליק איז אייגנטלעך גלייכצייטיק דער קוואַל פון אַלע אירע אומגליקן, און דערפאַר הערט זי נישט אויף חרטה האָבן אויף "אירע יוגנט־זינד", וועלכע זענען באַשטאַנען בלויז אין געהיימען ליב האָבן און אין פרייען זיך, ווען דער געליבטער איז געוואָרן אירער, און נישט אַן אַנדערערס מאַן.

הערות

1 אַ נישט־צענזורירטער חודש־זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, קונסט און קריטיק, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין יאַנואַר 1881סטן יאָר, אונטער דער רעדאַקציע פון א. לעוואַנדאַ, און אויפגעהערט דערשיינען אין יאָר 1906.

2 ס'איז נישט באַמערקט, אַז די שאַפונג איז איבערזעצט פון אַן אַנדערער שפּראַך.

3 אין איר בוך "My Father Scholem Aleichem", New York 1967, ווי אויך אין דער העברעישער איבערזעצונג: "אָבי שלום עליכם", ספרית הפועלים, מרחביה תל־אביב 1972, רופט די אויטאָרין, די טאָכטער פון שלום־עליכם — מאַרי וויַפע־גאָלדבערג, איר באָבע, סיי אין דער ענגלישער סיי אין דער העברעישער שפּראַך "באַבושקע". ס'איז דעריבער אָנצונעמען, אַז אויך אין יידיש דאַרף פאַרבלייבן דער אויסדרוק. אויך דאָ איז אַן אייניקל, דעם מחברס אַ טאָכטער, אַ שוועסטער פון דער, וועמען די דערציילונג איז געווידמעט, אויך זי איז דערצויגן אויף דער רוסישער שפּראַך, און די אַנאַלאָגיע איז אַזוי בולט, אַז ס'קאָן גאָר קיין שום צווייפל דערין ניט זיין. (די ווידמונג איז פאַר טוסין, דעם שרייבערס עלטסטע טאָכטער, די פרוי פון י. ד. בערקאָוויטש).

4 (Sheziviae, "De la Traduction") אין זיין עסיי וויזט אָן דער אויטאָר אויף צוויי טויזנט פעלערן, וועלכע ער האָט געפונען אין דער איבערזעצונג פון פּלוטאַרכן, וועלכע ס'האָט געמאַכט אַמיאָט (Amyot), און דאָך האָט די איבערזעצונג נישט אויפגעהערט אָנצוגיין אַלץ אַ גראַנדיעזע ווערק פון . . . דער פראַנצויזישער ליטעראַטור. קירצונגען, צוגאָבן, בייטן די אויסדרוקן, די בילדער און אפילו די געדאַנקען פונעם מחבר איז אין 17טן יאָרהונדערט געווען כמעט ווי דאָס הייליקע רעכט פון איבערזעצער.

5 די "ליטעראַליסטן" ווי בען־דזשאָנסאָן (Ben-Jonson) אָדער מאַרוועל (Marvell) (אין ענגלאַנד) זענען געווען פאַר געטרייקייט פון איבערזעצונג, אָבער די אויבערהאַנט האָבן איבער זיי באַקומען אין ענגלאַנד Champan, Harington און דערנאָך Cowley, די אָנהענגער פון פאַעטישער פרייהייט. אפילו דער באַרימטער Drydou האָט אין 1680סטן יאָר אויך זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער לעצטער שיטה. אין אַכצנטן י.ה. הויבט זיך אָן בייטן די מיינונג לטובת דער געטרייקייט. עס דערשיינט אין יאָר 1684 אין ענגלאַנד "An Essay ou Translated Verse"; לורד ראָסקאָמאָנס (Roscoumon) עס באַהאַנדלט דאָס פּראָבלעם באַטאָ (Batteux) אין זיין "Cours de belles lettres" (1750); ד'אַלעמבער (d'Alembert) אין זיין "Mälanges de litterature, d'histoire et de philosophie" (1753). ט' פראַנקלין (Tomas Franklin) שרייבט וועגן דעם פּראָבלעם זיין דידאַקטישע פּאָעמע "The Translation" (1753) — און פאַרשטייט זיך, אַז דאָ זענען דערמאָנט בלויז אַ קליינע צאָל פון די וויכטיקסטע שאַפונגען אויף דעם געביט.

6 Alexander F. Tytler, "Essay on the Principles of Translation, 1790.

7 Szolem-Alejchem, Dzieje Tewji Mleczoyo.

8 "אַ בורזשואַזע פאַמיליע", "מיין עקספּאַנסיווע שוועסטער".

# "...דאָס בין איך, שלום עליכם"

מיר פֿאַרעפֿנטלעכן דאָ צוויי בריוו פֿון שלום־עליכם; דאָס ערשטע קורצע בריוול צו זיינעם אַ יוגנט־פֿריינד אַלי, איז נאָך קיין מאָל אין ערגעץ נישט געווען געדרוקט. דאָס בריוול צייכנט זיך אויס מיט יענעם שמייכלענדיקן טאָן און שטיפּערישער שפּילעוודיקייט, מיט וועלכער אונדזער גרויסער הומאָריסט פֿלעג זיך געוויינלעך ווענדן אין די בריוו צו זיינע נאָענטע פֿריינד.

דער אָריגינאַל פֿון אָט דעם בריוו געפֿינט זיך אין דער אָפּטיילונג פֿאַר כתבי־יד פֿון ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט.

די צווייטע בריוו פֿון שלום־עליכם איז בלויז איין מאָל געדרוקט געווען אין וואַרשעווער "היינט", צומאָרגנס נאָך זיין פּטירה (מעגלעך אַז דאָס איז געווען געשריבן צום רעדאַקטאָר פֿון "היינט").

די צווייטע בריוו איז אונדז איבערגעגעבן געוואָרן פֿונעם אַרכיוו פֿון בית שלום־עליכם אין תל־אביב, פֿאַר וואָס מיר דריקן אויס אונדזער האַרציקן דאַנק דער אַדמיניסטראַציע פֿון שלום־עליכם־הויז.



**אַלי ***

אופיר! בטלן! גנב! דלפון! העגדיש! וועוריק! זאַקוציע! חזיר! טאַטער! יודלאַק! כלבוניק; לאַפּעטוטניק! מאַרודניק! נודניק! סאַוואולע! עקשן! פּיי־צדיק! קאַרמאַנטשיק! שייגעץ! תאַ... לעקער! —

אַט די אַלע נאָכן אלעף בית אויסגערעכנטע עפּיטעטען ווען עמיצער איז מיך מיט זיי מכבד אויפן ביכטערען האַרצן, וואָלט פֿאַר מיר ניט געווען אַזאַ פּאַטש אין פּנים ווי דאָס וואָס דו האָסט מיך אָנגערופען "ליטוואַק". סטייטש, איך וואָס איך פּיהר כל ימי אַ מלחמה מיט די צלם קעפּ!? דער שפּראַך וואָס זיי פּאַרפּאַסקודען. זאָל מען מיך אָנרופען צלם קאָפּ!? איך מוז דיך נאָר שלאָגען. פּשוט אָנהרגענען, אָנברעכן די ביינער. קום נור קום צופאַהרן, דו משומד מיינער! —

ערוואַרט אויך דיין גויעשע בריעף

שלום־עליכם

30.6.1911

**אַ בריוו פון שלום־עליכם ****

ווי באַוווסט, האָט זיך שלום־עליכם פאַרהאַלטן צוליב דעם מלחמה־אויסברוך אין קאָפּענהאַגען, ווו ער איז פאַרבליבן ביז דעם 19טן נאָוועמבער 1914, ווען ער איז, צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע, אַרויסגעפאָרן קיין אַמעריקע.

אין אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן אייניקע טעג פאַר זיין אָפּרייזן, שרייבט ער:

"...איך מיין, אַז איך געזעגן זיך מיט דער וועלט. או־וואַ אין אַזאַ צייט צו שטאַרבן?! דאָס טוט אַ שוטה. נאָר וואָס קען איך מאַכן? זיך מיאוס אַריינגעכאַפּט! ווי אַ מענטש, וואָס קלערט פון יענער וועלט, שמועסט מיט פּראָפּעסאָרן וועגן אָפּעראַציעס (און אין האַרצן פילט מען, אַז דער טויט איז נישט ווייט), ווילט זיך מיר זיין אַ נאַר, ד.ה. נביאות זאָגן.

צי דער קריג וועט זיך באַלד ענדיקן, צי ניין — נאַר זי, די וועלט, מיין איך, שטייט ביים איבערגעבויט ווערן: אַ נייע וועלט וועט זיין, נייע האָריזאָנטן זעען זיך אַרויס, מדינות וועלן חרוב ווערן, מדינה'לעך וועלן געבויט ווערן, פעלקער וועלן צעריסן ווערן און פעלקערלעך וועלן גענעזן ווערן. אונטער אַלע פעלקער וועט אויך אונדזער יידיש פאָלק געניסן דעם זכות — אַ נייע צייט וועט קומען אויף אונדזער פאָלק ישראל — אַ מין משיחס צייטן. אַ סך נחמה, אַ סך נחת, אַ סך תענוג און כבוד וועלן זיי דערלעבן נאָך פילע, פילע צרות. "נחמו, נחמו, עמי" וועלן אונדזערע איצטיקע פּראָפּעטעלעך זינגען. די ציוניסטן וועלן זינגען זייער ליד.

---

* אליהו באַרכאַש, אַ יוגנט־חבר, אַ פריינד פון שלום־עליכם.

** געדרוקט אין "הייַנט" (וואַרשע) דעם 17־טן מאַי 1916, צומאַרגנס נאָך שלום־עליכמס פטירה.

— און ווו וועל איך דעמאָלט זיין?

אמת, די וועלט וועט מיט מיין אַוועקגיין נישט פאַרלירן גאָרנישט. איך וועל אָבער פאַרלירן אַזוי פיל! סאַמע בעת ער, משיח, די ריכטיקע יידישע פרייהייטן, דאַרפן אָנקומען, וועל איך אפשר שוין נישט זיין. מיינע אויגן וועלן נישט זען דעם באַפרייטן, דעם אויסגעגלייכטן יידן, נו — זאָלן עס כאָטש דערלעבן אונדזערע קינדער!

נאָך אַ זאַך טוט מיר באַנג: מיין אויטאָביאָגראַפיע האָב איך נישט פאַרענדיקט און וועל שוין, דאַכט זיך, נישט פאַרענדיקן, כאָטש איך שרייב צו ביסלעך און וועגן די דאָזיקע מהומה־טעג, פון דער וועלט־מלחמה שרייב איך אויך.

איך האָב שוין לאַנג נישט געזען אַ יידיש וואָרט. אַ שטיקל טרייסט כאָטש, וואָס מיין גאַנצע פאַמיליע איז דאָ מיט מיר. און ווייסט איר, וואָס מיין קראַנקהייט איז? איך גיי־אויס פון דורשט — איך טרינק וואַסער — דער ים איז ווינציק. דאַנקן גאָט איך בין באַוואָרנט, אַז כאָטש איך בין אין אַ פרעמד לאַנד פאַרוואָרפן מיט אַ גרויסע פאַמיליע, און אָן שום מיטלען צום לעבן, פונדעסטוועגן וועל איך פון הונגער נישט שטאַרבן, ווייל איך וועל שטאַרבן פון דורשט!

גם זו לטובה! מען זאָל נישט זאָגן: — שלום־עליכם איז געשטאָרבן פון הונגער, פּע! פון דורשט — איז שענער, אָריגינעל. פון הונגער שטאַרבן אַ סך יידן, פון דורשט — נאָר איין שלום־עליכם. מאַלאַדיעץ!

דאָ, אין קאָפּענהאַגען, איז געווען אָן אויסנאַם פאַר די אָרעמע עמיגראַנטן, געוויינלעך מיט מיין אָנטייל, און עס זענען געקומען אַלע יידן פון דענעמאַרק! עס האָט געמאַכט אַ ביסל געלט אויך. און איצט מאַכט מען דאָ אַ קיך פאַר אָרעמעלייט, איך האָב געלייענט, דער עולם האָט געלאַכט, ווי געוויינלעך. נאָר קיינעם איז אויף די געדאַנקן נישט אַרויפגעקומען, אַז דער סאַמע אומגליקלעכסטער און פאַרוואָגלטסטער עמיגראַנט — דאָס בין איך שלום־עליכם.



## יודל זינרייך

### שלום־עליכם

כ׳קום זיך היילן פון מיין טרויער צום אַלטן קוואַל פון דיינע ספרים,
פאַרטרייבן פון האַרצן די קעלט,
אין די שפּיגלעך־טרערן פון דיין צעשמייכלטער גבורה
כ׳נעם דעם נעכטן פון אונדזער פאַרשאָלטענער וועלט.

אונדזערע קרום געהויקערטע הייזקעס מיט די הונגעריקע שויבן
האָבן זיך געפּיטערט ווי שאָף אין טאָל פון דיין בטחון,
איבער זיי האָבן געשוועבט דיינע שמייכלען ווי בשורות־טויבן
און אָנגעזאָגט גרינעם יום־טוב אין פאַרשמאַכטן אינדערוואָכן.

דער מאַמע יידיש האָט געפּאַסט דיין שמייכל
ווי אַ זיידן שטערנטיכל.
נאָר ווען ער איז געבליבן הענגען ווי אַ געשאָכטענע טויב
דורכגעשפּיזט פון שוואַרצן האַקנקרייץ פון מאָרד און רויב,

זענען דיינע שיר־השירימדיקע טעכטער געקומען אָנגעטאָן אין פייער,
געשפּאַנט אויף אַלע שלאַכט־וועגן פון דער וועלט
און דיין שמייכל געטראָגן אויף שטילן די ווייען,
ווען ס׳האָבן באַלזאַמען פאַר ווונדן פאַרפעלט.

האָסט אונדז געלערנט לאַכן ביים ראַנד פון קברים,
מיט לאַכן שמעלצן די אייזבערג פון אונדזערע טעג —
איז דיין קוואַל פון געלעכטער געוואָרן,
אויף אייביק אונדזער ליכטיקער פאַרמעג.

דב סדן

# די יורשים

## צו שלום־עליכמ׳ס אַ מאָטיוו

א

צווישן די דערציילערישע פּאָעמעס פון שאול טשערניכאָווסקי געפינט זיך אַ פראַגמענט ״אֵלִי״ (שירים, הוצאת שאָקען, תש״ה, ז״ז 397—405), און לויט זיין אינהאַלט און אויפבוי, לאָזט זיך אָננעמען, אַז די פּאָעמע איז געווען ברייט פאַרטראַכט, און דאָרט וואָלטן, די עפּישע פּרטים פונעם פראַגמענט, זיך איינגע־גלידערט לויט אַ נויטיקער פּראָפּאָרציע. אויף וויפל די געגעבענע פּרטים דער־לויבן אַ השערה, האָט דער דיכטער זיך מסתמא מתכוון געווען צו געבן אַ בילד פון אַ יידן אַ גיבור, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין זיין סביבה, טאָווריע, און שפּיגלט אָפּ די ווירקלעכקייט פון אַ מענטשן אָדער אַ טיפּ, ווי מיר האָבן אים אין כמה געשטאַלטן, אַ שטייגער, אין ווייסרוסישן פּאַנדרע ביי זלמן שניאור, אָדער אין אונגאַרישן יאָסעלע טעגלאַשער ביי ראובן פאהן און אביגדור המאירי. און אפשר זענען מיר זיך נישט טועה, אויב מיר דערלויבן זיך אָנצונעמען, אַז טשערניכאָווסקי האָט דאָ געוואָלט אַנידערשטעלן אַן אַנטיטעזע צום ״המתמיד״ פון ח. נ. ביאַליק, און עס איז, דוכט זיך, געגוג דורכצולייענען דעם אַריינפיר, ווו דער דיכטער ווענדט זיך צום לייענער אָדער צוהערער, וואָס איז אפשר גרייט אָפּצוװאַרפן דעם דיכטערס הנחה, וואָס די פּאָעמע קומט צו באַווייזן, דהיינו: אַז גבורה ביי יידן איז אַ ממשדיקער ענין: ״ישנם בתפוצות הגולה על שפות הדניסטר הברוכות — — / — — ישנם בכפרים נידחים בערבות צפון טבריה ישנם — — / אותם ניצוצות מקדם מפליטת הגבורה שכחנו — — / שמה יעלו יציצו לפתאום כאותו ספיח״. טייטש: עס זענען פאַראַן אין תפוצות פון גלות אויף די גע־בענטשטע ברעגעס פון דניעסטר, עס זענען פאַראַן אין פאַרוואָרפענע דערפער אין די סטעפּעס פון צפון־טאָווריע, עס זענען פאַראַן יענע פונקטן פון איבערבלייבענישן פון אונדזער פאַרגעסענער גבורה, דאָרט גייען און שפּראָצן זיי פּלוצעם אויף ווי יענער ווידערוווקס. סע דוכט זיך, אַז דער באַנוץ מיט ביאַליקס לעקסיק ביים דעפינירן דעם מתמיד און זיך אַליין, איז דאָ אַזוי בולט, אַז מיר מעגן אָננעמען, דאָס אונדזער השערה האָט אַ האָפט.

ב

אָבער מיר ווילן זיך איצט פאַרנעמען מיט אַן אַנדערער פרשה, וואָס איז דער צענטער פון דעם דערמאָנטן פראַגמענט, און כאָטש זי קומט דאָ אויפ־קלערן דעם ווזקס און כאַראַקטער פונעם גיבור, איז זי אַ טעמע פאַר זיך, נאָך מער — זי איז ווי אַן אַנטוויקל פון אַ פאָלקס־אַנעקדאָט. ווי מיר הערן, וווינט אין דעם דאָרף, וואָס האָט אויסגעכאָוועט דעם גיבור, אַ ייד אַ פיקח, יחיאל, וואָס האָט צוויי זין, וואָס מיר קענען נישט זייערע נעמען נאָר בלויז זייערע פאַמיליעס; איינער הייסט פינטשוק און דער אַנדערער ליטינסקי, און דער שינוי איז אַ סגולה פאַרן פריזיוו, און ביידע האָבן קלייטן, יעדער אין זיין הויז; די הייזער ווייטער שטייען איינס אַקעגן דעם אַנדערן, אַזוי אַז יעדער איינער פון זיי זעט, וואָס עס טוט זיך אין אַנדערנס הויז און קלייט. זיי האָבן געלעבט בשלום, ביז זייער טאַטע איז אַוועק פון דער וועלט, אָבער נאָך דעם האָט זיך דער שטן צעטאַנצט צווישן זיי. אמת, זיי האָבן גובר געווען די ירושה־סכסוכים, וואַרפנדיק גורל, און לויט אים צעטיילט צווישן זיך די מטלטלים און אפילו די פסחדיקע כלים; וועגן איין זאַך אָבער האָט זיך צעפלאַקערט אַ מחלוקה: ״היה ליחיאל זה מקום בבית המדרש ב״מזרח״ / סלע מחלוקת לבניו — ונכנסו בעבי־הקורה / ״פני״ כל הקהילה — לשווא! העלו חרס בכפם. / היה אחד הבכור — וטוען הוא: בכור וברכתו. / היה השני מתגבר: ביתו שלו נפטר אבא, / היה בחייו בביתו וגם בקבורתו הוא טיפל״. טייטש: יחיאל האָט געהאָט אַ שטאָט אין בית־מדרש, ביי דער מזרח־וואַנט. דעריבער זענען די זין מחולק געווען, און עס האָבן זיך אַריינגעלייגט די פני פון דער גאַנצער קהילה, אָבער אומזיסט; זיי האָבן גאָר־נישט געפועלט; דער איינער איז געווען דער בכור און האָט געטענהט; אַז ער איז דער בכור און אים קומט די ברכה, האָט זיך דער אַנדערער געשטאַרקט: אין זיין שטוב איז דער טאַטע נפטר געוואָרן; ער איז ביים לעבן געווען ביי אים אין שטוב און ער, דער ייִנגערער זון, האָט זיך אויך מטפל געווען מיט זיין קבורה.

יאָ, ווען די בית־מדרש־שטאָט וואָלט געווען אין דער מיט באַנק וואָלט זיך אפשר געפונען אַן אויסוועג — די שכנים פון רעכטס און לינקס וואָלטן זיך אַ קאָפּ אַ ריר געטאָן, וואָלטן ביידע ברידער געקענט זיצן צוזאַמען, אָבער וואָס קען מען מאַכן, אַז די שטאָט איז לעבן דער שטאָט פונעם רב, וואָס איז לעבן ארון קודש. אַזוי אַרום זענען די שבתים געוואָרן אַן ענין פון קאָנקורענציע צווישן די ברידער, ווייל יעדער פון זיי האָט זיך געפלייסט צו פעדערן, כדי צו פאַרכאַפּן די שטאָט, און אַזוי ווי זיי האָבן געוווינט איינער קעגן אַנדערן, איז זיי לייכט אָנגעקומען נאָכצושפּיאָנירן, בפרט אַז די קינדער זייערע האָבן זיי נאָך צוגע־האָלפן. אַמאָל איז פינטשוק פריער געקומען און אַמאָל איז ליטינסקי געקומען פריער. און אויב דער שמש, פאַליק, האָט אין איין שבת געעפנט דאָס בית־מדרש זייגער זעקס, האָט ער שוין דעם אַנדערן שבת געעפנט זייגער פינף, און די קאָנקורענציע האָט זיך אַלץ שטאַרקער צעשפּילט. און דער עולם האָט געהאָט

אַ שטענדיקע שפּילערייקע, ביז עס איז געקומען יענער שבת, איידער דער שמש איז געקומען, און ביידע ברידער האָבן זיך, אַקוראַט אין דערזעלבער צייט, צוזאַ־מענגעשטויסן, און פאַרכאַפּט די פאַרשלאָסענע טיר, ביז דער שמש איז געקומען: ״אחד משתעל משמאל ואחד מימין מתגרד... / בדחק הלז וזה בדחק, זה עולה וזה עולה כנגדו, / אוחז האחד בכנף פאַליק, אומר השני לנשלו / ממפתחותיו, צרור ברזל — והדלת אי אפשר לפתוח״. טייטש: איינער הוסט פון רעכטס און דער אַנדערער קראַצט זיך פון לינקס. דער שטופּט זיך און יענער שטופּט זיך, דער קומט אויף און יענער קומט אים אַקעגן; איינער כאַפּט אַן פאַליקס פאַלעס, נעמט זיך דער אַנדערער אויסרייסן דעם אייזערנעם בונט שליסל, און מען קען די טיר בישט עפענען. און ווען זי האָט זיך לסוף געעפנט, לאָזן זיך ביידע ראַפּטעם און נעמען פאַרכאַפּן דעם זעלבן פּלאַץ. — ״זה פונה ראשו לשמאל וזה פונה ראשו לימין / ממש אותו הנשר על גבי גושפנקה דמלכותא, / עורף מול עורף ועינים מורות כעס ואיבה״. טייטש: דער ווענדט דעם קאָפּ לינקס און יענער ווענדט דעם קאָפּ רעכטס, ממש ווי יענער אָדלער אויפן חותם פון מלכות, קאַרק קעגן קאַרק און אויגן וואָס שפּריצן כעס און שנאה.

די מחלוקה ציט זיך ווייטער און גייט איבער צו די ברידערס קינדער, די טעכטער פונעם ערשטן און די זין פונעם אַנדערן. דאָ ברענגט דער דיכטער אַ מעשה וועגן איינעם פון די קינדער, אלי [=עלי] וואָס מאַכט צום גענאַר זיין פעטער מיט דער טאָכטער זיינער — אַזוי־ווי זיי וואַרטן, עס זאָל אָנקומען איר חתן, טוט זיך אלי אָן אַ כוח און גייט אַרויס ביי נאַכט און מאַכט נאָך דעם גערו־דער פון פערד־און־וואָגן, און דער פעטער מיט דער טאָכטער זיינער לויפן גיך אַרויס און בלייבן חוזק. עס לאָזט זיך משער זיין, אַז לויט דער פאַרטראַכ־טער קאָמפּאָזיציע פון דער גאַנצער פּאָעמע, איז דער ענין פון די צוויי ברידער געווען ווי אַן אַריינפיר צו אלי׳ס פאַרשיידענע גבורה־אויפטוען, אָבער אין דעם פראַגמענט איז בלויז אַריין איין איינציקער אויפטו.

ג

אָבער קערן מיר זיך אום צו דעם געקריג און געאַמפּער פון וועגן דעם טאַטנס ירושה, וואָס קיינער פון די ברידער וויל אויף איר נישט מוותר זיין, כדי צו באַמערקן, אַז דער דיכטער האָט זיך, מעגלעך, סומך געווען אויף אַ מעשה שהיה אָדער אויף אַ מעשה ששמע, דען אויב נישט, איז קשה, פאַרוואָס האָט ער זיך באַנוגנט מיט דעם געבראָכטן עפּיזאָד, — בשעת ער האָט דעם פראַגמענט געשריבן ערגעץ אין יאָר 1921, האָט ער געמוזט וויסן, אַז **שלום־עליכם** האָט נאָך אין יאָר 1902, דעם מאָטיוו אויפגעכאַפּט און אַנטוויקלט צו אַ גאַנץ דער־ציילערישן געבוי, און אָפּגעדרוקט. עס איז זיין דערציילונג: די יורשים (קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות, באַנד 7 פון זיינע כתבים, פאַרווערטס־אויסגאַבע, ז״ז 137—154, אין העברעישן נוסח פון י. ד. **בערקאָוויטש**, כתבי שלום עליכם, תשי״ט, באַנד 5, כתריאלים, ז״ז ל״ט—נ״ד).

כאָטש מיר נעמען אָן, אַז דער לייענער קען די הומאָרעסקע, וועלן מיר פּרוּוון, צו צעגלידערן אירע הויפּטפּונקטן, כדי קלאָר צו מאַכן, ווי ווייט שלום עליכם האָט דעם מאָטיוו פֿאַרשפּיצט און אויסגעבולט. אויך דאָ האָבן מיר צוויי ברידער, אָבער בשעת ביי טשערניכאָווסקי האָבן זיי נישט קיין אייגן־נעמען נאָר, ווי געזאָגט, בלויז משפּחה־נעמען, גלייך זיי וואָלטן נישט געווען פֿון איין טאַטן (און דאָס ווילן זיי שפּילן פֿאַרן פּריזיוו, כדי יעדער זאָל קענען גילטן ווי אַ בן־יחיד), ווייסן מיר דאָ, ביי שלום עליכם, נישט זייער משפּחה־נאָמען, אָבער מיר ווייסן זייערע אייגן־נעמען: **מאיר** און **שניאור**, וואָס לאָזן זיך, ווי גראַמען, לייכט פֿאַרבייטן. און דאָס איז בלויז אַ ביישפּיל צו דער גרונטיקער פֿאַרבייט־מעגלעכקייט, — זענען זיי דאָך נישט סתם ברידער, נאָר אַ צווילינג, מיט אַ שטאַרקער, מאַקסימאַלער ענלעכקייט, — נאָר אויך אַ פֿירשפּיל צו אַ ממשדיקן פֿאַרבייט־פֿאַקטום, — מיר הערן וועגן אָן איין און איינציקן חילוק צווישן ביידע, וואָס איז אויך נישט זיכער אין זיי — מאירן, וואָס איז אַ האַלבע שעה עלטער פֿון שניאורן, און איז דער בכור, זויגט די מילך־אַרעמע מאַמע אַליין, בשעת שניאורן, וואָס איז אַ האַלבע שעה ייִנגער, און איז דער מיזינעק, זויגט אָן אַ מילך־אַרעמע זויגערין. אויך דער חילוק פֿאַרשווינדט, נאָך דעם מען האָט זיי ביידע געבאָדן אין איין באָד און אַריינגעלייגט אין איין בעט, האָט מען זיי שוין מער נישט געקענט דערקענען; בפֿרט נאָך דעם ווי דאָס לעצטע מיטל פֿון זייער אידענטיפֿיקאַציע, — לויט זייער זויג־געוווינקייט האָט נישט געהאָלפֿן; הונגעריק ווי זיי זענען געווען, האָבן ביידע געזויגן סיי פֿון דער מאַמעס סיי פֿון דער זויגערינס אָרעמע בריסטן, און מחמת יאוש האָט מען שוין אויפֿגעהערט זיי צו אונטערשיידן און מען האָט זיי גערופֿן בלשון רבים: די מאירס און די שניאורס, און אויך אין דרדקי־חדר האָט דער מלמד זיי אַזוי־ווייט פֿאַרביטן, אַז נישט וויסנדיק, וועמען פֿון זיי ביידן קומען שמיץ, פֿלעגט ער הייסן ביידע זיך אַוועקלייגן און זיי ביידע אָפּגעשמיסן. ערשט שפּעטער, נאָך בר־מצווה, ווייזט זיך אַ חילוק צווישן זיי — אין דער פֿאַרב פֿונעם שפּראָצנדיקן בערדל: ביי איינעם (שלום עליכם זאָגט: ביי מאירן) איז עס שוואַרץ, ביים אַנדערן (שלום עליכם זאָגט: ביי שניאורן) איז עס רויט. אויף דער קשיא, פֿון וואַנעט ווייסט דאָס, בעצם, שלום עליכם, וואָס טאַטע מאַמע און די גאַנצע שטאָט האָבן נישט געוווּסט, ווער עס איז מאיר און ווער עס איז שניאור, וואָלט אַ היינט־מאָדישער קריטיקער געענטפֿערט: דער מאָנאָלאָגיסט, וואָס דערציילט די מעשה, ווייסט טאָקע נישט, אָבער דער אַלץ־ווייסנדיקער מחבר ווייסט. בקיצור, די בערדלעך האָבן זיך צעוואַקסן ביז גאָר, צו זייער מזל און שלימזל. צו זייער מזל — נאָך דער חתונה וואָלטן זיי געקאָנט פֿאַרבייטן די ווייבער, און זיי זאָלן דאָס נישט שפּירן; צו זייער שלימזל — די איינציקע דיפֿערענציע שטעלט זיי אַריין אין דער מיטישער משפּחה פֿון ביז־טויט צעקריגטע ברידער. אמת, פֿון ספֿר בראשית ווייסן מיר גאָרנישט, — צי די ערשטע צוויי ברידער, קיין און הבל, האָבן געהאַט אַ פֿאַרשיידענע האָר־פֿאַרב, אָבער מיר ווייסן וועגן ערשטן צווילינג־פּאָרל, יעקב איז אַ

גלאַטער און עשו אַ רויטער, און אינטערעסאַנט נאָכצוקאָנטראָלירן, ווי ווייט מאָלערס, וואָס האָבן געמאָלן די ערשטע צוויי ברידער, האָבן קיין באַשאַנקען מיט אַ לרוב שוואַרצער, געדיכטער באָרד, און הבל געלאָזט גלאַטיק אָבער אויס־געסטראַיעט מיט לרוב בלאָנדע, שיטערע גרייזלעך.

ד

דער באַרעדעוודיקער מאָנאָלאָגיסט רעטאָרדירט דעם המשך פון דעם סיפּור־מעשה און רעזאָנירט, ווי זיין שטייגער, כדי בקיצור צו דערמאָנען דעם צוויי־לינגס טאַטן, וואָס

> געהייסן האָט ער רב שמשון, אַ ייד אַן ערלעכער, און געהאַט האָט דער רב שמעון אַ באָרד, אַ גרויסע, אַ רייכע, אַ שיינע באָרד אַ "זיקנה"! מע קאָן זאָגן, אַז ביי רב שמשונען איז געווען מער באָרד ווי פּנים; איבער דער דאָזיקער באָרד האָט מען כמעט נישט אַרויסגעזען דאָס פּנים, און דערפאַר טאַקע האָט ער אין כתרילעווקע נישט געהאַט קיין אַנדער נאָמען ווי רב שמשון באָרד.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אַלץ וואָס מיר ווייסן מיר וועגן דעם טאַטנס באָרד, בלויז נישט די פאַרב פון די האָר, און דאָס וואָלט דאָך מסתמא געווען אַ וואָזשנע אַרגומענט אין דער מחלוקה, אַז ווער ס'האָט געירשנט די פאַרב פון טאַטנס באָרד — זאָל זיצן אויף זיין שטאָט. אָבער דאָס דווקא לאָזט דער מחבר דעם מאָנאָלאָגיסטן נישט דערציילן. מאי טעמא?

ווידער נעמט דער מאָנאָלאָגיסט רעזאָנירן, כדי צוצוקומען צום עיקר — ווי די מאירס און די שניאורס, וואָס זענען ביז צום טאַטנס פּטירה, געווען נפש אחת, געוואָרן פייער מיט וואַסער, און דאָס טאַקע וועגן טאַטנס ירושה, וואָס איז נישט באַשטאַנען פון וועלדער און פעלדער, נחלאות און הייזער, וכדומה, נאָר:

> אַן אייגענע שטאָט אינעם אַלטן כתרילעווקער בית־מדרש, אויבן אָן אין מזרח, סאָמע די צווייטע שטאָט פון ר' יוזיפל דעם רב, די אַנדערע הייסט עס פונעם ארון קודש — —

משמע אַקוראַט ווי מיר האָבן עס שפּעטער אין טשערניכאָוסקיס פאָעמע־פראַג־מענט. אויך דאָ צעפלאַקערט זיך אַ מחלוקה, סיי ענלעך סיי אַנדערש מאָטיווירט:

> מאיר, פאַרשטייט איר מיך, האָט געטענהט, אַז על פּי דין קומט דעם טאַטנס שטאָט אים, וואָרעם ער איז דאָך דער עלטערער (אויף אַ גוטע האַלבע שעה!). און שניאור האָט געטענהט צוויי טענות מיט אַמאָל: ערשטנס, ווייסט מען ניט, ווער איז פון זיי דער עלטערער, וואָרום וועדליק די מאַמע דערציילט, אַז מען האָט זיי קינדווייז פאַרביטן, קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז ער, שניאור הייסט עס, איז מאיר, און מאיר איז שניאור. והשנית, האָט מאיר אַ שווער אַ נגיד, וואָס האָט אויך אַן אייגענע שטאָט אינעם בית־המדרש, און קיין זון האָט ער נישט, וועט דאָך די שטאָט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אם ירצה השם, אַריבערגיין צו מאירן, וועט אויסקומען,

> אַז מאיר וועט האָבן צוויי שטעט אין מזרח־וואַנט, און שניאור — אפילו אַ האַלבע נישט! פרעגט זיך אַ קשיא: ווו איז יושר? ווו איז מענטש־לעכקייט?

ה

דאַ מישט זיך אָבער אַריין מאירס שוועד מיט אַ תרעומת אויף שניאור — ראשית, ער, דער שווער, איז נאָך קיין פערציק יאָר נישט אַלט, און יענער רעדט שוין וועגן זיין פּטירה; ושנית, פון וואַנען ווייסט מען דאָס, אַז זיין ווייב וועט אים קיין מאָל נישט געבוירן קיין בן־זכר, און אפילו בנים זכרים. דער אַריינמיש פֿאַר־שטעלט אונדז אַ טיפערן מיין, וואָס שטעקט מסתמא אין שניאורס טענה — ראַ־ציאָנאַליזירט ער דאָך די טענה פון ייִנגערן ברודער קעגן דעם, טאַקע בלויז אַ האַלבע שעה עלטערן, אָבער פּאָרט עלטערן ברודער, דעם פּטר רחם, דעם בכור, וואָס עס קומען אים צוויי חלקים אין דער ירושה. דער אַריינמיש פונעם שווער פֿאַרשטעלט די דאָזיקע אַסאָציאַציע, וואָס וויברירט צווישן די שורות, בפרט אַז נאָך דעם אַריינמיש קומט אַן אַנדערער, אַ ברייטערער — דער עולם לייגט זיך אַריין אין שלום, אָבער די ברידער גייען נישט איין —

> ס'איז געגאַנגען אינעם עקשנות, אינעם צו־להכעיס: פֿאַרוואָס זאָל אַ ברודער זיין אַזאַ איינגעשפּאַרטע זאַך און נישט צולאָזן דעם צווייטן ברודער? און פֿאַרוואָס זאָלסטו זיצן אויפֿן טאַטנס אָרט און איך ניט? עס איז זיי שוין ניט געגאַנגען אַזוי אין זיך, ווי אין יענעם, איינער האָט נישט פֿאַרגונען דעם אַנדערן, ווי זאָגט מען גאָר: **גם לי גם לך — נישט מיר, נישט דיר.** און די מאירס מיט די שניאורס האָבן גענומען קריגן זיך און טאָן איינער דעם אַנדערן אויף צו־להכעיס. אַ קלייניקייט — נצחון?

אגב, האָבן מיר דאַ אַ קליינעם שיעור צו פֿאַרשטיין דעם אַפּאַראַט פון דעם פּסוקים־באַנוץ, בעיקר ביי שלום־עליכמס מאָנאָלאָגיסטן. די ווערטער: **גם לי גם לך** זענען פּאָזיטיוו, און זייער פֿאַרטייטש איז נעגאַטיוו: **נישט מיר נישט דיר,** און דאָס ווערט דאַ אָנידערגעשטעלט ווי אַ כלל־זאַג, אָבער סיי דער מאָנאָלאָגיסט סיי זיינע צוהערער ווייסן, אַז דער מקור פון פּסוק גייט פון משפּט־שלמה, ווו מיר האָבן צו טאָן מיט אַ קריגעריי פון צוויי ווייבער, און ווו די פֿאַלשע מאַמע רופט אויס וועגן לעבעדיק געבליבענעם קינד: **גם לי גם לך לא יהיה,** טייטש: אויך נישט מיר אויך נישט דיר זאָל עס זיין [=געהערן]. דער קיצור פון מקור שטעלט אים אַנידער ווי אַ סתירה צום פֿאַרטייטש, שאַפֿט אָבער בכוח דער קוואַנטיטישער גלייכקייט, אַן אילוזיע פון אויסגעגליכנקייט, איינער פון יענע אילו־זיע־אופנים, מיט וועלכע עס צייכנט זיך בעיקר אויס טוביה דער מילכיקער ביי זיינע פּסוקים־מאַניפּולאַציעס.

נאָך עפּעס; דאָס וואָרט וואָס פֿאַרענדיקט די טיראַדע: **נצחון** דאַרף מען נישט פֿאַרשטיין לויט זיין אָפּטן באַנוץ, וואָס מיינט: זיגן, בייקומען, גובר זיין,

נאָר לויט זיין זעלטענערן באַנוץ, וואָס מיינט: זיך קריגן, אַמפּערן, ויכוחן, דיס־פּוטירן ("ספר הנצחון").

ו

איצט הייבט זיך אָן די פּרשה פון דער שבתים־קאָנקורענציע, כמעט ווי עס ברענגט שפּעטער טשערניכאָווסקי — שלום עליכם לאָזט די ברידער, אין אָן אויפ־שטייגנדיקער גראַדאַציע, פינף שבתים דורכאַנאַנד מלחמה האַלטן וועגן טאַטנס שטאָט און האַקט אָפּ מיט דריי פּינטעלעך, ווי איינער זאָגט: אַז די גראַדאַציע איז געגאַנגען נאָך ווייטער און דער לייענער דאַרף זי זיך צופאַנטאַזירן, ביז עס קומט אַ יום המיוחס:

אַזוי לאַנג האָבן זיך די מאירס און די שניאורס געפּעדערט, ביז זיי זענען איין מאָל אין אַ שיינעם שבת הגדול געקומען צו גיין ביידע אין איין צייט, ס'איז נאָך ניט געווען רעכט ליכטיק אין דרויסן, און האָבן זיך אַוועקגע־שטעלט ביידע ביי דער טיר פונעם בית־מדרש (דאָס בית־מדרש איז נאָך געוועזן צו) און מען האָט גענומען קוקן אָן ווערטער, נאָר מלא גזלן איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי די הענער, וואָס זענען גרייט איינס דאָס אַנדערע אין פּנים אַריין און ,אויספּיקן די אויגן... אַזוי, דאַרפן מיר רעכענען זענען אַ מאָל געשטאַנען די ערשטע צוויי ברידער, די ערשטע צוויי שונאים אויף דער וועלט, קין און הבל, איינע אַליין אין פעלד, אונטער גאָטס הימל, מלא רציחה, גרייט אויף צו דורס זיין, אויפפרעסן איינס דאָס אַנדערע, פאַרגיסן אומשולדיק בלוט...

אין פּלוג איז דער איבערשפּרונג פון אַ טאָג־טעגלעכן פאַרגלייך — צוויי צעקריגטע הינער אין ערשטן־בעסטן הויף, צו דעם בראשית־פאַרגלייך — קין און הבל, אַ פּלוצימדיקער, אָבער בעצם, ווי מיר האָבן שוין מרמז געווען, זענען מיר גרייט דערצו, נייערט דער צד השווה באַשטאַרקט די פּיינטלעכע פּאָזיטור — פּנים אל פּנים, און דער מאַנאַלאָגיסט, ווייזט אויס, נאָך אַ קליינער הפסקה, קערט זיך אום דערצו:

האָבן מיר, הייסט דאָס, איבערגעלאָזט די מאירס מיט די שניאורס ביי דער שול שבת אין דער פרי שטיין איינס אַקעגן דאָס אַנדערע אָנגעדרודלט, ווי די הענער, און גרייט אָדער אָנכאַפּן זיך ביי די בערד, אָדער אַריינ־פאָרן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין...

דאָס בילד איז עפּעס מיטיגירט — פריער: אויספּיקן די אויגן — און סוף עס קומט נישט דערצו — סוף־סוף לייטישע קינדער.

חלילה נישט קיין הפקר־יינגלעך, וואָס זאָלן אָנפאַלן איינער דאָס אַנדערע, אַזוי ווי די גויים, להבדל.

ווידער אַמאָל מיטיגירט — פריער: קין און הבל, — אָבער מיר וועלן גאָר באַלד נישט זיין ווייט דערפון. זיי לאָזן טאַקע דעם שמש עפענען די טיר, אָבער

קוים טוט ער דאָס, לאָזן זיי זיך, צעטרעטנדיק אים, מיט אימפעט אין שול אַריין און פאַרכאַפּן ביידע דעם טאַטנס שטאָט —

און פון גרויס שפּאַרעניש זענען זיי אַרויף איינס אויף דאָס אַנדערע — —
און די צוויי ברידער פון איין טאַטע־מאַמע זענען אַזוי ווייט אַריין אין
דער רציחה, אַז ביי איינעם אין האַנט איז געווען אַ זשמיט מיט שוואַרצע
האָר (פון שניאורס באָרד) און ביים צווייטן אין האַנט איז געווען אַ זשמיט
פון רויטע האָר (פון מאירס באָרד), און אויך פלעקן האָבן זיך באַוויזן ביי זיי
אויף די פנימער, און ביי איינעם פון זיי האָט זיך געטאָן אַ לאָז בלוט פון
דער נאָז.

דער עמער וואַסער, וואָס דער שמש איז זיי מכבד, וועקט זיי אויף —
האָבן זיי אַ קוק געטאָן איינס דאָס אַנדערע אין די אויגן אַריין און האָבן
זיך פאַרשעמט, ווי אדם מיט חוהן בשעת זיי האָבן פאַרזוכט פונעם עץ
הדעת און דערזען, אַז זיי זענען נאַקעט.

פון די ערשטע צוויי ברידער קערן מיר צוריק צו זייערע טאַטע־מאַמע, די ערשטע מענטשן. און מיר האָבן ווידער אַ מאָל די זעלבע פּאָזיטור, פון פנים אל פנים — אגב, דער שמש פאַרבייט דאָס בילד פון צוויי העגער און זאָגט זיי, אַז זיי שטייען ווי די צאַפּעס, גלייך ער פאַרבעט אונדז צום משל וועגן די צוויי בעק, וואָס שטייען זיך אַנטקעגן, באָרד קעגן באָרד, האָרן קעגן האָרן און דאָס אויף אַ שמאָלער בריק איבער אַ שטורמישן טייך. מיר שטרייכן אונטער דעם אַנטקעגנשטעל פון פנים אל פנים — צוויי העגער, צוויי צאַפּעס, קין און הבל, אדם און חוה — ווייל מחמת דער פאַרקערטער פּאָזיטור ביי טשערניכאָווסקי — גב אל גב, און דער פאַרגלייך זענען צוויי אָדלערס ווי מיר האָבן אים אויף אימ־פּעריאַלע עמבלעמען (רוסלאַנד, עסטרייך) און רופט זיך טאָפּל־אָדלער, Doppelaar, און סימבאָליזירט די גרייטקייט צו פאַרטיידיקן די אימפּעריע פאַר די שונאים פון מזרח און פון מערב, אָבער די פּאַעמע זעט זיי ווי צוויי צעקריגטע עופות.

און טשערניכאָווסקיס אויסטייטש פונעם טאָפּל־אָדלער־בילד איז נישט קיין חידוש — מיר האָבן אים נאָך ביי אייזיק מאיר דיק, וואָס דערציילט וועגן אַ צעאַמפּערט פּאַרפאָלק, וואָס גייען זיך גטן נאָך דעם ווי דער מאַן זאָגט איר וואָס ער זאָגט:

האָט ער זיך אָפּגעווענדט פון איר און איז געבליבען שטום אונ שטיל, אונ
אַזויא אויך זיא ביז זייא זענען גיקומען צו דער וואוינונג פון דעם נאָטאַ־
ריוס, אונ זיינען אַריין צו אים אין שטוב, צוואַר האַלטענדיק זיך פאַר די
הענד, נאָך דער נייע מאָדע, דאָך איהרע געזיכטער וואַרין אָפּ געווענדט
איינס פון דעם אַנדערין, דאָס זיא האָבין אויס גיזעהן וויא איין אָדלער
מיט צווייא קעפּ, אונ דער צו נאָך מיט פאַר זויערטע מינעס, דאָס זייערע
פערוואַנדטע האָבין באַלד דערקענט, דאָס זייא זיינען עפּעס צו קאַרסקעט
צווישן זיך („איין נייע מאָדישער שידוך", ווילנע תרכ"ט, ז. 16).

און אין אַן אַנדערער, פרייער דערציילונג, טרעפן מיר ביי דיקן אַזאַ מין באַשרייב פון אַ פרידלעכן פּאָרפּאָלק:

זייא ביידע האָבין טאָקע געפּאָרט איינער פאַר דעם אַנדערין, ער איזט געוועזן אַהויכער אַקרומער רוקען גיבויגען רעכטס אונד זיא וואָר אויך אַהויכע געבויגען לינקס — — זיא האָט גיהאַט אַ בעלעס [=בעלעם] אויף דיא רעכטע אויג אונד ער אויף דיא לינקע אויג — — אַז זייא פלעגין גיין צו זאַמין האָבין זיי אויס גוויזין וויא איין אָדלער מיט צוויי קעפּ („שמאיע דער גוט יום טוב ביטער", וואַרשע 1860, ז"ז 16—17).

ז

אָבער צוריק צו שלום-עליכם — מיר האָבן די צוויי ברידער איבערגעלאָזט אין סאַמע קלימאַקס — פאַרשעמט פון זייער נאַקעטקייט, און דאָ איז כדאי צו געדענקען, אַז אויפן פּסוק: ותפקחנה עיני שניהם וידעו כי עירומים הם, טייטש: און עס האָבן זיך געעפנט ביידנס אויגן און זיי האָבן געוווּסט אַז זיי זענען נאַקעט, זאָגט רש"י, אַז דער פּסוק מיינט נישט דאָס זעען נאָר די חכמה, און ברענגט דעם מדרש: אפילו אַ בלינדער ווייסט, אַז ער איז נאַקעט, נאָר וואָס מיינט, אַז זיי האָבן געוווּסט, דאָס זיי זענען נאַקעט — זיי האָבן געהאַט איין מצוה און האָבן זיך פון איר אויסגעטאָן. איז דאָך לגבי אונדזערע צוויי פּיינטלעכע ברידער אַ קל וחומר — פון וויפל מיצוות האָט זיי די שנאה זייערע אויסגעטאָן! דאָ, בעצם, שטעקט דער טעם, וואָס זיי באַשליסן זיך צו ווענדן צום רבֿ, ר' יוזיפל, אַ געשטאַלט, וואָס שלום עליכם ווערט נישט מיד זי אויסצוליובן, און ער טוט עס אויך איצט דורך אונדזער מאַנאַלאָגיסט אויף מער ווי אַ גאַנץ זייטל, איידער ער קומט צו דער עצם פּראָצעדור — טענות פון די צדדים, עדות פונעם שמש און פון סתם בעלי־בתּים, ביז מיר הערן דעם רבֿ'ס קלוגע רייד און זיין פּסק, אַפּצוטרעטן זיין אייגענע שטאָט, אַז ביידע ברידער זאָלן קענען זיצן איינער לעבן אַנדערן אין מזרח־וואַנט, און זיין משל וועגן די צוויי קנעכט וואָס זענען געקומען צום מלך בעטן אַ טובה

פלוצעם האָבן זיך די קנעכט צעאַמפּערט צווישן זיך און זענען פאַרן מלך אין די אויגן אַריינגעפאַלן איינער דעם אַנדערן אין די בערד אַריין און האָבן גאָר פאַרגעסן, צוליב וואָס זיי זענען געקומען און פאַר וועמען זיי שטייען; האָט זיי דער מלך מסתמא גוט מכבד געווען און האָט באַפוילן, מען זאָל זיי מחילה אַרויספירן: ממה נפשך, איר ווילט זיך רייסן ביי די בערד, גייט אייך געזונטערהייט אין דרויסן אַרויס און רייסט אייך דאָרטן, וויפל אייער האַרץ גלוסט! וואָס האָט איר צו קריכן צום קייזער אין פּאַלאַץ אַריין, אַז איר ווייסט נישט, ווי אַזוי צו האַלטן זיך?... דאָס איז דער משל, און דער נמשל זענט איר — — —

דער פּועל יוצא פונעם פּסק־דין איז, אַז די ברידער האָבן זיך, אין קומענ־דיקן שבת, געשטעלט דאַווענען ביי דער טיר, און האָבן, בשום אופן, נישט נאָכ־

געגעבן די תחנונים פון דעם רב און דעם שמש, זיי זאָלן זיך זעצן אין מזרח־זייט, און ביידע שטעט, סיי זייער טאַטנס סיי דעם רבס, זענען געבליבן ליידיק. ווייזט אויס, אַז די אמתע פאַרשעמונג מחמת זייער נאַקעטקייט האָבן די צוויי ברידער דערפילט, הערנדיק ד׳ יוזפלס פסק דין און זיין משל מיט די צוויי צעקריגטע קנעכט, וואָס רייסן זיך אין האַרס פאַלאַץ פאַר די בערד, דען ערשט איצט האָבן זיי זיך דערמאָנט אַז חוץ זייער טאַטן אין דער ערד און דער ירושה זיינער אויף דער ערד, איז נאָך דאָ אַ טאַטע אין הימל.

ביי טשערניכאָווסקי פעלט אַזאַ עפּילאָג, אדרבה די מחלוקה גייט פון די צוויי יורשים איבער צו זייערע יורשים, צו די זין, צו די אייניקלעך, און מעג־לעך, אַז זי פאַרענדיקט זיך מיט אַ חתונה פון ביידע צדדים, און מעגלעך אַז נישט.

## ח

דעם עצם מאָטיוו אונדזערן — אַ ברידער־געקריג וועגן אַ ירושה, וואָס איז אַ דבר של קדושה — געפינען מיר אין כלערליי משפּחה־ און קהילה־מסו־רות, צומאָל ענדיקט זיך די מחלוקה נישט און ציט זיך דורות — ווי מיר האָבן עס ביי טשערניכאָווסקי, אַ מאָל ענדיקט עס זיך מכוח אַ פּסק־דין, ווי מיר האָבן עס ביי שלום־עליכם. אַ דוגמה פאַרן ערשטן פאַל קען איך ברענגען פון אונדזער משפחה — אין איר אָפּצווייג אין סוקול (סאָקאָל) איז געגאַנגען צו געקריג וועגן אַ ירושה־ספר, ספר־תורה, בעיקר ביי ווען אין שטוב דאַרף מען עס לייענען שמחת תורה, און פאַר דעם געלט, וואָס די מחלוקה האָט אָפּגעקאָסט, האָט מען געקאָנט לאָזן שרייבן עטלעכע ספרים, און זיי פאַרטיילן צווישן די צעקריגטע, און סוף־סוף איז דאָך אויף יעדן ספר תורה חל: תורה ציווה לנו משה מורשה קהילת יעקב, אָבער אַז מען האָט זיי דאָס פּירגעהאַלטן, האָבן זיי צוריקגעוועגדט: יאָ, משה רבנוס ספר, אָבער נישט דעם זיידנס ספר. אַ דוגמה פאַרן אַנדערן פאַל האָבן מיר אין יצחק **יאַנאַסאָוויטשס** דערמאָנונג ״צוויי ירושות״, (געדרוקט עט־לעכע מאָל, אַ שטייגער ״דער אידישער זשורנאַל״ 28 מאַרס 1961, ״אונזער וואָרט״ 8 נאָוועמבער 1975) — אַ מעשה שהיה מיט צוויי ברידער גויים וואָס האָבן זיך געקריגט וועגן אַ שטיקל מאָגער פעלד און ווידער אַ מעשה מיט צוויי ברידער יידן וואָס האָבן זיך געקריגט וועגן אַ משניות, זייער טאַטנס ירושה.

וואָס שייך די צוויי ברידער גויים, איינער אַ קאָוואַל איינער אַ רימער, האָבן זיי אַ יעדן זונטיק מחדש געווען זייערע געשלעגן, ביז די שכנים זייערע, האָבן זיי געשיידט, און די ברידער האָבן דאָס געשלעג אָפּגעלייגט ביזן קומענדיקן זונטיק, און אַלץ האָט זיך אויף ס׳ניי איבערגעחזרט, וואָס שייך די יידישע שכנים

איז זיי די זאַך געווען נישט־ניחא, ס׳איז טאַקע בעסער געווען, אַ ״זיי״ האָבן געהאַט מיט זיך צו טאָן און דערווייל פאַרגעסן אין אונדז. אָבער ביי גויישע געשלעגן ווייסט מען נאָר, ווי זיי הייבן זיך אָן, מען ווייסט אָבער

נישט, ווי זיי וועלן זיך ענדיקן. די דורותדיקע יידישע געפּרוווטקייט האָט אונדז שוין אויסגעלערנט, אַז מען דאַרף אויסמיידן עשון, אפילו ווען ער ווערט אין כעס אויף זיין אייגענעם ברודער.

דער פּאָר טאָקע האָט דעם דערציילערס פאָטער אייגגעטענהט מיט די גויישע שכנים אַז זיי זאָלן שלום מאַכן צווישן די ברידער, אָבער זיי האָבן געענטפערט, אַז דאָס איז, בעצם, נישט מעגלעך.

טיילן דאָס פעלד קען מען נישט. וועלן, אַז איין ברודער זאָל שענקען זיין חלק דעם אַנדערן ברודער, קען מען אוודאי נישט. איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה ווי זיך צו שלאָגן. אָבער יעדער פון די גויישע שכנים האָט ביי זיך געוווּסט, אַז ווען ער זאָל זיין אויף די ברידערס אָרט, וואָלט ער אויך זיך געפירט נישט אַנדערש. זיי האָבן אפילו געהאַט אַ ווערטל דערויף: אַז דער טאַטע שטאַרבט ווערט געבוירן אַ טייוול.

דער סוף פון דער מעשה איז, אַז די ברידער האָבן אַ פרעמדן גוי פאַרקויפט דאָס פעלד, כדי זיך מיטן געלט צו טיילן. עס איז אָבער דערצו נישט געקומען, ווייל ווען זיי זענען נאָכן פאַרקויף אַריין אין שענק, די טראַנזאַקציע צו באַגיסן, האָבן זיי אַזוי געשיכורט, ביז מען האָט ביי זיי דאָס גאַנצע געלט צוגעגנבעט און איצט האָט זיך די שנאה צווישן זיי ווידער צעפלאַקערט, און זיי האָבן ווידער אַ יעדן זונטיק און חגא באַנייט די געשלעגן, מיטן חילוק, אַז פון איצט אָן האָבן אין זיי אויך אָנטייל גענומען זייערע דער ווייל אויסגעוואַקסענע קינדער — אַ כאַפּטע געזונטע שקצים.

וואָס שייך ווייטער דער מעשה מיט די צוויי ברידער יידן, איז זי אַ קירצערע — אַ ייד, קאַפּל, האָט זיינע צוויי זין, וואָס האָבן קוים געקענט עברי, און נישט געוועזן מסוגל צו לערנען, פאַרירשנט אַ גאַנג משניות, אָבער ביידע האָבן געוואָלט האָבן ביי זיך דעם טאַטנס ירושה, און נישט געוואָלט אייגער דעם אַנדערן אָפּטרעטן. האָבן זיך קלוגע לייט אַריינגעלייגט און געראָטן

זאָל איין מאָל איין ברודער נעמען אַ העלפט משניותן און דער צווייטער ברודער — די אַנדערע העלפט. ס'איז אַ גוטע עצה, נאָר זי האָט נישט געטויגט, וואָרים די משניותן זענען שוין בישט געוועזן ביי און זיי זענען שוין געוועזן איבערגעבונדן אין דריי ספרים. נו, קען מען טיילן דריי ספרים ?

נאָך דעם נוסח שלום-עליכם און טשערניכאָווסקי וועגן צוויי ברידער יידן און דעם טאַטנס שטאָט און נוסח יאַנאָסאָוויטש וועגן צוויי ברידער גויים און דעם טאַטנס מאָרג פעלד, זענען מיר גרייט צו געשלעגן, אויך לגבי דעם נוסח וועגן צוויי ברידער און טאַטנס משניות, אָבער די אויטענטישע דערמאָנונג גייט דאָ אַנדערש :

ביי יידן שלאָגט מען זיך נישט, אָבער קריגן קריגט מען זיך ביי יידן אויך. און אַז מען קריגט זיך, זאָגט די וועלט אַ ווערטל, קושט מען זיך נישט. איז טאָקע געוועזן אַ בזיון פאַר לייטן, צוויי לייבלעכע ברידער און

זאָלן זיך אַזוי אַרויסשטעלן צו שאַנד און צו שפּאָט.

מע שלאָגט זיך טאַקע נישט, ווי ביי שלום־עליכם, ביז בלוט, דער אָביעקט — נישט קיין שטאָט אין שול נאָר דריי בענד משניות לאָזט עס אויך נישט צו — אָבער דער אויסוועג איז דער זעלבער — מען גייט צום רב, שטעלט זיך אַרויס, אַז עס איז קיין אויסוועג נישט:

דער רב האָט אַ וועלט מיט ספרים און די ספרים זאָגן, ווי ס׳איז דער דין. וואָס זאָל מען אָבער טאָן, אַז ביידע ברידער זענען אַ צווילינג און ס׳איז נישטאָ קיין עלטערער און ייִנגערער? אין אַזאַ פאַל ווייסן די ספרים אויך נישט, ווי מען זאָל פּסקענען.

די עצה צו מאַכן אַ פּשרה — אָפּשאַצן די משניותן און איינער זאָל דעם אַנדערן אויסצאָלן זיין חלק — דאָס האָט אויך נישט געטויגט, ווייל זיי זענען ביידע געווען ביטערע אָרעמע לייט. לא כל שכן די עצה צו פאַרקויפן די משניותן און זיך טיילן מיטן געלט, דען ווי אַרום פאַרקויפט מען דעם טאַטנס ירושה. איז ווייטער אָנגעגאַנגען דאָס קריגעריי מיטן אָנטייל פון די ווייבער, ביז דער רב האָט זיי גערופן און געפּסקנט, זיי זאָלן די משניותן אָוועקגעבן אין בית־מדרש אַריין, כדי יידן זאָלן אין זיי לערנען. וכך הווה. די ברידער האָבן זייט דעמלט געלעבט באהבה ובשלום, און אונדזער דערציילונג ענדיקט זיך מיט אַ שמועס צווישן זיי:

— ווייסט, יעקב משה, דעם רבס איידעם האָט הייַנט געלערנט אין טאַטנס משניות.

דערויף האָט דער צווייטער געענטפערט מיט אַ גלותדיקן ייִדישן זיפץ:

— וואָדען? אין טאַטנס משניותן לערנען, ברוך השם, די גרעסטע לומדים אין שטאָט.



**יצחק אייזנבערג**

# בית שלום־עליכם

## אינסטיטוט פאַר יידישער קולטור־פאָרשונג

דער גרונטשטיין צום "בית שלום־עליכם" איז געלייגט געוואָרן דעם 27סטן אַפּריל 1964 (ט"ז אייר תשכ"ד) און אין צוויי יאָר שפּעטער, מאָנטיק, דעם 15טן מאַי 1966 ־כ"ה אייר תשכ"ו) איז פאָרגעקומען זיין פייערלעכע דערעפענונג

"דאָס שלום־עליכם הויז — איז די נחלה פונעם גאַנצן יידישן פאָלק", האָט געזאָגט זלמן שזר אין זיין רעדע אויפן חנוכת־הבית און י. ד. בערקאָוויטש האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן קורץ און טרעפלעך פאָרמולירט די הויפּט־אויפגאַבן פונעם שלום־עליכם־הויז. פרוי תמרה כהנא האָט דאַן פון אַמעריקע אַהער געבראַכט שלום־עליכמס אַרכיוון.

פון דאַן ביז איצט זענען דורך כמעט צען יאָר צייט און עס איז שוין דערייבער כדאי אינפאָרמירן אונדזער עפנטלעכקייט, וועגן דער אַרבעט פון "בית שלום־עליכם", זיינע דערגרייכונגען און פּלענער אויף דער נאָענטער צוקונפט.

**פינף ריכטונגען**

דער דירעקטאָר פון "בית שלום־עליכם" אברהם ליס, וועלכער איז טעטיק ביי זיין אַרבעט אַלע צען יאָר, גיט איבער אַ ריי אינטערעסאַנטע פּרטים און שטרייכט אונטער, אַז די אַרבעט ווערט פאַקטיש געפירט אין פינף ריכטונגען:

1) קאָנצענטרירן אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו שלום־עליכמס לעבן און שעפערישקייט.

2) באַרייכערן די שטודיום־ביבליאָטעק.

3) קולטור־אימפּרעזעס אין אוידיטאָריום.

4) קונסט־גאַלעריע.

5) פּובליקאַציעס.

וואָס שייך דעם אַרכיוו פון אונדזער גרויסן פאָלקס־שרייבער — זענען שוין איינגעזאַמלט ביז היינטיקן טאָג ביי די פיר טויזנט בריוו געשריבן דורך שלום־עליכם און דריי טויזנט בריוו געשריבענע צו אים דורך פאַרשידענע פּערזענלעכקייטן ווי אויך ביי דרייצן טויזנט בריוו געשריבענע דורך י. ד. בערקאָוויטש און צו אים. שלום־עליכם האָט געשריבן די בריוו זיינע אין יידיש, רוסיש און העברעיש.

עס זענען דאָ פאַראַן 162 פאַרשידענע מאַנוסקריפּטן פון שלום־עליכם און אַ באַדייטנדיקע צאָל פון זיי איז נאָך פאָרלויפיק נישט דערשינען אין בוך־פאָרם. אין יידיש זענען ביז איצט דערשינען 28 ביכער פון שלום־עליכם און אין העברעיש — (בערקאָוויטשעס איבערזעצונג) ביי צוויי דריטל דערפון. אברהם ליס זאָגט מיר, אַז לויט זיין אָפּשאַצונג איז דאָ נאָך פאַראַן מאַטעריאַל פון שלום־עליכמס שאַפונגען (ראָמאַנען, דראַמעס, הומאָרעסקעס, פעליעטאָנען, סאַטירעס, אַרטיקלען א.א.וו.), כדי פאַרפילן נייע צען בענדער.

אין גיכן וועלן דערשיינען אין יידיש נייע צוויי ביכער פון שלום־עליכם: איינער — וואָס וועט אַנטהאַלטן נאָך ביז איצט נישט פאַרעפנטלעכטע בריוו פון מנחם־מענדל צו שיינע־שיינדלען און דער צווייטער אַ בוך דערציילונגען און פעליעטאָנען.

אין "מוסד ביאליק" איז לעצטנס דערשינען אַ בוך פון פיר הונדערט זייטן — 36 שאַפונגען, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן אין העברעיש. די דאָזיקע אויסגאַבע איז צוגעגרייט געוואָרן צום דרוק דורך פּראָפ' חנא שמערוק.

קיין שום יידישער שרייבער איז נישט איבערזעצט געוואָרן אויף אַזוי פיל לשו־

נות ווי שלום־עליכם. ער איז איבער־
זעצט געוואָרן אויף 42 שפּראַכן. חוץ
אויף אַלע אייראָפּעישע שפּראַכן איז
שלום עליכם אויך איבערזעצט געוואָרן
אויף כינעזיש, יאַפּאַניש, פּערסיש, אַראַ־
ביש, אוזבעקיש און אין זייער פּיל
שפּראַכן פון די פעלקער אין סאָוועטנ־
פאַרבאַנד.

די ביבליאָטעק פונעם שלום־עליכם
הויז, וואָס איז ניט לאַנג דערעפנט גע־
וואָרן, אַנטהאַלט 6500 רעגיסטרירטע בי־
כער, פון זיי — איבער ניינציק פּראָ־
צענט אין העברעיש און אין יידיש. איר
האָט דאָ די וויכטיקסטע ביכער, לעקסי־
קאָנען און ענציקלאָפּעדיעס פון אַלע
הויפּט־צווייגן אין יודאַיסטיק (יידישע
געשיכטע, רבנות, חסידות, קבלה און
א.וו.), ליטעראַטורקריטיק, קונסט און
פאָלקלאָר, אַרכיאָלאָגיע פון ארץ־ישראל,
אומקום־עפּאָכע, „יזכור"־ביכער און א.וו.
אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג איז דאָ געוויד־
מעט פאַר דער דיכטונג אין יידיש און
אין העברעיש.

די קונסט־גאַלעריע פון הויז איז אָפן
סטאַביל זייט זומער 1967. דאַן איז דאָ
פאָרגעקומען די ערשטע אויסשטעלונג
וועגן שלום־עליכם, וואָס איז געווען אָפן
גאַנצע זיבן חדשים. אין משך פון דער
צייט זענען אין הויז פאָרגעקומען 61
אויסשטעלונגען. יעדן מאָנאַט (אויסער די
הייסע זומער־חדשים) ווערט דאָ דעמאָנ־
סטרירט אַ נייע קונסט־אויסשטעלונג.
נישט ווייניק קונסט־מאָלערס, פּיל פון
זיי — נייע עולים, זענען באַוווסט גע־
וואָרן פאַר דער עפנטלעכקייט, אַ דאַנק
דער שלום־עליכם־גאַלעריע. דער הויפּט־
ציל איז פּאָפּולאַריזירן אויף אַזאַ מין
אופן נישט די שוין באַקאָנטע נאָר דווקא
די ווייניקער באַקאַנטע קינסטלער. פאַר
פּיל פון זיי איז עס געווען די ערשטע
אויסשטעלונג.

אין אוידיטאָריום פון „בית שלום עלי־
כם" קומען פאָר קולטור־אימפּרעזעס אין
פאַרשידענע שפּראַכן, ליטעראַרישע אָוונ־
טן, קאָנצערטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען.
אַ גרויסער טייל פון די אימפּרעזעס פון
הויז זעלבסט. דער זאַל ווערט אָבער אויך
פאַרדינגען צו אָרגאַניזאַציעס און יחי־
דים פאַר קולטור־ און געזעלשאַפטלעכע
צוועקן.

וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פּובליקאַציע־גע־
ביט האָט ביז איצט דאָס שלום־עליכם
הויז אַרויסגעגעבן צוויי ביכער פון י. ד.
בערקאָוויטש אין יידיש, די העברעישע
איבערזעצונג פון בוך „מיין פאָטער
שלום־עליכם", וואָס איז געשריבן גע־
וואָרן דורך זיין טאָכטער מרים וויַיפּה־
גאָלדבערג ווי אויך אַ שליסל־קאַטאַלאָג
פון די אינסטיטוציעס און פּערזאָנען, וואָס
זענען דערמאָנט אין בערקאָוויטשעס בוך
„אונדזערע ראשונים".

טויזנטער שילער און סטודענטן באַזוכן
סטאַביל דעם בית שלום עליכם. נישט
ווייניק וויסנשאַפטלעכע און אַקאַדעמישע
אַרבעטן זענען שוין געמאַכט געוואָרן
אויפן סמך פונעם רייכן מאַטעריאַל, וואָס
איז קאָנצענטרירט צווישן די ווענט פון־
נעם קליינעם הויז אויף רחוב י. ד.
ברקוביץ אין תל־אביב.

די לייטונג פון הויז (בראש פון וועל־
כער עס שטייען איצט מאיר ווייסגאַל
(ערן־פּרעזידענט) און ברוך אזניה (פאָר־
זיצער) צוזאַמען מיטן דירעקטאָר אברהם
ליס גרייטן איצט צו באַצייכענען זעכ־
ציק יאָר נאָכן טויט פון שלום עליכם.

אין משך פון יאָר וועלן פאָרקומען
אַ ריי אַקאַדעמיעס צום אָנדענק פון
שלום־עליכם, אַן אויסשטעלונג וועגן
„שלום עליכם אין דער קונסט פון דער
ישראלדיקער מאָלעריי". אויך אין די
שולעס וועט מען אויספירלעך דערציילן
די תלמידים וועגן שלום־עליכמס ביי־
שטייער פאַר דער יידישער קולטור און
פאַר דער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג פון
אונדזער פאָלק אין די לעצטע דורות.

**בית שלום־עליכם איז איצט אַ וויכ־
טיקער באַשטאַנדטייל פון ישראלדיקן
קולטור־לעבן. דער קליינער פּערסאָנאַל
פון די פיר מענטשן וואָס אַרבעטן דאָ,
טוט זיין אַרבעט בשלמות, געטריי און
מיט ליבשאַפט.**

# פייערונגען אין לאַנד לכבוד שלום-עליכם

אין גאַנצן לאַנד דורערן די פייערונגען צו דער 60טער יאָרצייט פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער שלום־עליכם. ס׳קומען פאָר פאָרלעזונגען, ליטע־ראַרישע אָוונטן, קונסט־אויסשטעלונגען און טעאַטראַלע אונטערנעמונגען אין יידיש, עברית און אַנדערע שפּראַכן. מיר ברענגען היינט אַ באַגרע־נעצטע צאָל אינפאָרמאַציעס וועגן אַט די פאָלקס־פייערלעכקייטן.

## יערלעכע פאַרזאַמלונג פון בית שלום־עליכם

אויף דער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט ״פאַר בית שלום־עלי־כם״, וואָס איז ניט לאַנג פאַרגעקומען, איז באַשטעטיקט געוואָרן דער פינאַנץ־באַריכט פאַרן יאָר 1974/75 און די פּראָיעקטן און פּראָגראַמען פאַרן קומענדיקן יאָר. אַ גרויסער טייל פון זיי איז געווידמעט דאָס אָפּצייכענען די זעכציקסטע יאָרצייט פון שלום־עליכם, וואָס איז אויסגעפאַלן דעם 10טן מאַי 1976.

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז אין בית שלום־עליכם דערעפנט געוואָרן די שטו־דיר־ביבליאָטעק א.נ. ישראל סאַלאָווייי ז״ל.

עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין באַשטאַנד: ב. אזניה, י. ארצי (מ״מ ראש העיריה), ח. בר־אילן, ש. וויניקאָוו, דוד י. כהנא, תמרה כהנא, א. ליס, ד״ר א. ליפּינער, י. סטאָלאַרסקי, א. צלאל, ריכטער ד״ר מ. רובין, ד״ר י. שפּירא, אייזיק שערמאַן. אין דער רעווידיר־קאָמיסיע ריכטער ה. מ. לובנבערג, אדוו. ז. שטראוך, ב. מאַר־קוס.

די פאַרזאַמלונג האָט געפירט פּ׳ ברוך אזניה. דעם באַריכט און די פּראָ־יעקטירטע פּראָגראַמען האָט פאָרגע־בראַכט דער דירעקטאָר פון בית שלום־עליכם דער שרייבער אברהם ליס.

## שלום־עליכם־פייערונג אין בית הנשיא

דינסטיק, דעם 27סטן יאַנואַר איז אין משכן הנשיא אין ירושלים אויפגענומען געוואָרן דורכן מדינה־פּרעזידענט פּראָפ׳ אפרים קציר די פאַרוואַלטונג פון בית שלום־עליכם.

די אויפנאַמע איז פאָרגעקומען ווי אַ דערעפנונגס־אַקט צום אָפּצייכענען די זעכציקסטע יאָרצייט פון שלום־עליכם און 10 יאָר עקזיסטענץ פון בית שלום־עליכם.

וועגן שלום־עליכם און זיין ווערק, זיין ווירקונג און אָרט אין יידישן לעבן האָבן גערעדט דער פאָרזיצער פון בית שלום־עליכם ברוך אזניה, דער שרייבער אברהם ליס (דירעקטאָר פון בית שלום־עליכם), שלום־עליכמס אייניקל תמרה (בערקאָוויטש) כהנא, און פּראָפ׳ חנא שמערוק.

דער מדינה־פּרעזידענט האָט באַגריסט די פאַרבעטענע און האָט זיך אָפּגע־שטעלט אויף דעם באַדייט פון שלום־עליכמס אייניציקאַרטיקער שאַפונג פאַר אונדזער היינטיקער צייט און פאַר דעם יונגן דור אין ישראל.

געשלאָסן דעם פייערלעכן צונויפקום האָבן די שוישפּילער ישראל בעקער און גדעון שמר מיטן פאָרלייענען פון שלום־עליכמס ווערק אין יידיש און העברעיש.

## אויפנאַמע אין עירית תל־אביב

דעם 28סטן אַפּריל ד.י. איז פאָרגעקומען אין ״קבלת־הפּנים״־זאַל פון דער תל־אביבער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַ פייערלעכע אויפנאַמע, געווידמעט דער זעכציקסטער יאָרצייט פון שלום־עליכמען, איינגעאָרדנט דורך דער קולטור־אָפּטיילונג פון עירית תל־אביב.

ס׳האָבן זיך באַגעגנט שרייבער, דיכטער, זשורנאַליסטן און קינסטלער פון גאַנצן לאַנד.

צווישן די חשובע געסט האָט מען אויך געקאָנט זען דאָס אייניקל פון שלום־עליכם — פרוי **תמרה כהנא**.

וועגן אונדזער געניאַלן פאָלקס־שרייבער, זיין באַדייטונג פאַר דער יידישער קולטור און וועלט־ליטעראַטור האָבן גערעדט: דער וויצע־פּרעזידענט פון תל־אביב **חיים־מנחם באַסאָק**, דער לייטער פון ״בית שלום־עליכם״ **אברהם ליס**, דער פאָרזיצער פון שלום־עליכם־ראַט **ברוך אזניה** און דער ליטעראַטור־פאָרשער **לייזער פּאָדראַטשיק**.

מיט זכרונות וועגן שלום־עליכם איז אַרויסגעטראָטן די 90יעריקע פרוי **חיה הררית**.

**ניר שוחט** — דער איבערזעצער פון שלום־עליכם־שאַפונגען אין אַראַביש האָט גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון איבערזעצן אונדזערע קלאַסיקער און באַזונדערס שלום־עליכם אין דער אַראַבישער שפּראַך.

גרויס דערפאָלג האָט געהאַט דער וואָרט־קינסטלער הערץ **גראָסבאַרד** ווען ער האָט מייסטעריש, אויף זיין אָריגינעלן אופן רעציטירט שלום־עליכמס דערציילונג, ״דער נס אין הושענא־רבה״.

## שלום־עליכם־אַקאַדעמיע אין ירושלים

דאָס אודיטאָריום א.נ. פון מ. שייווער אין אגרון־הויז אין ירושלים איז געווען איבערפולט בעת דער אַקאַדעמיע צו שלום־עליכמס 60סטן יאָרצייט.

דער פאָרזיצער ד״ר גרשון ווינער האָט אין זיין אַריינפיר־וואָרט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם ספּעציפישן פּלאַץ וואָס שלום־עליכם פאַרנעמט צווישן די 3 קלאַסיקערס פון אונדזער ליטעראַטור.

פּראָפ׳ סאָל ליפּצין האָט זיין רעפעראַט געווידמעט דער טעמע ״אַמעריקע אין שלום־עליכמס שאַפן״. דורך אַ שלל ציטאַטעס האָט ער באַטאָנט דעם פאַקט, אַז דאָס יידישע אַמעריקע אין יענער צייט האָט שלום־עליכם גוט געקענט, נישט ווייניקער ווי זיין היימיש כתרילעווקע און יחופּעץ, און פאַרויסגעזען דערשיינונגען וואָס זענען בולט ביזן היינטיקן טאָג.

דער ״הבימה״־קינסטלער שמעון פינקעל האָט נאָך יעדן פון די צוויי רעפעראַטן רעציטירט פון שלום עליכמס ווערק. אָנגעהויבן האָט ער מיט דעם ״טוביה״־מאָנאָלאָג ״נאָך הבדלה״ און דערנאָך האָט ער געלייענט אַ גאַנצע ריי שלום־עליכם־מאָנאָלאָגן און דערציילונגען לויט זיין אייגענעם צוקלייב, צווישן זיי עטלעכע זאַכן, וואָס זענען צום ערשטן מאָל געהערט געוואָרן אויף דער בינע. פאַרענדיקט דעם איינדרוקספולן אָוונט האָט שמעון פינקעל מיט זלמן שניאורס פּאָעמע געווידמעט שלום־עליכמס שאַפונגען, וואָס וועלן — ווי דער דיכטער גלויבט — בלייבן אייביק אין זכרון פון פאָלק אויך אין אייגן אויפגעלעבטן היימלאַנד.

# אין ירושלימער ״בית הסופר״

אין די היסטאָרישע בתּי מחסה אויף דעם וועג צו דער כותל נעסטיקט דער ״בית הסופר״, אַ פּרעכטיק ווינקל פאַר פאַרשידענע פאַרלעזונגען און קולטור־אונטערנעמונגען פון די היגע העברעישע שרייבער. דאָס זענען מיטוואָך־אָוונטן, וואָס פאַרוואַנדלען זיך אין אַ אינטימען יום טוב, און אַ סך מאָל אויך פאַר אַ משפּחה־צענויפטרעף צווישן עברית־ און יידיש־שרייבער. אַ געקליבענער עולם קומט זיך דאָרט צונויף, און אויך דאָס יידישע וואָרט ווערט דאָ וואַרעם אויפ־גענומען. מיטוואָך דעם 7טן אַפּריל איז פאַרגעקומען אַ פייַנער אָוונט לכבוד די ״כתבים שלום־עליכם״, וואָס זענען נאָר וואָס דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון פּראָפ׳ חנא שמערוק — אַרויסגע־געבן פון פאַרלאַג ״דביר״.

דער זאַל איז געווען פאַרפולט און דער עולם האָט נאָך אַלץ געשטראָמט פון אַלע זייטן. אַ שטילקייט, — מען הערט נישט קיין שאָרך, שפּרייט זיך אויס אי־בער דעם זאַל, ווען אילנה צוקערמאַן לייענט פאַר מיט גרויס טאַלאַנט און האַרציקייט שלום־עליכם ״שני תרנגו־לים״ (צוויי העגער) פון די ״אייזנבאַן־דערציילונגען״, איינע פון די דערציילונ־גען וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן אין עברית.

דער ערשטער רעדט פּראָפ׳ שמערוק. ער גיט איבער וועגן דעם וואָס עס האָט אים באַוויגן אויפזאַמלען דעם מאַטע־ריאַל און די באַדייטונג אַרויסצוברענגען שלום־עליכמען אין עברית — אין דעם לשון, מיט וועלכן ער האָט זיך באַנוצט אין די ערשטע יאָרן פון זיין פּרוכטבאַ־רער שפעריישקייט, — און אַנווייזן ווי די צוויי שפּראַכן יידיש און העברעיש ביי שלום־עליכמען דערגענצן זיך און שעפּן פון זעלבן מקור. די אויפגאַבע איז גע־ווען צו אַנטפּלעקן פאַר דעם יונגן העברע־ישן לייענער שלום־עליכמס אָריגינעלע שאַפונגען אין עברית. איז דאָס טאַקע אַ וויכטיקער אויפטו פון דער יידיש־קאַטעדרע ביים ירושלימער אוניווערסיטעט פאַר דער העברעישער ליטעראַטור . . .

פּראָפ׳ דב סדן רעדט וועגן די העכער 330 זייטן שייַנע ליטעראַטור ווי שלום־עליכם ווערט אַנטפּלעקט איןביידע שפּראַכן, ווי אין ביידע פילט ער זיך היימיש. ער רעדט וועגן שלום־עליכמס דריישפּראַכיקייט (יידיש, עברית, רו־סיש), אָבער דער עיקר אין יידיש און עברית. ער ווייזט אָן, אַז אַ סך יידישע ווערטער און אויסדרוקן האָבן זיך פאַר־וועבט אין דער העברעישער שפּראַך. דאָס וואָס ס׳איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון פּראָפעסאָר סדן, איז געווען אייגנט־לעך אַ גאַר פייַנע לעקציע ווו דער צו־הערער ווערט אַריינגעפירט אין דעם סאַ־מע היכל פון שאַפונגס־פּראָצעס ביי אונ־דזער אומשטערבלעכן קלאַסיקער, דעם גרויסן מייסטער שלום עליכם. ער באַ־רירט אויך דעם מאָמענט פון לשון הנצח און לשון האומה. דער רעפעראַט פון פּראָפ׳ סדן האָט באַוויזן, אַז נישט אַלע קוואַלן זענען אויסגעשעפּט געוואָרן פון דעם וואָס מיר ווייסן וועגן שלום־עליכמען. ער שאַצט טאַקע גאָר הויך די אַרבעט וואָס עס האָט אויפגעטאָן פּראָפ׳ שמערוק, אַן אַרבעט וואָס וואַרפט אַ ניי ליכט אויף שלום־עליכמס געבענטשטער שעפערישקייט.

פּראָפעסאָר ווערסעס דערציילט וועגן שלום־עליכמס האַרציקער ליבשאַפט צו עברית, ער רעדט וועגן ראַנגלעניששן און ספקות, וועגן קאָרעספּאָנדענצן אין ״המליץ״, וועגן די השפּעות אויף שלום־עליכמס שאַפן. וועגן דער קאָרעספּאָנ־דענץ, וואָס ס׳איז אָנגעגאַנגען צווישן שלום־עליכם און ראַווניצקי, זיינע בריוו צו ספּעקטאָרן, אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַ תקופה ערב די אַכציקער יאָרן פון פאַ־ריקן יאָרהונדערט, ווען ס׳האָט זיך אָנ־געהויבן פונאַנדערבליען די יידישע לי־טעראַטור אין איר פולער פּראַכט און קראַפט.

ער באַצייכנט אַז שלום־עליכם וואָלט איך געקאָנט זיין אַ גרויסער שרייבער אין עברית, גיט אַ טרעפלעכע אָפּשאַצונג וועגן דעם גרויסן פאַרדינסט פון פּראָפעסאָר שמערוק, מיט דעם אַרויסגעבן די כתבים פון שלום־עליכם צו דער זעכציקסטער יאָרצייט פון גרויסן יידישן שרייבער.

אייגנטלעך ווערן דאָ נאָר געבראַכט אַ פּאָר שטריכן פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן שלום־עליכם־אָוונט. קנאַפּע דריי שעה האָט זיך דער אָוונט פאַרצויגן, און ווען מען איז אַרויס אין דרויסן, זענען די מויערן פון דער אַלט־שטאָט באַהעלט געווען פון אַ פאַרפּסחדיקער לבנה נאָנט צו חצות און מען איז געווען באַהערשט פון אַ געפיל, אַז דאָס איז געווען מער ווי סתם אַן אָוונט, דאָס האָט ירושלים אָפּגעגעבן כבוד דעם אָנדענק פונעם גרויסן יידישן מייסטער.

שטיל זענען געשלאָפן די געסלעך פון דער אַלט־שטאָט אין לבנהדיקן ירושלים, שטיל, ווי זיי וואָלטן זיך אין עפּעס איינגעהערט, ווי אַ חלום פון אַ ווונדערלעכער תקופה וואָלט געשוועבט איבער זיי און ס׳האָט זיך געטראַכט ווי פון זיך אַליין וועגן שלום־עליכמס העלדן... און וועגן אים אַליין — זייער באַזינגער, וואָס האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען צו געבן אַ תיקון זייער צער, זייער פרייד, זייער געוויין און זייער געלעכטער.

**יאָסל חריף**

## אין דער ירושלימער אָפּטיילונג פון בני ברית

אין דער ירושלימער בני ברית־לאָזשע אויפן נאָמען פון דוד יעלין האָט דאָס מאָל אפשר צום ערשטן מאָל זיך צונויפגעקליבן אַזאַ גרויסער יידיש־ריידנדיקער עולם... געוויינלעך פירן זיך דאָ פאַרזאַמלונגען אויף ענגליש, דייטש, זעלטענער אויף עברית.

דעם 28סטן יולי אין אָוונט האָט זיך אָבער געהערט אַ גאַנץ געשמאַקער יידיש. דאָס אַלץ אין זכות פון אונדזער גרויסן קלאַסיקער שלום־עליכם און טאַקע אין זיין זכות וועלן אויך אויף ווייטער צעעפנט ווערן די טירן פון בני ברית פאַר יידישע קולטור־אונטערנעמונגען...

אויפן אָוונט איז מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט געוואָרן דער פיינער רעפעראַט פון **פּראָפ׳ סאָל ליפּצין** אויף דער טעמע ״שלום־עליכם און מיר״.

דער געוועזענער אַקטיאָר פון דער ווילנער טרופּע און איצט הבימה־קינסטלער יהודה ערן האָט מיט גרויס געשמאַק פאַרגעלייענט פון שלום־עליכמס דערציילונגען סיי אין אָריגינאַל און סיי אין איבערזעצונגען אויף דייטש.



# קיום

## אברהם ציקערט

# ירושלים־לידער

פאַר משה חיים ווײלער — אַ וואָרט פון טרייסט.

### ליד איינס

ניט אין קופער, נישט אין גאָלד, נאָר אין שבתדיקן ליכט,
זע איך דיך, ירושלים. מיט אַן אַלט צעקנייטשט געזיכט,
מיט די אויגן פול קדושה, ימים צער און טראָפּנס פרייד —
מיטן שטיין־וואָרט פון נביאים, וואָס דערנערט די אייביקייט,
מיט דיין קלאָרקייט וואָס כ'פאַרשטיי נישט, מיט דיין נעפל וואָס כ'פאַרשטיי...
טראָגסט גאולה אין דיין חורבן. ביסט מיין אויפגאַנג אין פאַרגיי.

וואָלט מיין וואָרט געהאַט אַ תיקון און איך וואָלט געקענט דעם שם,
כ'וואָלט געמאָנט: ירושלים, קום באַפריי מיך פון מיין קלעם.
כ'וואָלט געמאָנט: ירושלים, קום און זע ווי מיד איך בין...
גיי צום שטיינברוך פון נשמות, שלאָג מיך אויס מיט נייעם זין;
זאָג ס'איז קיין נעכטן נישט געוועזן. ס'הויבט זיך בראשית אָן פון היינט
און מיין צער איז ערב קיום — בלויז זיין אָפּקלאַנג אין מיר וויינט...
כ'וואָלט געמאָנט, ווען איך זאָל וויסן, נאָר איך קען דאָך נישט דעם שם
שטום איך דיר ירושלים. כ'ווייס דו ביסט נאָך אויך אין קלעם.

### ליד צוויי

נישט דערפאַר וויל טראָגסט מיין ליבשאַפט, נאָר דערפאַר וויל איך בין דו
ציטער איך דיין יעדן ציטער, ס'רויבט די זאָרג פון שלאָף די רו.
כ'גיי ביי נאַכט אין דיינע טורעמס מיט אַ שומרדיקן טראָט...

האַרט די שטיינער, קאַלט און פינצטער — איינזאַם פירט דער וועג
צו גאָט...
כ'בין מיין אייגן כוס מיט תפילה און איך ווייס נישט וואָס איך זאָג:
טרייסט באַשעפער אונדז מיט ליבשאַפט, בענטש אונדז מיטן ליכט
פון טאָג.
ס'וואַנדערט נאָך דיין פאָלק אין מדבר, כאָטש ס'איז טויט
דער מדבר־דור,
שלאָפט נאָך אַלץ אויף דיינע ליפּן, ס'וואָרט פון טרייסט, דיין 'יהי אור'
ליגט אין נאַכט ירושלים. רייטן וועכטער אין דער נאַכט
צו דעם וויטן שער הגואל — נאָר דער טויער שטייט פאַרמאַכט.

## ליד דריי

ס'טרעפט אַמאָל אַ שעה אַזעלכע מיט אַ דינעם זילבער־קלאַנג
זינגט מיט — איי־לי־לו־ — אַ וויג־ליד, אַזוי קינדיש, אַזוי באַנג...
און די בענקשאַפט ווי אַ מאַמע נעמט מיך אויף אין אירע הענט
זע איך — ווידער כ'פאַל צום אָפּגרונט און אין פאַלן ווער פאַרברענט
רוף איך אויס: 'ירושלים' און ס'ווערט קלאָרער מיט אַ מאָל:
כ'זע ס'באַגלייט דער וועלט־באַשאַפער אונדזער פאַל אין טויטן טאָל...
שטיי איך אין אַ פלאַמען־טלית, כ'דאַוון: לאָז אונדז גאָט אַליין.
קומט דער ענטפער: איך באַגלייט אייך, ווייל איר וועט דאָך נישט
פאַרשטיין...
זע איך הענט געשטרעקט צו הימלען, כ'הער דעם רוף 'שמע' — אחד',
און אין טאָל פון צער און אומקום בליט אין פייער אויף אַ שטאָט.
קום און זע. ירושלים צווישן תהום און הימל שוועבט
און פון גסיסה קוואַלט דער ניגון, ס'לעבט מיין פאָלק, אָ יאָ, עס
לעבט...

— — — — — — — — — — — — —

ס'טרעפט אַמאָל אַ שעה אַזעלכע מיט אַ דינעם זילבער־קלאַנג
זינגט מיר — איי־לי־לו — אַ וויגליד אַזוי קינדיש, אַזוי באַנג...

## ליד פיר

כ'האָב שוין לאַנג דיין ברויט געגעסן, נאָך אין ווייטקייט אין דער
פרעמד
ס'האָט אין מיר דיין פרייד געחלומט, כ'האָב זיך פאַר דיין צער
געשעמט...

פון דיין קוואַל איך האָב געטרונקען און געשטויבט זיך אין דיין שטויב
נאָך אין מאָרגן פון מיין פרילינג. אין דיין קיום כ'האָב געגלויבט.
פון אַ טיפן בלויען ברונעם, מיטן דמיון פון אַ קינד,
כ'האָב געזען דיין זון־ליכט אויפגיין אינעם בראשיתדיקן ווינט
און אין שעהען פון נסיון, ס'האָט דיין נאָמען מיך געשפייזט
אויף דער לעצטער שוועל פון יאוש, מיט גאולה מיך געטרייסט.
ביז געוואָרן ביסט מיין תפילה. ליכט און אָטעם, וואָרט און זין,
כ'האָב געטייטשט ירושלים הייסט אויף יידיש: 'יאָ, איך בין'...
און אַזוי אין קרייז פון יאָרן, אין יסורים און אין פרייד
אין אַ קורצן טראָט אין לעבן כ'האָב געשפּאַנט דורך אייביקייט
און צוריק איך בין געקומען, טרינקען דורשטיק פון דיין טוי — —
אַנדערש ס'איז די וועלט געוואָרן... איך נאָר גלויב נאָך אַלץ אַזוי...



## נייע ביכער

### "דער לץ און דער ריטער"

### פון שלמה רויטמאַן

אין פאַרלאַג יי. ל. פּרץ, תל־אביב 1976 איז דערשינען אַ באַנד לידער און פּאָעמעס "דער לץ און דער ריטער" פון שלמה רויטמאַן, 198 זייטן, אַרויסגעגעבן פון "קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל", ביכער־סעריע שרייבער עולים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. סיי די לידער סיי די פּאָעמעס צייכענען זיך אויס מיט קינסטלערישער שלימות און אָריגינאַליטעט פון אַ הויכער מדרגה. אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג פון דאָזיקן בוך וועלן מיר ברענגען אין איינעם פון די קומענדיקע נומערן פון אונדזער אַלמאַנאַך.

### נחמן ראַפּפּ — אויפן וועג

### צום אַלטן מאַן

אין פאַרלאַג "אייגנס" אין ירושלים 1976 איז דערשינען אַ באַנד פּראָזע "אויפן וועג צום אַלטן מאַן" פון דיכטער נחמן ראַפּפּ. די 148 זייטן פון ביכל נעמען אַרום פינף דערציילונגען און צען סקיצן. אייניקע פון זיי זענען געדרוקט געווען אין אונדזער אַלמאַנאַך. אַן אָפּהאַנדלונג אויך וועגן דאָזיקן בוך וועט קומען אין איינעם פון די קומענדיקע נומערן.

יוסף קערלער

# אַרום דער בריסעלער קאָנפערענץ

## 1. סילוויאַ זאַלמאַנסאָן, געלפאַנד און אַנדערע

וואָס מער אונדזער בלוי־ווייסער "באָינג", דער אל־על־עראָפּלאַן פאַרשנעלערט זיין פלי, אַלץ מער דאַכט זיך — אויב ער איז נישט שטיין געבליבן אויף איין אָרט, שוועבט ער דאַך קוים־קוים, גלייך ער וואָלט איינגעדרימלט אונטער דעם ריטמיש־מאָנאָטאָנעם געברום פון זיינע מעכטיקע מאָטאָרן. אין די קאַבינעפענצטערלעך שלאָגט אָן אַן אָדם־נאַקעטע זון, אַ בראשיתדיקע מיט שאַרפע שטראַלן. אַזאַ זון מיט אַזעלכע שטראַלן איז צו זען בלויז פון דעם אייביק־בלויען הימל, וואָס איבער די שניי־ווייסע כמאַרעס. פון אונטער אָט די פרידלעכע וואָלקנס ווי מיר זעען זיי, פליוכעט איצט, אַזוי זאָגט מען, אַ גוטער שלאַקס־רעגן און ווייטער מיט אַ פערטל שעה, איבער אייראָפּע, וועט שוין פאַלן, אַזוי הערן מיר, אַ גאַנץ געדיכטער שניי...

יאָ, דער "על־אל" אונדזערער, ווי ס'דאַכט, שוועבט ווי אין דרימל, אָבער אינעווייניק אויף די זיץ־־פלעצער און צווישן די זיץ־פלעצער איז נישטאָ קיין צייט צו דרימלען און ס'איז דווקא ביז גאָר לעבעדיק. דאָס פאַרקאָכן זיך שוין, ווי מיר שיינט, די "קולואַרן" פון דער בריסעלער וועלט־קאָנפערענץ... אַ גוטע העלפט פון דער ישראל־דעלעגאַציע באַשטייט פון פרישע ישראלער, — מיינסטנס געוועזענע אַקטיוויסטן, באַרימטע מיט זייער מוטיקייט אין געראַנגל פאַר אַ פרייער עליה פון רוסלאַנד. נישט קיין וווּנדער וואָס זיי וואַרפן זיך אַזוי אין די אויגן מיט זייער "קאָכעניש", מיט זייער אַקטיווקייט: ווער ווי זיי, ווייסט נאָך אַזוי אויף דער אייגענער הויט, מיט אייגענער גוף און נשמה, אָט די אַלע פראָבלעמען וואָס רינגלען אַרום אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דאָרט איינגעשטעלט בלויז אָנצוגעבן די פאַפירן אויף אַן אַרויספאָר־דערלויבעניש?

ווער שמועסט נאָך די "אָטקאַזניקעס" — אַזוי רופט מען יענע, ווועמען מען זאָגט יאָרנלאַנג אָפּ אין זייערע געזעצלעכע רעכט אויף עליה, יענע, וואָס זענען אויסגעשטעלט אויף טאָג־טעגלעכן ווילקיר מצד די אַדמיניסטראַטיווע אינסטאַנצן פון סאָוועטישן רעזשים, יענע, וואָס אויף זיי איז אָנגעמאָסטן דאָס קלוגע ווערטל, אַז אַ ייד האָט מורא פאַר אַ הונט און... קריכט אין פייער...

און דער עיקר — ווער ווייטיקט נאָך אַזוי ווי אונדזערע געוועזענע עליה־אַקטיוויסטן פאַר די אסירי־ציון — די טייערע יידישע ייִנגלעך, וואָס גיבן זיך נישט אונטער אויך אין די אכזריותדיקע סאָוועטישע צוואַנגס־לאַגערן און אין די טרויעריק־באַרימטע קאַזעמאַטן פון "וולאַדימירקע"?...

מיט אונדזער דעלעגאַטן־גרופּע פליט אַציַנד אויך סילוויאַ זאַלמאַנסאַן. זי זיצט פאַרקלערט אויף איר פּלאַץ און מיט בלייכע דינע פינגער גלעט זי פּאַנאַנ־דער די לאַנגע ליסטע מיט נעמען פון די אסירי־ציון. אין שוואַרץ־חנעוודיקן אַוואַל פון איר געזיכט לויכטן די אויגן אירע מיט קוים איינגעהאַלטענעם צער פאַר די איבערגעבליבענע דאָרט חברים, פאַר איר מאַן, דעם זייער באַגאַבטן און איצט שוין באַוווּסטן יונגן שרייבער עדואַרד קוזנעצאָוו, וועמען ס'איז נאָך פאַר־בליבן לאַנגע יאָר אַפריכטן קנעכטשאַפט אין די סאָוועטישע טורמעס און צוואַנגס־לאַגערן...

סילוויאַ זאַלמאַנסאַן!

נישט איין יידיש האַרץ האָט אויפגעציטערט מיט באַוווּנדערונג און שטאָלץ, ווען דורך אַלע קאַרדאָנען און פאַרצוימונגען האָבן זיך דורכגעבראָכן צו אונדז אירע לעצטע ווערטער אויפן טראַגיש־באַרימטן פּראָצעס פון די אַזוי גערופענע "עראָפּלאַן־פאַרכאַפּער". ס'איז כדאי, ביי דער געלעגנהייט, אויפמישן יענע, נאָך איין, שענדלעך און בלוטדורשטיק קאַפּיטל פון דער סאָוועטישער "יוסטיץ": געדענקט איר, אין דעצעמבער 1970 האָט מען געמשפּט אַ גרופּע יונגעלייט בלויז פאַר דעם איינעם ניט רעאַליזירטן געדאַנק וועגן פאַרכאַפּן אַן עראָפּלאַן, כדי זיך דורכרייסן קיין ישראל. די דאָזיקע חברה האָט כמעט ווי געוווּסט, אַז דער פּלאַן זייערער וועט ניט געלונגען.

און לאָמיר איצטער זאָגן גאַנץ אָפן און אויפריכטיק: נישט נאָר די פאַר־צווייפלונג פון יונגע היצקעפּ, וואָס האָבן אויף אַלע זייערע געזעצלעכע ווענ־דונגען וועגן אַ פרייער עליה באַקומען נאָכאַנאַנד איין קאַטעגאָרישן אומגע־זעצלעכן אָפּזאָג, נאָר — דער עיקר — דער נאַציאָנאַלער באַוווּסטזיין האָט זיי געשטויסן צו דעם: מיט זייער העלדישער קרבנותפולער אַנטשיידנקייט מאָביליזירן די וועלט־עפנטלעכקייט אין שוץ פון יענע סאָוועטישע יידן, וועלכע אידענ־טיפיצירן זיך מיט מדינת ישראל און מיט פאָלק ישראל.

דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן, כאָטש די "פאַרשווערונג", ריכטיקער, דער פּרווו, איז פון סאַמע אָנהייב, אכזריותדיק דערשטיקט געוואָרן...

לאָמיר זיך דערמאָנען: פאַר אָט דער "יידישער חוצפּה", ווי איינער אַ קגב־פאַלקאָווניק האָט זיך אויסגעדריקט, פאַר אָט דעם איינעם ניט רעאַליזירטן גע־דאַנק, האָבן די "הומאַנע" ריכטער פון "ערשטן סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד" אַרויסגעטראָגן לכתחילה זייער פּסק־דין: טויט־אורטייל איבער צוויי פון די אָנ־געקלאָגטע און פאַר די איבעריקע — די מאַקסימאַלסטע טורמע־טערמינען.

דאָן האָט סילוויאַ זאַלמאַנסאַן, די איינציקע פרוי צווישן די פאַרמשפּטע, באַנוצנדיק זיך מיטן רעכט אויפן "לעצטן וואָרט", אַזוי געזאָגט:

"...אונדז וועט קיינמאָל נישט פאַרלאָזן דער חלום וועגן פאַראייניקן זיך מיט אונדזער אוראַלט היימלאַנד... אייניקע פון אונדז האָבן נישט געגלויבט, אָדער גאָר ווייניק געגלויבט אינעם דערפאָלג פון אונדזער פּלאַן. שוין אויפן פינלענדישן וואַקזאַל האָבן מיר באַמערקט ווי מען שפּיאָנירט אונדז נאָך. אָבער רעזיגנירן האָבן מיר שוין נישט געקענט...

זיך אומקערן צו דער פאַרגאַנגענהייט, ווידער וואַרטן, ווידער זיצן אויף די טשעמאָדאַנעס... אונדזער טרוים וועגן לעבן אין ישראל איז געווען אַן אַן ערך שטאַרקער פונעם פּחד פאַר דער פּיין, וואָס מע קאָן אונדז פאַרשאַפן... און אויך אַציגד צווייפל איך ניט אויף קיין מינוט, אַז ווען־ס'ניט איז, וועל איך פון דעסט וועגן אַוועקפאָרן און לעבן וועל איך אין ישראל... אָט דער חלום, געהייליקט דורך צוויי טויזנט יאָר האָפענונג, וועט מיך קיין מאָל נישט פאַרלאָזן"...

און אַפילו דער זאַרגפּעליק־פּילטרירטער געריכט־זאַל, וואָס איז פאַרפולט געווען מיט ק.ג.ב.־אַגענטן און מיט גראַמילעס־פונקציאָנערן פון אינערן־מיניס־טעריום, אַפילו אָט די לייט זענען פאַרשטילט געוואָרן... בלויז די ריכטער זענען אויפגעשפּרונגען צערייצטע פון זייערע פּלעצער, ווען סילוויאַ האָט שטיל און דייטלעך אַרויסגערעדט:

לשנה הבא בירושלים! און אויף ס'נײַי חזר איך איבער:
אויב כ'וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים,
זאָל אָפּדאַרן מײַן רעכטע האַנט."

...זיצט זי אַציגד, סילוויאַ, מיט דער ליסטע אין דער האַנט און טענהט עפּעס מיט איר מיטשמועסער. רעדן רעדט זי אײַנגעהאַלטן און שטיל, ווי אַ טויב וואָס ברומט פאַרבענקט פון יענער זײַט פאַרפינצטערט און פאַרקראַטעוועט פענצ־טערל פון ערגעץ אַן אײַנצל־קאַמער...

מיט אייניקע פון אירע חברים איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן נאָך זייענדיק, נישט הײַנט געדאַכט, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. מיט איר אַליין האָבן מיר זיך באַקאַנט ערשט בעת איר קומען קיין ישראל, — קוים זיך דורכגעוואָרפן מיט עטלעכע וואַרעמע ווערטער. וואָס שייך איר איצטיקן מיטשמועסער... אָ! צווישן פיל גוט־באַקאַנטע, אַלט־באַקאַנטע און היימישע, ביז אַ טרער אין אויג, פּנימער, מיט וועלכע איך פריי זיך הײַנט אין דאָזיקן רייס, איז זײַן פּנים מיר צום נאָענטסטן באַקאַנט און האַרציק־היימיש. שוין ביי די 25 יאָר ווי מיר זענען צוזאַמען געגאַנגען אויף איינער און דער זעלבער געפערלעכער סטעזשקע, וואָס האָט אונדז פאַרט געבראַכט קיין ישראל. צוערשט איז דאָס געווען אַן אײַנזאַם, אַ פאַרשנייט שמאָל סטעזשקעלע, ווי אין מיטן אַ מינענפעלד... צוערשט האָב איך באַגעגנט מאיר געלפאַנדן ערגעץ אין פעברואַר 1952, ווען מען האָט מיך פאַריאָגט אין איינעם פון די טראַנספּאָליאַרע רעזשים־לאַגערן פון וואָרקוטאַ.

פון וואַנען איז אַהער, — הינטער באַפּראַסטיקטן שטעכדראָט, אונטערן שטענ־דיקן געוואָי פון דער צפון־וויוגע, פון די וועלף־הינט און פון הינטישן קאָנוואָי, צווישן די טויזנטער הונגעריקע, אָפּגעריסענע באַוואָלטע און דערשלאָגענע

מענטשן־קנעכט, ווי איז אַהערצו פאַרוואַגלט געוואָרן אַט דאָס דאַרע זעכצניעריקע בחורל, וואָס רופט אויס אַזוי שטאָלץ זיין טיפּיש יידישן נאָמען און פאָטער־נאָמען:

— מאיר בערקאָוויטש!...

גאַנץ פּשוט — געווען איז אין דער אוקראַינע אַזאַ יידישער כרך — זשמע־רינקע, אַ שטעטל נישט פון די צו קליינע. אין די אַרומיקע שטעטלעך פלעגט מען ריידן מיט חידוש, מען פלעג זיך אַנדערציילן מעשיות וועגן דעם גרויס־אַרטיקן זשמערינקער "וואָקזאַל". זשמערינקע איז ווי באַוווסט אַ וויכטיקער אייזנ־באַן־קנופּ און די אייזנבאַן־סטאַציע איז דאָרט ווירקלעך אַ גאַנץ שיינער בנין. אָבער פאַר די אַרומיקע שטעטלעך איז דאָס געווען — פּסס! — די שענסטע און באַרימטסטע סטאַציע, געווען צווישן די זיבן וווּנדער אויף דער וועלט צו־זאַמען מיט דעם אומאַניער סאָפיעווקע־פּאַרק און, להבדיל, דאָס וויניצער משוגעים־הויז...

איז אַט פון דער זשמערינקע טאָקע קומט עס אַרויס אונדזער כמעט מינ־דעריעריקער דאָן "מלוכה־פאַרברעכער" מאיר געלפאַנד.

סוף פערציקער יאָרן האָט זיך אין דער אוקראַינע פאַרשטאַרקט די אַנטי־סעמיטישע העצע. אין די געוועזענע אָקופּירטע דורכן דייטש געביטן, באַזונדערס — אין די אַמאָליקע יידישע שטעטלעך האָבן די פאַרבליבענע דאָרט יידן געלעבט אין איינע שרעק. אַ סך פון זיי האָבן שוין דורכגעמאַכט די שבעה מדורי גיהנום אין די טויט־לאַגערן און געטאָס, אַנדערע האָבן זיך אומגעקערט פון עוואַקו־אַציע, ניט וויניק — פון סאַמע פייער — מלחמה־אינוואַלידן, טייל פון זיי — היימ־לאָזע און אומבאַהאָלפענע האָבן נאָך אַלץ אומזיסט כלאָפּאָטשעט מע זאָל זיי צוריקגעבן די פאַרכאַפּטע נחלות... מיט קללות און זידלעריי האָט מען זיי גע־יאָגט פון די אייגענע שוועלן... ס'האָבן אויך ניט געפעלט קיין מאָרד־פאַלן.

— זשידעס פאַרשאָלטענע אויף אונדזערע קעפּ!

— וויניק האָט אייך היטלער געהרגעט!

— נישט דערקוילעטע!

און נאָך איין "חכמהלע" וואָס איז געקומען פון די סאַמע "הויכע פענצטער", מע האָט געזאָגט, אַז אַליין פון אים, דעם דעמלסטיקן גענעראַל־סעקרעטאַר פון צ.ק. פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי אין אוקראַינע, פון ניקיטקע כרושטשאָוון:

— "דאַלגאָנאָסיקי"! (לאַנגנעזלדיקע — אַזאַ מין תבואה־פּאַראַזיט)

די דאָזיקע פּיינע אויסרופן האָבן זיך פראַנק און פריי געלאָזט הערן אומע־טום — אויף די גאַסן, אין די רייען צום קויפן אַ ברייטל, אויפן מאַרק, אין שול, אין די רעגירונגס־אַנשטאַלטן, אפילו אויף פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען... אומזיסט האָט זיך געטראָגן דאָס וויי־געשריי פון יענע יידן קיין קיעוו און קיין מאָסקווע. די קרעמל־ווענט האָבן געשטומט. אויך צום יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט האָט מען געשריבן. און ווען מיכאָעלס האָט אַרויסגעלייגט פאַר סטאַלינס משרת,

דעם ייד קאַהאַנאָוויטשן, זייערע טענות, האָט יענער קורץ און דראָענדיק געענט־פערט:

— פאַרגעדענקט עס אויף וויפל איר וועט לעבן, סאַלאָמאָן מיכאַילאָוויטש: ביי אונדז איז נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם! נאָר שונאים זאָגן דאָס פאַרקערטע...

אָבער לאָמיר זיך אומקערן קיין זשמערינקע, ווו אין דער היגער אוקראַינישער שול האָבן זיך געלערנט אויך יידישע קינדער.

ס׳איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס אָט די קינדער האָבן געהאַט אויס־צושטיין נישט נאָר פון זייערע אוקראַינישע ״חברימלעך״, נאָר אויך פון אייניקע לערער, געוועזענע היטלער־קאָלאַבאָראַנטן און איצטער שוין ״סאָוועטישע פּאַט־ריאָטן״, ניט קיין קלענערע מומחות אין דער יידן־פראַגע ווי דער קאָלאַבאָראַנט און איצטיקער סאָוועטישער ״וויסנשאַפטלער״ טראָפים קיטשקאָ...

יונגע יידישע הערצער פאַרטראָגן נישט קיין עוולות, קינדער זענען גרייט זיך מקריב זיין פאַר אמת און יושר; און אין איינער אַ נאַכט זענען די זשמע־רינקער פּלויטן פאַרקלעפּט געוואָרן מיט האַנט־געשריבענע פלוגבלעטלעך. די פלוגבלעטלעך האָבן צאָרנדיק דעמאַסקירט דעם נעאָנאַציזם און גערופן די יידן צו אייניקייט...

ס׳איז געווען נאַיוו, קינדעריש, אָבער פון איבערפולטע הערצער און — גע־וואַגט ביז גאָר.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר די סאָוועטישע זיכערהייטס־אָרגאַנען איז ניט צו שווער געווען זיך צו דערוויסן, ווער זענען עס די מחברים פון אָט דער ״קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער קראָמאָלע״, ר״ל.

מאיר געלפאַנד איז געווען איינער פון יענער זשמערינקער ״קאָנטער־רעוואָ־לוציאָנערער, נאַציאָנאַליסטישער אָרגאַניזאַציע״...

צוגענומען האָט מען אָט די ייִנגלעך און מיידלעך ערשט שפּעטער מיט אַ יאָר, ציי צוויי שוין נאָכן פאַרענדיקן די מיטל־שול. שוין פון די אינסטיטוטן און אַרבעטס־אונטערנעמונגען. דער היגטעראויגיקער פסק־דין פאַר די 16—17 יעריקע איז געווען אַ האַרבער: פון 10 ביז 25 יאָר איזאָלאַציע אין די שטראָף־לאַגערן פון שטרענגסטן רעזשים.

די אַרבעטס־קנעכט פון אונדזער לאַגער — אויסגעהונגערטע און פאַרהאָרע־ווערטע קוילנגרעבער, קעסל־הייצער, לאַסט־טרעגער און בויער, זענען מיינסטנס געווען שוין באַיאָרטע לייט, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן אויסגעזעסן פיל עלטער פון זייערע יאָרן. דעריבער איז נאַטירלעך וואָס אָט די מענטשן, יאָרן לאַנגע אָפּ־געשניטענע פון ווייב־און־קינד, אויסגעבענקטע און אויסגעווייטיקטע, פלעגן זיי מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און פאָטערלעכער וואַרעמקייט אַרומרינגלען די מינדער־יעריקע צווישן זייער אומגליקלעכער מחנה.

מאיר האָט אויסגעזעסן דאָ, ווי ער וואָלט נאָך נישט אַרויסגעקראָכן פון זיינע קינדער־יאָרן. אָבער נישט נאָר דערפאַר האָט מען אים ליב געהאַט. מע האָט אויך געהאַט פאַר אים אָפּשיי: ווי אַ געוועזענער סטודענט פון מעדיצינישן פאַקולטעט,

האַט מען אים אַוועקגעשטעלט אַרבעטן אין דער פּאָליקליניק און ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס זייער אַ פֿעיקער פעלדשער.

אויף דעם דאָזיקן "פּריווילעגירטן" פּאָסטן פֿלעג ער מיט וואָס נאָר ער האָט געקאָנט אַרויסהעלפֿן די נויטבאַדערפֿטיקע טויט־מידע און קראַנקע "זעקן" (קאַצעטלער). די יידישע "זעקן", וועלכע זענען געווען באַזונדערס טעראָריזירט, האָבן אָפֿט אין מאירן געזען דעם איינציקן רעטער פֿון אַל דאָס בייזס. געהיט און שטיל, ריזיקירנדיק מיט זיינע אַלע פּריווילעגיעס, מיט אַ נייעם עטאַפּ און שיער נישט מיט אַריינכאַפּן אַ נייעם טורמע־טערמין, פֿלעג ער אַליין אויסגעפֿונען און זאָרגן פֿאַר אַזעלכע יידן...

דערמאָן איך זיך, ווען כ׳פֿלעג שוין אַ פֿאַרמאַטערטער אַרויסקריכן פֿון דעם קוילנגרוב, נאָך 12 שעה פֿינצטערניש, קוים איינגעשלונגען דעם מאָגערן לאַגער־זופּ מיטן שטיקל לעפּקע ברויט, פֿלעג איך אַרויס צו פֿאַרנאַכט הינטער די באַראַקן. "די יודענשטראַסע" — אַזוי האָבן מיר געקרוינט איינע פֿון די אויסגעטראָטענע סטעזשקעס צווישן ריזיק־אָנגעוואָרפֿענע שנייבערג. אין אַ ברענדיקן פֿראָסט פֿון 40 גראַד, אין אַ שניי־זאַווערוכע, ביי דער שטענדיק־גרויער, נישט טאָג־נישט נאַכט — פּאָליאַרער צפֿון־שיין — פֿלעג מען בערך אין דער זעלבער צייט, זען אויף אָט דעם שטעגל באַזונדערע גרופּקעס יידישע "זעקן" און צווישן זיי — מאיר. מע האָט געקאָנט זען, ווי ער און נאָך אַ פּאָר יונגעלייט רינגלען אַרום מיט גרויס דרך־ארץ איינעם אַ באַיאָרטן און אַ שטיל־שמייכלענדיקן יידן. דאָס איז געווען אונדזער אַלעמענס ליבלינג צבי פֿרייגערזאָן ז״ל. פֿאַר דער לאַגער־אַדמי־ניסטראַציע און פֿאַר די איבעריקע איז ער באַקאַנט געווען אַלס באַוווסטער וויסנ־שאַפֿטלער און ספּעציאַליסט אין געביט פֿון העכערן די קוואַליטעט פֿון שטיין־קוילן, אַ פּראָפֿעסאָר און מחבר פֿון לערנביכער פֿאַר די באַרג־הויכשולן.

פֿאַר אונדז אָבער איז ער געווען דער איצט באַקאַנטער העברעישער דיכטער און דערציילער. דאָס גאַנצע לעבן האָט ער זיך געהיט און געווען פֿאַרזיכטיק מיט אַ וואָרט, כדי נישט אַרויסברענגען די מוראדיקע ליבשאַפֿט צו זיין לשון־עברית. אפֿילו די אייגענע קינדער האָבן ווייניק־וואָס געוווסט... כאָטש וואָס אייגנטלעך דאַרף מען זיך היטן און וואָס פֿאַרוואָס פֿאַרברעכן קעגן דער גרויסער מדינה פֿון "פֿעלקער־פֿריינדשאַפֿט", קאָן זיין ליבשאַפֿט און טריישאַפֿט צו אַ שפּראַך?... בפֿרט, אַז פֿון אַנדערע זינד איז ער דאָך לחלוטין ריין געווען? דאָך האָט מען אים אַרעסטירט און פֿאַרמשפּט אויף צען יאָר קאַטאָרגע נאָר פֿאַר דעם, וואָס ער האָט אַמאָל געדרוקט זיינע מאמרים אין די ווייניקע סאָוועטיש־העברעאישע זאַמלביכער, וואָס פֿלעגן דערשיינען ביים סוף פֿון די צוואַנציקער יאָרן. און אפֿשר האָבן זיי דאָך רעכט געהאַט, די סאָוועטישע הענקער, ווייל סוף־סוף איז דאָך ליבשאַפֿט צו עברית אויך ליבשאַפֿט צום יידישן פֿאָלק, אויך ליבשאַפֿט און טריישאַפֿט צו ארץ ישראל...

אויך מיר אַלע און באַזונדערס ער, מאיר געלפֿאַנד, האָט אין דער פֿראַגע נישט געספּקט. אַ סימן האָט איר, זעט ווי פֿאַרטיפֿט ער הערט זיך איין אין דער

העברעיש-לעקציע וואָס אונדזער טייערע פּראָפעסאָר קנעלט אין אונדז אַריין:

— אנחנו גרים בארץ שלנו.

— וואָס פאַר אַ "גאַרים", — זאָג איך, רב צבי, — גאַרים! * — מיר ברענען, מיר ברענען אין גיהנום, נישט מיר וויינען, נאָר מיר וויינען!

צבי לאַכט מיט אַ שטיל, דורכדרינגלעך-אומעטיק געלעכטערל... אָבער מאיר צעבייזערט זיך אויף מיר נישט אויף קיין קאַטאָוועס:

— דאָך ווען מיר פאַרט לעבן און פאַרט וויינען, נישט וויינען, און דערווייל לאָמיר ווייטער לערנען, ווייל באַלד וועט זיך שוין צעקלינגען דער גאָנג און שלעפּן צו "פּאָווערקע" (צום אַפּעל, הייסט עס)... אַצינד קלער איך גאָנץ ערנסט: אפשר איז דאָס דאָן געווען דער ערשטער צווישן די אומלעגאַלע אולפּנים, וואָס האָבן זיך איצטער צעוואָרפן און זענען טעטיק פון נאָוואָסיבירסק ביז ריגע, פון מאָסקווע ביז טאַשקענט?...

מאיר געלפאַנד, שוין ווייט ניט יענץ אויסגעדאַרט בחורל פון וואָרקוטאַ, נאָר איצט אַ סאָלידער דאָקטאָר-מעדיצין, איז טעטיק אין באַרימטן ביילינסאָן-שפּיטאָל. אין די שוואַרץ-געקרייזלטע האָר האָט זיך שוין אַריינגעגנבעט אַ היפּש ביסל זילבער, שטאַרק ענלעך צו יענער בייזער פּראָסטיקייט וואָס פלעג זיך איינ-עסן אין די שטעכיקע פאַרצוימונגען אַרום אונדזער לאַגער...

כ'דערמאָן איצט מאירן, אַז צוריק מיט פינף יאָר אין מאָסקווע, האָבן מיר צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע חברים אונטערגעשריבן און דורכגעשמוגלט אַ באַ-גריסונגס-טעלעגראַם צום ערשטן בריסעלער קאָנגרעס אין שוץ פון די סאָוועטישע יידן — איין סטעזשקעלע, זאָג איך, פירט פון יענעם זשמערינקער פלוגבלעטל ביז צו דער באַגריסונגס-טעלעגראַם.

ביי מאירן ציגלען זיך די אויגן מיט יענעם שעלמיש-יוגנטלעכן פייערל פון גאָר אַמאָל, זיי צעשפּריצן זיך ממש מיט פונקען פרייד, די אויגן זיינע, די שפּורן ביטערניש אַרום די מויל-ווינקלען פאַרשווינדן און ער צעזינגט זיך פּלוצים שטיל, שטיל-שמייכלענדיק, כמעט ווי אונדזער רב צבי פרייגערזאָן ז"ל *:

כאָטש מיר זענען ווייט אַצינד פון פרייד,
ווייט פון פאַרגעניגן,
לאָמיר, ברידער, שטילינקערהייט
אַ זינג טאָן אונדזער ניגון:
שמחת תורה — אַלץ איז דאָך כדאי
אויף דער וועלט דער גרויסער:
אין דער ווייטער,
ווייטער, ווייטער פריי
קלינגען גילדענע כוסות...

---

* גאַרים — מיר ברענען (פון רוסיש).

* זיין אַש האָט די משפחה אַריבערגעבראַכט אַהיים און באַערדיקט אין איינעם פון די קיבוצים פון ישראל.

דאָס האָבן מיר געזונגען אין איינעם אַ פּאַרנאַכט אויף אונדזער שניי־פּאַר־שמיסענער "יודענשטראָסע" און ס'איז שווער געווען צו וויסן פּאַר וואָס האָלטן מיר זיך עטלעכע יידישע לאַגער־לייט אַזוי פעסט פאַר די הענט: אָדער דערפאַר ווייל אַ ווילד־משוגענע שניי־זאַווערוכע האָט געוויאַלגערט פון די פיס און מען האָט קיין זאַך נישט געזען אויף קיין שפּאַן, אָדער דערפאַר, ווייל ס'איז טאַקע געווען שמחת תורה און פון דער ווייטער פריי האָבן מיר טאַקע דערהערט ווי "ס'קלינגען גילדענע כוסות"...

וועגן דעם, אַז "אַלץ איז דאָך כדאי" האָבן מיר זיך איבערצייגט מיט גוטע צען יאָר שפּעטער, אויפן ענגן אַרכיפּאַוו־געסל ביי די "אויסגעטראָטענע און גרייזע מירמל־טרעפּ" פון דער מאָסקווער סינאַגאָגע, ווען טויזנטער יידן, דער עיקר — יינגלעך און מיידלעך האָבן געהויבן "לחיים", געטאַנצט, געזונגען און אַרויסגעברומט יידישע ניגונים, מיט חסידישן ברען און התלהבות, מיט פלאַמיקן גלויבן און בטחון אַז "אַלץ מיר וועלן איבערקומען, אַלץ איז דאָך כדאי און קיין ארץ וועלן מיר קומען, קומען סיי־ווי־סיי!"

טויזנטער האָבן געפייערט דעם דאָזיקן, שוין איצט טראַדיציאָנעלן נאַציאָנאַלן יום טוב פון סאָוועטישן יידנטום, — שמחת תורה. און צווישן אָט דער שטורמיש־יובלדיקער מאַסע האָבן אויך מיטגעטאַנצט און מיטגעזונגען די געוועזענע יידישע "זעקן" מאיר און איך, צבי פּרייזערזאָן ז"ל, דער העברעישער שרייבער מיט זיינע קינדער — צו לענגערע יאָר און דער נישט לאַנג איינזאַם פאַרשטאָרבענער יידישער שרייבער פון קיעוו נתן זאַבאַרע ז"ל ווי אויך פיל פון די עולים וואָס מיר זעען דאָ, צווישן דער ישראל־דעלעגאַציע אויפן בריסעלער קאָנגרעס.

## 2. תכלית

ווי שוין געזאָגט, האָבן קענטיק די קולוואַרן־פּאַרקאָכענישן זיך אָנגעהויבן נאָך אין דער לופטן, אויפן עראָפּלאַן־רייס קיין בריסעל.

אַ געוויינלעך בילד:

שטייט זיך אַ גרופּע יונגעלייט אַרום אַ באַקאַנטן כנסת־דעפּוטאַט. ממש אַ טראַדיציאָנעל קליינשטעטלדיק "רעדל" אין ענגן דורכגאַנג צווישן די זיץ־פּלעצער פון אַ מאָדערנעם "אווירון"... און איינער אַ לעבעדיגראַד־רחובותער בחור, פּונקט ווי עס זענען זיך נוהג געווען אונדזערע אבות אבותינו, דרייט שוין כמעט דאָס קנעפּל אויפן אָנצוג פון אונדזער חשובן דעפּוטאַט:

— בוודאי, בוודאי איז טאַקע ביז גאָר וויכטיק אַזאַ מאַניפעסטאַציע פון יידישער אחדות, אָבער מע טאָר חלילה נישט אַפּקומען מיט שיינע רייד, מעגן זיי זיין שיין און אפילו ווירקעוודיק... תכלית, טייערער חבר הכנסת! אונדזערע חברים דאָרט נייטיקן זיך אין תכלית!...

מיר פאַרשטייען אַלע דעם מיין פון אונדזער בחור. מיר ווייסן, דאַכט זיך,

גאַנץ גוט דעם טעם און לייטמאָטיוו פון יידישער זאָרג פאַרן עצם־קיום, פאַרן מאָרגנדיקן טאָג: וואָס וועט זיין דער תכלית? דורות לאַנג, און איצט אפשר שאַרפער ווי אַלע מאָל, קלינגט עס און וועקט צו טאַט — וואָס וועט זיין דער תכלית?!

און טאַקע אָט די זאָרג פאַרן קיום פון אונדזער פאָלק, פאַר דער יידישער מדינה און טאַקע דער עיקר און טאַקע בפרט — פאַרן גורל פון די יידן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכע געפינען זיך דאָרט ווי צווישן צוויי שאַרפן פון איין גרויזאַמער שער — צוואַנגס־אַסימילאַציע און אַנטיסעמיטישן גענאָסיד; אָט די גרויסע זאָרג איז געשטאַנען אין צענטער פון אַלע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען און קולואַרן־פאַרהאַנדלונגען פון דער צווייטער בריסעלער קאָנפערענץ, וווּ ס׳האָבן זיך צונויפגענומען 1200 פאָרשטייער פון די יידישע קהילות פון אַלע עקן וועלט, העכער 400 זשורנאַליסטן און קאָרעספּאָנדענטן פון דער וועלט־פּרעסע, פיל וויכטיקע פּאַרלאַמענטאַריער און פאָרשטייער פון דער ניט יידישער געזעלשאַפטלעכקייט ווי אויך מנהיגים פון פאַרשידענע קריסטלעכע געמיינדעס און אַנדערע.

״תכלית״ איז טאַקע געוואָרן איינס פון די פּאָפּולערסטע ווערטער, דער עיקר — אויף די זיצונגען פון די אַרבעטס־קאָמיסיעס פון קאָנגרעס: אויף דער יורידישער קאָמיסיע, אין דער קאָמיסיע צו הילף דער באַפרייונג פון די אסירי־ציון און די ״אָטקאַזניקעס״, אין דעם יידיש־קריסטלעכן קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט און אין אַנדערע אַרבעטס־אינסטאַנצן פון צוזאַמענפאָר. ״תכלית״ איז, ווי מיר דאַכט, אַנגעפילט געוואָרן מיט נייעם אינהאַלט, מיט ביי אויסגעאַרבעטע מאָסמיטלען און שריט, וועלכע וועלן אַנגעווענדעט ווערן מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקייט, מיט דער גאַנצער קראַפט פון יידישער אחדות, בישט קעגן סאָוועטישן רעזשים, צו וועלכן מיר זענען אין ערגסטן פאַל פשוט גלייכגילטיק, נאָר כדי צווינגען די סאָוועטן זיי זאָלן זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרטראַכטן און קומען צום שכל, אַז טאַקע צוליב זייערע אייגענע מלוכה־אינטערעסן לוינט זיך נישט פאַרהאַלטן און רודפן אַלע יענע, וואָס שטרעבן אַהיים, קיין מדינת ישראל. ס׳לוינט זיך אויך נישט מיט אַזוי פיל רציחה צעבלאָזן דאָס געפערלעכע פייער פון דער טאָטאַלער יודאָפאָבישער מאַסן־פּראָפּאַגאַנדע אונטערן דינעם שלייער פון ״אַנטי־ציוניזם״.

דער צוזאַמענפאָר איז פול געווען מיט טיפסטער זאָרג אויך פאַר די יידן, וואָס בלייבן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד (און זיי בלייבן דאָך די גרעסט־איבערוועגנדיקע מערהייט!), וועגן דעם ברוטאַלן קולטור־גענאָסיד וואָס ווערט אַנגעווענדעט קעגן זיי, וועגן דער קוים פאַרשטעלטער דיסקרימינאַציע און אָפענע פאַרפאָלגונגען קעגן יידישן דת, וועגן די עלעמענטאַרע מענטשן־רעכט פון די סאָוועטישע יידן, וואָס ווערן דורך דער מאַכט־אַדמיניסטראַציע מיט אַ מין טייוואָלאַנישער פלאַנמעסיקייט אַלץ מער און מער באַשרענקט.

פּראָפעסאָר אַלעקסאַנדער וואָראָנעל — איינער פון די ערשטע צווישן די יידן, אַנגעזעענע סאָוועטישע וויסנשאַפטלער, וואָס האָט זיין לעבנס־גורל, דאָס

גורל פון זיין משפחה, זיין פריווילעגירטן פאָסטן, זיין גלענצנדע וויסנשאַפטלעכע קאַריערע אַנטשיידן געוואָרפן אויף דער וואָגשאָל אין געראַנגל פאַר אַ פרייער עליה קיין ישראל, אייגער פון די איניציאַטאָרס פון דעם אַזוי פאַרפאָלגטן און דאָך פונקציאָנירנדיקן וויסנשאַפטלעכן סעמינאַר פון באַרימטע יידן, געלערנטע, וועמען מען האָט אָפּגעזאָגט פון אָפיציעלער וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט מחמת זייער עקשנותדיקער שטרעבונג צו יציאת־רוסלאַנד; אַלעקסאַנדער וואָראָנעל, וואָס האָט אָפן געחתמעט זיין נאָמען אַלס צוזאַמענשטעלער פון אומלעגאַלן יידישן ״סאַמאַיזדאַט״, אַט דער סאָלידער געלערנטער, וואָס לויכט זיך ממש מיט אַ מין באַזונדערס־באַטעמטער ייִנגלשקייט, האָט אין זיין אַרויסטרעטונג, ווי מיר דאַכט, צום שאַרפסטן אַוועקגעשטעלט די פּראָבלעם וועגן ווייטערדיקן עצם־קיום פון רוסלענדישן יידנטום.

ער האָט גערעדט וועגן די פּאַקטישע לידערס פון יידישן פאָלק אין סאָוועט־רוסלאַנד — די יידישע אינטעלעקטואַלן, וואָס זענען אַצינד פּאַריאַגט געוואָרן גייסטיק און סאָציאַל — אין אַ טעמפּן ווינקל, ווייל ס׳איז פאַרשניטן געוואָרן זייער נאָכוווּקס. ״דאָס פאָלק דאָרט, — האָט ער אָנגעוויזן, — ווערט ווידער דעגראַדירט צו אַ נאָציע פון שניידערס און שערערס, אָבער אַצינד שוין אָן יענע גייסטיקע ווערטן, וועלכע ס׳האָבן פאַרמאָגט די יידישע שניידערס און שערערס אין די אַמאָליקע צייטן...״

ס׳לוינט זיך, אָך ווי ס׳לוינט זיך, אַריינקלערן אין די דאָזיקע ווערטער, אויב אפילו זיי קלינגען אַביסל צו קאַטעגאָריש...

ס׳איז אויך כדאי צו דערלערנען און מאַכן די געהעריקע קאָנקרעטע אויס־פירן פון זיין טיפן אַנאַליז וועגן דער אויסנאַמלעכער ספּעציפישקייט פון דער פּאָטענציעלער מאַסן־עליה, וואָס קאָן איצט אַ שטראָם טאָן בלויז פון די מערב־דיקע און מזרח־דרומדיקע ראַנד־געביטן, נאָר דווקא פון דאָרט, וווּ ס׳לעבן היינט 80% פון די סאָוועטישע יידן — רוסלאַנד, סיביר, אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד.. וועגן דער אינטעלעקטועלער לידערשאַפט פון יענער עליה, וועגן די ווידערשפּרוכן צווישן איר אַסימילירטקייט און טראַציק־אויפגעלעבטן יידיש־נאַציאָנאַלן באַ־וווּסטזיין, צווישן אידעאַל און דער ניט גרינגער ישראל־ווירקלעכקייט, ביים אָב־סאָרבירן זיך...

* * *

אַנדייטנדיק אויף מיין ליד ״חשבון״, וואָס איז צום ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן אין ניו־יאָרקער ״פאָרווערטס״ אַ יאָר פאַר מיין עולה זיין אין לאַנד, דער עיקר — אויף די לעצטע פּאָר שורות פון אָט דער ליד:

...פאַרהאַלט מיך ניט — מיר זענען קוויט...

האָט גאָלדע מאיר, גלייך נאָך איר גוט־שמייכלענדיקן ״שלום״ אַ זאָג געטאָן צו מיר ערנסט און עקשנותדיק־אַנטשלאָסן: — מיר קומען קיין בריסל, כדי צו מעלדן פון דאָרט, אַז מיר זענען נאָך ניט קוויט!

גאָלדע, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ פינפטער אמא פון פאָלק ישראל, איז געווען

קאָן מען זאָגן, דאָס מוטערלעכע האַרץ און די נשמה פון בריסעלער קאָנגרעס, די פירזאָגערין און די ערשטע מאָנערן; און ווען זי האָט אין איינער פון אירע קלוגע ליידנשאַפטלעכע אַרויסטרעטונגען זיך געווענדעט צו די ווייטע קרעמל־מנהיגים:— איך פאַרזיכער אייך, סאָוועטישע רעגירער, אַז די רוסלענדישע יידן וועלן אַליין זיין הערשער איבערן אייגענעם גורל!

ווען גאָלדע האָט דאָס געזאָגט, איז נישט וויכטיק געווען דאָס געוויינלעכע אין אַזעלכע פאַלן, ווען דער טויזנטקעפיקער זאַל האָט זיך ספּאָנטאַן אַ הייב געטאָן פון אָרט און זיך צעהילכט, ווי שרייבט מען דאָס, "מיט שטורמישער לאַנגגדויערנדיקער אָוואַציע"... וויכטיק איז געווען, וואָס יעדערער פון אונדז האָט איבערגעלעבט און געשפּירט אין אָט דער פייערלעכער רגע; די ווערטער פון גאָלדען האָבן געקלונגען פאַר אונדז אַלעמען ווי אַ טרייער צוזאָג, ווי אַ הייליקע שבועה פון געאייניקטן וועלט־יידנטום, אַז די שטאָלצע און מוטיקע יידן פון סאָוועטן־רוסלאַנד וועלן קיינמאָל נישט בלייבן פאַראיינזאַמט אין זייער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע און מענטשלעכע רעכט, ס'איז געווען אַ שבועה זיך ראַנגלען פאַרן גורל פון יעדן ייד באַזונדער און פאַר אַלע צוזאַמען. ס'איז געווען אונדזער זיכערסטע אַנטשלאָסנקייט, אַז יידיש בלוט זאָל שוין מער קיין מאָל נישט הפקר זיין.

## 3. "אַנטיסאָוועטיזם" און אַנטי־הומאַניזם,
### אַ בריוו צו שמואל יוסף עגנון ז"ל

ס'קאָן זיך דוכטן, אַז די סאָוועטן האָבן פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט — נישט פאַר די נאַטאָ־כוחות וועלכע זיי קאָנען, די שעה זאָל ניט זיין, מיט איין גוטן בלאָז פון אַ יום כיפור־מלחמה, אַרויסיאָגן פון אייראָפּע, נישט פאַר קיסינ־דזשערס דיפּלאָמאַטישער עקווילבריסטיק, נישט אפילו פאַר דער שטייגנדיקער קראַפט פון איר גרויסער ווייטמיזרחדיקער שכנה "דער ברידערלעכער סאָציאַ־ליסטישער כינע"...

קענטיק, פאַר איין זאַך ציטערן יאָ די סאָוועטן: פאַרן אָביעקטיוון אמת, פאַר פרייער אינפאָרמאַציע, וואָס צעשטערט דעם כישוף פון זייער פּראָפּאַגאַנדע־היפּנאָז, בפרט ווען אָט דער אָביעקטיווער אמת שטייט ניט ווי קיין אדם־נאַקעט נעבעכל קעגן דעם ביז־איבער־די ציין באַוואָפנטן שקר.

מויניהעם אויף דער טריבונע פון אונ"אָ איז פאַר זיי אפשר שרעקלעכער פון אַלע גענערעלער אין די פענטאַגאָן־אַפּאַרטאַמענטן!

זיי קאָנען נאָך פאַרדייען דעם דורכפאַל פון דער קאָמוניסטישער פאַרשווע־רונג אין פאַרטוגאַל, אָבער ניט סאָלזשעניצינס אינטערוויו פאַר דער פאַריזער טעלעוויזיע...

דעריבער טאַקע איז אויך נישט קיין חידוש, וואָס די סאָוועטן האָבן גלייך פון אָנהייב מאָביליזירט אַלע זייערע שקרים־לייט מיטן גאַנצן קלאַפּער־געצייג, כדי אַרונטערצורייסן די בריסעלער קאָנפערענץ — פון די לעצטע פאַר יורדים

פון ישראל, ביז דעם ערשטן יורד פון ביראָבידזשאַן — ווערגעליס, דעם רעדאַק־טאָר פון אַן אַנטי־יידישן זשורנאַל מיט יידישע אותיות, פון דעם אַמאָליקן העלד און איצטיקן מיליטער־גראַפאָמאַן און קליינמינץ־פּראָוואָקאַטאָרל — הענריך האָפמאַן, ביז עפּעס איינעם אַ טאַנדעטניק פון דער מאָסקווער סינאַגאָגע, וואָס האָט געסטראַשעט די וועלט, אַז ער וועט אַליין קומען אויף דער קאָנפערענץ כדי צו זאָגן און אַריינצוזאָגן, פון די אָרגענטינער איקופּניקעס ביז צו די ״פּאַ־לעסטינעזער״ קינדער־מערדער. און ווידליק דעם פיבערהאַפטן סופער־היסטע־רישן טאַראַראַם, וואָס די סאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אויסגעהויבן אַרום אונ־דזוער קאָנפערענץ, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז אַדאַנק איר, פאָלט, חלילה, דער הימל אויף דער ערד פון דער מעכטיקער רוסלענדישער אימפּעריע...

איך זאָג: ״חלילה״, ווייל כ׳בין זיכער, אַז קיינער פון אונדז איז ווייט נישט פּאַראינטערעסירט אין אַזאַ מין הימלפאַלעניש. די היסטאָרישע דערפאַרונג לערנט אונדז, אַז ביי יעדער מין בלוטיקע שינוים, ביי יעדער מין ״הימלפאַלעניש״ליידן אין דער ערשטער ריי אונדזערע ברידער־יידן, בפרט נאָך אין לענדער מיט אַ גאַנץ מערקבאַרער נייגונג צו גרויס־שאָוויניזם. אָנגעשריבן די לעצטע פּראָזע, האָב איך אַליין צו זיך אַ שמייכל געטאָן: ווי איידל און ווי צירלעך־מאַנירלעך! גאָנץ מעגלעך אַז אויך איך בין באַהערשט געוואָרן דורך יענער סטערילער אַט־מאָספער, וואָס שייך דעם סאָוועטישן רעזשים, וואָס אייניקע קאָנפערענץ־מנהיגים האָבן אַזוי טיכטיק, אַזוי כשר אויסגעהיט, פון יענער מורא, חלילה, צו באַרירן דעם כבוד פון ״ערשטן סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד״, פון דעם פּאַטאָלאָגישן פּחד נישט אַריינצופאַלן רחמנא לצלן אין קיין ״אַנטיסאָוועטיזם״...

אַזעלכע באַוואָרענישן האָבן אָבער נישט גאָר וויניק וואָס געהאָלפן — זיי האָבן נאָך מער אויפגערייצט די סאָוועטישע רעגירער, זייערע וואָרט־זאָגער, זייערע אַנטי־יידישע פויקנקלאָפּערס און צימבלער. די גאַנצע סאָוועטישע פּרעסע־טעלעוויזיע־ און ראַדיאָ־ דעזאינפאָרמאַציע אויף אַלע מעגלעכע לשונות איז אין יענע טעג פאַרנומען געווען מיט זידלעריי און באַשמוציקונג אויפן אַדרעס פון דער בריסעלער קאָנפערענץ, אַט דעם אויסנאַמלעך־ווירדיקן פאָרום פון אונדזער נאַציאָנאַלער אחדות!

נאָך מער — קעגן דעם דאָזיקן פאָרום האָבן זיי אויך באַוויזן אָנצורייצן די אַראַבישע פאַרשטייערשאַפטן און די מחבלים, וועלכע האָבן פרעך געדראָט דער דעמאָקראַטישער רעגירונג פון בעלגיע מיט באָיקאָט און טעראָר פאַר דערלויבן אויף איר טעריטאָריע צונויפצוזאַמלען אַט די ״אַנטיסאָוועטישע״ און, פאַרשטייט זיך אויך ״אַנטיאַראַבישע״ דעמאָנסטראַציע...

אין דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט יונגע מוטערס מיט זייערע קינ־דער — די פרויען פון די אסירי־ציון הלל בוטמאַן און אריה חנוך. דאָס צווייטע מיידעלע פון הללן האָט קיין מאָל נאָך נישט געזען איר פאָטער...

צוויי עלטערע פרויען האָבן ביי אַלעמען געוועקט גרויס סימפּאַטיע און טיפן מיטלייד, די מוטער פון איליאַ גלאָזער, אַ וויכטיקן וויסנשאַפטלער, וועמען מען

האַלט נאָך אַלץ פאַרשפאַרט אין סיביר. זיין מוטער — אַ שטילע, שניי־ווייסע טויב, אַן איינזאַמע און צעפייניקטע... און נאָך איין פרוי, וואָס איז געשטאַנען אויף דער טריבונע איבערפולט מיט צער־און־צאַרן — די אַלטע קראַנקע מאַמע פון דער משפחה סלעפּאַק. שוין העכער פינף יאָר ווי דאָס מוטערלעכע האַרץ פון אַט דער העלדישער פרוי בלוטיקט און ווערט צעבראָכן פון בענקשאַפט נאָך אירע קינדער און אייניקלעך. העכער פינף יאָר, ווי מע רודפט אין סאַמע צענטער פון מאָסקווע די משפחה סלעפּאַק פאַר זייער עקשנותדיקער שטרעבונג קיין מדינת ישראל: געהיים־אַגענטן גייען נאָך פוס־טריט, מען ברעכט זיך אַריין אין הויז מיט אונטערזוכונגען, מע שליסט אויס דעם טעלעפאָן, מע יאָגט פון דער אַרבעט, מע שלעפּט אויף פּאָליציי־פאַרשונג און מע פאַרשפּאַרט אויך ביי יעדער געלעגנהייט אין די פּאָליציי־צירקלען.

אויב אונדזערע באַמיונגען אַרויסצובאַפרייען פון די טורמעס און קאָנצלאַגערן הלל בוטמאַן, אריה חנוך, איליאַ גלאַזער און אַנדערע, וועמען מען פייניקט דאָרט פאַר ווען עולה זיין קיין ישראל, אויב אונדזער סאָלידאַריטעט מיט די משפחות סלעפּאַק, פּרעסטין, אַבראַמאָוויטש און נאָך 160 טויזנט יידן, וועלכע מע פאַר־האַלט איצט מיט צוואַנג אין רוסלאַנד, אויב אונדזערע גערעכטע פאָדערונגען פאַר אַ פרייער עליה ווערן באַצייכנט אַלס „אַנטי־סאָוועטיזם״, דאַן קלינגט זיך איבער דער באַגריף „סאָוועטיזם״ מיט אַנטי־הומאַניזם און אַנטי־מאָראַלישקייט!

דאָס האָבן זיי גוט פאַרשטאַנען די דעלעגירטע פון מאָסקווע „יידן־אַפּשטאַ־מיקע״ קאַלאַבאַראַנטן, וועלכע מע האָט פונקט צו דער צייט אַריינגעשיקט קיין בריסל, כדי אינסצעניזירן פיינטלעכע פּרעס־קאָנפערענצן קעגן דעם יידישן פאָרום. טאַקע זיי האָבן גרילציקער פון אַלץ געשריגן וועגן דעם „אַנטיסאָוועטישן כאַ־ראַקטער״ פון אונדזער קאָנפערענץ. אָבער אפילו אַזאַ פאַרשוין ווי ווערגעליס, וועלכער באַזיצט די פעאיקייט ניט קיין פינטל צו טאָן מיט קיין איין אויג ביים אַריינבראָקן דעם געמיינסטן ליגן, אפילו ער האָט קענטיק זיך דערפילט נישט מיט אַלעמען, ווען מע האָט זייער דעלעגאַציע כמעט אָפיציעל איינגעלאַדן אויף אַ פרייער דיסקוסיע אין אונדזערע קאָנפערענץ־זאַלן.

די דאָזיקע „יידן־אַפּשטאַמיקע״ האָבן דאַן תיכף, מיט אַ מין לעכערלעך־פּחדנותדיקער אייליקייט זיך אָפּגעטראָגן פון בריסעל... ס׳האָט געדאַרפט הייסן, אַז „ליידער״ האָבן זיי איצט פיל וויכטיקערע געשעפטן אין אַנדערע שטעט, אין... פּאַריז למשל.

מיר דוכט, אַז נוצלאָז און ביז גאָר נישט ווירדיק איז געווען אַליין דער גע־דאַנק וועגן אָנקניפּן קאָנטאַקטן מיט אַזעלכע לייט ווי ווערגעליס אָדער העגריך האַפּמאַן. מיין פּערזענלעכע באַציונג צו אַזאַ געדאַנק און אַזעלכע באַמיונגען האָב איך אויסגעדריקט דורך אַריינטראָגן אין דעם קאָנפערענץ־סעקרעטאַריאַט אַ קאָפּיע פון מיינער אַ בריוו, וועלכע כ׳האָב אין יאָר 1966 אַריבערגעשיקט פון מאָסקווע צום גרויסן העברעישן שרייבער שמואל יוסף עגנון ז״ל.

כ׳מיין אַז ס׳האָט אַ זין צום ערשטן מאָל אין ישראל פאַרעפנטלעכן אָט דעם

בריוו, וועלכער איז אַרייננעגעגומען געוואָרן צווישן די דאָקומענטן פון דער ברי־סעלער קאָנפערענץ:

**חשובער ר׳ שמואל־יוסף עגנון!**

צו אייך ווענדעט זיך אַ יידישער דיכטער פון מאָסקווע. מיך רופט מען יוסף קערלער, ניט קיין ווונדער, אויב איר האָט אפילו נישט געהערט פון אַזאַ נאָמען. ס׳איז אויך מעגלעך, אַז אַלע מיינע שרייבעכצן צוזאַמענגענומען זיינען ניט ווערט קיין איין בלעטל פון אייערע ווערק, וועלכע זענען לעצטנס אַזוי געהויכט און געקרוינט געוואָרן. יאָ, צווישן אונדז איז ״פּאָלג מיך אַ גאַנג״ ניט נאָר אין געאָ־גראַפישן זין, שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס איר, ביז הונדערט און צוואַנציק, זייט כמעט ווי צוויי מאָל עלטער פון מיר... אָבער דער מהלך צווישן אונדז איז, מיין איך, פאַרט ניט אויף קיין סך גרעסער ווי יענער, וואָס האָט זיך אַמאָל געשפּרייט צווישן ר׳ לוי יצחק באַרדיטשעווער ז״ל און דעם רבונו של עולם. דעריבער נעם איך זיך אָן מיט מוט און גיי אַרויס צו אייך מיט אַ טענה, מיט אַ בלוטיקער טענה, מיט אַ טענה ניט נאָר פאַר זיך — פאַר אַלע קדושים און גע־פּייניקטע אין די יאָרן פון סטאַלין־קולט, פון בעריאַ־טעראָר.

שוין די קלאַנגען פון לאָנדאָן, אַז איר האָט דאָרטן באַוויליקט אויפצונעמען ווערגעליסן, האָבן געמאַכט אויפציטערן טויזנטער יידישע הערצער, דאָ ביי אונדז, וווּ מע ווייסט גוט ווער איז אַזוינס און וואָס איז אַזוינס ווערגעליס. אַציגד הערן מיר שוין, אַז איר האָט אים איינגעלאָדן קיין ישראל, אַלס אייערן אַ פּערזענלעכן גאַסט!...

צי דען זענען צו אייך נישט דערגאַנגען קיינע ידיעות, וועגן דעם מאָראַלישן פּרצוף פון אייער קינפּטיקן גאַסט? מיר, די ניצול־געבליבענע, וואָלטן פיל גע־קאָנט דערציילן וועגן די ״מעשים טובים״ פון אָט דעם ״גאַסט״ אייערן. איך, ליידער, בין שוין צום צווייטן מאָל ״באַגליקט״ געוואָרן דורך דעם דאָזיקן געניטן בעריאַ־אַגענט. צום ערשטן מאָל — אין 1950, ווען אויך אַ דאַנק זיינער אַ מסירה, וועגן מיין ״נאַציאָנאַליסטישער״ טעטיקייט, האָב איך 6 יאָר אָפּגעריכט קאַטאָרגע אין די קוילן־שאַכטעס פון וואָרקוטאַ. צום צווייטן מאָל — צוריק מיט אַ יאָר; די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אונדז דערלויבט אַרויספאָרן קיין ישראל, כדי זיך פאַראייניקן מיט די קרובים... מיר האָבן שוין אויספאַרקויפט אַלץ און גליקלעכע געוואָרט אויף די פּעסער און —פּלוצעם — אָן אומגעהערטע זאַך — מע אַנולירט די דערלויבעניש! און ווידער איבער אַ מסירה פון ווערגעליסן מיט נאָך אַ פּאָר זיינע אונטערשטופּער... צי שטעלט איר זיך פאָר, וואָס דאָס באַטייט אין אונדזערע באַדינגונגען און נאָך פאַר אַ מיטגליד פון שרייבער־פאַרבאַנד?... סיי איך, סיי מיין פרוי ווייסן, דאַכט זיך, ״פּאַטשאָם פונט ליכא״, מיר האָבן זיך שוין גאַנץ פיין אָנגעשמעקט מיט פולווער, אונדז זענען באַקאַנט די מלחמה־טראַנשייען פונקט אַזוי גוט ווי די טורמע־נאַרעס... און דאָך איז פאַר אונדז דאָס יאָר 1966 — דאָס פינצטערסטע יאָר אין אונדזער לעבן און אין וועלכן יאָר

וועט פאַר אונדז ליכטיקער ווערן ווייסן מיר אויך ניט!... ניט אַזוי פאַר אונדז די זאָרג — פאַר אונדזער קליין זונעלע, זאָל לעבן. אפשר בין איך אַזוי זינדיק, וואָס מיר האָבן ניט די זכיה באַטרעטן די הייליקע ערד, נאָר צי איז ניט צו שווער די אחריות, וואָס איר, ר׳ שמואל יוסף עגנון, בעמט אויף זיך, אין אייער זכות זאָל באַטרעטן ישראל אַ מענטש, וואָס איז בכלל ניט ווערט, אַז די ערד זאָל אים טראָגן ? !

איך פאַרשטיי, אַז איינלאַדנדיק דעם דאָזיקן פאַרשוין, האָט איר אפשר געהאַט דערביי זייער אַ גוטע כוונה — — באַווירקן און אויסנוצן אים אין די אינטערעסן פון דער יידישער קולטור ביי אונדז!... אַי, ווען איר זאָלט וויסן וויפל גוטע מענטשן ס׳האָבן זיך שוין אָפּגענאַרט, מיינענדיק אויסנוצן דעם דאָזיקן אויסוואורף צוליב אַ ריינעם צוועק; געוויינלעך ענדיקט זיך עס מיט דעם, וואָס ער נוצט גלענצנדיק אויס אַזעלכע וווילע לייט בלויז צוליב זיין שמוציקער קאַריערע... ביי אייך דאָרט אין אויסלאַנד, שטעלט מען זיך פאָר ווערגעליסן ווי עפּעס אַן אַל־מעכטיקן ״קאָמיסאַר״ איבער אַלע אונדזערע יידישע ענינים. אין דער אמתן האַלט מען אים נייטיק ווי יענע קאַץ, וועלכע קאָן שטענדיק און צו דער צייט קאַליע מאַכן...

גאָר ניט צופעליק איז געווען זיין לעצטער וואָיאַזש קיין לאָנדאָן. ס׳האָט זיך געלוינט אָראָפּשלינגען די געוויינלעכע פאַרציע פאַראַכטונג מצד דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, כדי אַריינפאַלן אין די גאַסטפריינטלעכע אָרעמס פון עגנונען! שוין לאַנג ווי ווערגעליס רייסט זיך קיין ישראל. איצט מעג ער יובלען! ער קלערט אַוודאי כשרן זיינע בלוטיקע הענט ביים ריינעם פייער פון ר׳ שמואל־יוסף עגנון...

איר וועט זאָגן: דאָס קאָכט אין מיר מיין אומגליק, מיין פערזענלעכע שנאה? נו איז וואָס? אויך מיט איר וועט איר זיך מוזן רעכענען! אָבער חוץ מיר גייען אַרום נישט וויניק יידישע שרייבער און שפּירן זיך אַזוי גוט ווי אויסגעפּאַטשטע איבער די פּיסקעס, דורך... אייך! דורך אייך, שמואל־יוסף עגנון!... איך שטרעק צו אייך די הענט, איך באַשווער אייך ביי אַל דאָס הייליקע און דורך די פאַר־קלעמטע ציין רייסן זיך די ווערטער פון דעם באַרדיטשעווער ז״ל: ״כ׳וועל זיך פון אָרט ניט רירן״!

צופיל כבוד האָט איר געבראַכט אונדזער פאָלק און לאַנד, איר זאָלט אונדז די פאַרשטויסענע, מאַכן צו שאַנד און צו שפּאָט, איינלאַדנדיק אָט דעם מאָנסטער קיין ישראל!

דעקאַבער 1966, מאָסקווע — יוסף קערלער

## 4. דער כוח פון יידיש

באַגעגנט האָב איך זיך מיט אים אין סאַמע געדרענג, אין רעכטן מענטשן־טומל פון די גערעמע פאָיע־קאָרידאָרן אַרום גרויסאַרטיקן קאָנגרעס־זאַל פון אַלבערט־פּאַלאַץ. גלייך ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז כ׳בין אַ קנאָפּער ענגליש־

פאַרשטייער, איז ער אַריבער אויף אַ מין אַמעריקאַנער קאָלעדזש־יידיש, פון וועלכן כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט מיך דערקענט... לויט מיינעם אַ פאַר־טרעט, וועלכן ער האָט צוריק מיט אַ יאָר זעקס געטראָגן אויף איינער פון די יידישע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס ביי דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע אין ניו־יאָרק. צווישן פיל אַנדערע איז אויך געווען דאָס בילד פון מיין ווייניקייט מיט אַן אויפשריפט ״לאָזט אַרויס אַהיים דעם יידישן דיכטער יוסף קערלער״...

ער איז נישט לאַנג, זאָגט ער, געווען אין מאָסקווע און ער איז גליקלעך מיר איבערצוגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון מיינע אַלטע גוטע פריינד — די עליה־קעמפער וואָלאָדיע און מרים סלעפּאַק, פּאַוועל אַבראַמאָוויטש און די משפחה פּרעסטין...

פון דעם דאָזיקן אַמעריקאַנער ביז גאָר סימפּאַטישן באָיטשיקל האָט אַרויס־געשטראַלט אַזוי פיל האַרציקע באַחנטע היימישקייט, אַז ס׳איז אפילו געווען אַנ־גענעם צו הערן זיין ״יונג־אַמעריקאַנער״ יידיש, אַ לשון — גלייך אַ שווערלעך געפּאַקטער וואָגן וואָלט פּאַמעלעך גערעדערט איבער האַרטן שטיינער־געפּלאָס־טערטן ברוק...

צוליב וואָס זאָגט ער, האָט ער זיך ״אויף די עלטערע יאָרן״ אויסגעלערנט יידיש ? (דאָס באָיטשיקל איז איצט אַלט אוודאי אַ יאָר 25 !). ער גיט מיר צו פאַרשטיין מיט אַ זאַכלעכן שמייכל: ״צוליב עקאַנאָמיע און באַקוועמלעכקייט״... אַז ניט וואָלט ער באַדאַרפט אַוועקזעצן קנעלן כאָטש מינדסטנס דריי שפּראַכן — רוסיש, שפּאַניש, פראַנצויזיש... און ער אינטערעסירט זיך מיט יידיש־לעבן אויף גאָר דער וועלט און יידיש, זאָגט ער, איז ביז היינט די איינציקע בינד־שפּראַך ביי יידן. ער האָט זיך עס איבערצייגט אַרומרייזנדיק פאַרשיידענע לענ־דער. אויך אין רוסלאַנד — דאָס זעלבע...

מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער האָב איך אים שוין געזען זיצן אויבן־אָן אַלס פאָרזיצער אויף אַ באַראַטונג פון דער אַרבעטס־קאָמיסיע אין שוץ פון די אסירי־ציון. נו, מן הסתם האָט ער זיך כשר פאַרדינט דעם כבוד פון זיין אַ ״טשערמען״, אַדאַנק זיינע אַקטיוויטעטן אין קאַמף פאַר מענטשן־רעכט פון סאָוועטישן יידנטום. זאָגן דאַרף מען, אַז געפירט האָט ער די זיצונג ממזריש־געניט. ביי אונדז אין יידיש־יידישן ירושלים האָט אַ שם פון אַ גלענצנדיקן מסיבה־פאָרזיצער אונדזער חשובער ד״ר גרשון ווינער, וועלכער באַווייזט אַ קונץ פון זיין אַ יושב־ראש מיט אַ פעסטער האַנט ביי... אַן אַבסאָלוטער דעמאָקראַטישער צושטימונג. ביי יידן, זאָגט מען, איז דאָס אַ זעלטענע זאַך... איז דאַך דאָס גרשון ווינער, וואָס האָט שוין ב״ה גרויס דערפאַרונג אין אַזעלכע ענינים און איז, ביז הונדערט און צוואַנציק, עלטער מיט אַ סמיטשיק פון יענעם פינף־און־צוואַנציקיאָריקן באָי, וועגן וועלכן איך רעד !...

דער בחור האָט זיך געשפּירט אויף זיין בכבודיקן פּלאַץ ממש ווי אַ פיש אין וואַסער ; ווי מיט אַ זאַכלעכער באַמערקונג, ווי מיט אַ שאַרפזיניקן וויץ, האָט ער געריכטעט די באַראַטונג אַזוי, אַז די רעדנער זאָלן מאַקסימאַל אויסמיידן סתם

שיינע רייד, נאָר יעדערער זאָל פאַרלייגן אַלץ נייע און קאָנקרעטע מאָסמיטלען. מיט וואָס אַרויסהעלפן און באַפרייען אונדזערע ברידער פון די סאָוועטישע טור־מעס און צוואַנגס־לאַגערן.

גערעדט האָבן דעלעגאַטן פון אַלע עקן וועלט, געהערט האָט מען, ווי געוויינ־לעך, אויף אַלע יידישע וועלט־קאָנפערענצן, — מיינסטנס — ענגליש, אויך פראַנ־צויזיש און שפּאַניש, זעלטן רוסיש, נאָך זעלטענער — עברית... די סימולטאַן־איבערזעצער זענען אויך געווען אויף אַ געהעריקן ניוואָ (אויף יידיש האָט מען נישט איבערזעצט...) האָט זיך פּלוצים אויפגעשטעלט אַ יונגע שיינע פרוי פון בראַזיל און אַ זאָג געטאָן אין ענגליש בזה הלשון: חשובער פאָרזיצער און גע־ערטע פריינד, איך באַהערש גאַנץ גוט ענגליש, שפּאַניש — אוודאי, העברעיש איז מיר אויך ניט פרעמד, אָבער ריידן וועל איך אויף יידיש...

אין פּרעזידיום האָט מען זיך איבערגעקוקט. און דער פאָרזיצער, דאָס זעלבע באַיטשיקל, שטעלט אייך פאָר, וואָס האָט זיך פריער באַרימט אַז ער האָט זיך ״אויף די עלטערע יאָרן״ אויסגעלערנט יידיש, ווייל יידיש איז די איינציקע ״בינד־שפּראַך ביי יידן״, דער זעלבער האָט זיך צום ערשטן מאָל פאַרלוירן, זיין גאַנצע געניטשאַפט אַלס יושב־ראש איז ווי אויסגערונען און ער האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— יידיש? פאַר וואָס עפּעס יידיש?... — דערנאָך אָבער האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט: מיר האָבן דאָך נישט קיין סימולטאַן־איבערזעצער...

נאָר דאָ איז געשען אַט וואָס: פון אויבן־אויפיקן סימולטאַן־פענצטערל, ווי להבדיל פון אַ ווייבערישער שול, האָט זיך אַרויסגערוקט אַ יונגער צעפּאָטל־טער קאָפּ פון איינעם אַן איבערזעצער:

— איך קען איבערזעצן פון יידיש — האָט ער אָנגעזאָגט מיט גרויס שמחה... דער עולם האָט פריילעך אַפּלאָדירט...

קעגן וואָס איז דאָס געקומען צו רייד? ס׳איז אַ מין קאַפּוליער אָנצוהערעניש דער קומענדיקער וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער קולטור: אַ קשיא אויף אַ מעשה, מע קאָן נאָך אַ מאָל אויך דאָרט איגנאָרירן יידיש, פּונקט ווי ס׳ווערט איגנאָרירט אויף אַלע יידישע וועלט־קאָנפערענצן, ווו די איבערוועגנדיקע מער־הייט דעלעגאַטן פאַרשטייט, האָט ליב און רעדט געשמאַק אין די קולוארן, פאַר־שטייט זיך, יידיש.

אויך די ברייסעלער קאָנפערענץ האָט ליידער נישט אויסגעמיטן די דאָזיקע שעדלעכע און שענדלעכע טענדענץ.

אויפן אַלוועלטלעכן פאָרום אין שוץ פון סאָוועטישן יידנטום האָט געמוזט פריי און אָפן אַ קלונג טאָן דאָס לעבעדיקע יידישע וואָרט, וואָס איז אַזוי ברוטאַל צעטראָטן געוואָרן און ווערט ביז היינט געשטיקט דורך דעם סאָוועטישן רעזשים. ס׳האָט געמוזט ווידער אויפשיינען דאָס מאַמע־לשון פון די דערמאָרדעטע דורך די סאָוועטן גרויסע יידישע שרייבער און קינסטלער.

ס׳האָט געמוזט און ס׳האָט געדאַרפט און ס׳איז אַ גרויסער מאָראַלישער דורכפאַל אין נאַציאָנאַלן זין, אויב ס׳האָט נישט פולבאַרעכטיקט געקלונגען דאָס

יידישע וואָרט, כאָטש אין זכות פון די דערמאָרדעטע, אין נאָמען פון זייערע פאַריתומטע משפחות, פרויען און קינדער, פון זייערע גייסטיקע יורשים — די צענדליקער לעבן־געבליבענע יידישע שרייבער, קינסטלער, קולטור־טוער, וואָס האָבן זיך מיט אַזוי פיל מוט דורכגעבראָכן אַהיים, קיין מדינת ישראל און דאָ געשלאָגן וואָרצלען אין דער טיפסטער טיף...

צו טייער האָט אונדז געקאָסט דער שווערער איבערברוך אינעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין פון סאָוועטישן יידנטום אין די שוואַרצע יאָרן פון צעיושעטן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם (1948—1953). די נייע יידישע נאַציאָנאַלע באַפרייונגס־באַוועגונג פון סאָוועטרוסלאַנד איז אויפגעקומען קודם כל אַלס פּראָטעסט און ענדגילטיקער חשבון הנפש, נאָך יענע בלוט־בלבולים און אין דער ערשטער ריי — נאָך די מאָרד־אַקציעס איבער שלמה מיכאָעלס, דוד בערגעלסאָן, פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, בנימין זוסקין, לייב קוויטקאָ און פיל פיל אַנדערע גרויסע יידישע קולטור־גייסטער.

יאָ, צו פיל בלוט האָט עס אונדז געקאָסט, מיר זאָלן לאָזן פאַריאָגן אונדזער יידיש מאַמע־לשון אין די קאָזיאָנע געטאָ־ציימלעך פון פאַרשיידענע קאָמיטעטן.

פאַר אונדז איז איבערגעגנוג אַזאַ מין קאָזיאָנע געטאָ־טורמע ווי ס׳מאָסקווער „סאָוועטיש היימלאַנד״, וווּהין מען האָט מיט גוואַלד אַריינגעקוועטשט דאָס איבערבלייבעכץ פון אַ גרויסער געשאָכטענער קולטור!

איך גלייב, אַז יידיש איז באַוואָרנט געוואָרן אויף דער בריסעלער קאָנפערענץ, נישט מחמת בייזוויליקע אָדער „גרעגעצלאָזער שנאה״, ווי איינער אַ זשורנאַליסט האָט שוין געשריבן, נאָר גיכער פון אַלץ צוליבן קליינקעפּלדיקן „פּראַקטיציזם״ פון אייניקע מנהיגים, אָדער גאָר פון ביז גאָר שעדלעכער גרינגשעצונג צו איינער פון אונדזערע גרעסטע נאַציאָנאַלע קולטור־ווערטן.

און דאָך וועגן כוח פון אונדזער יידיש־לשון! אין דעם האָבן זיך פאַרט איבערצייגט סיי די מנהיגים, סיי די דעלעגאַטן, סיי די טויזנטער יידן פון בריסעל וואָס האָבן זיך צונויפגעקומען אינעם ריזיקן זאַל אויפן פייערלעכן שלוס־אָוונט פון דער קאָנפערענץ. הויך איבער דער בינע האָט געפלאַטערט אַ גרויסע בלויע פאָן מיט אַ ווייסן מגן דוד אין דער מיט. אָט דער נאַציאָנאַלער סימבאָל פון די רוסלענדישע יידן איז היינט צום ערשטן מאָל פייערלעך געשענקט געוואָרן די פאַרשטייער פון וועלט־יידנטום, דורך די דעלעגאַטן־עולים פון סאָוועטן־פאַרבאַנד.

ס׳איז געווען אַזוי נאַטירלעך און אַזוי וווּנדערלעך, וואָס אונטער דעם געפלאַטער פון אָט דער פאָן איז ווידער, צום צווייטן מאָל פאַר דעם אָוונט, אַרויסגעטראָטן אונדזער גאָלדע און חידושדיק־פּראָסט אויפגערודערט אונדזער געמיט און אַ בלעטער געטאָן אונדזער זכרון מיט דער בלוטיקער כראָניק פון אונדזער פאָלק פאַר די לעצטע יאָרצענדליקער: חורבן... גבורה... ווידערגעבורט און ווידער אין איבערמענטשלעכן געראַנגל פאַרן עצם־קיום...

ס׳איז געווען אַזוי נאַטירלעך און אַזוי וווּנדערלעך, וואָס אונטערן געפלאַטער פון אָט דער פאָן האָבן איינס נאָכן אַנדערן פאַרשטייער פון די גרעסטע יידישע

קהילות דורכגעלייענט דעם מאַניפעסט, וועלכן ס׳האָבן איינשטימיק אָנגענומען און געחתמעט אַלע 1200 דעלעגאַטן. אמת, ביי פיל, ביי זייער פיל יידן האָט זיך ערגעץ פאַרנעסטעט אַ פאַרדריסלעכער, אַ ביטערלעכער ביי־טעם: אויך דאָ האָט אויסגעפעלט דאָס יידישע וואָרט, דאָס איינציקע אינטערנאַציאָנאַלע לשון פון וועלט־יידנטום.

אָבער אָט דער פאַרדרוס און אָט די ביטערניש איז פאַרשוווּנדן ווי אַ רויך, ווי עפּעס אַ בייזע אַנשיקעניש, ווען אונטערן געפלאַטער פון דער בלויער פאָן מיטן ווייסן מגן דוד, זענען אַרויס ווי אויף ליכטיקע פליגלען די שיינע ייִנגלעך און מיידלעך פון דעם יידישן פאָלקס־אַנסאַמבל ״מיר זענען דאָ״ (״אנחנו כאן״)...

ס׳איז געווען נאַטירלעך ווי אַלץ וואָס איז פאַרגעקומען ביז איצט, און אפשר אויך וווּנדערלעכער פון אַלץ, וואָס איז פאַרלאָפן אויף דער קאָנפערענץ.

דער דאָזיקער זינגענדיקער און טאַנצנדיקער חברה איז אָנגעקומען נישט גרינג ערגעץ דאָרט אין ווילנע, קאָוונע, קעשענעוו... זיי האָבן געקעמפט ווי די יונגע לייבן פאַרן יידישן וואָרט, פאַר דער יידישער קולטור אין די ברוטאַלע קלעמען פון צוואַנגס־אַסימילאַציע. זיי האָבן איינצייטייק אויך געראַנגלט זיך פאַר די רעכט פון פרייער עליה אין די געפערלעכסטע באַדינגונגען פון פּאָליציי־טעראָר.

צווישן די העכער 100 אָנטיילנעמער פון אַנסאַמבל געפינען זיך אפשר נאָר אַ פּאָר פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן. די איבעריקע זענען אַמאַטאָרן און דאָך צווייפל איך שטאַרק, צי מיר פאַרמאָגן כאָטש איין פּראָפעסיאָנעלן אַנסאַמבל, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט זייער פלאַמיקער און געשליפענער מייסטערשאַפט!

זיי זענען ליבהאָבער און אויך דאָ אין ישראל איז זיי נישט גרינג: יעדער איינער פון זיי איז פאַרנומען מיט זיין אַרבעט, אַריינגעטאָן אין פאַך, אין זיינע זאָרגן, און זיין... קליטה, זיי זענען צעוואָרפן אין פאַרשיידענע שטעט פון לאַנד... וויפל זשע ליבשאַפט און טריישאַפט באַדאַרף מען עס פאַרמאָגן, כדי אויסצוהיטן און פאַרפולקומען אַזאַ מין קונסט־אַנסאַמבל!

זייער יידישע פלאַסטיק, זייער געזאַנג, זייער אויסגעלייטערט, אין פרייד און אין פּיין, יידיש וואָרט! נאַטירלעך — אויך עברית און אוודאי אויך ישראל־ווירק־לעכקייט, פאַרקערפּערט אין ליידנשאַפטלעכע זוניקע פילפאַרביקע ניגונים און טענץ!

אין זאָל זענען געזעסן געניטע טעאַטראַלן פון פאַריז, ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס. איינער אַזאַ טעאַטראַל פון ישראל האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך געווענדעט צו מיר:

— ס׳איז אפשר דער איינציקער, באמת נאַציאָנאַלער אַנסאַמבל, וואָס מיר פאַרמאָגן...

ס׳איז שווער צו שילדערן די רעאַקציע פון ריזיקן צושויער־זאַל: נאָך יעדער טאַנץ, נאָך יעדער ליד איז מען אויפגעשפּרונגען פון די פלעצער. דער

צענטוויזנט־קעפיקער עולם האָט מיטגעזאָגט, מיטגעזונגען, מיטגעוויינט און מיט־געלאַכט... און וויפל יונגע מענטשן צווישן זיי!

די קינסטלערישע אַרויסטרעטונג פון פאָלקס־אַנסאַמבל „מיר זענען דאָ" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתן טריומף פון דער רוסלענדישער עליה, פון מדינת ישראל; און אַזוי נאַטירלעך און אַזוי וווּנדערלעך — אויך אין אַ טריומף פון אונדזער יידיש, וואָס קיינער אויף דער וועלט איז נישט בכוח געווען דאָס צו פאַרשעמען, ווייל פון הינטער די קוליסן האָבן ווי אַפּירגעקוקט מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם, סע זענען אויפגעשטאַנען די קדושים־דיכטער, אומגעבראַכטע דורך היטלערן און סטאַלינען י"ש.

הינטער די קוליסן זענען געשטאַנען די „ווילנער טרופּע" און דער מאָסקווער מיכאָעלס־טעאַטער.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך

### קבלת פּנים פאַר לייב דאָמב־טרעפּער

דער ועד התיום (קאָאָרדינאַציע־קאָמי־טעט) פון פּאַרטיזאַנער, געטאָ־אויפשטענ־דלער און אַנטי־נאַצי־קעמפער האָט דעם 2טן מאַי 1976 איינגעאָרדנט אַ באַגע־געניש מיט **לייב דאָמב־טרעפּער**, בשיי־כות מיטן דערשיינען פון זיין באַרימטן דאָקומענטאַלן מעמואַרן־בוך אין דער העב־רעישער איבערזעצונג. „מיין רויטער אָר־קעסטער" — אַזוי הייסט דאָס בוך, וואָס איז שוין דערשינען אין אַ פּאָר צענדלינג שפּראַכן, און וואָס וועט בקרוב זיך אָנ־הייבן דרוקן אין אונדזער אַלמאַנאַך.

ביי אַן איבערפולטן זאַל פון ירושלי־מער זשורנאַליסטן־הויז האָט געעפנט דעם אָוונט חבר **יאַקוב גוטפריינד**, איינער פון די אַקטיווע אונטערגרונט־קעמפער קעגן די פאַשיסטישע אָקופּאַנטן אין בעלגיע. ער האָט האַרציק באַגריסט דעם חשובן גאַסט און כאַראַקטעריזירט אים ווי איי־נעם פון די גרעסטע גיבורים אינעם בלו־טיקן געראַנגל מיט דער ברוינער נאַציס־טישער פּעסט. לייב דאָמב אָדער לעאָ טרעפּער האָט געהאַט געגוג מוט און עקשנות, גענוג אמונה אין דער גערעכ־טיקייט פון זיין קאַמף, כדי אויסצוהאַלטן און אַרויס מיט נצחון אַזש פון גאַנצע פיר מלחמות: די ערשטע — בראש פון זיין „אָרקעסטער", וואָס האָט מייסטעריש און פול מיט קרבנותפולן העראָיזם דורכ־געפירט זיין טעטיקייט אין סאַמע האַרץ פון דער נאַציסטישער הערשאַפט אין איי־ראָפּע; די צווייטע — אין די שרעקלעכע קעלערן פון „לוביאַנקע", ווו די סאָוועטן האָבן אים אויס „דאַנקבאַרקייט" אַריינ־געשפּאַרט, די דריטע — קעגן די מאַכט־האָבער פון „סאָציאַליסטישן" פּוילן פאַר זיין עקשנותדיקער פאָדערונג מע זאָל אים דערלויבן אַרויספאָרן אַ היים — קיין ישראל; און די פערטע מלחמה קעגן די בייזוויליקע פאַרקריפּלונגען און פאַלסי־פיצירונגען פון דער פראַנצויזישער טע־לעוויזיע, הינטער וועלכער ס'איז זיכער געשטאַנען אין געהיים אַ „פּאַראייניקטער פראָנט" פון נעאָנאַציסטישער און פּראָ־סאָוועטישער יודאָפאָביע.

מיט גרעסטער אויפמערקזאַמקייט איז אויסגעהערט געוואָרן די פאַרכאַפּנדיקע און ליידנשאַפטלעכע אַרויסטרעטונג פון לייב דאָמב־טרעפּער.

די פאַרזאַמלטע האָבן לויטן פאָרשלאַג פון טרעפּערן, באַערט מיט שטילשווייגן דעם פאַרמוטשעטן אין ס"פ העלדישן פּאַלקאָווניק **יעפים דאַווידאָוויטש** ז"ל, דעם מוטיקן עליה־קעמפער פון מינסק.

שלמה רויטמאן

# נייע לידער

עדואַרד גוטמאַנען

## מיין ערשטער רעגן אין ישראל

מיר לויכט דער ערשער רעגן־שפריץ,
מיר שפּילט די ערשטע רעגן־סטרונע,
ווי דער ישראלדיקער בליץ,
ווי דער ישראלדיקער דונער.

אַזוי פאַרליבט דער הימל פאַלט,
אַן אָנגעטריפטער אָנגעשטרענגטער
צו יעדן הייסן באָדן־שפּאַלט
פון אָט דער ערד דער אויסגעבענקטער.

און ס׳אָטעמט אָפּ דער דרויסן פריי,
ווי ס׳וואָלט די וועלט אַרויס פון תפיסה,
די זון הענגט מער ניט שווער, ווי בליי,
נאָר ווי אַ פּרי ווי אַ זיסע.

און אויך מיין האַרץ, אַזאַ פאַרשפּאַרטס,
זיך רייסט אַרויס פון צייט פון טריבער
און פאַלט אַנידער אַ פאַרשמאַכטס
אויף פייכטע ליפּן פון מיין ליבער.

און ס׳שלאָגט דער רעגן אַזוי שטאַרק
ווי ער וואָלט וויסטעס איבערמאָלן,
און ס׳דאַכט, כ׳בין אויך אָט דאָ אַ באַרג,
וואָס טרייבט דאָס וואַסער צו די טאָלן.

אויף מיר מיט היימ סע רעגנט איצט,
זי איז אין מיר אַריינגערונען
מיט דעם ישראלדיקן בליץ,
מיט דעם ישראלדיקן דונער.

הרצליה, 29.10.1975

## פאַרבענקטע בושלען

געצויגן די בושלען זיך האָבן
דורך שטויביקן ווינט, ווי דורך שטיין,
אַ וועג דורך אים זיך געגראָבן
ניט מיטן שנאָבל דעם גראָבן, —
מיט בענקעניש שאַרפער נאָך היים.

פאַרגעסן צו ציילן די ווערסטן,
פאַרגעסן צו פרעגן דעם רוים,
ווי ווייט איז צו אייגענע נעסטן,
ווי ווייט איז צום אייגענעם טרוים,

און אונטערגעאיילט מ׳האָט די מיילן,
צי לאַנג איז די ווילע שוין איצט,
געטראָגן מע האָט זיך, ווי פיילן,
געשמידטעביים דונער און בליץ.

די וונדן, וואָס אונטער די פאַכוועס,
דעם עלנט, דעם טרויער, דעם ווײ
זיי האָבן פאַרבונדן מיט רחבות,
מיט הימלען געקילט און מיט שניי.

זיי האָבן געטרונקען פון כמאַרעס,
פאַרביסן מיט טרוים וועגן הי,
אויף פליגלען — אויף אייגענע נאַרעס —
געדרעמלט זיי האָבן אין פלי.

זיי נעמען דעם ים אונטער פליגלען,
מיט פיש זייער ברעג זיך ניט מעסט,
די אויגן זיך שפּאַלטן, ווי שפּיגלען,
פון בענקשאַפט צו זען שוין די נעסט.

געצויגן זיך האָבן די בושלען
צו האַרציקן פריילינג געווענדט,
געצויגן מע האָט זיך ווי קושן
דורך שטורעמס, דורך ימען און פענט

אַזוי ביז פאַר פרייד האָט אויף אויגן
אַ טרער זיי געבלענדט און פאַרבלענדט,
און זיי זענען ... איבערגעפלויגן,
די אייגענע היים ניט דערקענט.

הרצליה, 8.1.1975

# פון מיינע שמועסן מיט ישראל

I

## אַ זייגער און אַ קרוג

ווען כ׳וואָלט דיין זאַמד־זייגער געוואָרן,
כ׳וואָלט ציילן דיינע נעכט און טעג
אַזש ביז דיין אייביקייט פון יאָרן,
ווייל זאַמדן האָסטו אָן אַ ברעג.

כ׳בין אָבער נאָר פון ליים און טרערן
אַן אויסגעקנאָטן דינע קרוג,
און טרוקן, כ׳מוז צעבראָכן ווערן,
ווייל וואַסער האָסטו ניט גענוג.

הרצליה, 17.8.1975

II

## זון און כמאַרע

סע טוט אין וואָלקנס זיך דיין זון
דאָך אַזוי זעלטן אַ פאַרזשמורע,
דו ווייסט ניט ווו זי הינצוטון,
פאַרוואָס זשע נעמסטו אויף מיך כמורע?

קען זיין, ווייל ס׳רויכלט זיך דיין ערד
דאָ אייביק אין מלחמה־פלאַמען,
צי ווייל דו ביסט, מיין היים, פאַרטרערט
מיט דריי אַזש ווייַנענדיקע ימען.

הרצליה, 2.11.1975

III

## מיין בעזעמל

אין מיר איז שטויביק, ניט געמיטלעך,
ווי רייניקט מען זיך אָפּ פון ווײ,
אַז פון מיין בעזעם אַלע ריטלעך
דער ווינט געטאָן האָט אַ צעווײ.

ווען איינס צום צווייטן וואָלט זיך קערן,
וואָלט זיין מיין בעזעמל אַ גבר,
ווייל נאָר מיט דעם איז אויסצוקערן
אין ווינקעלעך פון האַרץ דעם צער.

הרצליה, 14.11.1975

## וווּהין פאַלט מיין שאָטן

צו דער ישׂראלדיקער ווערבע בין איך גלייך,
אויך ווי ביי איר ניט קען מיין טרויעריקער שאָטן
זיך קילן, פאַלנדיק אין כוואַליעס פון אַ טייך,
אין זאַמד ער ווערט פאַרברענט, מיט זאַמד ער ווערט פאַרשאָטן.

הרצליה, 21.11.1975

## נעבן דער "גאַס פון רויזן"

בשכונות דער הרצליהער "גאַס פון רויזן"
אויף אַלע ביימער סאָלאָווייען הויזן,
פאַרליבט איז היינט די נאַכט אין זייערע לידער
ביז ס'פאַלט אַוועק איר קאָפּ פאַר טאָג אַ מידער.

8.6.1975

## אויף מיין גאַס "הנדיב"

פון קינדער־שול ביז דעם בית־עולם
איז אויף מיין גאַס נאָר זיבן טריט,
און אויף איין זייט שווייגט שטאַרק דער עולם,
און אויף דער צווייטער שאַלט אַ ליד.

26.6.1975

## די אויסגעגראָבענע וויינקרוג

די קרוג — אָן וויין, נאָר דאָרשטיק פּאַלט מיין מויל צו אירע ליפּן,
דעם ריח פון אַ טויזנט יאָר כ'הייב אָן פון איר צו זיפּן,
און שכור כ'בין געוואָרן, כ'קען מיט איר זיך ניט צעשיידן,
ווי קושן וואָלט איך על פּי נס מיין עלטער־עלטער זיידן.

הרצליה, 27.5.1975

## יעקבס ברונעם

כ'זוך יענעם ברונעם, איז ער טאַקע שוין פאַרשוווּנדן?
ס'האָט יעקב רחלען דאָך דערזען דאָרט דורך טרערן,
און ווו עס האָט זיך זייער ליבע אָנגעצונדן,
צי קען אַ קוואַל אַזאַ מין אויסגעטריקנט ווערן?

הרצליה, 9.6.1975

## אַ שווערע מחשבה

יעדער הויז, וואָס ווערט געבויט מיט פרעמדע הענט,
ווייס, עס האָט אַן אויפרייס־מינע אין די ווענט,
ווייל קיין האַרץ האָט דאָ די שטיינער ניט געגלעט,
קען פאַר ליבע דאָ ניט שטעלן זיך קיין בעט.

10.6.1975

## די יום־כיפורדיקע מלחמה־נאַכט

זינט ס'ציט די נאַכט אויף זיך די פייערדיקע הויט
שוין פון מלחמה־צייט, איך קען ניט אונטערשידן
צי אַ "פאַנטאָם" וועקט אויף דעם הימל העליש־רויט,
צי ס'פליט זיך, פינקלענדיק, אַ שטערן ווי אין פרידן.

8.6.1975

## אַ העליקאָפּטער אין מלחמה־נאַכט

ער לאָזט אַראָפּ זיך צום שפּיטאָל, לויכט רויט און גרין,
ווי ס'ברענט די ווּנד דאָרטן ביי אונדזערע, ביי זין
און ווי די האָפענונג אין האַרצן ביי אַ מאַמען,
אַז ס'וועט די צייט פאַרציען בלוילעך זייערע שראַמען.

8.6.1975

## נגב־פּייזאַזש 1

דער מידבר אונטער זון איז הויל ביז גרויל,
אויף בערגלעך זאַמד נאָר שטעכלקעס זיך וויגן,
ווי האָרביק־געלע קעמלען וואָלטן ליגן
מיט בינטלעך גראָז פאַרטרוקנטע אין מויל.

8.6.1975

## נגב־פּייזאַזש 2

סע שטויבט דער ווינט, מיר ווערט די ריע קאַליע,
אין יעדן בערגל זאַמד איך זע אַ כוואַליע,
און וואַסער הייבט זיך אויף שוין פונעם גרונט,
ס'פאַלט אָפּ די היץ, די געגנט ווערט געזונט.

8.6.1975

## מיין משפּחה

היינט איז ביי מיר אין האַרץ ווי נאָך אַ רעגן,
דאָרט גרינען ווידער יונגע שפּראָצנדיקע וועגן,
וואָס פירן מיך, אַזאַ פאַרבלאָנדזעטע ביימל־קינד,
צו טאַטע־הימל, מאַמע־ערד און ברודער־ווינט.

7.6.1975

## די נשמה פון קוואַל־וואַסער

די קוואַל־וואַסער, וואָס רינט, איז שיין און קלוג,
נאָר האַרציק ווערט איר חכמה ערשט אין קרוג.

13.4.1975

ב. שלעווין

# דער גלאָקן־קלינגער פון עין־כרם

.1

אין רעסטאָראַן פון די ״מטבחי פועלים״, ביי דער ״הסתדרות״, רחוב ברנר, אין צענטער תל־אביב, אַרום אַלנבי, האָט זיך אַ שטיקל צייט אַרומגעדרייט אַט דער מרה־שחורהדיקער לאַגער־ייד יאַנטשע סלאַוועטיטשער, מיטן אויסגעבראָכענעם נומער אויפן מאָגערן אָרעם. מ׳האָט אים שוין דאָ געקענט, ווייל ס׳זענען דאָ אָפט אויסגעבראָכן קליינע קריגערייען צווישן אים מיט די פאַרפאַרעטע בייזע יידענעס, וואָס סערווירן אַרום די טישלעך. אַז ער האָט, למשל, באַשטעלט ביי דער יידענע אַ קרופּניק, האָט ער זי באַלד צוריקגעשיקט אין קיך אַריין, ווייל ער האָט גאָר — האָט ער געזאָגט — באַשטעלט ביי איר אַ יויך מיט לאָקשן.

— סליחה... — האָט די צערויטלטע יידענע מיט דער פול־באַשטעלטער טאַץ זיך אַזש געוואָרפן — איר האָט באַשטעלט ביי מיר אַ קרופּניק, ר׳ ייד, יאָ, צי נישט?!...

— ווער באַדאַרף אייך, איר זאָלט מיר געבן עצות?!... — איז ער געוואָרן אָנגעצונדן און זיך האַסטיק געטון אַ שטעל אויף.

עפּעס אַ ווילד פייער האָט געברענט אין זיינע פאַרטיפטע אויגן־לעכער, טונקעלע, אומרויקע, ווי ביי אַן עקזאָטישן פויגל. מיט איין שפּיציקן אַקסל האָט ער זיך צוגעשאָקלט, אַ גרינלעכער שוים האָט געזעצט פון אויסגעקרומטן ווינקל דיקלעכער ליפּ ביי אים, ווי ביי אַן עפּילעפּטיקער, נישט־דאָ־געדאַכט. ר׳האָט זיך ביי אַ ליאַדע וואָס אָנגעגאָסן מיט בראַנדיקע קאָלירן, און האָט עפּעס איין מאָל געגעבן אָנצוהערן אויך:

— כ׳האָב פריער פון אַלעמען געוווּסט ווו דער רוצח אייכמאַן באַהאַלט זיך ערגעץ אויס...

וועגן די מערדער באַרמאַן און מענגעלע, ימח שמם, האָט ער זיך אַזוי ווי געהיטן אַרויסצוכאַפּן זיך מיט אַן איבעריק וואָרט, נאָר — מיט אַ רמז:

— אין גיכן וועט אויף זיי אויך קומען אַ וויסטע, פינצטערע בראָך...

מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל חסר דעה, אָבער די אָנגעשפּיצטע

שטאָם־געסט האָבן עפּעס גענומען חושד זיין, אַז ס'איז נישט אַזוי פּשוט מיט דעם ייד. ווער ווייס, ער האָט אפשר שטילע, טונקעלע פאַרבינדונגען מיט די לייט פון דער "יידישער פאַרטיידיקונג־ליגע", פון אַמעריקאַנער רב כהנא; אַליין איז ער דאָך מיט אַ שטיקל צייט צוריק אַריבערגעקומען פון אַמעריקע.

— ס'איז אפשר פאַרלוירן געוואָרן אין אים אַ דעדעקטיוו פון אַ זעלטענעם טאַלאַנט... — האָט איינער אַ שטאָם־איינגייער, נישט קיין נאַר, געלאָזן פאַלן אין געלעכטער — אַז ער שטעכט אייך אַדורך מיט זיינע שפּיציקע אויגן.

ווייל דער ייד יאַנטשע האָט אָנגעקוקט און באַקוקט מענטשן מיט אַ שאַרפן, זייטיקן בליק, דורכגענומען זיי דורך און דורך. דער אמת איז, אַז דער עלנטער ייד האָט אין ערגעץ מער נישט געקענט געפינען קיין מקום מקלט. על פּי נס אַרויס פון די גיהנום־פייערן, הויט און ביין, האָט ער זיך צעחושט אַרומגע־דרייט איבער דער וועלט; איז געוואָרן פרומלעך, געלאָזן זיך שפּראָצן אַ שיטער, פאַרבלאָז בערדל, אָבער מ'האָט אים געזען עסן טרפות אויך, כאַפּן דערביי אַן איבעריקע כוסה, כאָטש פריילעכער דערפון איז ער נישט געוואָרן. פאַרקערט, ערגעץ אין די דייטשע די.פּי.־לאַגערן איז ער זיך אפילו געהאַט צונויפגעגאַנגען מיט אַ ווייבל פון די דעפּאָרטירטע; זי האָט אים אָבער באַלד געלאָזן שטיין און אַוועק מיט איינעם פון די פלינקע יונגטלעכע, אין די געפּאַסטע שטיוועלעך; זיי האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט, די יונגעלייט, אויף די געדיכטע לאַגער־מערק, אונטערגעהאַנדלט מיט וואַלוטע, קאָנסערוון, אַמעריקאַנער סיגאַרעטן, אין גיכן אויפגעמאַכט נאַכט־לאָקאַלן, באַרן, אין פראַנקפורט אַם־מיין, אין מינכן, געשאַרט, דערציילט מען, שטיקער גאָלד. די לאַנדסלייט האָבן דעם יאַנטשע סלאָוועטיטשער אפילו געהאַט אַריבערגעברענגט קיין ניו־יאָרק, אין די בראָנקס, געוואָלט אים דאָרט העלפן קומען צו אַ שטיקל מעמד. אָבער די הענט האָבן זיך אים צו גאָר־נישט מער געלייגט. ער איז דאָרט אַפּגעזעסן אין אַ בית־מדרשל, "שערי ציון", אין די בראָנקס טאָקע. אפילו פאַר קיין שמש האָט ער זיך נישט געטויגט, כאָטש ר'האָט געקענט פּירוש המילות, איז געווען אַ ביסל בקי אין די קליינע אותיות. פון דעם צעטראָגענעם ייד האָבן זיי נאָר געהאַט קאָפּ־פאַרדרייעניש, מיט זיינע מאָדנע געגנג און חשדים, צו אַנטדעקן קאַפּאָס, נאַצי־מערדער. ער איז נאָר אַרומ־געגאַנגען און מענטשן אַריינגעקוקט אין די אויגן. ווען ער טרעפט אַזאַ איינעם, האָט ער געזאָגט, וואָלט ער זיך איינגעגעסן מיט ציין און נעגל אין זיין גאָרגל. דאָס בלוט האָט יעדעס מאָל אויפגעקאָכט אין אים, ר'האָט זיך אָנגעגאָסן מיט אַן אַפּאָפּלעקטישער רויקייט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז ער פון די בראָנקס אויך פלוצים אויסגערונען, מיט קיינעם זיך נישט אַפּגעזעגנט און אַריבערגעכאַפּט זיך מיט דער עליה קיין ישראל. דאָ האָט ער ווידער געזוכט קרובים. איין ווייטן קרוב האָט ער יאָ אַפּגעפונען, דווקא אין ירושלים, און דווקא נישט קיין אָרעמער ייד, אַ פלינקער קבלן פון הייזער־בוי. יענער האָט אים די ערשטע צייט אַריינגענומען צו זיך, געגעבן אים אַ געלעגער, אַפּצועסן, נאָר ס'האָט זיך פאַרצויגן צו לאַנג.

— יאַנטשע — האָט אים דער קרוב איידל געעצהט — ווער אַ שטיקל

מענטש... נעם זיך צו עפּעס אַ מלאכה... נעם זיך אַ ווייבל... ווּעסט די טויטע שוין צוריק נישט לעבעדיק מאַכן...

— עט... — האָט ער געהויבן מיטן שפּיציקן אַקסל — מיין אייגן לעבן איז ווערט אַ דרייער... כ'לעב נאָר, נקמה צו נעמען...

— סטייטש... אַזאַ העלד ביסטו ?...

מער האָט ער אים נישט געהאָרכט; אין דערהויבענעם עקסטאַז, האָט ער טעג־לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער אַלט־שטאָט, אין מאה שערים, אַרום שער יפו, שער שכם. פרייטיק־צונאַכטס האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזן צום כותל מערבי, אַרומגעדרייט זיך צווישן די כּלערליי געדיכטע עדה'ס, געזעמלעך. טייל האָבן דאָרט געטראָגן סויבלנע שטריימלעך, ריפּסענע קאַפּאָטעס, אַריינגעטאַנצט, ווי צו אַ חתונה, צו קבלת שבת, אויפן מיטן פּלאַץ. אַראָפּגעלאָזן אַהין האָט זיך יאַנטשע דורכן שער יפו, מיטן לאַנגן אַראַבישן געסל, ווו מ'האָט קיין שטיקל הימל נישט אַרויסגעזען, טרעפּ־אַרונטער, פול אָנגעזעצט, איינס ב'איינס, מיט שמאָלע טונקעלע אַראַבישע קרעמלעך אונטער נידעריקע, געוועלבטע סופיטן. ס'איז געווען אַן ענגעניש, און אין דער מיט איז נאָך אַ באָרוועסער אַראַבער מיט אַ טורבאַן אָנגעריטן אויף אַן אייזעלע. דער ייד האָט געקוקט מיט חשד אין די הייסע אויגן פון די אַראַבישע פאַרשמייעטע גרינס־הענדלער, כיטרע הענדלער פון אָריענטאַלישע טעפּיכער. ר'האָט זיך דורכגעשטופּט צווישן דער כמאָרע פּרויען, געהילט אין שוואַרצן, אַז מ'האָט נאָר די אויגן זייערע אַרויסגעזען פון די טיכער. ר'האָט געקוקט מיט חשד, ווי אין די נידעריק־געוועלבטע קאַפּייען זענען זיי דאָרט געווען, די אַראַבער, געדיכט אַרומגעזעצט, די פיס אונטער זיך, אין דער גראַ־גערייַ פון זייערע שלשלתדיקע מוזיק־קולות, און געצויגן פון די לאַנגע שלויכן דעם רויך פון נאַרגילעס. ער האָט זיי געקוקט אין די הענט אַריין, נאָכגעפאָרשט זייער יעדער באַוועגונג, צי זיי ציען נישט אַמאָל זייטיק אַרויס אַ מעסער, אַ רעוואָלווער, אָדער צו וואַרפן אַ גראַנאַט. כ'דאַרף נאָר אָנקריגן אַזאַ איינעם — האָט ער פּעסט באַשלאָסן ביי זיך, און ער איז זיכער געטראָטן הינטער די פאַרסאַדזעטע צה"ל־יינגלעך, וואָס האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט מיט זייערע עוזיס אין די פאַרשטייפטע פינגער. ער איז איינגעשטיגן אין אַן אַראַבישן אויטאָבוס, אין אַלט־שטאָט, אָנגע־קוקט מיט מאָדנעם חידוש די אַראַבישע אויפשריפטן, די גרינע האַלבע לבנות. ס'איז דאָרט געווען ענג און שמוציק. פאָרן אַפּשטעלן ביים הר הזיתים, האָט זיך נאָך צווישן עולם אַראַבער אַריינגעפּאַקט אַ לאַנג־האָריקער רוסישער פּאָפּ, אין אַ ברוינער ריזע, ווילדע קוטשערן פון אונטער דער מיטרע, מיט אַ לאַנגן, געבוי־גענעם שטעקן, ווי אהרן הכהן.

ווי אַזוי, פרעגט זיך, האָט ער אַליין, דער צעטראָגענער ייד יאַנטשע, דערנאָך פאַרבלאָנדזשעט אין דעם מאָנאַסטיר פון די הייליקע "שוועסטערן" פון פראַנציס־קאַנער אָרדן ? ס'איז געווען אַזוי ווי דער קרוב זייַנער האָט פּסח־צייט, צוזאַמען מיטן ווייב, געקליבן זיך אַרויסצופאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן קיין טבריה, אין די הייל־בעדער, און ער האָט, — דעם אמת געזאָגט — געוואָלט פּטור ווערן פון אים,

האָט ער דעם צעטראָגענעם ייד, יאַנטשען, אַוועקגעפירט אין קוואַרטאַל פון עין־כרם און אים צייטווייליק באַשטאַט אין דעם מאַנאַסטיר־פּענסיאָן, ביי די היי־ליקע ״שוועסטערן״ פון פראַנציסקאַנער אָרדן. ס׳האָט דאָרט נישט געקאָסט טייער אויך, כמעט אַ שיבוש. אַ רויק ווינקל אין אַלט־ירושלים, פול אַרומגעשטעלט אויף די בערגלעך מיט קלויסטערס, צערקוועס, מאַנאַסטירן, נאָך פון די צייטן, ווען דער טערק האָט דאָ געוועלטיקט, און אפשר נאָך פריער? באַלד דערלעבן אויפן בערגל איז געווען אַן אָפּגעשלאָסענער רוסישער מאַנאַסטיר מיט אַן אויפשריפט אויפן זשאַווערדיקן פאַרהאַקטן טויערל: ״רוסקאַיאַ דוכאָוואַניאַ מיסיאַ״. אין דער נידער, הינטערן בערגל, איז געווען דער קוואַל ״מעין מרים״, דער ״מעין יוחנן המטביל״. איז דער ייד דאָ פאַרבליבן אַ פּאָר טעג, ביז ער איז אויך פון דאָרט אין איין שרעק נעלם געוואָרן.

דער צעטראָגענער ייד האָט שוין נאָך דעם נישט מער געדענקט אַזוי גענוי, נאָר נישט אַנדערש ס׳האָט מסתמא באַדאַרפט צו זיין אין זעלבן אויפדערנאַכט, ווען אין דער עס־פּאַלאַטע, הינטער די שווערע קירכע־זיילן, אונטערן נידעריקן געוועלב, זענען אַלעמענס אויערן פון די פּענסיאָן־געסט פּלוצים צוגעשמידט געוואָרן צו די קליינע קעשענע־טראַנזיסטאָרן. ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן וועגן געפערלעכן אויפרייס אין ירושלימער סופּערמאַרקעט. ער האָט זיך אַ הייב געטון פון פּראָסטן הילצערנעם טיש און באַלד צוריקגעקערט זיך דורך דער טונקעלער פּאַלמען־אַלייע, מיט פאַרזיכטיקע שריט, צו זיין איינזאַם קלויסטער־קעמערל. דער קאָפּ איז אים געווען אין פלאַמען. ער האָט שוין דאָ גענומען חושד זיין מאַלע־וואָס; ר׳האָט זיך דאָ סיי ווי אַרומגעטראָגן מיט אַלערליי מאָדנע חשדים, אַריינ־געקוקט זיי אַלעמען אין די אויגן. ער האָט זיך לאַנג איינגעהאָרכט צו די טריט אין די לאַנגע, געדרייטע קאָרידאָרן, האָט דערהערט ווי מען שליסט די טיר בשכנות פון זיין מאַנאַסטיר־צעלע. דאָס איז שוין געווען די צווייטע נאַכט, אין גאַנצן אַ שלאָפלאָזע.

ווייל מיט אַן אָוונט פריער האָט ער זיך געזען באַכגיין דער יונגער קאַרמע־ליטן־״שוועסטער״ קאַלעט אין דער טיף פון דער אַליי, צו דער שורה נידעריקע, געל געפאַרבטע מויערלעך, צווישן די געצייכנדלטע הויכע ווענט פון מאַנאַסטיר. די איידעלע נזירה איז געטרעטן שטיל אויף אירע יונגע פיס. אין די לאַנגע, קילע קאָרידאָרן פון ברייטע, ראָזע שטיינער האָבן בלויז זיינע אייגענע טריט ווייט און הויל אָפּגעהילכט. די געוועלבן זענען געהאָנגען כמעט איבערן קאָפּ. ר׳איז אַראָפּ עטלעכע טרעפּלעך אין דער נידער, זיך ווידער אויפגעהויבן, ביים פאַרדריי צו אַ נידעריקער געוועלבונג. די ״שוועסטער״ קאַלעט, אין שוואַרצן, אין דער ווייסער הויב, האָט אַפּערגענומען אַ בינט שליסלען און מיט איין אומגעווינלעך גרויסן שליסל אויפגעשפּאַרט פאַר אים דאָס טירל. זי איז באַלד דערנאָך מיט שטילע טריט פאַרשוווּנדן. דער ייד יאַנטשע סלאָוועטיטשער איז אַ רגע שטיין געבליבן פאַרבליפט, זיך געפאַרכטן אַ טרעט צו טון איבער די רוי־געטעסעטע שטיינער. ר׳איז פאַרזיכטיק צו און אַריינגעקוקט אין אויסהויל פון שמאָלן פענצטער, טיף

אייַנגעפּאַסט אין די ווענט. אין אָפּשיין פון אַ יונגער האַלבער לבנה, האָט ער אין גיך־צוגעפּאַלענעם אוונט נאָר דערבליקט, פון זייער ווייט, ווי אַ קייט אויטאָ־פייערן גליטשט זיך פאַרביי, שטייגט העכער צווישן די ירושלימער באַרג־טעראַסן. ס'האָט זיך דאָ פּלוצים ערגעץ אָפּגעריסן אַ קורצער גלאָקן־קלונג, דערנאָך האָט אים די שטילקייט לאַנג געקלונגען אין די אויערן. ר'האָט זיך שוין אויך געפּאַרכטן צו פאַרלעשן דאָס ליכט אונטערן גריבעם אַבאַזשורל, לעבן פלאַכן, ציכטיקן בעט, האָט אויפגעהויבן דעם בליק און דערזען אויף דער נאַקעטער, ווייס־געקאַלכטער וואַנט דעם העלן פלעק, פאַרבליבן אוודאי פונעם גרויסן צלם מיטן קרוציפיקס; זיי האָבן אים דאָ, זעט אויס, אַרונטערגענומען, ווייל חוץ פילגרימען־אויסלענדער, זענען יידן אָפּט געקומען אָפּרוען זיך אַהער, אין מאַנאַסטיר־פּענסיאָן, צווישן די בערג, אייַנגעטונקט אין קליינע סאָסנע־ און ציפּרעסן־וועלדלעך, אַליוון און פאַלמען־אַלייען. ווו בין איך דאָ אַרייַנגעפאַלן? — האָט ער זיך געכאַפּט — וווהין האָט ער מיך פאַרפירט, דער שייַנער קרוב מייַנער? אַרונטערגעדרייט דאָס ליכט, איז ער נאָך לאַנג ליגן געבליבן מיט אָפענע אויגן און ס'איז צו אים קיין שלאָף נישט געקומען. אַלערליי פינצטערע רעיונות און מחשבות זענען אים גע־קראָכן אין קאָפּ אַריין, ביז ער האָט מער נישט געוווּסט, צי ס'איז קאָשמאַר, אָדער וואָר. ר'האָט געשריגן פון שלאָף אויך, איז געווען אָפּגעגאָסן אין אַנגסטן; האָט, דוכט זיך, דערהערט אַ קלאַפּן פון יענער זייט וואַנט. מיט אַ מאָל זענען אים באַ־פאַלן — קאַפּאָ'ס... ס.ס.־לייט... זיי האָבן אים געשלעפּט אַהין, ווו אויפן האָריזאָנט האָבן זיך געריסן די פייערן פון דער קרעמאַטאָריע אין צעפלאַמטן הימל אַריין...

ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט ער מער נישט געדענקט ווי אַזוי ער קומט אַהער. ס'האָט שוין געקענט זיין נאָנט צו פאַרטאָג. אַ וואָרף געטון זיך פון דאָרן פעלד־בעטל, איז ער אַ באָרוועסער געטראָטן איבערן קאַלטן שטיין, ווי אַ לונאַטיקער, אָפּגעשפּאַרט די שווער־אַרונטערגעלאָזענע שטאָרן, אויפגעריסן דאָס פענצטער, אייַנגעפּאַסט אין די מעטער־טיפע שטיין־ווענט. די פענצטער־ראָמען, האָט ער איצט באַמערקט, זענען געווען באַשלאָגן מיט גראָבע קראַטעס. ער האָט לאַנג אַרייַנגעקוקט אין דער קילער, אויסגעשטערנטער ירושלימער נאַכט אַריין, ביז די האַלבע לבנה האָט גענומען פאַרבלייכן. די דריי גרויסע וואָלף־הינט, וואָס ווערן דאָ אָפּגעלאָזן אויף ביי נאַכט צווישן די דיקע מאַנאַסטיר־ווענט, זענען נאָך אַלץ געלעגן אויסגעצויגן מיט זייערע לאַפּעס פאַרן טויערל, די אויערן אָנגע־שפּיצט, האַלב־דרימלענדיק, נישט געבילט, נאָר אויפגעכאַפּט אַ ליאַדע שאָרך. נישט דורכן פראַנטיקן גריבעם טויערל, נאָר דורכן הינטערשטן אַרייַנפאָר, איז אין פאַרטאָג געקומען אָנצופאָרן דער אויטאָ מיט די אויסגעלאָשענע פייערן. ער האָט דערקענט דעם סילועט פון מאָנאַך, דעם גלאָקן־קלינגער, און ס'איז דעם ייִד באַלד פאַרגעקומען — עפּעס מאָדנע; ווייל ער האָט זיך געבויג אָנגעהערט... פון הינ־טער די בערג האָט זיך גענומען דורכשפּיזן די זריחה. ער האָט אַראָפּגעקוקט אין דער בידער און געזען ווי דער זעלבער באָרוועסער מאָנאַך, אין דער ברוינער ריזע,

איז ווי אַוועקגעשווומען אין דער טיפער ציפּרעסן־אַליי. פון גלאָקן־טורעם האָבן זיך געהאַט אָפּגעריסן עטלעכע מעטאַלענע, מינאָרע קלאַנגען, און באַלד האָבן זיך אָפּגערופן די אַנדערע קלויסטערס, צעוואָרפן אויף די בערגלעך און אין די טאָלן פון עין כרם.

ער איז אַרויס אויף דער טעראַסע, פאַרביי די טרעפּלעך, וואָס פירן אין דער נידער. אַ האַלבע טיר פון דער קליינער קירכע איז געווען אָפּגעשפּאַרט, און אַ דין מאָנאָטאָן געזאַנג, גיכער אַ מורמלעריי פון די נזירות אינעווייניק איז אויפגעגאַנגען צום היכל. היינטער אים האָט שוין די זריחה אַרויסגעשפּיזט פון די יהודה־בערג. די בערגלעך האָבן זיך פון דינעם נעפּל בולט אַרויסגעשניטן אין תכלתדיקן, ברייט־אויפגעריסענעם האָריזאָנט. אין דער עס־פּאַלאַטע איז שוין אַלץ געווען פּינקטלעך געאָרדנט אויף די פּראָסטע דאָרפישע טישן. די פּענסיאָן־לייט זענען זיך אַביסל שפּעטער שטיל צונויפגעקומען פון די מאָנאַסטיר־צעלעס, ווי פון היילן. די יונגע "שוועסטער" קאָלעט, וואָס האָט סערווירט ביי די טישן, האָט אַלעמען באַגעגנט מיט אַ דיסקרעטן "בוקר טוב". דער ייד איז געזעסן, דעם קאָפּ אַרייננגעבויגן צווישן די דאַריע הענט, און האָט אַלץ נישט געקענט פאַרנעמען די קאָשמאַרן פון דער לעצטער נאַכט. פאַראַן, זעט אויס, האָט ער זיך געכאַפּט, פּנימער, וואָס חזרן זיך מאָדנע איבער, דורך אַלערליי גלגולים, פון לאַנג פאַרגעסענע דורות. פּלוצים דערזעט מען אַ קענטלעך פּנים, ווי ס'וואָלט אַראָפּ פון דער שווערער ראָם אויף אַ לייוונט אין אַ מוזיי; פון דער שטרענג־רעאַליסטישער מאָלעריי, למשל, פון 17טן אָדער 18טן יאָרהונדערט, פון בריגעל, אָדער וואַן דיק — אַ ברייט, פלאַך, פּויעריש, פּירקאַנטיק פּנים, אַ פאַרשפּיצטע סלאַווישע נאָז, די העלע האָר, ווי אַ באַרשט, אויסגעגאָלט אין דער מיט, ווי אַ קליין רונדיק פּליכל, וואָסערדיקע, פאַרטיפטע אויגן, ווי אַריינגעזעצטע קנעפּלעך. אַזוי האָט ער פּלוצים ווי "דערקענט" דעם גלאָקן־קלינגער. די ברייטע, ברוינע ריזע, לויז פאַרגאַרטלט, די הענט פאַרשטעקט אין די קימאָנאָ־אַרבל, איז אים געפאַלן ביז צו די באַרוועסע טריט, אין די סאַנדאַלן.

ער איז געווייניגלעך נאָך דער פרימאָרגן־מעסע אין קלויסטער אַראָפּגעקומען פון די טרעפּלעך. פון אַ זייטיק טירל איז אויסגעוואַקסן די עלטסטע "שוועסטער", מוטערל טהערעז. די זקנה האָט קיל געשמייכלט מיט די לאַנגע, פערדישע ציינער, איר ראָז, אַנגעלאָפן פּנים, באַדעקט מיט שוואַרצע ווערצעלעך. צוזאַמען האָבן זיי דאָ אוודאי פאַרנומען זיך מיט דער היפשער ווירטשאַפט אין אָפּגעשלאָסענעם מאָנאַסטיר, אַ גוט פאַקטיש, צווישן די הויכע געצײנדלטע פעסטונג־ווענט, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט.

זיי האָבן שוין געטראָפן דעם צעטראָגענעם יידישן פּענסיאָנער, דעם איבערגעשראָקענעם ייד, ביים פּראָסטן טיש. אין זיינע בלייכע הענט האָט זיך געוואָרפן דאָס גלאָז טיי, פאַרווייסט מיט מילך. ער האָט קוים געענטפערט אויפן "בוקר טוב", דערזען ווי ס'וואַקסט אויס אין דער נידעריקער טיר דער גלאָקן־קלינגער, דער מאָנאַך, דער "ברודער" טעאָפיל, און געזעצט זיך ברייט ביים זעלבן טיש.

פייגעלעך זענען אין פרימאָרגן אַריין און אַרויסגעפלויגן דורך די אויפגעשפּאַרטע לופטשיקעס פון די הויכע וויטראַזשן־שויבן אונטערן געוועלב. דער שטרענגער מאַנאַך האָט עפּעס אַ מורמל געטון צו דער זקנה, און פּלוצים אומגעדרייט זיך און אַרויסגעלאָזן אַ וויבעריש, חירזשענדיק לאַכעלע: כי... כי... ווען די יונגע נזירה, די "שוועסטער" קאָלעט, האָט אים דורכן זייטיקן טירל צודערלאַנגט צום נאַקעטן טיש אַ גרויסע טאַץ מיט ירקות, אייער, צעשניטן ברויט, קאַפע; זי איז מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן צוריק אַרויס. דער מאַנאַך האָט זי דערביי זייטיק נאָכגעקוקט, מיט אַ כיטרע שמייכעלע, אַ פאַרשאַר געגעבן דאָס קאַפּעלע אין דער מיט פון אויסגעגאָלטן שאַרבן, פאַררוקט טיפער די הענט אין די קימאַנאָ־אַרבל. געגעסן האָט ער מיט גרויס כוונה און מיט גרויסע שלונגען, אַ צערויטלטער, שטאַרק פאַרטון אין דער אכילה, ווי ער וואָלט געפּראַוועט אַן עבודה. דער פאַרבלאַנדזשעטער ייד האָט פון דער זייט אַנגעקוקט דעם מאַנאַך און — ווי ער וואָלט אים באַלד אַזוי ווי "דערקענט", ווייל אַזעלכע פּרצופים זענען געווען איינגעגעסן אין זיין קראַנקן געמיט און זכרון. ער האָט זיי אָפט געזען אין זיינע קאָשמאַרן. ער וואָלט געשוווירן — אַ קענטלעכע צורה פון געטאָ... פון די לאַגערן... דאָרט, אין אָפּגעשפּאַרטן געטאָ, האָט ער געקענט שווערן, האָט ער געטראָגן אַ דייטשע אוניפאָרם, אַ טויטן־קאָפּ אויף דער קעפּי, אַ נאַגאַן ביי דער זייט, אַ שפּריצרוט, און מיט פאַרבלאַטיקטע שטיוול האָט ער יעדן טאָג געשפּאַנט איבערן ליידיקן מאַרק. צווישן די פאַרהאַקטע געוועלבלעך. יידן זענען, טויט־דערשראָקן, אַנטלאָפן פאַר אים, און ער האָט זיי נאָכגעיאָגט, נאָכגעשאָסן. ער האָט יעדן טאָג געמוזט האָבן זיינע קרבנות. און דאָ — טראָגט ער אַ ברוינע ריזע פון אַ פראַנציסקאַנער מאַנאַך, דער גלאָקן־ציער, ריכט אָפּ די פרימאָרגן־מעסע. דאָס איז ער אינעם וואָגן מיט די אויסגעלאָשענע פייערן אין פינצטערן באַגינען אומבאַמערקט געקומען אַנצופאָרן דורכן היגטערשטן אַריינפאָר...

אַרום די פּראָסטע דאָרפישע טישן האָט זיך ביי די מאַלצייטן צוזאַמענגעטראָפן אַ געמישטער עולם. מאָדנע, ס'רוב דייטשע יידן פון נהריה. מ'האָט דאָ געהערט, אַ חוץ עברית, אויך פראַנצויזיש, ענגליש, אפילו דייטש. מילא, דייטש... דער ייד, וואָס האָט דורכגעוואַנדערט לאַגערן, לענדער, שטעט, האָט אפילו אויפגעכאַפּט אַ וואָרט פראַנצויזיש, ווייל ער האָט זיך געוואַלגערט היפּשע חדשים אין ראָטשילד־אַזיל, אין פּאַריז. נו, און דערנאָך אין ניו־יאָרק, אין די בראָנקסט, אַ פּאָר ווערטער ענגליש. אַרויפצו, אונטער די לאָמפּאַדעס, אין דער נישע, ביי די הויכע וויטראַזשן־שויבן, וואָס האָבן שוואַך דורכגעזיפּט דאָס שאַרפע טאָג־ליכט פון חודש ניסן, זענען אַרום די לאַנגע טישן געזעסן פונאַנדערגעזעצט, ווי ביים "לעצטן מאַלצייט", אַ כמאַרע פּילגרימען, אַנגעצויגן פון דער פרעמד; ווי געשטאַלטן, אַראָפּ פון די הייליקע בילדער און איקאָנעס, מיט שאַרפע נעז, קיילעכדיק־פאַרשניטענע בערד. אפילו אַ בעגער, אַ גלח, איז געווען צווישן זיי. זיי האָבן געטראָגן אויף די קעפּ הויכע, רונדע מיטרעס, פאַרוואָרפן מיט שוואַרצע טיכער אויף די אַקסלען, זילבערנע צלמים אויף דער ברוסט. אַרום זיי האָט שוין אַרומגעפלאַטערט

די עלטסטע ״שוועסטער״, די זקנה טהערעז, מיט קניקסן, מיט שמייכלעך אויף אירע ראַזע, פּויערישע באַקן מיט די שוואַרצע ווערצלעך. ביים עקסטן טיש האָט דער מאַנאַך מיטן אויסגעגאָלטן פּליכל, דער גלאָקן־ציער, אַלץ געלאָזן הערן זיין נידעריק באַסל, און ווי ער וואָלט זיך געשטיקט מיט אַ לאַכעלע: כי... כי... די ״שוועסטער״ קאָלעט האָט אַלע מאָל, ווי אַ פֿייגעלע, אַריינגעפּלאַטערט, סער־ווירט די געריכטן.

דער ייד יאַנטשע האָט זיך טשעקאַווע צוגעהערט מיט איין אויער צו זייערע רייד. ס׳האָט אים אונטערגעהויבן; ער האָט שוין אפילו אָנגעהויבן עפּעס חושד צו זיין די טיש־שכנטע, דער פרוי מיטן גרויען, שיינעם קאָפּ און יונגע סאַרנע־אויגן, ווי זי הערט זיך איין אומגערן צו זייערע רייד אַרום טיש. זי האָט גערעדט עטלעכע שפּראַכן מיט די טיש־געסט, אפילו יידיש אויך. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס פאַרנעמט זי די צעלע בשכנות פון זיינער; דאָס האָט ער זי מיט אַן אָוונט פריער געהערט שליסן די טיר. פון הינטער דער דיקער וואַנט האָט זיך אים געדוכט צו פאַרנעמען אירע שטילע טריט. מ׳וויסט בישט פאַרוואָס, נאָר ס׳איז אים פּלוצים געקומען אויפן געדאַנק דאָס שיינע מעשה־ביכל פון פּרצן, וואָס ער האָט עס געלייענט אַמאָל, נאָך אין דער שטעטלדיקער ביבליאָטעק; די מעשה פון יוחנן דעם וואַסערטרעגער, ווי ער האָט דערשפּירט בחוש— אַ צדיק און אַ רשע. האָט ער זי, אַ ביסל צוריקגעהאַלטן, שטיל אַ פרעג געטון:

הערט — האָט ער זיך אָפּגערופן צו דער פרוי מיטן שיינעם, גרויען קאָפּ און מיט די יונגע סאַרנע־אויגן, כמעט ער האָט זי נאָך רעכט נישט געקענט, נאָר אַן אינעווייניקסטער חוש האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז מ׳קען זיך פאַר איר פאַרטרויען — עפּעס געפעלט ער מיר נישט, דאָס גלחל, דער מאַנאַך... ער גלאָצט מיט די אויגן צום הימל און איז דווקא זייער ערדיש. איר׳ט כאָטש געזען, ווי אַזוי ער בליקט נאָך דעם וויגנדיקן גאַנג פון דער שיינער נזירה קאָלעט?...

— בלויז דאָס? — האָט זי שיין געשמייכלט, און עפּעס האָט זי זיך אויף אים אויך דערקענט — אַבי כ׳האָב געמיינט...

ווייל אַרום טיש האָט מען נאָך שטיל גערעדט וועגן בעכטיקן אויפרייס אין סופּערמאַרקעט; און זי האָט דערביי, זייער רויק, פאַרענדיקט אַרומפליקן דאָס הענגל טרויבן אויפן טעלערל; האָט דערנאָך אַרויסגעצויגן פון האַנט־בייטל דאָס שאַכטל סיגאַרעטן און מיט אַ קענטיקער הנאה פאַרצויגן דעם בלאָנדן אַמערי־קאַנער סיגאַרעט, בלאָזנדיק דעם אַראָמאַטישן רויך פאַר־זיך. זי האָט אויסגעזען צו זיין גאַנץ גלייכגילטיק צו זייערע אַלעמענס רייד. זי האָט זייער חנוודיק גע־רויכערט, כלומרשט פאַרנומען געווען אין פריילעכן שמועס מיטן פּאָרל אַמערי־קאַנער טוריסטן; באַטראַכט זיין היפּער־מאָדערנעם פּאַטאַ, אָדער פילם־אַפּאַראַט, און זיך נאָכגעפרעגט זייער פאַראינטערעסירט:

— טאַקע אַ ריכטיקער ״צייס״?

— אַ, יעס... — האָט דער אַמעריקאַנער מיטן צעשפּיליעטן קאָלנער פונעם העמד אין מיתה־משונה קאָלירן, באַשטעטיקט — די ״דזשערמען״, ווייסט איר..

— די דייטשן... די דייטשן... — האָט זי שטיל געלאָזן פאַלן ווי מיט אַ זיפץ — זיי האָבן נאָך דערוויייל גאָרנישט פאַרשפּילט...

און פּלוצים אויפגעהויבן זיך, דערנענטערט זיך צום טיש, צו אַנטשולדיקן זיך און בעטן שמייכלענדיק דאָס אַש־טעצעלע. זי האָט זיך דערבײַי געניי איינגע־קוקט אין מאַנאַך, פאַרטון אין צייטונגען און אים אַ בעט געטון:

— צי קען איך בעטן דעם "מעריב"?... דער ראַדיאָ האָט עפּעס נאָר וואָס אָנגעזאָגט, נאָר כ'האָב נישט גענוי דערהערט...

— איר מיינט אוודאי וועגן די טעראָריסטן... האָט ער אויפגעהויבן דעם בליק, און ס'האָט זיך ביי אים שיר נישט אַרויסגעריסן אַ כי... כי... פון הינטער זיין גרוי־ווערנדיקן בערדל; ווייל זיי האָבן דאָ געוויינלעך אויסגעמיטן צו פיל צו רעדן.

די יונגע נזירה, די "שוועסטער" קאַלעט, האָט צוריק אַריינגעפּלאַטערט מיט פרומע טריט, צודערלאַנגט פאַר יעדן אַ טאַס קאַפּע און אַליין אויך אַראָפּגעלאָזן זיך לעבן מאַנאַך. ס'איז געווען צו מערקן אין איר גאַנג, כאָטש אין שוואַרצן, לאַנגן טראַכט, איז אומגעריכט געווען דער כמעט טענצלדיקער גאַנג פון אַ מיידעלע, אַן ענג־איינגעצויגענע פאַריזערין. זי האָט אויך דיסקרעט געשמייכלט ווי אַ פאַריזערין, האָט די אויגן אונטער די איידעלע ברעמען אַרונטערגעלאָזן, און אַרויסגעמורמלט מיט אַ פויגל־שטימעלע:

— דער ראַדיאָ האָט ווידער איבערגעגעבן... דאָס מאַכט אונדז, ווייסט איר, אַלע מאָל אַזוי אומרויק אין דער הייליקער שטאָט ירושלים...

— די שטאָט פון גאָלד, ליכט און — שלום... — האָט זיך שוין די פרוי אויך צוגעזעצט — און זעט, וויפל אומשולדיק בלוט דאָ איז שוין פאַרגאָסן גע־וואָרן...

— די פרומע יידן פון מאה שערים טראַכטן אפשר אַנדערש... כאָטש פאַר זיי איז נאָך משיח נישט געקומען...

— איר מיינט אוודאי אויך דעם פון די "נטורי קרתא", ר' עמרם בלוי... דער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער פראַנצויזישער טענצערין, און זי האָט זיך מגייר געווען...

— כ'וויל נישט לעסטערן... האָט די שיינע "שוועסטער" קאַלעט אויפגעהויבן דעם בליק מיט פאַרדאַכט, פאַרצויגן דאָס שיינע שנעבעלע — נאָר זיי... די דאָזיקע... האָט זיך אפילו פאַררויטלט באַלד אָפּגעהאַקט, דערפילנדיק אויף זיך דעם שאַרפן בליק פון מאַנאַך, דעם גלאָקן־קלינגער.

זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז באַלד אַרויס, די שיינע נזירה. דער ייד יאַנטשע האָט זי פון דער זייט לאַנג נאָכגעקוקט. ווער ווייס — האָט ער זיך געזאָגט — וואָס פאַראַ סודות און געהיימנישן ס'קענען זיך דאָ באַהאַלטן הינטער זייערע איינגעהאַלטענע ריידעלעך און הינטער זייערע כאַלאַטן. און אַ מאָדנער געדאַנק איז אים געקומען אויפן זינען, ער איז שוין כמעט זיכער געווען, אַז אָט דער יונגער מאַנאַך, דער גלאָקן־קלינגער, לעבט אוודאי מיט דער "שוועסטער"

קאַלעט, די פּאַריזערין מיט די הייסע, פּריילעכע אויגן אונטער דער קראַכמאַליע־טער הויב; כאָטש זי לאָזט די אויגן אַרונטער אַ ביסעלע פאַרשעמט, און מורמלט מיט אַ פויגל־שטימעלע; און ער, דער יונגער מאַנאַך, אַ פויעריש־געזונטער, אַזוי פאַרקאַכט אין דער עולם הזהדיקער אכילה...

דער ייד האָט זי דערנאָך אַנגעיאָגט אין דער ציפּרעסן־אַליי, דער פרוי מיטן גרויען, שיינעם קאָפּ:

— איר ווייסט, וואָס כ'וועל אייך זאָגן? זיי געפעלן מיר עפּעס נישט, די אַלע...

— איר פאַרגעסט, זיי זענען די עלטסטע קאָנספּיראַטאָרן, זייט דורות — האָט די פרוי זיך אַרומגעקוקט און געערעדט שטילער — זיי קריכן אַריין ווי די מילבן, אומגעזען, מיט שטילע, פרומע טריטעלעך, וויפל רייכטימער זיי האָבן זיך איינגעשאַפן אומעטום, און אויך דאָ, ביי אונדז, די שענסטע ווינקלען אין ירושלים האָבן זיי נאָך באַזעצט לאַנגע יאָרן צוריק, פאַרכאַפּט, אָדער אָפּגעקויפט פאַר פּיאַסטערס... דער פּויפּסט... זיי האָבן דעם שטילן אַנזאָג פון פּויפּסט קיין איין מעטער ערד נישט צו פאַרקויפן. באַשר, ער איז דאָ אַמאָל געטרעטן, אויף דער דאָזיקער געשענדעטער, פאַרברענטער ערד אונדזערער... נאָר מילא, באַשולדיקן זיי אָבער אונדז, אַז מיר זענען די וועלט־פאַרכאַפּער און וועלט־קאָנספּיראַטאָרן...

— כ'ווייס נישט ווי אַזוי עס אויפצוקלערן — מאַכט רער ייד — נאָר כ'פּיל, אַז עס ציט זיך איין גלייכע ליניע פון די טויט־לאַגערן, ווו כ'בין קוים אַרויס לעבעדיק, פון די ברענענדיקע קרעמאַטאָריעס, ביז אָט דעם מאָנאַך אין דער ברוינער ריזע, פון פראַנציסקאַנער אָרדן. כ'האָב אים אפילו געזען אין אַ קאָשמאַר־חלום... אפשר שמוגלט ער גאָר אַריין די אויפרייס־שטאָפן פאַר די אַראַבישע באַנדיטן...

איז זי אַ רגע געבליבן נשתומם, די פרוי:

— אַזוי? פון וואַנען זענט איר אַזוי זיכער?...

ווייל די קאָשמאַרן זענען אים כסדר נאָכגעגאַנגען אין די נעכט. דאָס קאָנטיק־געשניטענע פּנים, ווי אין רויען האַלץ, דער קילער, וואָסערדיקער בליק פון אונ־טער די ווייסע ברעמען, האָט אים נאָכט נאָך נאָכט פאַרפאָלגט. ער האָט זיך פּלוצים דערזען — אין דער ביטערער קריחה, אונטערן גרויען, נידעריק־פאַר־שלאָסענעם הימל, אַן אַ ברעקל רחמים, דעם קאָפּ אַריינגעצויגן אין די אַקסלען, פאַרוויקלט אין אַן אַלטן בגד, אַדורכלויפן דאָס אויסגעשטאַרבענע געסל צום פּוסטן מאַרק. די טריט סקריפּען אין אייַנגעפרוירענעם שניי, און ער פלאַטערט מ'זאָל זיינע טריט נישט דערהערן; אָבער פּלוצים — שטייט ער פּנים אל פּנים מיטן רוצח. וויי־געשריגן! ער בלייבט אַ רגע ווי היפּנאָטיזירט, ווי דאָס העזעלע קעגן דער שלאַנג. „קאָם!”... מאַכט דער רוצח רויק, און רופט אים מיטן פינגער; אָבער ער רירט זיך נישט פון אָרט, ווי פאַרגליווערט. יענער נעמט שוין לאַנגזאַם אַרויסציען דעם גרויסן נאַגאַן פון דער רעכטער זייט. מ'ווייס נישט פון וואַנען דעם מאָגער־פאַרהונגערטן מענטש איז באַפאַלן אַזאַ מעכטיקער אינערלעכער כוח

אַ יאָג צו טון, אַריינצושפּריַנגען אין אַן אָפענער הויז־טיר, אַרויף די שמאָלע טרעפּ, ביזן קרומען בוידעמל, אַ ציִ געטון דעם דראַבינע־לייטער, צוגעהאַקט די קלאַפּע. אין האַלבן טונקל האָט ער אויך באַלד אַנגעטאַפּט לעבן זיך עפּעס אַ שווערע זאַך, דוכט זיך, אַ געלעכערטער טשוהונענער טאָפּ, אַ וואָרף צו טון אים אין קאָפּ אַריין, אויב דער רוצח וועט בעמען אַרויפקריכן. מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ איז ער גע־שטאַנען לאַנג, אפשר אַן אייביקייט, און געהערט די שטילע, שלייכנדיקע קאַצן־שריט פון ס.ס.־מאַן. ס'איז אַ לאַנגע צייט שטיל געווען, ער האָט בלויז געהערט דאָס הויכע שלאָגן פון זיין האַרץ. ביז ער האָט דערפילט, אַז דער מערדער איז צוריק אַרונטער. דורכן אויסגעהאַקטן שייבל האָט ער זיך אַ וואָרף געטון, צו דערזען, ווי דער באַנדיט שטייט נאָך אַלץ פאַרטייעט, לויערט אין אַ ווינקל, ביי דער רינווע, צוגעשפּאַרט צום ווענטל; לויערט לאַנג, געדולדיק, פאַרביסן, דורכן אויסגעזעצטן בוידעם־שייבל איז, מיטן צוגעפּאַלענעם אוונט, לייכט געווען צו אַנט־רינען אויפן אַנדערן דעכל. ס'איז געווען אַן אָפן בוידעם־שטיבל. דאָרט איז שוין קיינער סיי ווי מער נישט געווען, נאָך דער לעצטער אַקציע... — — —

אַט דאָס קאַנטיק־געשניטענע פּנים, ווי פון רויען האָלץ, האָט ער מיט אַ מאָל אַזוי בולט דערקענט. מאָדנע, ס'איז געווען — דער באַרוועסער מאַנאַך, דער גלאָקן־קלינגער. ער איז דאָ אויך פאַרזיכטיק, ווי פאַרטייעט, געטרעטן אויף דער ערד, געשוווּמען איבער די זייטיקע אַלייען אין זיין לאַנגער ברוינער ריזע; אָפּ־געשטעלט, האָט ער זיך אַלע מאָל פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט געזוכט זיין קרבן; דער זעלבער באַוועג מיט דער רעכטער האַנט, ווי צו כאַפּן זיך צום נאַגאַן ביי דער זייט. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טון, נאָר ס'געשריי איז אים פאַרשטיקט שטעקן געבליבן אין האַלדז...

אַן אָפּגעריסענער גלאָקן־קלאַנג האָט אים איבערגעוועקט פון די קאַשמאַרן. ער איז אַראָפּ, געטרעטן אויף די קאַלטע שטיינער און אַריינגעשפּאַרט דעם קאָפּ אין טיפן פאַרקראַטעוועטן פענצטער־אויסהויל. ער האָט זיי געזען קומען, די שאַטנס, דורכן הינטערשטן אַריינפאַר, צום קלייַנעם, אָפּגעשלאָסענעם מויערל, צו־געשפּאַרט צו אַן אָפּגעריסענעם פעלדז, האַרט ביי אַ תהום. „ס'ברענט דאָ אַ גרויס פייער!"... האָט ער געוואָלט אויסשרייען, און האָט זיך אַ ריס געטון צו דער פאַרמאַכטער טיר.



**רחל בוימוואָל**

# פרייד און אומעט

*   *
*

וווהין איך זאָל ניט גיין און קומען,
זיי גייען נאָך מיר זאַלבעצווייט —
די זיסע פרייד פון שטילן אומעט,
דער זיסער אומעט פון דער פרייד.

ווען פונעם אומעט כ׳וויל פאַרגעסן,
און נאָר די פרייד פאַר זיך איך לאָז,
איז ווערט זי גיך מיר צוגעגעסן.
מיר דוכט, זי האָט דעם טעם פון גראָז...

נאָר, ווען מיך טוט די פרייד פאַרמיידן,
בלויז מיט דעם אומעט כ׳קען ניט זיין.
און שטענדיק, ווי איך זאָל ניט ליידן,
מיר בלייבט אַ פאַסיקל פון שיין.

זיי זענען פעסט אַרומגענומען,
ווי העל מיט ליכט, ווי שוואַרץ מיט ווייס,
אַזוי די פרייד אויך מיטן אומעט.
גיי, זיי אַ בריה און צערייס!

# אַ באַלאַדע וועגן דעם קאַקטוס, וואָס איך האָב אָפּגעפירט אויפן הייליקן אָרט

...וואָס טראַכט איצט דער קאַקטוס ? צי האָב איך געטאָרט
אים ברענגען אַהין, אויפן הייליקן אָרט,
און דאָרט ביי דעם קבר פאַרזעצן אין ערד,
עס זאָל אַזאַ איינזאַמקייט זיין אים באַשערט ?

ער האָט דאָך ביי מיר אויפן פענצטער געוווינט,
צו רייד און געלעכטער געוועזן געוווינט,
צוויי ריזיקע בלעטער, ווי דלאָניעס די גרעב
אַרויסגעלאָזט, ווי ער וואָלט זאָגן : "איך לעב !"
ווען איך פלעג באַגיסן אים צוויי מאָל אַ וואָך,
פלעגט ער אָפּט מאָל גוטמוטיק טאָן מיר אַ שטאָך...

וואָס טראַכט איצט דער קאַקטוס, פאַרלאָזט און אַליין,
צווישן פירקאַנטיקע קברים פון שטיין ?
פאַרשטייט ער כאָטש וועמענס דאָרט קבר ער היט,
ווי מיד אויף זיין אָרט זיך פאַרפלאַנצן עס ציט ?...

ס'וועט דורכגיין אַ צייט, און צום הימל געווענדט,
דער קאַקטוס וועט אויפהייבן בלעטער, ווי הענט,
מיין טרייער פאַרטרעטער, פאַר מיר דאָרט ער וועט
ביי טאָג און ביי נאַכט זיך פאַרגיין אין געבעט,
אַזוי ווי אַ גיבור אַ גרינער, וואָס האָט
אַרויסגעשטעקט הענט, און ער מאָנט, און ער דראָט...

און טאָן וועט ער אַלץ, ווי איך האָב אים פאַרטרויט, —
ער וועט דאָרטן דראָען דעם אומזין פון טויט,
ווי איינער, וואָס גיט זיך ניט אונטער, וואָס רופט.
ער וועט דאָרטן איינשטעכן זיך אין דער לופט,
אין הענטלעפלען זיינע, צום הימל געשטאַרצט,
מיין ווייטיק וועטריידן, די פיין פון מיין האַרץ.

ער וועט דאָרט אין היץ אַ פאַרחלשטער שטיין
ביז קומען עס וועלן די רעגנס צו גיין,
דערנאָך וועט ער שטיין דאָרט אין רעגן און ווינט...
נאָר איך, איך וויל וויסן, וואָס טראַכט ער אַצינד :

די ערשטע בית־עלמין־נאַכט שרעקט אים און דריקט,
אַזוי ווי דעם נפטר מיט פיר יאָר צוריק...

* *
*

כ'בין היינט מיד מיט אָט דער מידקייט
פון אַ פאָלק אַ זייער אַלטס,
וואָס מיט ביטערער געניטקייט
רק פאַרלויפט דעם וועג אין אַלץ...

כ'בין היינט פעסט מיט יענער פעסטקייט
פון פאַרהאַרטעוועטן שטאַם,
וואָס אַ דאַנק זיין ניט געפעסטעטקייט,
נעמט ניט קיין גהינום־פלאַם.

כ'וועל באַלד גרוי זיין מיט דער גרויקייט,
וואָס האָט ערגעץ־ווו צו טאָן
מיט דער הימלדיקער בלויקייט
אויף מיין אויסגעבענקטער פאָן.

* *
*

די נאַכט שטייט אויף אַן אָרט.
און נאָר, ווען ס'הייבט אָן טאָגן,
ווערט יעדע רגע פול מיט אויפטו און מיט נייס.
און אַלע מיינע ווייטיקן
און אַלע מיינע פלאָגן,
זיי פאַרבן איבער זיך אַליין —
פון שוואַרץ אויף ווייס.

כ'באַקום אַרויס דעם שלאָף
פון אונטער זיבן שלעסער,
ווען פאַר מיין פענצטער
נעמען שוועבן פייגלען אָפּט.
זיי צוויטשען:
— מזל טוב! איר איז געוואָרן בעסער, —
זי וועט שוין באַלד אַ חלום זען, זי שלאָפט!...

# קינדהייט

אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען
אין דער פרי פון דער גאַס.
אויף דעם פענצטער צעהאָנגען
פון זון־שיין אַ פּאַס.

מיט פאַרמאַכטע נאָך אויגן,
מיט דערוואַכטן געמיט,
כ׳האָב זיך זשעדנע געצויגן,
ווי אַ גרעזל זיך ציט,

צו דעם דרויסיקן טומל
פון דער געטלעכער וועלט,
וואָס מיך נעמען אין רומל,
צו מיין גליק, איר געפעלט.

האַלב אין שלאָף, אין איין העמדל,
דורך דעם שטאָט־טאַראַראַם
כ׳לאָז זיך שווימען — אַ שפענדל
אין צעקלונגענעם ים...

ערגעץ סקריפּעט אַ טויער,
ערגעץ האַווקעט אַ הונט —
פאַר מיין דורשטיקן אויער
איז דאָס אַלץ צו געזונט.

וויינט אַ קינד, הוסט אַ זקן,
קאָלדרעס קלאָפּט מען אין הויף,
צו די אויבערשטע שטאָקן
שרייט אַ פּעדלער אַרויף...

ווי אַ שנירעלע פּערל,
פּערלמוטערדיק בלאַס,
פלעכט אַריין זיך אין הערן
אַ געלעכטער פון גאַס...

אַזאַ פּייערלעך שטרענגע,
די סימפּאָניע שטייגט.
ווערט אין ברוסטקאַסטן ענג מיר,
אַ דערציטערטע, כ׳שווייג.

ווערט מיין הערן אַלץ דינער,
און ס׳דערגייט שוין צו מיר
יעדער פּלאַץ פון אַ שינע,
יעדער קלאַפּ פון אַ טיר...

כ׳ליג צעהיצט און צעכראַסטעט,
און איך שטוין, און איך הער,
ווי דעם ברוק דאָרט מע פלאַסטערט,
ווי די גאַסן מע קערט...

איך דערשפּיר אים, דעם עיקר,
וואָס די קלאַנגען פאַרבינדט.
און איך לאָז מיך, פאַרשיכורט,
צו דעם פלעשעלע טינט.

## דין וואָס בלייבן קינדער

ווי אויף הייוון, וואַקסן קינדער.
ווערן לערער און דערפינדער,
דיפּלאָמאַטן, אינזשינערן,
הענדלער און דאָקטוירים ווערן,
שטעלעס וויכטיקע פאַרטרעטן.
אָבער די, וואָס בלייבן קינדער,
ווערן קינסטלער און פּאָעטן...

ווי אויף הייוון, וואַקסן קינדער.
ווערן גרויסע לייט, צי שווינדלער,
נייען שיך, צי בויען הייזער,
מאַכן דורך געוואַגטע רייזעס,
פראַוון חתונות, זיך גטן...
נו און די, וואָס בלייבן קינדער,
שרייבן לידער און סאָנעטן.

## לייב ראָכמאַן

I

# אויף קבר אבות

### ביי די קברים פון שלום-עליכם און פון אַנדערע יידישע שרייבער אין ניו-יאָרק

די גאַנצע צייט וואָס מיר זענען געווען אין ניו-יאָרק האָבן מיר געפילט, אַז אונדזער באַזוך וועט נישט זיין קיין שלימותדיקער, אויב מיר וועלן נישט זיין אויף "קבר אבות" ביי די קברים פון שלום-עליכם און פון די אַנדערע גרויסע יידישע שרייבער. אויף זיי זענען מיר אַלע, עטלעכע דורות, דערצויגן געוואָרן. שוין ווי קינדער האָבן מיר "געוויינט און געלאַכט" פון די באַשרייבונגען פון שלום-עליכם. זיי האָבן אונדז אויפגערודערט, אַראָפּגעזעצט זיך אין אונדזער געמיט מיט טרערן און פרייד. ווען מיר זענען עלטער געוואָרן — ווי האָט אונדזער דופק מיטגערוישט מיטן ריטעם פון די לידער פון אברהם רייזין, ה. לייוויק, משה לייב און מאַני לייב. זיי האָבן געעפנט אונדזער וועלט פון ניגון און קלאַנגען. גאַנצע נעכט זענען מיר אויך געזעסן געבויגענע איבער די ווערק פון יוסף אָפּאַטאָשו — פול מיט בענקשאַפט און איידעלן גרעאַנגל פון דורות רבנים; מענער און פרויען — פון תורה-אַדל. ווען זיי און אַנדערע יידישע שרייבער האָבן געשאַפן, איז נאָך געווען פריילינג אויף דער מאָדערנער יידישער ליטעראַ-טור-גאַס. אַלץ האָט צוגעזאָגט, אויפגעקלאַפּט אין אונדז מיט דערוואַרטונג. אַ ליטעראַטור, וואָס האָט ערשט, פאַר אונדזערע אויגן, צעבלומען די פליגל, און איז אַזוי פּלוצעם אונטערגעהאַקט געוואָרן.

גראַד היי-יאָר פאַלט אויס דער זעכציקסטער יאָרצייט פון שלום-עליכם. זעכציק יאָר שוין זינט זיין אַוועקגיין. אין די זעכציק יאָר איז געווען דער אָנהויב, און עס זענען אין זיי אויך דאָ די איצטיקע טעג. עס ווערט אויך צען יאָר ווי ה. לייוויק איז געשטאָרבן. מען קאָן זאָגן, אַז פאַקטיש איז זיין טויט שוין געווען די פאַרענדיקונג פון דער גרויסער תקופה אין דער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז פאַר איר, ליידער, געווען דער סתימת הגולל, שוין נאָכן חורבן.

אין ניו-יאָרק לעבן נאָך געציילטע יידישע שרייבער, וועלכע זיצן אויף די עלטערע יאָרן ביי ברייטע פענצטער פון הויכע הייזער. עס צעעפענען זיך פאַר זיי גרויסע עוועניוס, וועלכע האָבן אַ מאָל געברויזט מיטן אויפגייענדיקן יידישן שאַפן. זיי קומען אַראָפּ, פאַרשוויגענע, מיט קלוגע אויגן. זיי זענען עדות פוןביידע — אי פון יענע אָנהייב-טעג, אַ מאָל, בעת אַלץ איז נאָך פול געווען מיט צוזאָג, אי פונעם איצט — פון טעג פון אויסלאָז, פון אַ מיטאַמאָליקן "איז געווען". כאַטש נעם און שריי-אַריין טיף אין חלל!

מיר, די רעשטלעך פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום, זענען לרוב מענטשן וואָס האָבן אויך נישט הינטער זיך קיין קברים. אַלץ איז אָפּגעהאַקט. מיר זוכן זיי כסדר אויף דער ערד. ווו מיר קומען נישט, טרעטן מיר, מיר ווערן צוגעצויגן, צו אַ שורש. אַ שטייגער ווי צו זיי, די קברים, וואָלטן מיר נאָך אַלץ געווען צוגעבונדן. עס ציט אונדז אומעטום גיין אויף קבר־אבות פון אונדזער אַמאָליק לעבן.

אין אַמעריקע איז אָבער נישט לייכט זיך צו דערפרעגן אויף בית־עלמינס. נישטאָ קיין געדעכעניש פאַר זיי. קברים ווערן שנעל אויסגעריבן, ״פאַרוואָרפן״ אין יענער זייט, אין די ווייטקייטן.

איצט צעגייט זיך דאָרט אומעטום, ווי דער לעצטער רויך, בידעריק, אויף די פּראָסט־שאָסייען, אונדזער יידיש־וועלט. מען פּילט, מען טאַפּטשעט אין רעשטלעך, זיי בלייכן־איין, שוועבן נאָך אַרום, ווי לויזע נעפּעלעך, און צעגייען זיך אַן אַן עכאָ.

די ווערק פון מאָדערנע און קלאַסישע יידישע שרייבער פאַלן אַראָפּ פון פּאָליצעס. זין און טעכטער ווילן פון זיי אין גרעסטן טייל מער נישט וויסן. פיל האָבן זיך שוין אויסגעמישט מיט אַרומיקע קולטורן. זיי האָבן חתונה מיט פרעמדע. זייערע קינדער ווייסן מער נישט פון זייער אָפּשטאַם. אַזאַ איז אויך דער גורל פונעם גרויסן רוב פון די שפּיצן פון דער יידישער ליטעראַטור!

דו טראַכסט, אַז יידן אין די ווייטקייטן זענען ווי בעלי־חי; זיי וואַרפן אומע־טום אין די זאַמדן אויף הפקר זייער זרע. די דורות נאָך זיי לאָזן מער זיך נישט איינזאַמלען.

קיינער אין ניו־יאָרק האָט מיר נישט געקאָנט ענטפערן אויף מיינע פראַגן ״פאַר וואָס און פאַר וועןזי?״. לסוף פון מיינע שלאָפלאָזע נעכט האָט מען אויס־געמעקט די פראַגע־צייכנס. איך בין געבליבן אַן אַ באַרואיקונג. אַלע האָבן דער־מיט שלום געמאַכט, ווי עס וואָלט געווען פאַרפאַלן; אַזוי מוז עס זיין! זיי זענען ״מיסטיקער״: ״נישטאָ קיין אַנדער ברירה״.

— — —

עס איז נישט צו באַמאָלן יענעם זונטיק אין דער פרי, ווען מיר זענען אַרויס־געפאָרן אויף דעם בית־עלמין ווו עס רוען די רעשטן פון יידישע שרייבער. מיר פאָרן אין דעם אויטאָ פון פּראָפ׳ שיקל פישמאַן. דער וועג פירט אונדז אין מזרח־זייט פון ברוקלין. דאָרט, אין די פאַרשטעט, געפינט זיך דער בית־עלמין פון אַרבעטער־רינג ״מאָנט כרמל״. עס פאָרן, חוץ מיר מיט מיין פרוי אסתר, און פּראָפ׳ פישמאַן — אויך זיין פרוי געלע — אַ שטאַרק פאַרליבטע אין דער יידי־שער קולטור; קניה און חנהלע — אויך פון ישראל — די אלמנה און טאָכטער פון יידישן דיכטער, דעם בנן של קדושים, מיין פריינד, יעקב פרידמאַן ז״ל. מיר זיצן אַלע פאַרשוויגענע. מיר ווייסן, אַז עס איז אַזוי ווייט און מיט יעדער רגע דערנענטערן מיר זיך.

גראָד פאַלט אַ שטאַרקער רעגן. אַרום אונדז צעטאָפּיעט זיך דער ווייסער שניי. וואָס ווייטער שפּרינגען מער אַרויס שוואַרצע שטיקער ערד. זיי קוקן אַנט־

קעגן אונדז ווי רויע אויגן. טראַפּנס פאַלן כסדר געדיכט אויף די שויבן פון אונ־דזער אויטאָ, פויקן פוןביידע זייטן. מיר ברעכן אַזוי דורך קוואַרטאַל נאָך קוואַרטאַל.

מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז דאָס געביין פון שלום־עליכם און פון זיין פרוי אַלגאַ רוט אויפן אַלטן "הר הכרמל". זיין קבר איז אַרומגערינגלט מיט קברים פון אַנדערע יידישע שרייבער. פון וועמען — ווייסן מיר נישט. אַ צווייטער טייל פון די אַנגעזעעסטע יידישע דיכטער און פּראָזאַיקער איז געקומען צו קבורה דאָרט נאָענט, אויפן בית עלמין פון נייעם "הר כרמל". ווו זענען די ערטער ווו זיי ליגן? מיר זאָלן נאָר טרעפן! מיר האָבן מורא, אין דעם רעגן זאָלן זיי זיך נישט באַהאַלטן פאַר אונדז. די בית־עולמס דאָ זענען לאַנג און טונקל. שוין לאַנג ווי קיינער איז נישט געקומען אויף זייערע קברים.

אַ ריי יידישע בית־עולמינס רינגלען אונדז איצט אַרום. מיר זענען צווישן מצבות אויף מצבות. כמעט אַלע בית־עולמס זענען מיט תנ"כישע נעמען. אָט איז דער "הר נבו". מיר געדענקען גוט, אַז אויף דעם באַרג נבוֹ איז משהס קבר; עס איז אויף אים נגזר־געוואָרן, בעל כורחו, ער זאָל ליגן אין פרעמדער ערד; ער זאָל נישט אַריינקומען אין לאַנד. זייט דעמאָלט וואַכט פון דאָרט, פון די בערג־הויכקייטן, זיין קבר כסדר איבער אונדז.

אָט פאָרן מיר שוין פאַרביי דאָס טויער פון אַלטן "הר הכרמל", און אַליין נישט וויסנדיק פאַר וואָס — מיידן מיר אים אויס. מיר קומען באַלד אין ברייטן אַריינפאָר פון נייעם "הר הכרמל".

איצט נעמט אונדז אויף אַ שטאַרקער רעגן, ווי ער וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט צוליב אונדז. ווען מיר שטייגן־אויס, גיסט אַ מבול. אונדזערע מלבושים ווערן שנעל דורכגעווייקט. מיר זענען אונטערטעניק. עס כלאַפּעט אויף די קליידער, ווי אויף גלאַנציקע בלעכן. אין ווינט קלעפּן זיי זיך צו אונדזערע לייבער, ווי טונ־קעלע גראָבע הויט. פון אַלע זייטן, פון דער נאָענט, זעען מיר איצט, אָן אַ שיער אַלייען און הויכע מצבות — שורה נאָך שורה; טירן פון געמויערטע הייזלעך — פאַמיליען־קברים. אין דעם געדיכטן רעגן איז טונקעלער, געדיכטער; דער הימל — אַראָפּגעלאָזט נידעריק; די מצבות — ווי זיי וואָלטן ווי ווייט זיך גע־שטעלט אויף די שפּיצן; זיי קוקן אַריבער צו אונדז. אַלע בערגלעך און אַלייען — ווי זיי וואָלטן, איינגעהאַלטענע, געוואַרט אויף אונדזער קומען. די ברייט־געפלאַס־טערטע סטעזשקעס ווערן פאַרלוירן ווייט צווישן קברים — אָפּגעהאַקט אין דער מיטן.

לינקס פון אונדזער אויטאָ, באַלד אין יענער זייט פון נאָסן אַספאַלט, איז דאָס בית עולם־ביוראָ. מיר שטייגן אַרויף אויף די טרעפּ. באַלד זענען מיר אין האָל. אויך דאָ איז שטיל. אַלע טירן אַרום פאַרמאַכט. אונדזערע פיס שטעקן ווי אין אַ ברומעניש. זי גייט־אויף פון אונטן איבער די ווענט. אויך אויפן דיל רוישט. ווען מיר קוקן זיך אַרום, דערזעען מיר אַן אָפענעם טעלעפאָן. ער זשומעט דאָס אין דער זייט, אויף אַ פּולפּיט. פּראָפ' פישמאַן דערנענטערט זיך. ער נעמט דאָס

טרייבל אין האַנט. נאָך אַ ווײַלע — אַ פרויען־שטימע. איר קול קומט פון אינע־ווייניק. זי פרעגט, ווער עס איז? וואָס מען וויל? דער פוסטער עכאָ פון אירע ווערטער דערגייט אויך צו מיר. דער פּראָפעסאָר רופט אַריין שטיל, ווי פון צווישן זיין יונגער באָרד אַרויס, אין ענגליש, די נעמען פון די שרייבער־נפטרים וואָס זייערע קברים זוכן מיר. אין דער צווייטער קאַנט נעמט ער אַ בית עולם־מאַפּע, וואָס ליגט פאַר אונדז נעבן טעלעפאָן. נאָך אַ קורצער צייט פאַרנעמען מיר ווידער דאָס פרויען־קול. זי גיט אונדז איבער די נומערן פון די בית עולם־טיילן ווו עס געפינען זיך די שרייבער־קברים.

מיר לאָזן זיך אין אויטאָ, און פאָרן איצט פּאַמעלעך אַריין לענגאויס דער שמאָלקייט פון בית־עולם. אונדזערע הענט ווישן ווייטער די פאַרנעפּלטע שויבן. די מצבות שליסן זיך פון אַלע זייטן אַרום אונדז. ווידער פאַרנעמען מיר זיך לינקס. מיר פאַרנייגן אין אַן אַליי. אונדזערע באַדעכלטע פנימער — פאַר די פענצטער. אַלע מאָל פאַרציט זיך פון דאָס ניי. ווי אַ פאַרוויינטע בעלמע, אַ פייכט הייטל, מיט טראָפּנס פאַר די שויבן. אונדזערע פינגער ווישן כסדר. מיר זעען, אונדזער אויטאָ רוקט זיך פאָרויס אין אַ סטעזשקע טיף אַריין אין דער פאַר־פלאָנטערטקייט, ווי אין דעם אַלטן טייל פון בית־עולם.

פלוצים גיט עמעצער פון אונדז אַ געשריי: לייוויק! מיר שטייגן אויס, און בלייבן מיט אַ מאָל שטיין פאַר אַזוי פיל מצבות — פול מיט נאָענטע נעמען, וואָס אָט ערשט נעכטן זענען זיי געווען לעבעדיקע סימבאָלן אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, און אָט איצט זענען זיי ווי אויסגעקריצט בלויז אין חלל. אָט דאָ איז די ערד אַרום פאַרפלאָנצט מיט זייערע גופים. זיי רוען אונטער די אַרויסשטאַרצנדיקע בערגלעך, ווי מיט די פנימער אַראָפּ, נישט מער צו אונדז.

אונדזערע אויגן לויפן איצט שנעל פון מצבה צו מצבה. זיי גלעטן די בערג־לעך. מיר ווייסן נישט, ווי פריער זיי אָנצושפּאַרן. כסדר ווילן מיר זיך רירן פון אָרט צו אָרט — דאָ רעכטס. דאָ לינקס.

דו בלייבסט שטיין. זיי ליגן אַלע אין די קברים, פאַר אונדז. אין פראָנט זענען די קברים פון ה. לייוויק, מנחם באָריישאָ, יונה ראָזנפעלד, אברהם רייזין, ש. ניגער, דניאל טשאַרני, צביון, מאַני לייב, אַ. לעיעלעס, נ. ב. מינקאָוו, נחום יוד, ב. י. ביאַלאָסטאָצקי, מאַרק שווייד. ווייטער, ד״ר יעקב שאַצקי, ד״ר י. נ. שטיינבערג, רפאל אַבראַמאָוויטש, נחום כאַנין, יעקב פּאַט, לעאָ קרישטאַל, זלמן יעפרויקין, יעפים ישורין, חיים ליבערמאַן, חנא גאָטעספעלד, הירש אַבראַמאָוויטש אין די ווייטערדיקע שורות: א. לוצקי, נפתלי גראָס, לייבוש לעהרער, ליפאָ לעהרער, און נאָך און נאָך היימישע און אַזוי נאָענטע נעמען, וואָס דו קאָנסט זיי נישט איינהאַלטן אין דיין זכרון.

דו ווייסט אַ רגע, אויף יעדן איינעם פון די קברים וואָלסטו געדאַרפט קומען באַזונדער. יעדער איינער פון זיי איז אַ וועלט פאַר זיך. דאָס אומגעקומענע יידנ־טום האָט די אַלע נעמען געקאָנט. וואָלסט געדאַרפט זיך אויסשפּרייטן אויף דער ערד, אייננורען דעם קאָפּ באַזונדער אין יעדן קבר.

דו ווייסט פלוצעם אויך, אַז כמעט מיט יעדן איינעם פון זיי דאָ אין די קברים האָט דיך פאַרבונדן אַ פערזענלעכע שעה, וואָס ער האָט זי געטיילט בלויז מיט דיר. אַ קורצע ווײַלע פון זיין לעבן איז ער בלויז מיט דיר געווען צו איינס.

נאָך אַ רגע ווייסטו שוין, אַז ווּעסט קאָנען זיך מתייחד זיין מיט יעדן קבר נאָר איין רגע; וועסט אין איר בלייבן אַליין ביי יעדער פון די מצבות. וועסט זיך פאַרייניקן מיט יעדן בלויז דורך אָט די געציילטע אויגנבליקן, וואָס ער איז געווען נאָר מיט דיר.

איך שטיי ביי יעדן פון די קברים און מיינע ליפּן ווילן פּרעפּלען:

— אֶת נשמת, די נשמה פון — — —

און פּלוצעם, אין דעם רעגנדיקן אָפּרו אויף איין מינוט, אין דער פאַכמורנער לופט, וואָס ווערט פון גאָר נישט איבערגעריסן; זי פאַרשפּרייט זיך בלויז אַרויף און אַראָפּ; דעקט אַלץ איבער ווי אַ שאָטנדיקער דיוואַן — שיינען פאַר אונדז אויף מיט נישט קיין דאַאיק ליכט די קברים פון די שרייבער פון פּוילישן יידנטום. אויך זייערע גופים זענען פאַרפלאַנצט נישט טיף אין דער ערד דאָ. לייענסט: ז. סעגאַלאָוויטש, י. י. טרונק, לעאָ פינקלשטיין. ווייסט, אַז זיי האָבן אַהער דער־גרייכט בעת און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אָט דאָ צופיסנס דיר, רוט דאָס געביין פון ז. סעגאַלאָוויטש, דעם מקונן פון פּוילישן יידנטום, אַזוי איז אויך אויסגעקריצט אויף זיין מצבה. לייענסט אויף איר שורות פון זיין חורבן־פּאָעמע "דאַרטן". ווי די רעגן־טראָפּנס אַרום רינען זיי אַריין; זיי פילן דיך אָן מיטן אייביקן נעפּל, וואָס הייבט זיך און גייט דיר איבער.

איצט לייענסטו ווייטער אויף יעדער פון די מצבות פערזן און אויסצוגן פון דעם שוֹכן עפר אונטער דעם בערגל; פערזן פון זיינע בלעטלעך, וועלכע זענען, ווייזט אויס, געווען איינגעקריצט אין זיין איבעווייטיקסט לייב. ס׳רוב פון די אויסצוגן זענען אַ פאַרויסאָגען דעם טויט וואָס האָט אים דאָ איינגעדעקט. אָט לייענסטו אויף דער מצבה פון י. י. טרונק שורות פון זיין מאָנומענטאַל ווערק, אויף ברייטע לייוונטן, וועגן רבייש־בגידישן שטאַנד אין "פּוילן". עס רוט דאָ אויך פאַר דיר דער הומאָריסט פון וואַרשע יוסף טונקעל (דער טונקעלער). האָסט אים געקאָנט, דער מיט די תמיד־שמייכלנדיקע אויגן הינטער די דיקע גלעזער, און מיט דער פייקע, פאַרביסן אין מויל. צענדליקער טויזנטער, און זיכער מער, פון די קדושים, די יידן, האָט ער יאָרן פריער געמאַכט לאַכן; אויסגערוימט פון זיי יעדע זאָרג. אָן אויגנבליק, נישט פילנדיק, זוכסטו עפּעס פון זיין קאָמיזם אויך אויף דער מצבה. באַלד גייט אין דיר אויף דער באַוווסטזיין, אַז עס וועקט זיך אין דיר דער סקעפּטיציזם שוין פון ואחרי ככלות הכל.

און — אַ רגע גלייבסטו אַליין זיך נישט צו: דו דערזעסט דעם אַרומגע־רינגלטן רויטן גראַניט־שטיין איבער די רעשטלעך פונעם קדוש אַרטור זיגלבוים! דאָ אונטן רוט זיין אַש געבראַכט פון לאָנדאָן. דאָרט האָט ער אויסגעשריגן זיין פאַרלוירנקייט. בעת מען האָט פון דער ווייטנס אונדז אַלע געפירט אין שורות — האָט די וועלט גאָר נישט געהערט; זי האָט אונדזערע טריט אַקאָמפּאַנירט מיט

אַ שווייגן. זיין דינער זאָלף האָט געמיינט, אַז ער וועט זי דורכלעכערן מיט אַ געהילך, די פאַרשוויגנקייט, און דעם גאַנצן חלל.

די שטייסט און ווייסט איצט מיט דער אייביקער חכמה אין זיך, אַז זיין שאָס האָט די וועלט נאָך מער געמאַכט זיך איינשרומפּן. ביז היינט דויערט עס, וואָס פאַרביסענער, דאָס אָפּוואַשן זיך די הענט איבער אונדז. אויך דאָס קול פון די איבערגעבליבענע ווערט פאַרטויבט ווי אין אַ פאַרמאַכטקייט. ווייסט, ווי זינלאָז און אייביק ער איז געווען, זיין טויט!

איך דערפיל די קריעה געריסן טיף אין אַלע זייערע לייבער. מיט איר האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט די לעצטע יאָרן; מיט איר זענען זיי אַוועק, און מיט איר האָט מען זיי דאָ קובר-געווען.

איך ווייס איצט ביזן שאַרף פון מיין באַנעמען, אַז די ערד אויך דאָ פאַרטראָגט אונדז נישט. זי איז נישט אונדזערע; זי וועט אונדז אַרויסוואַרפן פון זיך. אַלץ דאָ איז פרעמד, ווייט, פאַרוואָרפן פון יידישן עיקר. נישט פון דער ערד דאָ זענען מיר גענומען. זי איז נישט אונדזער לעצט רו-אָרט. זי פאַרדייט נישט אונדזער צעפאַל. אונדזער שטויב ווערט מיט איר נישט צו איינס. לסוף וועט זי אונדז אַלע אָפּרייסן פון זיך!

איך געזעגן זיך מיט די אַלע קברים. איך שפיר, אַז אַהער וועל איך מער נישט קומען.

ווידער זענען מיר צווישן פלעצער און מויערן פון יידישע בית-עלמינס. אונדזער אויטאָ באַוועגט זיך פּאַמעלעך אין די קאָלוזשעס, און צייכנט זיג-זאַגעדיק. מיר ווייסן, אַז דאָ און דאָרט זענען צעוואָרפן נאָך ברעגלעך פון יידישע שרייבער. זיי ליגן אַרום, און אויך אויף די בית-עלמין-טיילן פון ציוניסטישן אַרבעטער-פאַרבאַנד. זיי וואַרטן זיכער אויף אונדז, זיי קוקן אונדז אויס.

מיר ווילן, אַז אונדזער אויטאָ זאָל שנעלער דורכציען. מיר מוזן זיי אויסמיידן. מיר וועלן נישט באַווייזן. מיר מוזן נאָך זיין אויפן קבר פון שלום-עליכם. מיר פילן, אַז אונדזערע קעפּ ווערן נידעריקער אַריינגעלאָזט. מיר באַהאַלטן זיך מיט אונדזערע מחשבות.

איידער וואָס און ווען זענען מיר שוין ווייטער אין טויער פון אַלטן הר הכרמל. אונדזער געמיט רוישט אויף ס'ניי. מיר ווייסן נישט — צי נאָך פון פריער, צי שוין פון דעם וואָס שטייט אונדז נאָך פאַר. יעדנפאַלס, איז דאָס אַ מיבוט פון נסיון, אַן "אינצווישן" — צווישן צוויי נישט-געוויינטלעכע שעהען, וואָס טרעפן זיך צוזאַמען אַרום אונדז, אַ מין פרשת דרכים. מיר לאָזן אין אים זיך פירן.

ווידער פאַרהאַלט זיך אונדזער אויטאָ, און ווידער פאַרשווינדט פּראָפ' פישמאַן אין דער טיר פון בית עולם-בּיורא. אויך דער קליינער בנין דאָ מיט די ברייטע פענצטער, איז לינקס. ער טרעפט זי אינעווייניק, די פרוי וואָס פריער האָבן מיר פאַרנומען איר שטימע בלויז אין טרייבלדיקן אויפרויש. גיך קומט ער אַרויס מיט אַן אָנגעגרייטער מאַפּע אין האַנט. אויף איר זענען אָנגעצייכנט דער טייל און דער נומער פונעם אָרט וווּ שלום-עליכמס קבר געפינט זיך.

מיר ווייסן, אַז דאָס איז נישט ווייט, אָט באַלד. איצט שניידט אונדזער אויטאָ זיך דרייסטער איין אין די טיפקייטן. מיר פאַרנעמען זיך אַלץ פאַרויס צווישן די קברים־אַלייען, מצבות און שטאָכייטן. מען זעט צווישן זיי אויף ווי ווייט נישט קיינעם, נאָר שטילן גרין און גרוי, וואָס איז אַראָפּגעלאָזט אויף אונטן. פעלדער, ערד, וואָס איז פאַרזייט מיט לייבער. אָט דעקן זיי איבער די שיין פון אויבן. מיר פאָרן לויט דער מאַפּע און זענען נישט זיכער אַז מיר בלאָנדזשען נישט. אין נאַסן רעגן דאַכט זיך, אַז עס שטרעקן זיך צו אונדז, אין די שויבן פוןביידע זייטן, גרוי־וואַסערדיקע צונגען. אפשר שפּריצט מען אויף אונדז טהרה־וואַסער, מים חיים. מיר ווילן עס זאָל דויערן, עס זאָל זיך אָפּהאַלטן.

גאָר שנעל האָט ווער פון אונדז געגעבן אַ געשריי־אַרויס:

— דאָס קבר פון שלום־עליכם!

אין דער האַלבער טונקלקייט, אין דעם גאַס, האָבן מיר דורכן פענצטער פלוצים דערזען, אַ גלאַנציקע, די הויכע מצבה. מיר האָבן זי דערקענט ווי אַלע וואָלטן מיר זי שוין פיל מאָל געזען. ווען איז דאָס געווען? בעת מיר זענען אויסגעשטיגן זענען מיר פאַר איר געבליבן שטיין אין פראָנט, אין דער ערשטער שורה. אונדזערע אויגן ווישן דעם אַרום. נעבן אים, אונטער דער זעלביקער מצבה, רוט דאָס געביין פון זיין פרוי, אָלגאַ, און ווייטער — פון אַלע זייטן, אויף מצבות — אַזוי פיל נעמען פון דיין אייגענער געשיכטע. אויף ווי ווייט אַרום זענען די בערגלעך — מיט זייערע גופים איבעוויייניק, ווי זיי וואָלטן אַלע דאָ געוואַרט אויפן אויפגיין. הויכע ביימער שפּראָצן פון זיי, פון יעדן אַרויס — לויטער; אומגעזעצענע גרייכן זיי אַרויף אין דער לופט. פילסט, אַז אין זייער דורכזיכטיקייט — וואָלסטו זיי געקאָנט אָנטאָפּן. ווידער פאַלט דער רעגן. ער זאַפּט זיך איין אַרום און אַרום, ביז די גרונטן אַראָפּ, און נעצט אונדז אויך דורך ביז די ביינער. די פיס זענען פאַרזעצט.

ממש דאָ, פאַר אונדזערע אויגן, איז אויסגעקריצט דער עפּיטאַף, וואָס שלום־עליכם אַליין האָט אים צוזאַמענגעשטעלט פאַר זיין מצבה:

דאָ ליגט אַ ייד, אַ פּשוטער,
געשריבן יידיש־דייטש פאַר ווייבער,
און פאַרן פּראָסטן פאָלק האָט ער —
געווען אַ הומאָריסט, אַ שרייבער.

דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאַכט,
געשלאָגן מיט דער וועלט כּפּרות.
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט,
און ער — אוי וויי — געווען אויף צרות!

און דווקא דעמאָלט ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקלאַטשט, און פלעג זיך פרייען,

האָט ער געקרענקט — דאָס ווייס נאָר גאָט —
בסוף, אַז קיינער זאָל נישט זעען.

דו טראַכסט, צי איז טאַקע פאַרביי זעכציק יאָר?! פאַרמאַכסט אַ ווײַלע די אויגן און ווילסט נישט גלויבן. אפשר איז דאָס אַלץ נישט אמת? אַלץ איז נאָך ווי געווען! די יידן אומעטום לעבן! זיי און די דורות לייענערס פון דעם אַלעם! די לענדער פון מזרח־אייראָפּע זענען נאָך פול מיט יידישן לעבן. דו ווילסט אַוועקטרייבן דיין וויסן, ווי אַ זלידנע פליג פון שלאָף, נאָך דעם ווי דו כאַפּסט זיך אויף.

דו ווייסט אָבער מיט דער גאַנצער וואַכקייט אין דיר, אַז גאָר נישט, גאָר נישט איז מער דאָ אין חלל. דיין עבר איז איין גרויסע ליידיקייט: אַ תהום, וואָס קאַלערט זיך אַראָפּ.

דאָ נישט ווייט, אויך אין דער ערשטער שורה, איז די מצבה איבערן קבר פון מאָריס ראָזנפעלד, דעם דיכטער פון די שאָפּ־יאָרן. גלייבסט זיך אַליין נישט צו: שוין ווען דייגע אויערן האָבן אָנגעהויבן צו הערן, האָסטו זיך געטונקען אין זיין ליד וועגן די יידישע עמיגראַנטן, וואָס אַרבעטן טאָג און נאַכט און האָבן נישט ווען צו זעען זייער קינד. דאָס ליד האָט דערגרייכט אַזש אַריבער צו אונדז, אין אונדזער תקופה אַריין:

די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס,
און לאָזט מיך שפּעט צוריק.
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב!
אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק!

און באַלד זינגט־אויף אין מיר זיין ליד, וואָס מיר האָבן דורך די לאַנגע ווינטערס, איבער די פאַרקאַוועט־פאַרשנייטע פעלדער, פאַריאושט־פאַרקלעמט אויסגעזונגען אָן שום בטחון:

אויף אַ ווערבע־בוים אַ שטומע
הענגט דער חלום פון מיין אומה.

נישט ווייט פון מאָריס ראָזנפעלדס קבר רוט אויך דאָס געביין פון דעם אַנדערן דיכטער פון יענער תקופה, דעם "זיידע פון יידישן סאָציאַלן ליד", מאָריס ווינטשעװסקי:

אָ, די וועלט וועט ווערן יונגער,
און דאָס לעבן — לייכטער, גרינגער.

יעדע רגע רייסט זיך אַרויס פון אונדז אַ פרישער "אוי!" אָט געפינסטו זיך ביים קבר פון וולאַדעק, דעם עלטערן ברודער פון ש. ניגער און דניאל טשאַרני. דאָ ליגט דער בונדישער פירער וולאַדימיר מעדעם; פיליפּ קראַנץ, און באַלד דערזעסטו די מצבה פון אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, דער באַקאַנטער מחבר פון ווערטער־בוך. אַ מינוט און בלייבסט שטיין פאַרן קבר פון אברהם ליעסין. עס זינגט־אויף אין דיר זיין ליד "דער קרעמער", וואָס קלינגט איצט ווי אַ נבואה:

אַ יידישע מלוכה, רבותי,

צי קאָנט איר דאָס גרינטלעך פאַרשטיין —
אַ מלוכה פון ליטער גאונים,
אַ מלוכה פון מלכים אַליין!

אַט דאָ אַרום ליגן יוסף אַפּאַטאָשו און זיין פרוי אַדעלאַ, זישא לאַנדוי און זיין פרוי; י. י. זינגער — דער באַשרייבער פון די יידן וואָס דו האָסט געקאָנט אַזוי פון דער נאָענט.

מיר קאָנען נאָך נישט באַנעמען די ראָלע פון יעדן איינעם פון זיי אין דעם אויפוואַך פון אונדזער געמיט. איין זאַך איז קלאָר, אונדזער יונגקייט האָבן זיי אויסגעשטאַלטיקט; מיר זענען אויף פיל פון זיי אויסגעוואַקסן.

אין דער זייט, צופוסנס שלום־עליכמען, געפינען זיך די קברים פון אב. קאַהאַן און הלל ראָגאָף — די רעדאַקטאָרן פון „פאָרווערטס״, די צייטונג וועלכע האָט געשפּילט אַזאַ ראָלע אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער יידנטום.

ווידער שטייען מיר פאַרן קבר פון שלום־עליכם. דאָס מאָל — ווי מיר וואָלטן געווען אַ דעלעגאַציע; די מחיצה איז אַפּגעפאַלן צווישן אונדז און דעם נוסח אויף דער מצבה. מיר לייענען איצט אַלע צוזאַמען, הויך אויף אַ קול, וואָרט ביי וואָרט.

און די ווערטער קלינגען ווי אַ קדיש, נישט בלויז נאָך שלום־עליכמען, נאָר נאָך אונדזער אייגענעם עבר.

אין דער לופט בלייבן שטייען פאַר דיר בולט אָנגעצייכנט, ווי מיט אַ פינגער, די פערזן פון פאַרשטאָרבענעם העברעישן דיכטער נתן אַלטערמאַן — אין זיין „בריוו פו מנחם מענדלען״ צו שיינע שיינדלען געשריבן אין די חורבן־יאָרן:

שיינע שיינדל, עס פאַלט אַ ווייסער שניי.
קיינער איז מער נישטאָ, פאַרשטיי.
טוביה איז געשטאָרבן, און אַוועק איז
מאָטל פּייסי דעם חזנס.
אויך אומגעקומען איז
דער פעטער פּיניע.
עס שפּילט מער נישט דער קלעזמער.
דער פידל געבליבן איז שטום.

שטייסט פאַר די מצבות. דורכן חורבן אַדורך האָבן מיר זיך צו זיי דער־גרונטעוועט. זיי זענען פון אויבן, צווישן די אַלע מצבות דאָ. פאַרשפּרייטנדיקע זיך פליגל טראָגן זיי, לאָזן זיי אַראָפּ אונטן, איבער דער פאַרזעצטער ערד, איבער וועלכער מיר גייען ווייטער.

און כאָטש עס איז אַזוי נאָס אַרום אונדז, רעגנדיק און שנייִק, פאַכמורנע און ווינטערדיק — מיינען מיר, אַז עס שלאָגט אַ העלקייט פון די געדיכטע טראַפּנס אויבן; עס פרישט־אויף אַ גרינקייט. דער כסדר־גייענדיקער רעגן זעט אויס אַ קוואַלנדיקער, ווי אַ שאַרף פון אַ בליץ וואָס קאַלערט זיך אַראָפּ מיט ליכט איבער אונדז.

II

# נאָכן ווינטער

(פראַגמענט)

עס איז געווען דאָס יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי און דרייסיק.

זיי זענען געשטאַנען אויפן מוראַנאָווער פּלאַץ, די ייִנגלעך פון רבינס בית־מדרש, ווי קליינע יידעלעך אין פרעמדן אַרום. די פרייע נאָך־פּסח־זון האָט דורך די לאַנגע כאַלאַטלעך דורכגעוואָרעמט זייערע לייבער, געוועקט אין זיי די פאַר־דושעט־איינגעהאַלטענע שטיפעריי. עס האָט געגלוסט, צענעמען די אברים, שטופּן איינער דעם אַנדערן, מאַכן קאָזשעלקעס, נאָר נייגעריקע בליקן פון אַרום האָבן געצוימט, דערמאָנט אַז זיי זענען בר־מצווה־בחורים, זיי זענען יידן.

אַ לאַנגער ווינטער האָט געהאַלטן פאַרפרעסט זייערע גלידער אין דער גע־מויערטער הויפּטשטאָט. ווי פאַרדערעטע זקנים, האָבן זיי שווער זיך באַוועגט צווישן גאַסן מיט איינגעפרעסטע ווענט. די הויכע הייזער אַרום זיי — פאַר־קאַוועטע פעסטונגען, פאַרזעצט אין שניי; פון קעלט — געדיכט־צוזאַמענגעטו־ליעט, הויז ביי הויז. אונטער דער שניי־איינגעבעטקייט זענען די הויכע גאַסן געזונקען נידעריקער. מיט אַ מאָל האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אייז־שיכטן. די שטאָט, אַן אַרויסגעשיילטע, האָט זיך געהויבן אַרויף, איבערן צעטאָפּיעטן שניי. אונטן, פון אַלע אירע פאַרהוילענע אָדערן איז די פלעטש אָפּגעפלאָסן. די טראָטוואַרן זענען איצטער געלעגן טיפער. מען גייט נידעריקער. די פירקאַנטיק־לענגלעכע, פייכט־גלאַנציקע, שטיינער — אָפּגעדעקט, ווייך, ווי אויפגעלאָפּענע. די ייִנגלעך האָבן איבער זיי זיך געוויגט.

דער טאָג האָט ערשט נישט לאַנג לויטער זיך געשטעלט. די ייִנגלעך האָבן צעעפנט די אויגן: אַ ציטעריקע ליכטיקייט האָט זיך געשפּרייט איבער די געמוי־ערטע הייזער; פאַרטריבן פון די טויזנטער שויבן — די מאָטקייט. דער צעפלאָ־סענער שניי האָט איצט אויף ווי־ווייט זיך געשפּיגלט. די שטאָקן — העכער־אויפ־געגאַנגענע, מיט פרייע טירן און פענצטער. די אַרומיקע לאַנגע גאַסן פוןביידע זייטן האָבן לויז איבער זיך פאַרלייגט די געזימסן, ווי אַרעמס; זיך געשטרעקט אַהער; זיך באַהאַפטן ביי די דעכער — מיטן מוראַנאָווער פּלאַץ. גאָר אונטן, צופוסנס זייערע פונדאַמענט־זוימען, האָבן צעווירערנע זון־פלעקן זיך געלייגט אויף די אויפגעטאָיעטע טראָטואַרן. די ייִנגלעך האָבן אין זיי געטאָפּטשעט, ווי אין שיטער־לוילעכע נעצן. די וואַרעמקייט פון די פיס־סטאָפּעס אונטן, האָט געהויבן זיך אַרויף אין די איינגעווײדן אַריין.

אויף די מענטשן אַרום האָבן אָקאָרשט זיך געהאַט אַרויסגעוויקלט פון די שווערע ווינטער־מלבושים — דיקע — איינער איבערן אַנדערן, באַהאַפטן צום לייב. פרישע פנימער האָבן מילד זיך געצויגן אַרויף. צו די ליכט־טראָפּנס. צעעפנטע גופים פון ער׳ס און זי׳ס זענען אַנגעפּלאָסן און אָפּגעפּלאָסן. די שטראַלן פון אויבן האָבן זיי באַוועגט; דורכזיכטיק אַריבערגעפירט פון אָרט צו אָרט. פּיס און הענט האָבן זיך אַרויסגעשטעלט, זיך דערווייטערט, געאיילט, ווי אויף אַ פּייערונג, וואָס דאַרף אין גיכן פאַרקומען.

דעם פּלאַץ פאַרביי זענען פּנימער צוגעקלעפּט צו די טראַמוואַי־שויבן. טייל פענצטער — ברייט־אַראָפּ, קעפּ אין די צעעפנטקייטן; אונטערגעשטעלט דאָס פּנים אונטער דער זון. די אויגן־דעקלעך — צוגעמאַכט. הענט מיט ווייסע פינגער, פאַרלייגט איבער די ראַמען. מיט מאַהאָגאַנע ווענט זענען זיי, די רויטע שיפן, דורכגעשווומען איבער רעלסן פון גאַס אין גאַס; אין דעם געווירבל זיך דורכגעכוואַליעס, געלאָזט נאָך זיך אַ ווייס בליצן, אַן עכאָ פון אַ דין, מעטאַלענעם געקלאַנג. פון צייט צו צייט זענען לאַנגע אויטאָס דורכגעפאָרן. מיט וואָסער־פּאָמפּעס באַשפּריצט שטראָמיק די אַספאַלט־וועגן; זיי געמאַכט אויפגלאַנצן מיט זילבער־שיפן, ווי ריזיקע פיש.

לייבעלע מינצקער און זיינע חברים זענען געשטאַנען אין דער מיט, אַנגעלענט מיט די קאַליריקע שלאָפּראָקן אויף די שוואַרץ־אייזערנע שטאַכעטלעך, וואָס האָבן בידעריק אַרומגעצוימט דאָס גערטנדל אין מיטן פּלאַץ. דער ברייטער טראָטואַר האָט זיי אַרומגעקרייזט. אַרום האָבן געפּלאָסטערטע שאָסייען, שלענגלדיק זיך געוויקלט; נאַסע געלאָפּן עלאַסטיש איינער אַרום אַנדערן; אַרומגענומען דאָס גערטנדל.

די יינגלעך האָבן געזען, דער געליאַרעם פּילט אַן דעם פּלאַץ, די אַרומיקע גאַסן; פאַרפלייצט דעם נידער, פאַרשטעקט אַלץ, הייבט זיך אַרויף צו די שטאַקן. אויבן איז קלאָר, זוניק. אַ הויך־צעעפנטער קופּאָל ליגט איבער דער שטאָט, דעקט אַלץ איבער. אין די שטובן איז לופטיק. דער פרילינג ציט אַלע איינוווינער אַרויס אין גאַס.

ערגעץ, אין די וואַרעמע היימען, האָט איבערן ווינטער זיך אויסגעבריט אַ נייער דור קינדערלעך. איצט פירן די יונגע מוטערס צום ערשטן מאָל אים אַרויס אין גאַס. זיי שפּאַנען וויגנדיקע, באַוועגן די געהעכערטע היפטן; מיט געמאָסטענע טריט קרייזן זיי אַרום די גערטנדלעך, שטופּן פאַר זיך די וועגעלעך אויף די ברייטע טראָטואַר־פּלאַטן.

לייבל האָט אַריינגעשמעקט דעם פּראָסטיק־געזאַלצענעם ריח וואָס ווייעט פון זייערע קיל־האַריקע פוטערנע מאַנטלען; צעגייט זיך שאַרף אין דער לופט. ער האָט דערפילט די וואַרעמקייט פון אונטער זיי; די אָטעמדיקע גופים, וואָס אָט וויקלען זיי פאַרעדיק זיך אַרויס, און פּלוצעם האָט ער באַנומען דעם נס פון זייער אַראָפּברענגען אויף דער ערד דעם מענטשלעכן מין, אים געבוירן פון זיך; דעם ווונדער פון זייער דערנערן אים פון זייער ווייסן לייב אַרויס.

דער פרימאָרגן אומעטום איז פול געווען מיט אָנהייב. ער האָט זיך געוועקט פון שורש. אויך די קינדער אין די וועגעלעך האָבן, דורך אַ שפּאַלט אין די טיולענע פאַרהאַנגלעך — אַרויפגעקוקט; צום ערשטן מאָל אויבן דערזען שטיקער הימל. אַרום זענען געווען פאַרטון אין שפּיל די גרעסערע — קאָלירט-געקליידעט. דער פרילינג, אַן אויפגייענדיקער, האָט געשטראָמט ביז ווייטיק אין די פּיס, אויס-געגלייכט די קניען.

די יינגלעך האָבן זיך אָפּגעקערט. זיי האָבן אויסגעצויגן זייערע וואַקסנדיקע איברים. זייערע אָנגעגאָסענע געלענקען האָבן געוווסט, ס'איז בראשית, זיי זענען אין דער מיט.

זיי האָבן געדענקט, עס קומט אַ פרישער זמן, זומער. אין אַ וואָך אַרום פאָרן זיי אַרויס מיטן רבין קיין אָטוואָצק, זיין צווישן די אָפּענע וועלדער.

אויך לייבעלע מינצקער האָט דערשפּירט, עס הייבט אים. צום ערשטן מאָל באַווייזט זי זיך, די ווייט; עס רופט אים אַ קול. ער איז געווען גרייט.

אויך ער פאָרט די אַנדערע וואָך אַרויס קיין אָטוואָצק.

ער האָט געוואָלט שוין זיין דאָרט, אויסציען זיך אין גראָז, זיך צוטוליען צום באַשאַף. ווינטער, ווען אַלץ איז קלענער. דער הימל נידעריקער, איז דער מענטש, אין זיין פאַרמאַכטקייט — נענטער צו גאָט, נישט אויסגעשטעלט אַזוי אויף סכנות.

געווען איז ער אַ דראָבנער, מיט אַ לענגלעך-אַליוון פּנים און אַ טונקל-גלעטנדיקער הויט; נידעריקער פון די אַנדערע יינגלעך. ווינטער איז ער געוואָרן פערצן יאָר. אויך ער — אין אַ שלאָפראָק — אַ העל-בלויען, מיט ווייס-קיילעכ-דיקע אַרבל. זיינע באַוועגונגען אינעווייניק — אומרויק. פון אונטער די לענגלעך-שוואַרצע ברעמען, האָבן זיינע זיך קנייטשנדיקע, ברוינע אויגן, באַהויכט זיין פּנים. אויך זיין שטערן קנייטשט זיך. אונטער זיינע אויערן — קורץ-געלאָקטע פּאות. די לאַנגע וויעס — אַראָפּגעלאָזט. אונטער זיי באַהאַלטן זיך שעמעוודיק זיינע דערוועקנדיקע זיך מחשבות.

די יינגלעך האָבן זיך דערמאָנט אין אליקים יוסף משמש. ער האָט גערעדט מיט אַ טיף געשוואָלן קול. דאָס איז געווען אין אַ זומער — דאָ אויף דעם פּלאַץ. זיי האָבן נישט געדענקט, צו וועמען ער האָט דאָס געזאָגט, נאָר יעדן האָט גע-דאַכט, ער אַליין האָט דאָס פון אים געהערט — נישט איצט, נאָר אַן אויגנבליק איידער ער איז דאָ געווען.

אליקים יוסף, אַ ברייטער, מיט געבויגענע פּלייצעס; אַ הויכן שטערן און לאַנגע וואַנצעס, וואָס לייגן זיך איבער די ליפּן און פאַרחתמענען זיי, האָט אין אַזאַ פאַרמיטאָג, ווי היינט, אים דאָ געפירט פאַר דער האַנט, ווי אַ זקן פירט אַ יינגעלע. פון אליקים יוספס פּנים האָבן אַראָפּגעגרייכט דינע שפּיצן פון דער גרייז-גרויער באָרד. פּלוצעם, נאָך אַ לאַנג שווייגן, האָט ער אויסגעצויגן שווער זיין האַנט איבערן פּלאַץ. פון אונטער די וואַנצעס, האָט ער אַ זאָג-געטון:

— נעם מיט דיין אויג אַרום אַלע דאָ. איבער הונדערט יאָר וועט קיין איינער פון זיי מער נישט זיין.

נאָך דעם האָט זיין האַנט זיך אַראָפּגעלאָזט. ווידער האָט זיין וואָנצע פון איבער די ליפּן, זיך באַהאַפטן מיט דער באָרד איבערן מויל. זיי זענען געגאַנגען. לייבעלעס היטל האָט געגרייכט ביז איבערן גאַרטל פון זיין שלאַפּראָק.

ער האָט געוווּסט, נישט ער, נישט די אַנדערע יינגלעך, האָבן געקענט אליקים יוספן. ער איז אַוועק פריער, איידער זיי זענען געקומען. עס איז אים נישט צו דערכאַפּן. זיין קול איז נאָך אָבער, ווי וואָרעם־שעפּטשנדיק, פאַרבליבן אים אין אויער.

לייבל האָט געשפּירט, אליקים יוספס רייד לאָזן איבער אים זיך אַראָפּ ווי אַ שווערער באַרג. ער האָט געפּרוּווט זיי משיג־זיין. ער האָט געוואָלט זיך דער־מאָנען די אַלטע חסידים פון אליקים יוספס דור, וואָס זענען מער נישטאָ. ער אַליין האָט זיי נישט געקענט; ער איז געקומען, ווי איין מינוט נאָך זייער אַוועקגיין. בלויז זייער נאָמען האָט צו אים געגרייכט. זיי האָבן ביי אים יעדער זיין צורה.

זיי האָבן געהערט אַז ער, אליקים יוסף משמש, האָט אַ יאָר פאַר זיין פּטירה אין אַטוואַצק — זיך אָפּגעזונדערט. נאָך פערציק יאָר שטיין פאַרן רבין, האָט ער זיך פאַרמאַכט אין זיין דירה. זיינע זין האָבן משמש בקודש געווען. מיט אַ מאָל האָט די פרייד פון אים זיך אָפּגעטון. ער איז פאַרשטילט געוואָרן. אים איז איינ־געפאַלן אַז דער רבי באַדאַרף אים מער נישט. ער וועט אים אָפּזאָגן. אויף דער עלטער וועט ער בלייבן אַרויסגעוואָרפן. אַ מרה־שחורהדיקייט האָט פון אים גע־ווייט, געבלאָזן פרעמד צווישן אים און אַלע.

ביז היינט רעדט מען נישט דערפון הויך. דעוואַקסענע דערמאָנען דאָס ברמיזא. פאַר זיי, די יינגלעך, איז דאָס פאַרהוילן.

לייבל פאַרשטייט נישט: דער רבי האָט דאָך געקאָנט אים רופן, זאָגן, אַז ער וויל אים יאָ. קיין מאָל וועט ער נישט בלייבן מחוץ למחנה. מען זאָגט נישט אָפּ קיין משמש מיט אַ חזקה. אַרויסקומען פון אים וועלן דורות משמשים — בנים און בני בנים.

דעם רבין וואָלט ער דאָך געגלייבט. רבי — האָט זיין גוף געקאָנט אויפ־ציטערן פאַר אים.

ער האָט נישט געוווּסט, לייבל, צי דער רבי האָט גערעדט מיט אים, ער האָט איצט, ווי פון דער ווייטן פאַרנומען אַליין דעם רביגס קול, וואָס איז וואָרעם, איז אַזוי מקרב, גלעט־איבער דעם אינעווייניק פון מענטש מיט אַ טייל פונעם נצח.

די יינגלעך, פאַרשוויגענע, זענען ביי זיך אַראָפּגעפאַלן. אליקים יוספס ווער־טער האָבן איבער זיי געשוועבט. זיין געשטאַלט, ווי אַרויסגעשיילט פון אַ קאָרע. זיי האָבן דערפילט, ווי אַ שרעק וואַרט ערגעץ ווייט, שוועבט איבער זיי. זי עקבערט דין זיך איין. הויך אין אָן אָפן פענצטער, האָט אַ קאָפּ מיט אַ דורכ־זעאיקן שאָטן זיך אַריבערגעבויגן. די יינגלעך האָבן זיך איינגעשרומפּן. פון איבער

זיי, אין גערטנדל, זענען אַראָפּגעהאָנגען פריש־אויפגעשפּראָצטע צווייגן. אויך די ביימער־שטאַמען זענען געווען אַרויפגעשפּאַנטע.

נאָך האָט ער דאָ געזאָגט, אליקים יוסף — זיינע ווערטער זענען געקומען נישט ווי צו זיי:

— די ערגסטע זאַך איז, וואָס אויף דער עלטער באַגלייטן מיר אַלע — אונדזער אייגענעם דור.

ער איז ביי זיי אויסגעוואַקסן צו אַ מענטש — אַ באַרג, וואָס גייט אין מיטן פּלאַץ, און זיין קאָפּ, מיט אַ באָרד פון בוים־וואָרצלען, איז פאַרשפּרייט אויף איבערן שפּיץ. ער גייט־איין, ווערט קלענער, ווי אַ קאַפּל, ביז ער פאַרשווינדט אין גאַנצן; עס ווערט צו אַ טאָלעכל. ווידער האָט וואָרשע זיי איצט אַרומגענומען מיט אירע גאַסן און הייזער.

דער אַריבערגעבויגענער איבערן פענצטער איז געווען שמאָל און לאַנג; זיין שאָטן — ווי פון אַ נאַקעטן, אָן האָר. ער האָט געטראַכט, אַז יעדן אַלטן מוז זיין קאַלט אונטער די קליידער. ער וואַרעמט זיך אין דער זון.

דער מענטש אויבן האָט זיך צוריקגעצויגן הינטער זיך. ער האָט פאַרמאַכט דאָס זוניק־באַגלאָזטע פענצטער.

לייבל האָט זיך דערפילט פרעמד, ווי אַ קליינער גר, אַ פאַרלאָזטער.

## נייע ביכער

**חיים זעלצער: רו אין רוינען**
תל־אביב 1975

**פון היימישן ברונעם**
תל־אביב 1976

חיים זעלצער איז דער פערטער עולה פון די טשערנאָוויצער יידישע שרייבער. אייגנטלעך האָט ער דאָרט אין טשערנאָוויץ געשריבן רוסיש און ווען ניט ווען אָפּגעדרוקט אַ רוסיש ליד אין דער אָרטיקער אוקריינישער צייטונג. ערשט אַ קורצע צייט פאַר דער עליה איז ער איבערגעגאַנגען צו יידיש און אָפּגעדרוקט עטלעכע מאָל לידער אין דער וואַרשעווער "פאָלקסשטימע". אין ישראל האָט ער זיי גיך קאָמפּלעקטירט ביז צוויי זאַמלונגען און פונקט אַזוי גיך זיי אַרויסגעגעבן. דער טיטל פון ערשטן בוך "רו אין רוינען" ווייזן אויף זיין נייגונג צו אַליטעראַציעס ווי אין זיין רוסישן ליד. דער טיטל פון צווייטן בוך "פון היימישן ברונעם" באַווייזן, אַז ער האָט זיך באַפרייט פון זוכן ביי פרעמדע, אַז ער האָט אין היימישן ברונעם זיך אַליין אָפּגעפונען:

> אין זילבערנער שקיעה
> איך שלעפּ אַ מידער
> פון לאַנגן פאַרפּלאָנטערטן וועג —
> צוריק צו זיך אַליין.

ביידע צווייטע העלפטן פון ביידע ביכער "די פעסטונג פון חכמה" און "כעלמעריש" שטעלן מיט זיך פאָר אַ גאַנץ בוך "כעלעם". לערנענדיק לשון ביי זיין, ווי זעלצער אַליין רופט אים, עלטערן חבר און לערער יאָסל לערנער, האָט ער זיך אין איין וועגס באַנוצט ניט נאָר מיט לערנערס זאַפטיקן יידיש נאָר אויך מיט לערנערס הויפּט־טעמע כעלעם. אָבער ביידע ערשטע העלפטן "די ערשטע אשמורה" און "ווידערגעבורט" זענען מרמז אים אַרויסצופירן צו אַן אייגנאַרטיקער זעלצערישער גאַנצקייט.

מיט הצלחה. מ. ח.



קינסטלער **איזיו שערף**

...והשנית, הנה זיי וויסן, אַז איך האָב שוין אויסגעשריבן צוויי פלעשלעך טינט, איך האַלט שוין ביים דריטן. אַ קלייניקייט — באַשרייבן אַזאַ שטאָט ווי יעהופּעץ!...

שלום-עליכם, "מנחם-מענדל"

**דוד ספּאַרד**

לזכר די קדושים

# שטעטלעך יידישע וואָלינער

*   *
*

שטעטלעך יידישע וואָלינער,
תמימותדיק פאַרטראַכטע
אין באַגיינענס,
אומעטיק פאַרבענקטע
אין פאַרנאַכטן —
איר זענט שוין מערער נישט פאַראַנען.
בלויז אין חלום גייט איר אויף אַ מאָל.
ווי פון אַ טיפן טאָל,
איינגעהילט אין בלוטיקע טומאַנען.

שטעטלעך יידישע וואָלינער,
פרידלעך־האָרעפּאַשנע —
איינגעשלונגען האָבן רויטע אַשן
אַלע הענדלער אייערע,
אַלע לערנער און כלי־קודש,
אַלע שניידער, שוסטער און קאָוואַלן,
אַלע טעסליערס, סטעלמאַכס און סטאָליאַרן,
וועלכע פלעגן אין קאַיאָרן,
נאָך נישט אויסגערוטע, מידע,
אין די דערפער זיך צעפאָרן
אויף אַרבעט שווערער און יאַרידן,
ווי צו עבודת־קודש,
אין די געסלעך שטילע
פלעגן הענער מיט פאַרריסן־פייערדיקע קרוינען
וועקן צו דער שחריתדיקער תפילה
מיט אַ קרייען פול מיט שטוינען.

שטעטלעך יידישע וואָלינער,
איצטער קומט איר אונדז אַנטקעגן
איינגעטונקען אין אבילות

און די עכאָס גרויליקע פון מאָרדן און גזילות
גייען אויף נאָך פון די וועגן,
פון די פעלדער,
פון די וועלדער,
פון די קוים־פאַרשיטע גריבער,
פון די אויסגערויבטע שטיבער
און פון די רוצחים אייערע אומצעליקע,
וואָס באַוווינען ביז אַצינד נאָך אייער לאַנד.
נאָר אויף אייערער געשענדטער ערד,
פאַר דער אייביקייט פאַרהיטענע,
גייען אום די שאָטנס פון די הייליקע
מיט העלדזער אויפגעשניטענע
און מיט ברענענדיקע בערד —
פאַר אייער דורותדיקער שאַנד.

## אַזוי וועט שוין אייביק זיין דאָרט באַשערט

אויף צירלעך־מאַנירלעכע גאַסן און פלעצער
טראָגט זיך נאָך אַלץ דאָס געהויל פון די ביינער,
נאָר הינטער די אייזערנע ווענט פון די העצער
פאַרנעמט עס שוין קיינער.

אין מיטן פון נייע צעוואַקסענע שטעט
זיי ליגן אין גריבער צוזאַמען
מיט אַשן און שטויבן פאַרוויים,
און עס וואַשן די רעגנס זיי אָפּ צו די ימען.

יאַטערט די זון זיך אויף אַרישער ערד,
די שטערן ווי גלי־ווערעם גליען —
און אַזוי וועט שוין אייביק זיין דאָרט באַשערט,
מיט זייער געהויל וועלן פרילינגען בליען.

* *
*

נאָכן מאָרד פון שאַרל זשאָרדאַן

עס האָט דער קאַלטער שטראָם
צו דער ערד
שוין צוריקגעקערט
דיין גוף פון שוואַרצן תהום,
נאָר דיין שאָטן גייט מיר נאָך טראָט ביי טראָט
אויף אַלע גאַסן פון דער שטאָט,
אויף אַלע וועגן פון דעם לאַנד
און ביי מיין האַרצן און פאַרשטאַנד
שטומערהייט
מאָנט באַשייד
און זין פון מאָרד.
נאָר אויסגעלאָשן איז מיין וואָרט
און אַלץ אַרום
איז פון פאַרשעמונג שטום
נישט בלויז פאַר דיין זכרון,
נאָר פאַר גאָט,
וואָס אין דעם מענטשן האָט
זיין געטלעכע געשטאַלט פאַרלאָרן.

וואַרשע 1967

## געקומען איז ער אין באַגינען

געקומען איז ער אין באַגינען
מיט זוניקע ווערטער פון ליבע —
און הינטער אים כמאַרעט פון שנאה,
און הינטער אים אָוונטן טריבע.

געקומען די הימלען צו שפּאַלטן
מיט ליכטיקן אויפגאַנג אויף שטענדיק —
און שקיעות אין שויס אויסבאַהאַלטן,
און שקיעות מיט חשכות פאַרענדיקט.

דערנאָך ווי אַ פויגל אַ טויטן
דעם גלויבן געשלעפּט איבער וועגן
פאַרשלייערט אין שלייערן רויטע —
געקוילעטע ברידער אַנטקעגן.

איז ווער זאָל אים איצטער פאַרבייטן,
די הערצער אַנטוישטע דערהויבן? —
עס גלאָצן מיט פוסטקייט די ווייטן,
דערשטיקט ליגט אויף וועגן דער גלויבן.

## רופט נישט אָפּ...

רופט נישט אָפּ די יאָרן אייערע צוריק —
איר זענט מיט גלויביקע געזאַנגען
דורך פייערן געגאַנגען,
נישט נאָר פאַר אייגן גליק.

און אַז עמעצער פאַרלאָשן האָט די שיין
אין סאַמע מיט פון וועג
און אויפגעגרוילט האָט אַ חושכדיקע צייט,
צי וועלן שוין דערפאַר אין יעדער ווייט
נישט בלויען מער קיין טעג,
צי וועט קיין ליכט שוין מער נישט זיין?

עס געשעט —
אַ שיף פון ווילדע כוואַליעס ווערט באַזיגט
און צום אָפּגרונט גייט
מיט אַ שטורעמדיק געוויין —
צי ווערט מען מיטן ים דערפאַר צעקריגט,
צי וועלן שוין קיין שיפן מער אויף אים נישט גיין?

די בייזסטע כוואַליע מיט דער צייט פאַרגייט,
מיט טאָג וועט יעדע פינצטערניש פאַרביי —
דעם מענטשנס האַרץ בלייבט אייביק גרייט
אָנצוהייבן אַלץ פונסניי.

**העלען בורקאָ**

# דאָס האַרץ פון אַ מאַמע

אַזאַ נאַכט האָט זי שוין לאַנג נישט דורכגעלעבט. נאָך פון תחילת אָוונט האָט נישט אויפגעהערט גיסן דער רעגן, גלייך ווי די הימלען וואָלטן זיך צעעפנט און געוואָלט אויסגיסן ביזן לעצטן טראָפּן, וואָס זיי האָבן אויפגעהאַלטן אין משך פון הייסן זומער ווען קיין רעגנס פאַלן נישט אין לאַנד.

דאָס שטעטל ר. איז געלעגן איינגעוויגעט אין אַ טיפן שלאָף. בלויז דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט דער אָפּגעריסענער געטראַסק פון אַ פּאָר־בייגליטשנדיקן אויטאָ — ווער ווייס, אפשר אַ פּאָליציייאיש קעטשל, וואָס האָט געכאַפּט גנבים, אָדער... אָדער עמעץ האָט פאַרשפּעטיקט פון אַ נאַכט־לאָקאַל. אין דער רגע איז עס איר געווען אַלץ איינס. בלויז איין מחשבה האָט געעקבערט איר מוח: ער!... ווו איז ער?... פאַרוואָס איז ער היינט נ־שט געקומען?... גאָט מיינער! אין אַזאַ שפּעטער שעה!?...

זי איז נאָך אַ מאָל צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַפּערגעשאָרט דעם טיולענעם פאַרהאַנג און אַרויסגעקוקט אין דער דרויסנדיקער נאַכטיקייט. דער רעגן האָט זיך פאַרשטאַרקט, אַריינגעשמיסן אין די גאַקעטע שויבן ווי מיט נאַסע בעזעמער. איז זי אָפּגעטראָטן פון פענצטער, אָבער גלייך ווידער צוגעגאַנגען, אָפּגעווישט מיט דער דלאָניע דעם שויבן־שווייס און נישט אָפּגעריסן אירע בליקן פון די נאַכט־שאָטנס. אפשר! אפשר וועט ער דאָך אָנקומען באַלד און זי וועט אים דער־זען!?...

דורך די ביימער־צווייגן האָבן געבלענצלט די נעאָן־לאָמפּן אויף די גאַסן־סלופּעס און אומעטיקלעך באַלויכטן די קוימענלאָזע, פלאַכע דעכער און פייכטן שאָסיי. זי האָט גוט געקענט מערקן ווי די געדיכטע טראָפּנס רייסן זיך אַדורך די גרינע יאָדלע־צווייגן און שטראָמען אויך אַראָפּ, מיט אַ גערויש פון אַ וואַסער־מיל, דורך די בלעכענע רינוועס צום ברוק.

פון צייט־צו־צייט רייסט אויף אַ בליץ דעם נאַכטיקן הימל און וואַרפט אָן אויף איר אַ פחד. עס דוכט זיך איר, אַז אַ שטיק דונער האָט זיך אַריינגעקייקלט אין איינעם פון אירע געראַמע צימערן און געבליבן שטעקן ערגעץ ווו אין אַ טויבן ווינקל... "וויי ז'מיר, ווי עס דונערט!..." מורמלען ציטערדיק אירע ליפּן. זינט זי געדענקט זיך האָט זי מורא פאַר דונערן און בליצן. נאָך אַלס קליין מיידעלע, ווען עס פלעגט אָנהייבן דונערן און בליצן, פלעגט זי זיך שנעל אַריינ־וואַרפן אין בעטל, איבערגעדעקט זיך מיטן צודעק איבערן קאָפּ, צוגעמאַכט די

אויגן און... פאַרשטאָפּט זיך מיטביידע הענטלעך די אויערן, כדי... נישט זען און נישט הערן ווי עס קראַכט און בליצט מיט פּאַסן פייער איבער די כמאַרעדיקע הימלען.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז די דאָזיקע שרעק פאַר דונערן און בליצן עטוואָס אָפּגעטראָטן, אָבער נישט פאַרשוווּנדן אין גאַנצן. אירע חברטעס און חברים פלעגן לאַכן פון איר: אַזאַ געראָטן מיידל און שרעקט זיך פאַר אַ "נאַרישן" דונער און בליץ... — אָבער זי, וואָס קען זי מאַכן, אַז אַזאַ איז זי געבוירן. אַ נאַטור איז שווער צו בייטן. מעגלעך גאָר, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס זי האָט זיך דערצויגן אין אַ רייכער היים. מען האָט זי צו פיל געקעכלט. אפשר טאַקע דערפאַר!...

ניין, די מורא פאַר די דונערן און בליצן איז אָבער איצט געוועזן גאָר אַן אַנדערע: ער האָט איר צוגעזאָגט קומען. ווי יעדער פאַר נאַכט. און איצט איז שוין נאָך האַלבער נאַכט און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ. ווער ווייסט, וואָס מיט אים האָט, חלילה, פּאַסירט. די וועגן זענען מסוכנדיקע. אַזוי פיל פאַרקער־קאַטאַס־טראָפעס. אַז אַלע ווילן נאָר איבעריאָגן איינס ס׳אַנדערע, פאָרן ווי משוגעים. נישטאָ קיין טאָג, אַז עס זאָלן נישט זיין קיין קרבנות פון וועג־פאַרפאַלן. אָדער... ווער ווייס... אפשר איז ער נישט געקומען דערפאַר, וואָס... ניין, זי וויל גאָר נישט טראַכטן דעריבער. זי וואָלט גלייך געשטאָרבן פאַר צרות...

טראָץ דער שפּעטער נאַכט־שעה און שטאַרקן רעגן וואָלט זי זיך דורכגעגאַנ־גען צו זיין חבר עמוס. ער, עמוס, מוז זיכער וויסן די סיבה פאַרוואָס ער איז היינט נישט געקומען. אַ שאָד וואָס עמוס האָט נישט קיין טעלעפאָן. זי וואָלט אים אָפּגערופן טעלעפאָניש, אָבער עמוס האָט נישט קיין טעלעפאָן. אַ "נאַרישער" טעלעפאָן איז נאָך אַלץ אַ לוקסוס אין לאַנד און מען מוז וואַרטן אַ פּאָר שיינע יאָר ביז מען באַקומט אַ טעלעפאָן. נו מילא, וועט זי גיין צו אים, צו עמוסן און אים פרעגן. אָבער ווען זי האָט זיך אָנגעטאָן און אַרויס אויפן באַלקאָן און עס האָט זיך פלוצים געגעבן אַ שפּאַלט אויף דער הימל מיט אַ שאַרפן בליץ און דונער־געקראַך און גלייך נאָך דעם האָט אַ פלייץ געטאָן אַ געדיכטער שלאַקס־רעגן — האָט זי זיך געגעבן אַ כאַפּ אַריין צוריק אין שטוב און נאָך אפילו צוגעמאַכט די לאַדנס...

הילפסלאָז און צעטומלט איז זי געשטאַנען אין מיטן שטוב און געטראַכט וואָס זי זאָל טאָן, דאַן האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אין טיפן פאָטעל און אומגערן זיך איינגעהערט צום רעגן־געכליופּ. און כדי פאַרטרייבן אירע שווערע געדאַנקען האָט זי געעפנט דעם ראַדיאָ. עס איז שוין לאַנג געוועזן נאָך די ראַדיאָ־אוידיציעס, נאָר דערהערנדיק די וויינענדיק־אויסגעצויגענע מעלאַנכאַלישע לידער פון די אַראַבישע סטאַציעס האָט זי שנעל צוגעמאַכט צוריק דעם ראַדיאָ און באַמערקנדיק די נאָכמיטאָג־צייטונג אויף אַ זייטיקן טישל, האָט זי גענומען נאָך אַ מאָל לייענען די ידיעה וועגן די סאַבאָטאַזש־אַקטן וואָס די עקסטרעמע "אל־פתח"־באַנדעס האָבן דורכגעפירט אין אַ גרענעץ־ישוב. זאָל עס טאַקע זיין די סיבה הלמאי, ער,

איר איינציקער זונעלע, דער קצין דני, איז היינט נישט געקומען אַהיים, ווי ער האָט עס איר צוגעזאָגט?...

יאָ, אַז ער, דני, איר דנילע, איז אין שטוב, איז איר האַרץ גאַנץ. רויק. קיינער גייט איר דאַן נישט אָן. מעג זיך איבערקערן די וועלט — אַבי ער איז אין שטוב. מיט איר. גאַנצע טעג און נעכט קוקט זי זיך דאָך אויס אירע אויגן נאָך אים. טאַקע פון ערשטן טאָג זינט ער האָט זיך מאָביליזירט און דערצו נאָך געוואָרן אַ קצין... גייט דער ערשטער אין פייער...

זי ווייס, אַז זי טאָר נישט טראַכטן אַזוי, נישט אַזוי פיל זאָרגן. זי איז נישט די איינציקע מאַמע, וואָס האָט אַ בן־יחיד אין צה״ל, וואָס דינט איי־שם בארץ — ערגעץ ווו אין לאַנד. זי קען זיך אָבער נישט רעכענען, וואָס צרות רבים — חצי נחמה. יעדער מאַמע האָט זיך איר מאַמעש האַרץ. און עס טוט וויי. עמעצנס ווייטיק אין נישט איר ווייטיק פונקט ווי עמעצנס פרייד איז נישט איר פרייד... קיין שום לאָגישע לאָגישקייטן קענען דאָ נישט זיין לאָגיש... בלויז זי, נאָר זי ווייסט ווי אַזוי און מיט וויפל מי זי האָט דערצויגן איר דנילען, אָדער ווי דער טאַטע, וואָס קען איר כאַראַקטער רופט אים ״דער קוואַטשעלע״, כדי זי דערצער־נען. נו־נו, שוין איין מאָל אַ קוואַטשעלע!. איר זאָל זיין פאַר אים!... נישטאָ דאָך קיין שענערער און קיין מער געראָטענער פון אים!...

זי איז אַריין אין זיין בחורישן צימער, אַרויסגענומען דעם אלבום און גענומען איבערקוקן — ווער ווייס צום וויפלטן מאָל — זיין יעדעס בילד. אָט איז ער אַלס קינד, אַלס קליין ייִנגעלע. אַלס גימנאַזיסט. אַ חייל, אין קליידער פון אַ רעקרוט, דאַן אַלס סמל און איצט אַלס קצין. קיין עין הרע, ווי שיין ער איז אויסגעוואַקסן!... ווי שיין עס פּאַסן אים דווקא די מיליטערישע אוניפאָרם־קליי־דער!... ווי שטיפעריש־שטאָלץ עס קוקט אַראָפּ פון זיין קאָפּ דאָס מיליטערישע היטעלע מיטן עמבלעם פון צבא הגנה לישראל!... אַ חתיך, ווי די מיידלעך רופן אים... זיי נעמען דאָך איין די כפרה נאָך אים...

זי האָט זיך נישט געקענט אַנזעטיקן מיט אירע בליקן אין די בילדער. פון אירע אויגן האָט אַ בליאַסקע געטאָן אַ ברילִיאַנטענע מאַמעשע טרער. אַזוי פיל ייִנגלשער חן און מענערישער שטאָלץ אָטעמט פון אים!... זע, דוכט זי, אַז ער שמייכלט צו איר, ווי ער וואָלט זיך אויסגעלאַכט פון איר ״מאַמעשער נאַרישקייט״. ער לאַכט טאַקע נישט איין מאָל פון איר: ״איין דנילע מיט איין מאַמעלע מיט אַ צולאָג אַ באַנאַנעלע...״ דאַן ברעכט ער אויס אין אַ געלעכטער און גיט נאָך צו: ״דנילע אַ בייגעלע — מיר פאַר דיין אייגעלע...״

יאָ, זי ווייסט, אַז ער האָט פיינט ווען זי רופט אים ״דנילע״. דערפאַר רופט ער זי אָפט ״אמא׳לע״, ס׳הייסט ״מאַמעלע״... נו, מילא, לאַכט ער פון איר! זאָל ער לאַכן! זי... קען אָבער נישט אַנדערש...

אַ קלונג אין אַ טיר־גלעקל האָט זי אין גאַנצן אויפגעריסן פון אירע געדאַנקען. זי האָט שנעל באַהאַלטן צוריק אין שופלאַד דעם אַלבום, וויסנדיק, אַז ער האָט נישט גערן צו זען ווי זי ״ליובעט״ זיך אין זיינע בילדער, און זיך גלייך געלאָזט

צו דער טיר. ליידער, דאָס איז נישט געווען דני. די טיר פון אַ שכנותדיקער דירה האָט זיך שנעל פאַרהאַקט און ווידער שאַ־שטיל. בלויז רעגן־געפּליוך און ווייט־אָפּגעהאַקטע דונערן, ווי נאָכהילכן פון שיסערייען. "אוי, רבונו של עולם! היט אים פון אַלדאָס שלעכטס!..." האָבן אַרויסגעמורמלט אירע ליפּן.

נישט קענענדיק מער איבערווינדן איר צערודערונג האָט זי באַשלאָסן אָנצוקלינגען צו די עלטערן פון רותי, וועלכע דינט אין דער זעלבער פאַרמאַציע אַלס פקידה. אָפט מאָל רעדט זיך דני אַדורך מיט איר אין טעלעפאָן. זי איז זיכער געקומען אַהיים, ווי כמעט יעדן טאָג — איז אויב זי איז דאָ... הלמאי איז איר טאַקע ביז איצט נישט איינגעפאַלן אָנצורופן זי...

אַ פאַרשלאָפענע שטים האָט איר געענטפערט אין טעלעפאָן: ווער רעדט? האַ, גברת גפני! וואָס האָט איר געוואָלט? וואָס? רעדן מיט רותי. באַלד, רק רגע אחד, כ׳ וועל זען... זי שלאָפט דוכט מיר...

אָט דער "רגע אחד" האָט פאַר דער גברת גפני זיך אויסגעצויגן ווי אַן אייביקייט. איר האַרץ האָט געהאַמערט. הייסט עס, אַז רותי איז אין דער היים. "מה יש, גברת גפני?" — האָט זי שנעל דערהערט רותיס קלינגענדיקע שטים, "וואָס איז געשען?"

"איך האָב געוואָלט וויסן צי דו ביסט אין דער היים, רותי׳לע," האָט פרוי גפני זיך באַמיט רעדן ווייך הלמאי זי האָט זי באַאומרויקט אין אַזאַ שפּעטער שעה.

"יאָ, איך בין אין דער היים", האָט רותי געענטפערט מיט אַ שמייכל, "וואָס האָט פאַסירט?" "דני איז היינט נישט געקומען אַהיים. וואָס קען עס זיין?"

"עס איז דאָך צבא..." האָט רותי געשמייכלט, "מסתמא האָט ער היינט נישט געקענט קומען. איך האָב אים געזען. ער איז בסדר..."

"ער האָט מיר דאָך צוגעזאָגט קומען אומבאַדינגט..." האָט זי נישט נאָכגעלאָזן.

"זאָרגט נישט, מוטער פון דני", האָט רותי זי געטרייסט, "וועט ער קומען מאָרגן..."

"אַ גוטע נאַכט רותי׳לע..."

"לילה טוב!" האָט רותי געענטפערט קורץ און פאַרהאַקט דאָס טרייבל.

אַן אַנטוישטע האָט פרוי גפני אָפּגעלייגט דאָס טרייבל, אָבער אַנשטאָט זיך באַרויקן — איז איר אומרו נאָך אָנגעוואַקסן. איר האָט זיך געדוכט, אַז רותי האָט עפּעס נישט דערזאָגט. אפשר נישט געוואָלט זי דערצערנען. זי ווייס דאָך, אַז תמיד ווען איר דני׳לע זאָגט איר צו קומען היינט אַהיים — מעג דונערן און בליצן — קומט ער צוגיין און אַז ער קען נישט קומען רופט ער זי אָן טעלעפאָניש, הגם זי ווייסט, אַז פון מיליטער איז נישט דערלויבט צו קלינגען. דאָך... ער איז דאָך עפּעס אַ קצין — מעג ער אַלץ, אפילו קלינגען פון צבא...

יאָ, זי מוז נאָך אָנקלינגען צו דני׳ס חבר, צו יגאַל׳ן און הגם ער דינט נישט אין דער זעלבער פאַרמאַציע וואָס דני ווייסט ער דאָך עפּעס אין שייכות מיט דער ידיעה אין דער נאָכמיטאָג־צייטונג, וואָרום זי ווייס, אַז כמעט נאָך יעדער

סאַבאָטאַזש־אַקט פון די "אל־פאַטאַך"־באַנדעס באַקומען זיי אַ פעסטן קלאַפּ, איז זאָל עס טאַקע זיין די סיבה פאַרוואָס ער איז נישט געקומען היינט אַהיים?

"ווער איז דאָרט צום טייוול?" — האָט געפרעגט יגאל מיט אַ פעסטער שטים, ווען דני׳לעס מאַמע האָט אים אויפגעוועקט פון שלאָף מיט איר טעלעפאָנישן קלונג.

"אַנטשולדיק, דאָס בין איך... איך זהבה גפני... דנילעס מאַמע..."

"בו, וואָס ווילסטו, דנילעס מאַמע?", האָט געפרעגט די פעסטע בחורישע שטים.

"דני איז היינט נישט געקומען... וואָס קען עס זיין?"...

"עס קען גאָרנישט זיין..." האָט יגאל געענטפערט גלייכגילטיק, "ער איז נישט געקומען און דאָס איז עס..."

"ס׳טייטש און דאָס איז עס?"...

"מה יש, וועט ער קומען מאָרגן... נישטאָ זיך וואָס צו זאָרגן... ס׳איז צבא..."

יאָ, זי ווייסט, ס׳איז צבא און דערפאַר איז זי אַזוי אומרויק. איר פאַרצווייפלונג איז געווען גרויס. וואָלט כאָטשבי איר מאַן, צבי, געווען אין דער היים וואָלט איר געווען אַ ביסל גרינגער. ווי צו להכעיס איז ער אַוועקגעפאָרן קיין חיפה און זיך נאָך אויך נישט צוריקגעקערט.

ווען דני איז נאָך געווען אַ רעקרוט האָט זי געוווּסט, אַז די ערשטע וואָכן לאָזט מען נישט די רעקרוטן אַהיים, אָבער איצט, נאָך דעם ווי ער איז שוין געוואָרן אַ קצין קומט ער דאָך כמעט יעדע נאַכט אַהיים שלאָפן. אַז ער קומט — דריקט ער אָן אַזוי פעסט אויפן טיר־גלעקל גלייך ווי אַ גאַנצער פאָלק מיט חיילים וואָלטן געקומען. די גאַנצע שטוב ווערט פול מיט אים. און איר האַרץ צעקוועלט זיך אין איר ווי אַ פרישער וואַסער־קוואַל... געלויבט צו גאָט! ער איז ווידער אין שטוב!... מיט איר!...

פלוצים האָט זי דערהערט טריט אויף די טרעפ אין טרעפּן־צימער און זי איז גלייך אויפגעשפּרונגען צו דער טיר. "צבי!?", האָט זי ברייט צעעפנט די טיר, "איך האָב גלייך דערקענט, אַז ס׳איז נישט דני... אָבער גוט וואָס דו ביסט כאָטש געקומען... איך ווער משוגע!...

"מה יש?", האָט צבי זיך צעשריען אויף איר, איינקוקנדיק זיך אין איר בלייכן פּנים, "ער האָט דיך זייער שלעכט איינגעוווינט. ער איז אַ חייל, אָדער נישט קיין חייל?... ער איז דאָך נישט איינער אין צבא... דערלאַנג מיר בעסער עפּעס עסן. איך בין טויט־הונגעריק... אַ גאַס־רעגן אַזאַ!..."

זיינע ווערטער האָבן אַ ביסל אָפּגעלאָשן איר צערודערונג, דערשטיקנדיק אַ פאַרבאָרגענע טרער אין אויג און גרייטנדיק צום טיש — האָט זי אַ פרעג געטאָן:

"וואָס איז געשען? פאַרוואָס האָסטו זיך היינט אַזוי פאַרשפּעטיקט? איך האָב דאָך נישט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן. דו האָסט געזאָגט, אַז דו פאָרסט הין־און־צוריק... דערצו אָט דער רעגן, די דונערן און בליצן... מען דאַרף זיין שטאַרקער פון אייזן..."

"וואָס דען, אַ מענטש איז טאַקע שטאַרקער פון אייזן", האָט ער געשמייכלט, מען האָט ביי מיר שיער אויסגעכאַפּט אַ פּאָר מגרשים אויפן הר־הכרמל... מען שמועסט, אז די מגרשים וועלן נאָך שטייגן מער... מען וואַרט אויף אַ גרויסער עליה פון הינטערן אייזערנעם פאָרהאַנג... מען דאַרף הייזער... מען דאַרף בויען מער..."

"איך רעד וועגן דני און דו ווידער מיט דיינע מגרשים..." האָט זי אים פאַרגעוואָרפן, דערלאַנגענדיק צום טיש.

"אוי, נאַרישע יידענע וואָס דו ביסט!" האָט ער זי דערמיט געוואָלט באַרויקן, "האַלטסט אין איין זאָרגן זיך איבער דני'ן. פאַרלאָז זיך אויף דני'ן. יענע צייטן פון שרעק זענען פון לאַנג אַריבער. ווען איך בין געווען אין פּלמ"ח האָבן מיר געשאָסן פון שטעקנס און היינט ברוך השם..."

זי האָט געשוויגן און ער האָט געשמייכלט. געפּרוווט אַלץ מער אָנשטעקן זיין ווייב מיט שטימונג. ער קען זי דאָך נישט פון היינט, זיין צעכאַליעטער זהבה'לע. צוזאַמען שוין דורכגעמאַכט אַ שטיקל וועג אין לעבן, זינט ער האָט צוליב איר פאַרלאָזן דעם קיבוץ, געוואָרן אַ שטוקאַטורטשיק, ביז ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אַלס קבלן.

איר איז אָבער זיין שמייכלדיקע האַלטונג איצט נישט אָנגעגאַנגען. זי קען גוט איר מאַן צבי. אין ערגסטן מאָמענט איז ער אויפגעלייגט און מאַכט פון איר חוזק, הלמאי זי קען זיך נאָך אַלץ נישט שיידן פון איר גלותדיקער מענטאַלי־טעט. זי געדענקט, ווען דני האָט געדאַרפט גיין אין צבא. אין שטוב האָט זיך דאַן אָפּגעטאָן חושך און ער — ווי נישט אים מיינט מען. ער האָט זיך גאָר געמאַכט דערפון אַ שפּאַס. "הלוואי בין איך איצט אויף דניס אָרט", האָט ער געזאָגט מיט אַ וויציקן טאָן, "אונדזער דני וועט זיין אַ קצין, ווייל וועלכע מיידל וויל עס חתונה האבן מיט אַ געוויינלעכן חייל, אָדער מיט אַזאַ איינעם וואָס דינט נישט אין צבא?"...

"די מיידלעך גיבן אים אַזוי אויך נישט קיין רו", האָט זי ווידערגעשפּעניקט, טאַקע צוליב דעם אַליין דאַרף מען גיין אין צבא, וואָס?"...

איר מאַן צבי האָט פאַרגעזעצט זיך וויצלען. אַזאַ איז ער, איר מאַן. זי קען עס נאָך עד היום נישט פאַרגעסן. ווי נעכטן וואָלט עס געווען. וויפל געזונט דאָס האָט איר אָפּגעקאָסט. זי געדענקט ווי זי האָט אים געענטפערט: "נו, אפשר וואָלט טאַקע געווען אַ פּלאַן, אַז דו זאָלסט גיין אויף זיין אָרט, האַ?"

"מה יש?", האָט ער געענטפערט שפּאַסיק, "כ'וואָלט מיר נאָך אויסגעקליבן אַ חיילת אַ בובה, בחיי..."

"צבי, גענוג זיך געוויצלט! האָט זי אָנגעשריגן אויף אים, "מען דאַרף עפּעס טאָן".

"וואָס דאַרף מען טאָן, וואָס?" האָט ער זי אָנגעקוקט מיט שמייכלדיקע אויגן.

"מען דאַרף זוכן באַקאַנטע אין דער לשכת־הגיוס", האָט זי געזאָגט ערנסט, "בינסט דאָך ביי מיר עפּעס אַ קבלן פון הייזער..."

„רעד נישט קיין נאַרישקייטן", האָט ער זיך אָנגעבייזערט אויף איר, „דני האָט שוין געהאַט איין „דחיה" (אָפּגעלייגט דאָס דינסט) צוליב דעם וואָס ער האָט געדאַרפט פאַרענדיקן די גימנאַזיע. חלילה, זאָלסט עס גאָר נישט אַרויסברענגען פון דיין מויל. ער וויל דאָך אפילו נישט הערן דערפון. אויך דאָס אָפּגעלייגטע יאָר איז אים געווען איבעריק. ווייסט דען נישט? האָסט נישט געהערט וואָס ער האָט געזאָגט?"

„וואָס דען, איינער קוקט אויפן אַנדערן", האָט זי אויפגעקלערט איר שטעלונג, „דו קענסט נישט די פאַרעקשנטע סאַברעס אונדזערע? ער ווייסט דען וואָס ער וויל?..."

„און דו־דו ווייסט שוין יאָ וואָס דו ווילסט?" האָט ער, צבי, איר געענטפערט שטעכיק און אַ מאַך־טוענדיק מיט דער האַנט צוגעגעבן: „אַ יידישע מאַמע און שוין!..."

„אויך דיין מאַמע האָט איבער דיר געזאָרגט!"

„ווער מאַמע, וואָס מאמע?", האָט ער געענטפערט ערנסט, „ווען איך בין אַוועק אויף הכשרה דאָרט אין מיין שטעטל אין פוילן, האָט די מאַמע אפילו נישט געוווסט. און אַז זי איז געוווּיר געוואָרן דערפון האָב איך שוין געטרונקען זומפּן ביי חדרה און געגעסן קדחת..."

„דעמאָלט זענען געווען אַנדערע צייטן, צבי!"

„יאָ, טאַקע אַנדערע צייטן", האָט ער געזאָגט שטאָלץ, „היינט, ברוך השם, האָבן מיר שוין אַן אייגענע מדינה, אַ שטאַרקע צבא, און געהעריקע כלים..."

„אָבער..." האָט זי געפּרוּווט עפּעס זאָגן און נישט דערזאָגט.

„האָבער עסט אַ פערד..." האָט ער געשמייכלט, „גענוג דערמיט, זהבה, פאָלג מיר!"

„און אַלץ וואָס עס קומט פאָר אויף די גרענעצן?..."

„נאַרישקייטן!" האָט ער ווידער אָפּאַנירט, „גלויב מיר, זהבה, אַז ווען מען לאָזט אונדז וואָלטן מיר איינגענומען דעם גאַנצן מיטעלן מזרח..."

„זיצנדיק דאָ אין שטוב..." האָט זי אים אַריינגעזאָגט.

„מיר קענסטו עס נישט זאָגן, זהבה!" האָט ער זיך אָנגעברוגזט, „עך זהבה, זהבה, ווען ווּעסטו שוין ווערן אַ לייט, האַ?..."

אָט אַזוי האָט ער דעמאָלט גערעדט צו איר בעת דני האָט אויף מאָרגן געדאַרפט שוין גיין אין צבא. און אויך איצט, ווען דני איז אַזוי גיך נישט געקומען אַהיים, האָט ער געפּרוּווט אַרויסרופן ביי איר אַ גוטע שטימונג. ווען זי האָט אויסגעדרוקט איר מורא און באַזאָרגונג וועגן דני'ס נישט קומען אַהיים, ווי ער טוט עס כמעט יעדע נאַכט, בפרט ווען ער האָט איר עס צוגעזאָגט און זי האָט נאָך אַלץ גערעדט איבער דעם — האָט ער זיך אויפגעהויבן פון פאַרן טיש, נאָכן עסן, איז צוגעגאַנגען צו איר, אַרומגענומען זי פאַרן אַקסל, כמעט מיט גוואַלד אַוועקגעזעצט אויף זיינע קני, אַריינגעקוקט טיף אין אירע שוואַרצע אויגן און געזאָגט:

"הערסט, זהבה, מיין טאַטע, עליו השלום, פלעגט תמיד דערציילן ווי אַזוי די יידן האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון "פּאַניעס הענט" און געטאָן כל הפסלנות אַבי נישט גיין דינען דעם צאַר ניקאָלייקאַ. זיי פלעגן זיך מאַכן "זעקס און זעכציקער", געמאַכט זיך "טויב", "בלינד" און איבערגעקויפט די "פּריסוסטווע" — אַבי נישט גיין אין דער אַרמיי. אַנדערע האָבן זיך אפילו געלאָזט אַרויסרייסן אַלע ציין ביז האַרץ-פּעלערן...

"גוט, גוט, שוין געהערט אַט די מעשה!..." האָט זי נישט געוואָלט הערן, אָבער ער האָט ליבלעך געשמייכלט און פאָרגעזעצט:

"הערסט, זהבה, כ'וויל דיר טאַקע דערציילן אַ געשיכטע פון אַ ישיבה-בחור, וואָס האָט געכאַפּט אַ שמועס מיט אַ יידישן סאָלדאַט, וועלכער איז געקומען אויף אורלויב. פרעגט אים אַזוי דער ישיבה-בחור: זאָג מיר, איז עס טאַקע ריכטיק, אַז אויפן פראָנט שיסט מען אפילו ביי נאַכט?" לאַכט דער יידישער סאָלדאַט: "פאַרשטייט זיך, אַז מען שיסט אויך ביי נאַכט." זאָגט דער ישיבה-בחור מיט שרעק: "אוי ווי ז'מיר, ס'איז דאָך פינצטער ביי נאַכט, מען קען דאָך, חלילה, טרעפן אין אויג..."

דערציילנדיק עס, האָט זיך צבי שטאַרק צעלאַכט. הנאה געהאַט פון זיין אייגענעם וויץ. זעענדיק אָבער ווי זהבה טוט אפילו נישט קיין שמייכל, האָט ער פאָרגעזעצט:

"אַ קלוגער ייד געווען מיין טאַטע, עליו השלום. ער האָט עס טאַקע מיר דערציילט אַט די מעשה. נו, און נישט געלאָזט קיין איין קינד זיינס זיך מאַכן אַ "פּעלער". פון עלטסטן ביזן יינגסטן. אַלע געווען "פּילסודטשיקעס". זיך אויסגעדינט שוין אין פּוילישן מיליטער און געקומען גאַנצערהייט אַהיים, בתוכם אני הקטן. הלוואי וואָלטן זיי געטאָן דאָס וואָס איך האָב געטאָן און געקומען קיין ארץ-ישראל, וואָלטן זיי נאָך עד היום געלעבט..."

"גוט, אָבער דני..."

"ווידער דני!", האָט ער געזאָגט מיט געמאַכטן ערנסט, "אויב דו ווילסט קענען מיר מאָרגן צופאָרן אין זיין איינהייט".

"מען לאָזט דאָך נישט אַריין אין דער איינהייט", האָט זי געענטפערט ערנסט.

"און אויך ער אַליין, דני, האָט פיינט, וואָס דו זאָרגסט אַזוי איבער אים", האָט ער צוגעגעבן, "געדענקסט וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען דו האָסט אים געוואָלט באַגלייטן אין צבא?"

זי האָט נישט געענטפערט. זיך שטיל באַפרייט פון זיינע אָרעמס, געזעצט זיך אין פאָטעל און זיך פאַרטיפט אין געדאַנקען. אַ פראַגע צי זי געדענקט יענע טעג. יענעם פרימאָרגן וועט זי נישט פאַרגעסן אַזוי גיך. אַ גאַנצער איבערברוך איז עס געווען אין איר לעבן. ווי אַזוי וועט זי זיך צוגעוווינען, אַז איר דני'לע שלאָפט נישט ביי זיך אין צימער? זי וועט עס דאָך נישט אַריבערטראָגן. אין דרויסן איז געפאַלן אַ שטאַרקער רעגן, ווי איצט. עס איז געווען אַ האַרבסטיקער קאַלטער פרימאָרגן. נאָך אַ נאַכט פון נישט צומאַכן מיט קיין אויג, האָט זי, בלית ברירה,

גענומען אים צוגרייטן צום אַפּפאַר. וואָס האָט זי אים דען נישט אַריינגעלייגט אין זיין רוקזאַק? — טאָרטן, ווורשטן, קאָנסערוון־פושקעס, פרוכט און שאָקאָלאַד, נאָר וויפל זי האָט אַלץ נישט אַריינגעלייגט האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עס איז נאָך ווייניק. ווען דני האָט דערזען די "קראַם" האָט ער אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. ער האָט וווילינגעריש אַ זאָג געטאָן:

"יאַבאַיע! אמאַ'לע, השתגעת?... אבא, — האָט ער אַ רוף געטאָן צום טאַטן, וויסנדיק, אַז ער איז תמיד אויף זיין זייט — קום וועסטו זען וואָס דיין ווייב, מיין אמאַ'לע, האָט מיר דאָ אַלץ צוגעגרייט, גלייך ווי אין צבא וואָלט געפעלט עסן. ממש אַ גאַנצן קיאָסק האָט זי מיר דאָ צוגעריכטעט..."

"אָבער ביז וואָס ווען..." האָט זי געזאָגט אין פאַרלעגנהייט.

"אמא! כ'וועל עס נישט מיטשלעפּן! השתגעתי?"

"דני, טו איר צוליב, נעם עס!" האָט צבי געזאָגט מיט אַ שמייכל באַטראַכטנדיק דעם אָנגעשטאָפּטן רוקזאַק.

"גוט, כ'וועל עס במילא צעטיילן צווישן דער חברה", האָט ער געלאַכט און זיך געאיילט שוין וואָס שנעלער אָפּפאָרן צום זאַמלפּונקט אין יפו.

"איך גלויב, אַז עס וועלן דאָרט נישט פעלן נאָך עטלעכע אַזעלכע "קרעמלעך", — האָט צבי געשמייכלט, — יידישע מאַמעס..."

"ווען דני האָט זיך גענומען געזעגענען מיט זיין מאַמען, האָט זי זיך באַמיט נישט וויינען, ווייל זי האָט געוווּסט, אַז דני האָט פיינט טרערן, אָבער די טרערן האָבן זיך איר אַליין אַרויסגעשפּאַרט דורך די אויגן און זי האָט זיי אויסגעווישט, אַז נישט דני און נישט צבי זאָלן עס באַמערקן.

"ס'וואָלט געפּאַסט, אַז ער גייט אויפן פראָנט", האָט צבי געשמייכלט.

"צבי! די גאַנצע מדינה איז איין פראָנט!" האָט זי געזאָגט ערנסט.

"און דו ביסט די גרעסטע קעמפערין!... — האָט ער געשמייכלט, — אַ שאָד וואָס דו האָסט נישט געזען ווי אַזוי יידישע מאַמעס, חלוצים האָבן געקעמפט אין "הגנה", אין "אצ"ל", אין "לח"י... דאָס זענען גאָר געווען אַנדערע פרויען, כ'לעבן!..."

זי האָט נישט רעאַגירט און געהאַלטן אין איין אָנזאָגן איר דני'לען ווי אַזוי ער זאָל זיך אויפפירן אין צבא.

"זע פאַרקיל זיך נישט דני'לע..."

"זאָלסט אָנטאָן דעם וואַרעמען סוועדער, וואָס כ'האָב דיר דאָ אַריינגעלייגט..."

"זיץ נישט אויף דער נאַקעטער ערד..."

"טרינק נישט קיין קאַלט וואַסער, ווען דו ביסט פאַרשוויצט...

"פאַרגעס נישט, אַז דו האָסט מאַנדלען אין האַלדז..."

"זאָלסט עסן! זאָלסט נישט הונגערן! פאַראַן שאָקאָלאַד אין פּעקל! זע שרייב גלייך, אַז מיר זאָלן וויסן, ווו דו געפינסט זיך!..."

"בסדר, בסדר, אמאַ'לה! יהיה טוב, שלום! להתראות!" האָט ער איילִיק

געזאָגט בלויז און שיער פאַרגעסן זי אַ קוש טאָן. ער האָט אָבער זיך גלייך דערמאָנט, אַז ער דאַרף עס דאָך טאָן און צוגערירט זיינע ליפּן צו אירע צעפלאַמטע באַקן. זי האָט אים אָבער נישט אָפּגעלאָזן און שטאַרק אָנגעקושט איבערן גאַנצן פּנים ביז זי האָט זיך מער נישט געקענט באַהערשן און זיך הילכיק צעוויינט. ״צבי״, האָט, זי געזאָגט דורך טרערן, ״קום מיר וועלן אים צופירן מיטן אויטאָ קיין יפו״.

״חלילה!״ האָט ער זיך פאַרעקשנט, געכאַפּט דעם רוקזאַק און זיך געלאָזט לויפן צום אויטאָבוס, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון שטוב.

״צבי, העלף אים טראָגן דעם רוקזאַק!״ איז זי צוגעשטאַנען צו איר מאַן, ״זע נאָר, אַ טאַטע בלייבט אַ טאַטע!״...

״און אַ מאַמע בלייבט אַ מאַמע!״, איז צבי נישט געבליבן שולדיק, ״האָסט דאָך אַליין געוואָלט אַזוי. אַ גאַנצע קראָם מיטגעגעבן אים!...״

דני האָט נישט געהערט מער די אַמפּערונג פון זיינע עלטערן און געלאָפן צום אויטאָבוס, וואָס איז פונקט אָנגעקומען אויף דעם אָפּשטעל.

״גוואַלד, דני׳לע, לויף נישט אַזוי!״ האָט זי אים נאָכגעשריגן, ״ווי ז׳מיר, מיט אַזאַ רוקזאַק. זע נאָר אַ הארץ פון אַ גזלן — האָט זי געריעדט צו איר מאַן, וואָס איז איר נאָכגעגאַנגען ביי דער זייט אַ געלאַסענער — זאָל אים כאָטש אָנהויבן אַרן...״

צבי האָט געשמייכלט. ״דו האָסט דאָך אַליין צוגעגרייט אָט דעם רוקזאַק״. און זי האָט מער נישט געהערט, נאָר נאָכגעשריגן דעם איילנדיקן דני. ״לויף נישט אַזוי, ס׳וועט קומען אַ צווייטער אויטאָבוס״, אָבער דני האָט נישט געהערט אירע רייד מער, ער איז שנעל אַיינגעשטיגן אין אויטאָבוס און דורכשטופּנדיק זיך מיטן רוקזאַק פאַרויס צום פענצטער, צוגעוואָרפן: ״גייט אַהיים! כ׳וויל נישט פאַרש־פעטיקן...״

זהבה און צבי זענען אָבער נישט אַוועק ביז דער אויטאָבוס האָט נישט געריירט פון אָרט. ער האָט געלאַכט צו זיינע עלטערן, איבערהויפּט צו זיין אמאַ׳לע, וועלכע האָט אים נאָך אַלץ עפּעס נאָכגעשריגן און געוואָרנט, ער זאָל ״נישט שוויצן צו פיל״, זיך היטן... ער האָט זיי צוגעשאָקלט מיט דער האַנט און געשמייכלט, ביז דער אויטאָבוס איז פאַרשוווּנדן פון זייערע אויגן.

זי האָט נישט געלייגט קיין אַכט, ווי עטלעכע יוגנטלעכע, וואָס זענען ווי דני געפאָרן צום זאַמלפּונקט, האָבן געלאַכט און זיך אַלץ געווישט די טרערן. איר זענען אויך נישט אָנגעגאַנגען איר מאַנס טרייסט־ווערטער און שפּאַסיקער טאָן, כדי זי צעשטרייען פון איר טרויער הלמאי דני איז אַוועק דינען אין צבא. ״האָסט פאַרגעסן אָנזאָגן דנילען נאָך איין זאַך״, האָט ער געזאָגט אין אַ וויציקן טאָן, ״און דער עיקר עפּעס מיטנעמען...״

״״מיטנעמען? וואָס? — האָט זי זיך אָנגעכאַפּט און ער... ער האָט אַ זאָג געטאָן וויליוונגעריש: ״אַ וואַרעמע גומי־פלאַש צו די פיס פאַרן שלאָפן...״

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין שטוב און ער האָט דערזען ווי זי האָט ערשט איצט רעכט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, האָט ער אַ זאָג געטאָן בלויז: ״נו, פון דיר,

זהבה, וועט שוין קיין לייט בישט זיין...״ זי האָט נישט רעאַגירט און זיך דאָך באַמיט דערשטיקן אירע טרערן...

ווען זי האָט זיך איצט איבערגעוועקט פון אירע געדאַנקען וועגן דניס אוועקגיין דאָס ערשטע מאָל אין צבא — האָט זי באַמערקט, ווי צבי דרעמלט אין פאָטעל ווו ער איז געזעסן. די דונערן און בליצן האָבן זיך אַ ביסל איינגעשטילט און פון דרויסן האָט זיך נאָך בלויז געהערט דאָס פוילע טריפן פון רעגן אין די בלעכענע רינוועס. עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט. איז זי צוגעגאַנגען צו איר מאַן, באַרירט אים אין זיין אַקסל און אַרויסגעמורמלט: ״גיי, צבי שלאָפן. דני וועט שוין זיכער היינט נישט קומען.״

צבי האָט אויסגעריבן די אויגן און זי איבערגעקרימט: ״דני! ווידער דני! בישט געקומען היינט וועט ער קומען מאָרגן. מה יש? קום שלאָפן!״

״גיי! גיי!״ האָט זי געזאָגט מיט כעס, ״וואָס אַרט דיר דען וואָס? קיינעם האָט דער בויך נישט וויי געטאָן, נאָר מיר...״

״אַ שאָד, וואָס בישט איך... בין זיין מאַמע...״ האָט ער ווי זיין שטייגער אַ זאָג געטאָן מיט שפּאָס און אַריין צו זיך אין צימער און זיך געלייגט שלאָפן. קורץ נאָך דעם איז זי אויך אַריין אין צימער, אָבער איינשלאָפן האָט זי אַזוי גיך נישט געקענט. אין דרויסן האָט געגומען שאַריען אויף נייעם טאָג, ביז אַן אומרויקער דרעמל האָט זי אַריינגעכאַפּט אין די מידע אָרעמס...



## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### באַגריסונגען

### מאיר חרץ באַקומען די פיכמאַן־פּרעמיע

די ירושלימער יידישע שרייבער־גרופּע און דער ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ באַגריסן אונדזער ליבן דיכטער מאיר חרץ בשייכות מיטן צוטיילן אים דעם בכבודיקן יעקב פיכמאַן־פּרייז פאַרן יאָר תשל״ו.

מיר ווינטשן אונדזער לאָורעאַט געזונט און פריידיקע שעפערישקייט.

ירושלימער יידישע שרייבער־גרופּע
״ירושלימער אַלמאַנאַך״

### יאָסל חריף — 75 יאָר

טייערער פריינד,
די פאַרוואַלטונג פון ירושלימער יידישער שרייבער־גרופּע און דער ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ באַגריסן אייך האַרציק צו אייערע 75 יאָר עד מאה ועשרים. מיר ווינטשן אייך לאַנגע יאָר, געזונט, פרייד און שעפערישקייט.

מיט ליבשאַפט —
זיאַמע טעלעסין
יחיאל גראַנאַטשטיין
מאיר חרץ
יוסף קערלער
דוד ספאַרד
אפרים שעדלעצקי.

מאיר חרץ

# ווערטער

## איך בין אין גערטנער ניט געווען

איך בין אין גערטנער ניט געווען,
איך האָב קיין בלומען ניט געזען,
איך זיץ פאַרשפּאַרט אין שטוב אַליין
און הער אַ נס: ס'בוך, וואָס כ'לייען
פון נעכטן אָן, האָט אויפגעבליט.
דאָס ביסל וואַסער, וואָס איך טרינק,
ווערט אָפּפרישן דעם פריען צוויט,
די ווערטער שלאָפן אויפן צונג,
די ווערטער "גרין" און "רויז" און "בלום",
זיי ציען זאַפטן פון מיין לונג,
די שטילע ווערטער, וואָס איך זינג
זיי איבער, זענען זיס און גרינג
און טראָגן זייער דופט אַרום,
ווען אַלע שטויבן ליגן שטום.
דער שטויב אין דרויסן אויפן וועג,
דער שטויב פון אַלע זומערטעג
איז שווער און מיד און לייגט זיך אָפּ
אויף ווייסן וועש, וואָס פאַלט אַראָפּ
פון שטריק, וואָס איז פאַרבונדן לויז.
אין דרויסן ברענט דאָס דאַרע גראָז
פון גרויסן פעלד, וואָס איז פאַרלאָזט
און ס'דעמפט דער שמאָלער טייך, וואָס גרינט
און רירט זיך ניט פון שטאַרקסטן ווינט.
אין דרויסן שטייט אַן אַלטער בוים,
אַ געל און קרום און פויל שטיק האָלץ,
געוואָרן פון זיין פרילינג־טרוים,
געוואָרן פון זיין וווּקס און שטאָלץ.

וואָס זאָל איך איצטער זוכן דאָרט ?
זיי וועלקן יעדער אויף זיין אָרט
און בליען אַלע אין מיין וואָרט.

## די ווערטער־קאַשע

צעווילדעוועטע ווערטער ווי אַ וויכער
זיך דרייען איבער מיר אַלץ גיכער־גיכער,
גלייך ס'האָבן אויסגעשיט זיך אַלע ביכער
פון אַלע ביכער־שאַפעס אויף דער וועלט

זיך דרייענדיק פאַרלירן זיי דאָס פנים,
עס איז שוין שווער די ווערטער צו דערקאָנען
און ס'שלאָגן זיך ווי אמתדיקע שונאים
די טייטשן מיט די קלאַנגען פון דער וועלט.

אַ ווערטער־קאַשע קאָכט זיך אויף אַ פייער
און פאַלן ווערטער, זענען זיי ניט טייער,
מע שיט זיי אונטער גלייך פון ווערטער־שייער,
פון ווערטער־שייער פון דער גאָרער וועלט.

זיי דרייען זיך און פאַלן גלייך אין קעסל
און ס'גייט אַ פאַרע, גלייך אונטער אַ פרעסל,
איז נעמט די לעפל, זעצט צום טיש זיך פרעסן
די קאַשע פון די ווערטער פון דער וועלט.

## שטרייק

עס האָבן די ווערטער פאַרשטרייקט
און רירן זיך ניט פון די ערטער,
עס וואָלט זיי די צונג איבערצייגט
ניט שטרייקן, איז פעלן איר ווערטער.

עס האָבן די ווערטער פאַרשטרייקט,
זיי מאָנען גאָר העכערע לוינען,
און ווייזט מען די ווערטער אַ פייג,
פון זשעסט פונעם גראָבן זיי שטוינען.

זיי זענען דערצו ניט געוווינט —
אַ פייג צי אַ פויסט צי אַ שטעקן,
ביז איצט מ׳האָט מיט גראָשנס באַלוינט
דאָס פרעדיקן זייערס, דאָס שרעקן.

— ״אויף אונדזער חשבון איר לעבט,
זיי טענהן, און מיר וואָס קריגן ?
מיר האָבן אומזיסט געשלעפּט
דעם בילבול, דעם שווינדל, דעם ליגן.

איצט שטעלט איר דעם ליגן דאָרט,
ווו ער קען אונדז וואָלט זיך שטעלן.
נאָר וואָס איז ליגן אָן וואָרט,
אַ ליגן, ווען ווערטער פעלן ?

איצט שטעלט איר דעם ליגן אַוועק
אַקעגן אונדזערע פּאָנען,
דאָס וואָרט דאָס איינציקע שרעקט,
דערשרעקט ניט קיין ווערטער מיליאָנען.

מיר ווילן ניט דינען מער
דעם שווינדל און ליגנס זאָגן
און אויב דער אמת איז שווער,
מיר וועלן מיט ליבשאַפט אים טראָגן.

דער אמת, די גילדענע קרוין,
מיר וועלן אין פייער אים שטאָלן,
און דאָס וועט זיין אונדזער לוין
און איר וועט אים דאַרפן צאָלן״.

## אַן עמער...

אַן עמער מיט ווערטער אַ פולן
אַרויסגעשלעפּט ווי פון אַ ברונעם,
איך בין ניט געגאַן אין קיין שולע
און כ׳ווייס ניט פון וואַנעט זיי קומען.

אַן עמער מיט ווערטער ווי טראָפּנס
צונויפגעגאָסן אין איינעם.
ווער האָט מיר געשטעלט אים צוקאָפּנס ?
צי האָב איך באַגנבעט די שכנים ?

אַן עמער מיט ווערטער ווי טרערן,
אַן עמער מיט ווייטיק אַ פולן,
איך שטיי איבער אים און איך לערן,
איך בין ניט געגאַן אין קיין שולן.

## ווערטער יידישע

ווערטער יידישע פון אַלע עקן וועלט
קלאַפּן אָן ביי נאַכט צו מיר אין טיר —
ס'האָבן דיכטער אונדז פון ליד אַרויסגעשטעלט,
זענען מיר געקומען זיך אויסוויינען פאַר דיר.

ס'האָבן דיכטער קלייבנדיק די שפּראַך
ווי מע קלייבט קראַוואַטן אין אַ קלייט,
אונדז געפּסלט און אַוועקגעמאַכט
מיט דער האַנט פון לעבעדיקסטע רייד.

זוכנדיק אַ וואָרט, וואָס איז נאָך ניט געווען,
האָבן זיי געמעקט, געשניטן בלינד,
האָבן מיר, די אויסגעמעקטע, קיינער זאָל ניט זען,
אָנגעקלאַפּט צו דיר אין ליד אַצינד.

האָב איך זיי, די אויסגעמעקטע, אויסגעהערט,
ניט געהאַט קיין האַרץ צו לאָזן זיי,
פונעם שטויב זיי אויפגעהויבן, פון דער ערד
און זיי אויסגעשטעלט אין רייען, ריי נאָך ריי.

פון די אויסגעמעקטע ווערטער האָב איך באַלד
אויסגעוועבט אַן אויסגעמעקט געזאַנג.
זינגט עס ניט ווי פייגל אין אַ וואַלד,
זינגט עס ווי אַ שטיין ביים זונפאַרגאַנג.

## מיר טאַפּן אָן

מיר טאַפּן אָן די ווערטער בלינדערהייט,
פאַרגלייכן זיי מיט די געהערטע רייד,
וואָס מיר באַהאַלטן טיף אינעם געהער
און זייער קלאַנג ווערט מיט די יאָרן שווער.

מיר טאַפּן אָן די ווערטער מיט די הענט,
פֿאַרגלייכן זיי מיט בלינד־געטאַפּטע ווענט,
וואָס מיר אין משך פֿונעם לעבנסגאַנג
געטראָפֿן און געשטאַנען ביי זיי לאַנג.

מיר רירן אָן די ווערטער מיט אַ קוש,
מיר כאַפּן אויף די ווערטער מיטן חוש,
וואָס אים אַליין איז ניט צו כאַפּן גרינג,
אפילו ווען מע רעדט ניט, נאָר מע זינגט.

## ווונדערווערטער

ווונדערווערטער ווי רפואות אונטער גלאָז,
ווונדערוואַסערלעך און ווונדערזאַלבן,
האַלט דעם אָטעם איין, ווייל פֿון אַ בלאָז
קאָן דאָס גלאָז, חלילה, זיך צעהאַלבן.

ווונדערווערטער — שטיינער פֿון גראַניט
מיניען זיך און שפּילן זיך מיט פֿאַרבן,
שטעל זיך אָפּ אַ ווײַלע, זיי געהיט
פֿון אַן איבעריקן טראָט אויף וועג אויף האַרבן.

ווונדערווערטער — שמאָלער קלאָרער פֿלוס
צווישן גראָע נעפּלדיקע ברעגן,
פֿאַלט אַראָפּ דאָרט פֿון אַ בוים אַ נוס,
בויג זיך ניט, זי איז פֿון קיינעמס וועגן.

ווונדערווערטער אויף אַ שטרענגער וואָג,
מיט אַ דינער־דינער מאָס געמאָסטן,
קיינער ווייסט דערוויל ניט, היינט־צו־טאָג,
וויפֿל וועלן זיי אונדז מאָרגן אָט די ווונדערווערטער קאָסטן.

## אָנגעשאַרפטע ווערטער

אָנגעשאַרפטע ווערטער ווי חלפים,
אָנגעצילטע קללה ווי אַ קויל,
גאָטעניו, מיין גאָלדענער, ניט שטראָף אים
פֿאַר די נאַרישקייטן פֿון זיין מויל.

גאָטעניו, מיין גוטינקער, ניט צאָל אים
פאַר די ווילדע מעשים, וואָס ער טוט,
רייצנדיקע שלאַנגען פון זיין חלום
האָבן אים פאַרסמט דאָס יונגע בלוט.

רייצנדיקע שלענגלדיקע שלאַנגען
און געשטרייפטע טיגערס אין געלאַף,
זיבן מאָל איז דאָך דיין זון פאַרגאַנגען
אין דער ערשטער וואָך פון וועלטבאַשאַף.

און פון דעמלט זאַמלען זיך די שקיעות,
ביז זיי פלאַצן אין דיין ענגן רוים,
שפריצט מיט פייער אויך אויף זיינע וויעס,
זעצט פון מויל זיינעם מיט עמערס שוים.

אָנגעגליטע ווערטער ווי אַן אויוון.
קאַלעכשטיינער ווערן ווייס ווי שניי,
גאָטעניו, מיין האַרציקער, לייז אויס אים
פונעם פייער, וואָס סע ברענט אין זיי.

## כ׳האָב אויסגעלערנט זיך

כ׳האָב אויסגעלערנט זיך אַ נייע שפּראַך צום רעדן
אַ שפּראַך אַזאַ, וואָס גיט זיך ניט אין מויל אַריין צו יעדן,
אַ שפּראַך אַזאַ צו הערן זי פון בלעטער אין אַ ספר,
צו הערן זי מיט דורשטיקייט, מיט הונגער און מיט אייפער.

כ׳האָב אויסגעלערנט זיך אַ שפּראַך, אַ שפּאָגל־נייע,
אַ שפּראַך אַזאַ אָן קלאַנגען און פון כללים גאַנץ אַ פרייע,
אַ שפּראַך, וואָס ווערט געבוירן ביי דעם איינזאַמען, ביים יחיד,
בשעת ער רעדט צו זיך און זי פאַרבלייבט ביי אים אויף תמיד.

כ׳האָב אויסגעלערנט זיך צו רעדן אַנדערש־אַנדערש,
אַ נייע שפּראַך? ס׳איז ניט דאָס וואָרט — זי גיט דיר ניט קיין אַנדערס,
זי גיט דיר ניט קיין אַנדער וואָרט, אַ זאַך אַ ניט־דערהערטע,
פאַר זיך אַליין און פאַר איר נאָמען האָט זי ניט קיין ווערטער.

קלמן סעגאַל

# אַ באַזוך אין ניו־יאָרק

(דערציילונג)

ערשט אייערנעכטן בין איך געזעסן ביים פענצטער פון אַ ביליקן האָטעל־צימער אין בראָנקס און געקוקט אויף דער ניו־יאָרקער גאַס. כ׳בין דאָרט געווען גאַנצע צוויי וואָכן — צוויי נישט געלונגענע וואָכן. די גאַנצע רייזע איז געווען נישט געלונגען, אפשר מיט עטלעכע יאָרצענטליק פאַרשפּעטיקט. איך האָב נישט געפונען די פרייד פון דעראָבערן ווייטקייטן, כ׳האָב נישט געפונען דעם פאַרגעניגן פון אַ זאָרגלאָזן טוריסט, וועלכער אַנטציקט זיך מיט דער אורבאַניסטיק און מיט דער טעכניק, מיט דעם טעמפּאָ פון דער באַוועגונג און מיט טויזנט אַנדערע זאַכן. פאַרקערט: דאָס אַלץ האָט אין מיר געוועקט אַ פּחד, אַ געפיל פון פאַרלירן זיך און מאַכטלאָזיקייט. איך האָב וואָס גיכער געוואָלט אַנטלויפן. פון טאָג צו טאָג, און דערנאָך פון שעה צו שעה, איז אין מיר געוואַקסן די בענקשאַפט צו דער שטילער לאַנדשאַפט פון ישראל, צו דעם גאָלדיקן זאַמד פונעם מדבר, צו דער זאַפטיקער גרינקייט פון די פּרדסים — און איך האָב פּלוצים דערשעצט ווי גוט עס איז צו האָבן וווּ הין זיך צוריקצוקערן.

אמת געזאָגט, האָב איך אַמעריקע בכלל נישט געזען. איך בין נישט קיין דערפאַרענער טוריסט, כ׳האָב נישט באַוויזן אויף אַ קלוגן אופן צו אָרגאַניזירן זיך דעם דאָזיקן אויספלוג. און עס איז נישט קיין חידוש. איך האָב טאַקע געררייזט אַ סך, אָבער געווען איז עס תמיד אין אַ ביסל אויסטערלישע באַדינגונגען: מען פלעגט מיך פירן מיט קאָנוואָי, מיט דעם גאַנצן כבוד וואָס עס קומט אַן אַרעס־טאַנט. יענע צייטן און יענע רייזעס פיל איך נאָך ביז היינט אין די ביינער. איך בין נאָך נישט צוגעוווינט צו דער פרייהייט. איך האָב ביז איצט פיינט פּאָלי־ציאַנטן, איך האָב נישט קיין צוטרוי צו קיין שום מאַכט, צו קיין שום רעגירונג, איך האָב פיינט פּאַרטייאישע טוערס — לינקע און רעכטע און אפילו די פון צענטער. איך פאַרטראַג נישט קיין יוריסטן, קיין ריכטערס און פּראָקוראָרן, אפילו פאַרטיידיקערס, דאָס הייסט אַדוואָקאַטן האָב איך אויך פיינט.

וואָס שייך אַמעריקע, האָב איך בלויז געזען ניו־יאָרק. נישט נאָר פון אונטן, דאָס הייסט אין טריין, אין וועלכן איך פלעג יעדן טאָג פאַרברענגען עטלעכע שעה, פאָרנדיק פון בראָנקס קיין ברוקלין אָדער צוריק. ניו־יאָרק איז שיין, אָבער איך האָב די דאָזיקע שטאָט נישט ליב. ס׳איז נישט איר שולד. די גאַנצע וועלט

איז שיין, און דאַך פיל איך צו איר אַן אומווילן, אַווידערווילן, טייל מאָל אפילו אַ האַס. ליבע איז אַ קאַפּריזנע געפיל. איך האָב אין אַ געוויסן טאָג אויפגעהערט צו ליבן דאָס לאַנד, אין וועלכן איך בין געבוירן געוואָרן, און ווען איך הער עמעצן אויף צו ליבן, ווער איך אויף אַ לאַנגער צייט נערוועז, בייז, ווען די ליבע גייט אויס, פיל איך זיך אַזוי, ווי איך וואָלט אַלץ פאַרלוירן, ווי דער דאַך איבערן קאָפּ וואָלט מיר פאַרברענט געוואָרן.

געשלאָפן בין איך אין אַ האָטעל אין בראָנקס. פון דרויסן האָט דאָס הויז געהאַט אַ גאַנץ לייטישן אויסזען, נאָר אינעווייניק איז די ווירקלעכקייט געווען אַ נעבעכדיקע. עס האָבן דאָרט געוווינט פּאָרטאָריקאַנער און נעגערס, נו און איך, — אַזאַ בר־מזל בין איך שטענדיק, ווען אַנדערע שלאָפן אויף אַ קישן, געפין איך צו קאָפּנס אַ שטיין... איבעריקנס: מיר האָבן די נעגערס נישט געשטערט און אויך נישט די פּאָרטאָריקאַנער, צו פיל צרות האָב איך זיך אַנגעליטן פון די ווייס־ראַסיקע, כ׳זאָל היינט אַנטלויפן פון די שוואַרצע.

האָב איך געוווינט אין דאָזיקן האָטעלעכל, אין אַ צימער וווּ עס איז געווען בערך עטלעכע טויזנט זשוקעס, און יעדער זשוק איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ קראָקאָדיל. דער פּאָרטיער האָט מיך געטרייסט, אַז די דאָזיקע זשוקעס זענען שוין כמעט אויסטרעסירט. דאָס זענען היימישע, נישט שעדלעכע זשוקעס, מען דאַרף פאַר זיי נישט קיין מורא האָבן, מען דאַרף זיך צוגעוווינען. דאָרט וווּ עס זענען פאַראַן זשוקעס, זענען נישט פאַראַן קיין וואַנצן, ווייל די דאָזיקע ביידע באַשעפענישן פאַרטראָגן זיך נישט קעגנזייטיק — איז זאָל שוין בעסער זיין מיט זשוקעס. די אויפקלערונג פון פּאָרטיער איז געווען לאָגיש, כמעט וויסנשאַפטלעך און איבערצייגעוודיק. איך בין אין דאָזיקן האָטעל פאַרבליבן גאַנצע צוויי וואָכן און איך האָב דאָרט טאַקע נישט געזען קיין איינציקע וואַנץ.

— פאַרשטייט זיך — האָט מיך אינפאָרמירט דער גוטמוטיקער שוואַרצער פּאָרטיער — פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען אין ניו־יאָרק פאַראַן אַ סך האָטעלן אָן זשוקעס און אָן וואַנצן. ער אַליין האָט אַמאָל אין אַזאַ האָטעל געאַרבעט. ער האָט דאָרט זייער גוט פאַרדינט, כאָטש די העלפט פונעם טרינק־געלט האָט ער געמוזט אָוועקגעבן דעם באָס. אין אַ געוויסן טאָג האָט אים איינער אַ שיכורער גאַסט באַליידיקט, האָט ער אים דערלאַנגט אין די ציינער און מען האָט אים אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט, ווייל אין אַמעריקע איז פאַראַן דעמאָקראַטיע, אַלץ מעג מען, נאָר שלאָגן טאָר מען נישט, מען טאָר זיך נישט קריגן מיט קיינעם, דעם וואָס שרייט העכער, שיקט מען באַלד צו אַ פּסיכיאַטרישער אונטערזוכונג, פון אַזאַ אונטערזוכונג האָט מען דערנאָך אַ סך צרות, ווייל לויט די פּסיכיאַטערן זענען אַלע מענטשן משוגע. און דאָס איז אמת.

אין איינעם אַן אינדערפרי בין איך געפאָרן קיין ברוקלין, אַ קוק צו טון אויפן ים. ס׳האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט, כ׳בין געזעסן אויף דער טעראַסע פון אַ קאַפע־הויז, ביים צווייטן טיש האָבן עטלעכע יונגע לייט געלאַכט און גערעדט אַ שלעכטן פּויליש. ס׳איז קלאָר: אַלע עמיגראַנטן אויף דער וועלט פאַר־

געסן גיך זייער מוטערשפּראַך, פּאַליאַקן רעדן אַ שלעכטן פּויליש, יידן רעדן אַ שלעכטן יידיש, איינע אַסימילירן זיך, אַנדערע רעדן וועגן נאַציאָנאַלער אידענטיפיקאַציע — די הויפּטזאַך איז: נישט אַריינפּאַלן אין דער פּאַסטקע פון קאָסמאָפּאָליטיזם, ווייל אין האַס צו די קאָסמאָפּאָליטן זענען אַלע אויף אַ מאָדנע אופן איינשטימיק. היטלער האָט זיי פּיינט געהאַט, סטאַלין האָט זיי געשיקט אויף דער תליה, און אפילו היינט, ווייסט יעדער פּאַטריאָט אין דער פרייער וועלט און יעדער פּאַטריאָט אין די קאָמוניסטישע לענדער, אַז קאָסמאָפּאָליטן דאַרף מען באַקעמפן, כאָטש קיינער ווייסט נישט גענוי פאַרוואָס.

און איך? איך זיץ אויף דער טעראַסע פון אַן אַמעריקאַנער קאַפע־הויז און איר טראַכט: כ׳בין קראַנק, איך לייד פון פּסיכישע פאַרלעצונגען, דאָס זענען איבערבלייבענישן נאָך גרויסע נאַציאָנאַלע קראַנקהייטן פון אַנדערע פעלקער, וואָס האָבן אומגעבראַכט מיליאָנען מיינע ברידער. אַלע זענען אומגעקומען, נאָר איך לעב, כאָטש די אַלע וואָס זענען אומגעקומען זענען געווען בעסער פון מיר און איידעלער.

כ׳האָב געעפנט אַ צייטונג און איבערגעלייענט אַן אַרטיקל וועגן ליטעראַטור, וועגן דעם אַז אַן אמתער שרייבער מוז זיין נאַציאָנאַל, אַנדערש איז ער נישט קיין שרייבער. און מסתמא איז ער גערעכט, דער מחבר, ווייל יעדער איז דאָך אַ ביסל ערגעץ־ווו גערעכט. אָבער איך בין דאָך קראַנק — און ווען עמיץ רעדט צו מיר אָדער אין מיין אַנוועזנהייט וועגן נאַציאָנאַלער ליבע, פּיל איך באַלד, אַז עס ציטערט אויף מיר די פעל און עס הייבט מיר אָן ווי צו טאָן די לעבער. איך האָב אַמאָל ליב געהאַט פּוילן, אָבער ווען מען האָט געשריגן ״ניעך זשיע פּאָלסקאַ!״, האָב איך געציטערט פון אויפרעגונג, ווייל עס זענען געווען צייטן, ווען שרייענדיק די דאָזיקע ווערטער, האָט מען געשלאָגן יידן. איך האָב ליב געהאַט די דייטשן און די דייטשע קולטור, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט איך זאָל זיי ליב האָבן, און עטלעכע יאָר שפּעטער האָב איך שוין געוווסט, אַז ווען זיי שרייען ״עס לעבע דאָס פאַטערלאַנד״ — דאַרף מען אַנטלויפן, ווייל עס קאָן פּאַסירן, אַז עס וועט עמעצן איינפאַלן אויפצוקנעפּלען מיינע הויזן און קאָנטראָלירן צי מיין מענלעכער ברילאַנט איז נישט געמלט. אויך דעם ראַטנפאַרבאַנד האָב איך אַ צייט ליב געהאַט, אָבער געוווסט האָב איך שוין, אַז ווען מען שרייט ״דאַ זדראַסטוווּיעט ראָדינאַ״ — גרייט מען זיך צו עפּעס אַ גרעסערע חזירייַ.

דער ים אין ברוקלין שמעקט מיט פיש, כאָטש קיינער פאַרנעמט זיך דאָ נישט מיט פישעריי. פון איין זייט דער ים, פון דער צווייטער — די שטאָט. די הייזער פון מאַנהעטן זענען אויס ווי גיגאַנטישע דענקמעלער. דאָרט ערגעץ ווייטער אָדער נענטער איז די 5־טע עוועניו, דער גן־עדן פון באַנקירן, גרויסע סוחרים און ליבהאָבער פון הויכער אורבאַניסטיק. אין האַרלעם ליגן אויף דער גאַס בראָדיאַנעס, ווייסע און פאַרביקע. די ווייסע האָבן פיינט די נעגערס, די נעגערס האָבן פיינט די יידן. די יידן האָבן זיך פיינט קעגנזייטיק.

יידן. אין שוואַרצע איבערציערס, מיט בערד און פאות, לובאַוויטשער חסידים

און אַנדערע חסידים, אָדער סתם יידן, אָן בערד און אָן פּאות. מיינע ברידער — אַ געזונט אויף זייערע קעפּ.

ס'האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. כ'בין צוגעלאָפן צום טריין, געפאָרן קיין בראַדווײ, כ'האָב דאָרט געהאַט עמעצן צו באַזוכן. פאַר ביין און ביינציק צענט האָב איך מיר געקויפט אַ שירעם, אַ גרויסן שוואַרצן פּאַראַסאָל — אַזאַ זאַך שטאַרקט דאָס זיכערקייטס־געפיל ביים מענטש. פאַר צוואַנציק צענט האָב איך אויסגעטרינקען אַ קאַווע אין אַן איטאַליענישן ביסטראָ. ס'איז דאָרט געווען שמו־ציק ווי אין ירושלים אויף רחוב יפו; ירושלים איז הייליק, ביי אַ הייליקן דאַרף מען נישט קאָנטראָלירן, צי ער האָט ריין אונטער די נעגל. אַ הייליקער מעג זיך אויך געוויסע הנחות דערלויבן. בראַדווײ איז נישט הייליק, אָבער בראַדווײ איז אַן אַלטער רייכער קליינבירגער מיט הונדערט־יעריקער טראַדיציע. ער מעג זיך דערלויבן צו זיין ערטערווייז שמוציק, זאָלן זיך וואַשן די באַנקירן פון דער פינפ־טער עוועניו.

כ'האָב נאָך אַמאָל אַריינגעקוקט אין מיין נאָטיץ־העפטל און געפונען דעם ריכטיקן אַדרעס. כ'בין אַריין אין האָל, נעבן דעם ליפט איז געשטאַנען אַן עלטערע דאַמע, אַ זקנה מיט אַ געשמינקעוועט פּנים. איך האָב געמאַכט אַ העפלעכן זשעסט מיט דער האַנט, זי זאָל אַריין די ערשטע. זי האָט מיך, זעט אויס, שלעכט פאַר־שטאַנען. זי האָט זיך דערשראָקן און אָוועקגערוקט זיך פון ליפט. פאַרוואָס האָט זי פאַר מיר מורא געהאַט? נו, יאָ, עמעץ האָט מיר שוין אַמאָל געזאָגט, אַז איך האָב אַ פּנים פון אַ מערדער, בפרט דעמלט ווען איך בין בייז, און בייז בין איך כמעט שטענדיק. אָבער דאָס מאָל בין איך נ י ש ט געווען בייז אויף קיינעם און אפילו אויף זיך אַליין אויך נישט. כאָטש די דאָזיקע זקנה האָט אַ ביסל געוועקט מיין פּראָטעסט: זי איז שוין מסתמא אַלט געווען אַ הונדערט יאָר, און די ליפּן האָט זי געהאַט אָנגעפּאַמאַדעוועט מיט אַ זאַפטיקער שמינקע, וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר פון פרישע וויינשל. נו, גוט, כאַפּט זי דער וואַטנמאַכער, בין א י ך אַריין דער ערשטער אין ליפט אַריין און זי איז געבליבן. אין ווינקל פון ליפט איז געהאַנגען אַ שפּיגל, האָב איך געוואָרפן אַ בליק און כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז די הונדערטיעריקע איז געווען גערעכט: צו אַזאַ פּנים קען מען נישט האָבן קיין צוטרוי.

אויפן דריטן שטאָק בין איך אַרויס פון ליפט און כ'האָב אָנגעקלונגען. די טיר האָט געעפנט אַן עלטערע פרוי, איך האָב זי באַלד דערקענט, כאָטש אין מיין זכרון איז זי געווען פאַרשריבן ווי אַ יונג און שיין מיידל און באַגעגנט האָב איך אַ פרוי מיט גראָע, אפשר אַ ביסל צו פרי גראָ געוואָרענע האָר. אויף אַ ווײלע האָב איך זיך פאַרשעמט פאַר איר אַלטקייט און אויך פאַר מיין אייגענער אַלטקייט, ווי דווקא דאָס וואָלט געווען אַ זאַך, וואָס מען דאַרף זיך שעמען.

איך האָב זיך פאַרנייגט און פאַרגעשטעלט. אַזוי און אַזוי הייס איך. און איך האָב איר געגומען דערמאָנען פּרטים, די שטאָט, די גאַס, דאָס הויז, אין וועלכן מיר האָבן געוווינט, געשעענישן, צייטן. זי האָט צוגעמאַכט די אויגן, די קנייטשן

אויף איר פּנים זענען געוואָרן נאָך טיפער — אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט. זי האָט געשוויגן און איך האָב גערעדט, איך האָב רעקאָנסטרוירט דאָס וואָס איז געווען מיט עטלעכע יאָרצענטליק צוריק, נאָך פאַר דער מלחמה, פאַר דער גרויסער שחיטה. איך האָב איר דערמאָנט דאָס, וואָס איז דעמלט געווען יונג און שיין, איך האָב נישט דערמאָנט מיט קיין איינציק וואָרט וועגן די שטעכל־דראָטן. כ׳האָב נישט דערמאָנט וועגן אָויוונס, וואַגאָנען, געלע לאַטעס, עקזעקוציעס, איך האָב דאָס אַלץ פאַרשוויגן, פּונקט ווי עס וואָלט קיין מאָל נישט פּאַסירט.

מיר זענען געזעסן אין אַ גרויסן, באַשיידן מעבלירט צימער. אויף דער וואַנט האָב איך באַמערקט אַ פּאָרטרעט, אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ ייִנגל — וואָס אויך וועגן אים האָב איך פאַרשוויגן, באַמיט זיך נישט צו דערמאָנען זיין נאָמען.

איך האָב צו איר גערעדט, און זי איז געשטאַנען ביים פענצטער און אַראָפּ־געקוקט: דאָס הויז איז געווען ביי אַ שטיל זייטן־געסל, אין דער לענג פון דער גאַס זענען געוואַקסן צוויי רייען גרויסע בליענדיקע קאַשטאַן־ביימער.

— אַזאַ שיין געסל — האָט זי געזאָגט — אמת? פּונקט ווי ד אָ ר ט. איר געדענקט? לעבן אונדזער הויז...

איך האָב באַמערקט, אַז אירע ליפּן ציטערן לייכט. זי האָט געקוקט דורכן פענצטער מיט גרויס פאַראינטערעסירונג, כאָטש אונטן, אויף דער גאַס, איז גאָר־נישט פאָרגעקומען. אין שאָטן פון די ביימער זענען געשטאַנען עטלעכע אויטאָס, אָבער די אַלטע שכנותדיקע הייזער האָבן אויסגעזען אַזוי, ווי קיינער וואָלט אין זיי נישט געוווינט.

— דאָס טייכל לעבן אונדזער הויז... — האָט זי זיך דערמאָנט — איר גע־דענקט עס? כ׳האָב פאַרגעסן, ווי אַזוי עס האָט געהייסן.

— טישמעניצע — האָב איך איר שטיל אונטערגעזאָגט.

— יאָ. טישמעניצע. ערב־פרילינג פלעגט טייען דער שניי. דאָס וואַסער פון די בערג פלעגט אַראָפּשווימען, דאָס טייכל פלעגט דעמלט אויסגיסן, ס׳פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסן טייך, וואָס האָט גרויזאַם גערוישט. די הילצערנע בריק פלעגט קרעכצן. ביז היינט געדענק איך דאָס. עס האָט גערוישט, און איך האָב געהערט פאַרשיידענע אויסטערלישע קלאַנגען, ווי פייגל וואָלטן געוויינט. אויך איצט הער איך דאָס. נישט אין דער מינוט, נאָר ביינאַכט. ביי טאָג הער איך נישט. ביי טאָג קוק איך. איך שטיי ביים פענצטער און איך וואַרט. כ׳ווייס דאָך נישט ווען ער וועט קומען צו פאָרן. אפשר האָט ער שוועריקייטן מיטן באַקומען אַ וויזע, מיטן פּאַספּאָרט. דאָס מוז דויערן.

מיר האָבן אַ ווײַלע געשוויגן, און אין דאָזיקן שווייגן, אין דער דאָזיקער שטילקייט איז געווען אַ געשפּאַנטע שטימונג. איך האָב געזוכט אין די געדאַנקען, ווי אַזוי צו פאַרקירעווען דעם שמועס אין אַן אַנדערער ריכטונג.

— איר האָט דאָ פריינט? באַקאַנטע? עמעץ באַזוכט אייך?

— ניין, — האָט זי געענטפערט — איך דאַרף קיינעם נישט. ווען איך בין געווען יונג, האָב איך געהאַט אַ סך פריינט. היינט האָב איך קיינעם נישט. איך

וואָרט אויף מיין ברודער. איר קענט דאָך אים. דערציילט מיר עפּעס וועגן אים. ווי אַזוי גייט עס אים?

און זי האָט מיר געוויזן אויף דער וואַנט, ווו עס איז געהאַנגען די גרויסע פאָטאָגראַפיע פון דעם ייִנגל.

— יאָ... — האָב איך געזאָגט, באַהערשנדיק די טרוקעניש אין האַלדז — ווען איך האָב מיט אים דאָס לעצטע מאָל גערעדט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט אייך זייער ליב. ער האָט דעמלט געבענקט צו אייך, געוואָלט אייך זען, געוואָלט זיין צוזאַמען מיט אייך.

— איך ווייס. איך האָב עס געפילט.

כ'האָב פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. כ'האָב זיך געפילט פאַרשעמט און צעבראָכן. כ'האָב אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט איר בליק. כ'האָב גענומען אַרומקוקן זיך, איך האָב געזוכט אויף וואָס צו פאַרהאַלטן דעם בליק און איך האָב דערזען אויף דער וואַנט נאָך עטלעכע בילדלעך — אַלטע ביליקע רעפּראָדוקציעס פון לילייענס האַלצשניטן אויף ביבלישע טעמעס. דער דאָזיקער לילייען האָט אויך געשטאַמט פון אונדזערע קאַנטן. אָבער אויך לילייען האָט מיר נישט געהאָלפן אַנטלויפן פון איר בליק, פון איר שווייגן, פון מיינע זכרונות. ער איז דעמלט אַלט געווען אַכצן יאָר, ער איז געגאַנגען איינגעבויגן אונטער דער שווערער לאַסט פון יענער צייט, פון יענעם טאָג, ער האָט געהאַט גרויסע טונקעלע אויגן,ביידע זענען מיר געווען פריינט, ביידע זענען מיר געווען אין די זעלבע יאָרן, ביידע זענען מיר נאָך געווען לעבעדיק, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז אין אַ מינוט אַרום, אין אַ מינוט וואָס וועט זיין לאַנג ווי די אייביקייט, אָדער אין עטלעכע מינוט, וועלכע וועלן זיין קורץ ווי אַן אויגנבליק — וועט ער שטאַרבן. און אויך איך האָב געוווּסט, אַז ער וועט שטאַרבן ווען ער וועט צוקומען צום עק פון דעם ברעט איבער דער גרויסער יאַמע. און אין אַ שעה אַרום, אָדער אין צוויי, ווען דער גרוב וועט שוין זיין פול, וועלן מיר — איך און נאָך עטלעכע יידן פון דער "באַגרע־בער־קאָמאַנדע" — באַגיסן דעם גרוב מיט קאַלעך, פאַרשיטן, אויסגלייכן, אויס־ברוקירן דעם פּלאַץ מיט שטיינער, אָדער — אויב מען וועט אונדז באַפעלן — פאַרזעצן דאָרט בלומען אָדער קרויט.

איך אַנטלויף פאַר אירע אויגן, אויך דעמלט בין איך פאַר זיין בליק אַנט־לאָפן. ווי אַזוי האָב איך געקאָנט זיין בליק אויסהאַלטן, אַז איך בין געשטאַנען אין אַ זייט, אָנגעשפּאַרט אויף דער לאָפּאַטע — ער האָט די דאָזיקע לאָפּאַטע געזען, און אויב ער האָט זי געזען, האָבן מיר שוין נישט געקאָנט זיין קיין פריינט, מיר זענען שוין געווען ווייט פון זיך, פרעמד.

און זי, די שוועסטער זיינע, קוקט אויף מיר איצט מיט די אויגן פון איר ברודער. ווו איז זי געווען דעמלט, ווען איך האָב מיט ערד און שטיינער צוגע־דעקט, צוגעשיט די וואַרעמע, כמעט נאָך צאַפּלענדיקע, כמעט נאָך לעבעדיקע לייבער פון זעקס הונדערט דערשאָסענע? איך האָב נישט קיין מוט צו פרעגן ביי איר.

— אַלע זענען שוין פון דאָרט אַרויסגעפאָרן און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ.
איך האָב אים נישט פאַריבל, חס ושלום. ער איז אַזאַ אומבאַהאָלפענער. ווען ער וועט קומען, וועל איך שוין נישט מוזן שטיין ביים פענצטער.
עס האָט מיך אַרומגענומען אַ פאַרצווייפלונג. איך האָב געוואָלט וואָס גיכער אַרויס פון דאַנעט, כ'האָב אָבער נישט געוווסט ווי אַזוי צו פאַרענדיקן דעם דאָזיקן דיאַלאָג.
— איר קוקט אַזוי אומגעדולדיק אויפן זייגער — האָט זי זיך פלוצים אויף מיר אָפּגעבייזערט — איך האָב אייך נישט פאַרבעטן און איך האָב נישט בדעה אייך צו האַלטן מיט כוח.
איך האָב געדולדיק געשוויגן. מיט דרייסיק יאָר צוריק האָב איך אים צוגע־זאָגט, אַז אויב איך וועל בלייבן לעבן, וועל איך זי אין אַ געוויסן טאָג באַזוכן. און איצט איז מיר קאַלט פון איר בליק און איך האָב דערפילט, אַז זי האַסט מיך.
— איר זענט אַ שלעכטער מענטש! אַזוי ווי אַלע, אַזוי ווי די גאַנצע וועלט! נאָך וואָס זענט איר צו מיר געקומען? איר זענט געווען זיין פריינט, אָבער ער איז געווען בעסער פון אייך. עס איז נישט געווען אַזאַ גוט קינד אויף דער וועלט, טאָ פאַרוואָס איז ער אומגעקומען, און איר לעבט. אַלע לעבן, נאָר ער איז טויט, פאַרוואָס, פאַרוואָס? און פאַרוואָס דערציילט איר מיר ליגנס? פאַרוואָס האָט איר געזאָגט, אַז ער בענקט? טויטע בענקען נישט!
זי האָט מיך געשמיסן מיט ווערטער ווי מיט אַ בייטש.
— און איצט גייט אייך שוין. איך וויל אייך מער נישט זען, איר הערט? איך וויל וואַרטן אויף מיין ברודער. און זאָל מיר קיינער אין דעם נישט שטערן.
איך האָב זיך אויפגעהויבן פון אָרט און גענומען שאַרן צו דער טיר. זי האָט מיך אַרויסגעשטופּט אויפן קאָרידאָר. כ'האָב געוואַרט אַ ווײַלע אויפן ליפט און האָב געהערט, ווי זי פאַרשליסט די טיר, און כ'האָב געהערט איר געוויין, און איך הער אים אויך איצט, אין אָט דער מינוט, ווען איך שטעל דאָס פּינטעלע נאָכן לעצטן זאַץ פון דער דאָזיקער דערציילונג.



זיאַמע טעלעסין

# ראַבינאָוויטש

— אייער נאָמען ווי איז ?
— פיאָטר.
— און דער פאָטערנאָמען ?
— לוואָוויטש.
— די פאַמיליע ?
— ראַבינאָוויטש.
— ראַבינאָוויטש, פיאָטר לוואָוויטש ?
— פיאָטר לוואָוויטש, ראַבינאָוויטש ?
ס'טוט די פענע
אַזש אַ סקריפּ,
און אַ שמייכעלע פון יענע
האָט אַ קרים געטאָן די ליפּ
מיט די ווענצעלעך די פעטע
ביי דעם פרעגער און פאַרשרייבער
פון דער דאָזיקער אַנקעטע.

ווען געבאָרן,
וווּ געבאָרן,
ווער די מוטער איז,
דער פאָטער ? —
גלייך דעם אינטערעס פאַרלאָרן
צו די אַלע פראַגן האָט ער.
און אפילו אויף דער פראַגע
צי עס האָט זיין עלטער־באָבע
זיך געשלאָגן אין איין לאַגער
מיט די שונאים פון אָקטאָבער
און דערנאָך עס אויסבאַהאַלטן,
האָט דער פרעגער און פאַרשרייבער
אויכעט זיך ניט לאַנג פאַרהאַלטן.

בחפזון, איינס און צוויי
אַלץ פֿאַרשריבן לויט דער ריי.

ענדלעך האָט ער זיך דערקליבן
צו דעם פינפטן פונקט דעם ליבן,
און ער האָט אַריינגעשריבן
שוין ניט פרעגנדיק, "יעווריי".

ראַבינאָוויטש, ראַבינאָוויטש,
ס'איז צו דיר שוין אָך און וויי!

ס'איז די נאָז דיינע קורנאָסע,
ראַבינאָוויטש.
שווערע מי איז דיין פרנסה,
ראַבינאָוויטש.
ס'איז דער קאָפּ דיינער אַ בלאָנדער,
ראַבינאָוויטש,
ניט געוועזן ביסט אויפן פראָנט דען,
ראַבינאָוויטש?

דיינע פּלייצעס — ניט געבויגן,
דיינע אויגן — בלאָווע אויגן,
וויביים הימל ביי דעם בלאָוון —
פונקט אַזוי ווי ביי פּעטראָוון,
סידאָראָוון, איוואַנאָוון.

סאיז דיין אַרבעט שטאַרק געפעלן,
ראַבינאָוויטש.
וואָס זשע שלאָגסטו אָפּ די שוועלן,
ראַבינאָוויטש?
גייסט אַרום ווי אַ פאַרצוקטער...
אויף דעם פינפטן פונקט מע קוקט נאָר,
ראַבינאָוויטש.

מעגסט דעם נאָמען דיינעם בייטן,
און דעם פּאָטערנאָמען בייטן,
די פאַמיליע דיינע בייטן, —

זיי דערשפּירן דיך פון ווייטן,
ראַבינאָוויטש.

ביסט פאַר זיי אַ פרעמדער דאָרטן,
ראַבינאָוויטש, —
זייסט און יעטסט אַ פרעמדן גאָרטן,
ראַבינאָוויטש.

און ניט דיינע איז די פרי
פון דעם בוים דורך דיר פאַרפלאַנצטן.
פון אַ גזירה ביז אַ גזירה
לעבסט אַ לעבן דאָרט אַ גאַנצן,
ראַבינאָוויטש.

. . . . . . . . . . . . . .
איך בין שוין אַ ירושלמער,
ראַבינאָוויטש !
צו די פיס פאַר קיינעם כ׳פאַל מער,
ראַבינאָוויטש.

פילגעפייניקטע און מידע
קומען מיר צונויף זיך ווידער
אין דעם לאַנד פון אונדזער וויגל,
וואָס האָט אונדז געגעבן פליגל...

אין די גאַסן מענטשן שטראָמען.
מיט דער גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען
״ראַבינאָוויטש״,
איך שפּאַציר אין די פאַרנאַכטן.
וועגן דיר איך האַלט אין טראַכטן,
ראַבינאָוויטש,
ראַבינאָוויטש...

# אַ האָגל אין ירושלים

אַ האָגל אין ירושלים!
אין ירושלים אַ האָגל!
די קינדער — זיי זענען צעטראָגן,
פאַר שמחה אַזש נעמען זיי שרייען:
— ברד בירושלים! —
אַ האָגל אין ירושלים

ער קלאַפּט אויף די פּלאַטשיקע דעכער,
אָן שויבן די האָגעלעך פּייקלען
אין שטיינערנע שפּאַלטן און לעכער
די קייקלענדיקע זיך פאַרקייקלען.

ער האָפּקעט אַריבער די טרעפּלעך,
ער טאַנצט דורך די אייזערנע צאַמען,
ער שנעלט אין די קינדערשע קעפּלעך
און שפּרינגט מיט די קינדער צוזאַמען.

אין שטוב וויל איצט קיינער ניט בלייבן —
אין דרויסן, אין דרויסן, אין דרויסן!
דעם זילבערנעם האָגל צו קלייבן
די קינדער נאָר דאָס זענען אויסן.
די קינדער זיי זענען פאַרטראָגן, —
אין ירושלים אַ האָגל!

מע קלייבט אים אין קענדלעך, אין שיסלעך,
מען קלייבט אויף דער גאַס, אין די הויפן,
ווי זיין וואָלט עס זילבערנע ניסלעך,
וואָס קאָנסט זיי אין ערגעץ ניט קויפן.
פאַר קעלט נעמען שטעכן די נעגל,
נאָר וואָס פאַראַ ווערט האָט אַ נאָגל?
די פרייד גייט אַרויס פון די ברעגן, —
אין ירושלים אַ האָגל!

פון אויבן פון וואָלקנדלעך ווייכע
דער האָגל זיך שיט ווי פון זעקלעך.

דערוואַקסענע קוקן און שמייכלען,
ווי ס'פלאַמען די קינדערשע בעקלעך
ביים כאַפּן די האָגעלעך רונדע, —
זיי קאָנען, חלילה, ניט סטייען...
עס איז דאָך בפירוש אַ וווּנדער, —
אַ האָגל אין ירושלים!

אויך איך ווער פאַרכאַפּט מיטן האָגל.
כ'נעם אויך מיט די קינדער זיך פרייען.
נאָר גלייך כ'ווער פון דאַנען פאַרטראָגן
אַהינצו, וווּ ס'דרייען זאַווייען,
וואָס איבער די רחבותן וואָגלען
דורך וועלדער און פעלדער וואָס דרימלען,
וווּ ס'פאַלן ווי שטיינער די האָגלען
פון דאָרטיקע בלייענע הימלען,
מען הערט ניט אפילו דיין שרייען,
ווער ווייסט וווּ דיין קול ווערט פאַרטראָגן?...

אַ האָגל אין ירושלים!
אין ירושלים אַ האָגל!



## פּראָפעסאָר סאָל ליפּצין — 75 יאָר

דעם אָנגעזעענעם יידיש־אַמעריקאַנישן ליטעראַטור־פאָרשער, מחבר פון פיל וואָגיקע ווערק אין ענגליש וועגן דער יידישער קולטור און ליטעראַטור, אונדזער חשובן מיטאַרבעטער פּראָפ' סאָל ליפּצין — די האַרציקסטע ברכות צו זיין יונג ווערן 75 יאָר עד מאה ועשרים. מיר ווינטשן אים פיל געזונט כדי פאָרזעצן זיין יוגנטלעך־ענערגישע שאַפונג פול מיט ליבשאַפט צו אונדזערע קולטור־אוצרות.

רעדאַקציע פון "ירושלימער אַלמאַנאַך"
פאַרוואַלטונג פון דער יידישער
שרייבער־גרופּע אין ירושלים

## לייב קורלאַנד

# מיניאַטורן

### פייגל־נעסטן

מיניאַטורן זענען אַזוי ווי פויגל־נעסטן.

פאַראַן, וואָס אין זיי זיצן אויסגעפּיקטע פייגעלעך מיט אויסגעצויגענע שנאָבלען.

פאַראַן אַנדערע, מיט אייעלעך, וואָס מען דאַרף אויסבריִען.

פאַראַן, וואָס זענען ליידיק. דאַרף מען לייגן די אייעלעך, אויסבריִען, העלפן אויספּיקן די פייגעלעך, ברענגען ווערעמלעך אין זייערע אויסגעצויגענע שנאָבלען, און לערנען זיי פליִען...

### רעליגיע

מיין זיידע, וואָס האָט געלייגט צוויי פּאָר תפילין, און געווען אויך אַ ייד אַ פּיקח, פלעגט זאָגן: רעליגיע איז באַשאַפן געוואָרן פאַר די וואָס נויטיקן זיך אין איר, און פאַר די וואָס לעבן פון איר (ער האָט, אגב, געהאַלטן, אַז אַחוץ די כלי־קודש, געהערן אַלע אַנדערע יידן צו דער ערשטער קאַטעגאָריע).

אויב איינער לעבט פון דאָקטעריי, און אין זכות פון פּאַציענטן, ווען די קרענק פאַרוואַנדלט אין רעליגיעזע מענטשן, פרעגט זיך — צו וועלכער קאַטע־גאָריע געהערט ער?

### צוואה

״איך וויל מ׳זאָל מיך קובר זיין ביי נאַכט, און קיין הספדים זאָלן נישט געהאַלטן ווערן. איך וויל נישט זען די פּנימער פון די, וואָס אַ גאַנץ לעבן האָבן זיי נישט פאַרגונען, נאָר געהעצט און געגראָבן אונטער מיר, און איצטער וועלן זיי קומען מיט באַדויער און שבחים אויף זייערע פאַלשע ליפּן. איך וויל שטאַרבן מיטן אמת, אַזוי ווי איך האָב געלעבט מיטן אמת״.

עס האָט געדונערט און געבליצט אַ גאַנצן טאָג, און דער שטורעם האָט נישט אָפּגעטרעטן אויף קיין רגע. די הימלען זענען געווען חושך, און אויסגעזען האָט עס ווי נאַכט. ערשט, ווען מ׳האָט זיך געגרייט צו דער לוויה, האָבן די וואָלקנס גענומען אָפּטרעטן, און זייער אָרט האָט פאַרנומען אַ גרויסע און ליכטיקע לבנה, ווי אַ זון ממש. שפּעטער, האָט זי זיך אַרומגערינגלט מיט אַ ברייטער פּערלדיקער ראָם, און איז געשטאַנען איבערן אויסגעגראָבענעם קבר, און געלויכטן ווי עס וואָלט געווען טאָג.

## געוווינהייט

ווען ער איז געווען קליין, האָט מען אים צוגעוווינט צו לייענען קריאת־שמע. אָן דעם האָט ער נישט געקאָנט איינשלאָפן.

שפּעטער, האָט ער זיך צוגעוווינט צו רויכערן אַ ציגאַרעט פאַרן שלאָף.

האָט ער אַ צייט, סיי געלייענט קריאת־שמע, סיי פאַרצויגן אַ ציגאַרעט.

נאָך שפּעטער, האָט ער איינגעזען, אַז אַ ציגאַרעט אַליין איז אויך גענוג.

איצטער, ווען דאָקטוירים האָבן אים פאַרבאָטן צו רויכערן, צוליבן האַרץ, האָט ער זיך אומגעקערט צו קריאת־שמע.

## ליבע

"נישט אַנדערש", האָט די מוטער געזאָגט צו איר יונגער טאָכטער מיט אויגן פול מיט שלאָף און פאַרבאַרגענער צופרידנקייט. "נישט אַנדערש, נאָר דו ביסט פאַרליבט, און דערציילסט, אַז דו גייסט אין מועדון".

האָט זי אים געפרעגט, בעת איר נאָענטסטער באַגעגעניש: "זאָג מיר, דיין מאַמע פרעגט דיך גאָרנישט, ווען דו קומסט אַזוי אָפט אַהיים שפּעט ביי נאַכט, האַ?".

"יאָ, זי פרעגט מיך, צי איך בין נישט פאַרליבט צומאָל".

האָט זי צומאַרגנס געפרעגט: "וואָס איז ליבע, מאַמע?"

"דאָס איז, מיין קינד, דאָס איז..." — האָט די מוטער געזוכט די ריכטיקע ווערטער." דאָס איז דאָס געפיל, וואָס עס וועט פילן דיין פערצן־יאָריק טעכטערל, אויף וועלכער דו וועסט וואַרטן ביז שפּעט ביי נאַכט, און זי וועט זאָגן, אַז זי גייט אין מועדון, אין דער צייט ווען..."

זי איז צוגעפאַלן צו דער מוטערס ליפּן און נישט געלאָזן איר פאַרענדיקן דעם זאַץ.

## שטערן אויפן גולן

די ליכטער אויפן גולן — ווי די שטערן וואָלטן זיך אויסגעשטעלט רייען־ווייז אויף די גאַסן פון די קיבוצים, און אויף די וועגן וואָס פאַרבינדן זיי. און די שטערן איבערן גולן — ווי די ליכטער פון די קיבוצים וואָלטן זיך אויסגע־שטעלט רייענווייז אויף די הימלישע גאַסן און אויף די וועגן וואָס פאַרבינדן זיי.

און זיי פינקלען צו זיך קעגנזייטיק, ווינקען צו זיך סודותדיק, מיט אַ ציטער אין האַרצן.

און מיט שפּע, מיט קאַריקאַטוראַלער גוזמא, פינקלט דער כנרת מיט, ווינקט דער כנרת מיט, סודעט מיט, ציטערט מיט.

און אין מיטן — אַ לבנה: צוויי פּנימער ווי אַ צווילינג. צווישן אירעביידע פּנימער — דער חלל צווישן הימל און כנרת, פאַרבונדן מיט צעציטערטע נשמה־פּעדעם פון די קינדער־הערצעלעך, וואָס אין די בונקערס אויפן גולן.

## די בלום און די בין

די ליליע האָט געמאַכט איר פּרימאַרגן־טואַלעט, אויסגעפּוצט זיך אין האַניק און אין עסיק, באַפּודערט די ליפּן־ברעגן מיט שרייאיק־געלן זון־שטויב, און צעעפנט די בשמימדיקע אינגעווײדן, מיטן פּנים צום בינשטאָק, אויף יענער זייט וואַסער.

איז עס געוועזן אַ לאַקונג פאַר אַ יונגער בין, וואָס איז אַרויס די ערשטע פון דער וואַקסענער ענגעניש, כדי פונאַנדערצוציען די קלעפּיקע גלידער.

— אַהאַ, די ליליע שטייט אין שידוכים. אַ גוט פּרימאַרגן, דיר, יונגפרוישע ליליע. זיי ווילקאָמען, רחבותדיקע ליליעשויס אינעם געטרייסל פון אינטימער דערוואַרטונג!

און ווי די בין איז אַריין, האָבן זיך די פּעטאַל־בלעטער פאַרלייגט אַרום איר, ווי אייזערנע רייפן, נישט אַהין, נישט אַהער. זי האָט זיך געריסן פון קלעם, געקלאַפּט מיט די פיס, מיט די פליגל, געגראָבן מיטן שטעכער אַ וועג אין דער טיף, און געטרייסלט מיטן בלום־בעכער ווי אַ גלאָק, ווען ער רופט צום געבעט. און ווען די בין האָט פאַרלוירן די כוחות, האָבן די פּעטאַל־בלעטער גענומען זיך וואַרפן, און צעציטערט דעם אַנהאַלטשטאַנג ביז צו די וואָרצלען, אין אַ לאַנגן, ספּאַזמאַטישן ציטער.

און ווען די בין האָט דערפילט, אַז זי איז ווידער פריי און קומט צוריק צו די כוחות, איז געווען אָוונט, און זי האָט נישט געזען איר וועג אויף צוריק. האָט זי זיך געפונען אַ באַקוועם אָרט אין אַ פאַרבאָרגעניש צווישן געדיכטע בלעטער, און געטראַכט וועגן דעם ווילדן אמת, אַז מער ווי די בין וויל צאַפּן דעם נעקטאַר־האָניק, וויל די בלום געצאַפּט ווערן...

## חיים בן שאול בן דוד בן יוסף

ווען מ׳האָט דעם אַלטן יוסף תּאַזיבי געבראַכט די לאַנג־דערוואַרטע ידיעה, אַז ביים זון פון זיין זון איז געבוירן געוואָרן אַ זון, האָט ער זיך געשטאַרקט און אויפגעזעצט אינעם בעט, צו וועלכן ער איז געווען צוגעשמידט לאַנגע חדשים. זיין פאַרמעט־פּנים האָט אויפגעלויכטן ווי אַ ליידיקע יריעה אונטער דער געגנדזן־פעדער פון אַ סופר.

״איצטער קאָן איך שטאַרבן״ — האָט ער געזאָגט. און צוגעגעבן: ״רופט אים חיים. ער זאָל לאַנג לעבן, און עד אין סוף זאָל זיך ציען דאָס בית־תּאַזיבי״.

פון זיינע אויסגעטריקנטע אויגן האָבן גערונען טרערן בשפע, ווי עס וואָלטן זיך דאָרטן צעעפנט קוואַלן פון איינגעזאַמלטע און אָפּגעשפּאָרטע טרערן־אוצרות פאַר דער־אַ גליקלעכער רגע און פאַרפלייצן זיין שניי־ווייסע און לאַנגע באָרד.

״דאָס זענען טרערן פון פרייד, און טרערן פאַר חיימען... ווען אַ מענטש ווערט געבוירן, איז תּיכף באַשטימט פון אויבן וויפל טרערן ער דאַרף אויסוויינען אין לעבן. וויל איך, אַז מען זאָל אויבן אַראָפּרעכענען מיין מעסטל טרערן פון זיין חשבון, פון חשבון פון בית־תּאַזיבי, פון חשבון פון בית־ישראל״...

# פון דער רוסישער דיכטונג

## סאַמויל מאַרשאַק

### פּאָלעסטינע

פון דורות שטורמישע די שטראָמען,
וואָס דער געשיכטע איז באַקאַנט,
זיי האָבן ניט פאַרשוווּנקט קיין נאָמען
קיין איינציקן פון אונדזער לאַנד.

צעווישן וואַלגער־שטיינער גראָווע
איז דאָ אַ דערפל ענתות,
דאָרט האָט געלעבט דער גרויסער נביא,
וואָס אונדזער פאָלק באַקלאָגט ער האָט.

און קוקנדיק אויף אָט די שטיינער
אין זייער הייליקן געשריי
האָב איך געטראַכט — ניטאָ דאָ קיינער,
וואָס זאָל מיר נאָענט זיין ווי זיי.

דערפילט האָב איך מיט יעדן אבר
פון יענער תקופה דעם באַריר, —
ווי ירמיהו וואָלט פון קבר
אַרויסגעגאַנגען דאָ צו מיר.

מיין טאַטנס תשעה־באבער קינהס
אַדורכגעזאַפּטע מיט געוויין.
דערהערט כ׳האָב דאָ, אין פּאַלעסטינע,
פון ירמיהוס מויל אַליין.

## ירושלים

צווישן בערג עס טוט זיך טויכן
דער מלכותדיקער וועג צו דיר.
כ'קום צו דיין שוועל דעם הייליק־הויכן
פאַרגאַפט — איך טו זיך ניט קיין ריר.

ס'באַגעגנט מיך אַ הילכיק רוישן
פון פלעצער און פון בונטע מערק.
דער מענטשן־שטראָם זיך האַלט אין טוישן
און מיך — דאָ קיינער ניט באַמערקט.

צעעפנטע די שפייזונג־הייזער,
ווער איז אין זיי נאָר ניט פאַראַן.
ער גייען דורך דער שטאָט דער גרייזער
קאַראַוואַן נאָך קאַראַוואַן.

געלאָזט ניט איין מאָל מיטן פייער
דיך האָבן דיינע ווייסטע פיינט,
אויף דיינע בערג, ירושלים,
די זעלבע זון אויך איצטער שיינט.

ווען ס'וועט די צייט אויף שטויב צעמאָלן
דעם רעשט רואינען וואָס צעפאַלט, —
איז סיי־ווי דיינע בערג און טאָלן
פאַרהיטן וועלן דיין געשטאַלט.

אין קליידער אַלטע, צי אין נייע,
אַזוי דער גורל האָט באַשערט,
אַז דו מיין שטאָט ירושלים
וועסט בלייבן אייביק אויף דער ערד.

פון רוסיש — ז. טעלעסין

## סאַמויל מאַרשאַק

סאַמואיל מאַרשאַק איז איינער פון די פאָפולערסטע און באַליבסטע שרייבער אין סאָוועטנפאַרבאַנד. בעיקר האָט ער זיך קונה שם געווען אַלס גרינדער פון דער נאָך־אָקטאָבערישער קינדער־ליטע־ראַטור, זייענדיק איר בעסטער און טאַ־לאַנטפולסטער פאָרשטייער. זיינע ווערק זענען איבערזעצט כמעט אויף אַלע קול־

טור־לשונות פון דער וועלט.

די אָפענע אַנטיסעמיטן פון דער שרייי־בער־אָרגאַניזאַציע האָבן שוין געהאַט בעת דעם אַזוי גערופענעם "קאַמף קעגן די קאָסמאָפּאָליטן", פאַרהויבן איבער אים זייער בלוטיקע האַק. די צייטונג "פּראַוו־דאַ" האָט שוין אויסגעזוצט "מאַטערי־אַלן", וואָס האָבן געדאַרפט אַ סוף מאַכן מיט דעם "שטאַמלאָזן קאָסמאָפּאָליט", נאָר פון די הויכע פּענצטער האָט מען דער־לאַנגט אַ קאָמאַנדע צו צעשיטן דעם זאַץ. ס'האָט זיי ניט געלוינט דער טומל, וואָס ס'וואָלט אויסגעבראָכן אַרום דעם דאָ־זיקן ענין, ווייל צו פּאָפּולער איז געווען מאַרשאַק. און ס'איז בכלל פאַר זיי גע־ווען בעסער ניט אַרויספּויקן, אַז מאַר־שאַק איז אַ ייד. זאָלן ווינציקער אָנזע־באַר זיין די יידן צווישן די לאַורעאַטן פון דער לענין־פּרעמיע און פון אַנדערע מלוכה־פּרעמיעס, וואָס ער, מאַרשאַק, פלעגט זיי באַקומען בשפע. האָט טאַקע די "קראַטקאַיאַ ליטעראַטורנאַיאַ ענצי־קלאָפּעדיאַ" אָנגעגעבן, אַז: "מאַרשאַק, סאַמואיל יאַקאָוולעוויטש [X.22 (XI.3). 1887, וואָראָניעזש, — 1964.VII.4, מאָס־קווע] — רוסישער סאָוועטישער פּאָעט. געבוירן אין אַ משפחה פון אַ טעכניקער־מייסטער פון כעמישע זאַוואָדן".

האָבן זיי, הייסט עס, באַהאַלטן זיין אָפּשטאַם, וואָס ער אַליין, מאַרשאַק, האָט קיין מאָל ניט פאַרבאָרגן. זיי האָבן פּשוט ניט געוואָלט מען זאָל וויסן, אַז איינער פון די גרעסטע סאָוועטישע שרייבער איז אַ ייד . . .

וואָס שייך די אָנגאַבן פון מאַרשאַקס געבוירן און פּטירה איז עס ריכטיק. אָבער ער איז ניט געבוירן געוואָרן אין וואָראָניעזש. נאָר אין דובראַוונע, אין ווייסרוסלאַנד. און שטאַמען שטאַמט ער פון אַ ביז גאָר געהויבענער משפחה פון למדנים און משכילים, ווו ער האָט באַקו־מען אַ פונדאַמענטאַלע טראַדיציאָנעלע יידישע דערציִונג. ער האָט אויסגעצייכנט געקענט העברעיש. זיינע איבערזעצונגען פון זלמן שניאור און ד. שמעונוויטש האָט ער געמאַכט פונעם אָריגינאַל. אַ סברא, אַז ביי מאַרשאַקן אין די אַרכיוון מוזן זיך געפינען זיינע אָריגינעלע לידער אין דער העברעישער שפּראַך.

פאַר אונדז אַנטפּלעקט זיך דער יונ־גער מאַרשאַק ווי אַ רוסיש־שרייבנדיקער מיט אויסגעשפּראָכענע יידישע נאַציאָנאַ־לע מאָטיוון ווי ביי פרוגן צי זשאַ־באָטינסקין. דאָס איז געווען זיין הייב־וועג. זיינע נאַציאָנאַלע זוכעניש האָבן אים געבראַכט קיין ארץ־ישראל. דער וועטעראַן פון יידיש־ליטעראַטור אין ישראל, ז. ברכות האָט אין זיינע מע־מוּאַרן פאַרפיקסירט ווי ער האָט זיך אין יאָר 1905 באַגעגנט מיט מאַרשאַקן אויף דער דעמאָלטדיקער ארץ־ישראלדיקער ערד: "דער ברייט־געזעצטער יונגער בחור, — דערמאָנט ער זיך, — איז פול געווען מיט התלהבות פאַרן לאַנד פון אונדזערע אבות, און דאָס האָט אים איינ־ספּירירט אָנצושרייבן אַ צאָל לידער וועגן דעם וואָס ער האָט געזען און איבער־געלעבט".

אגב, דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז מאַרשאַק, זייענדיק אַזוי באַרימט, פאַר־ווײַל עס זענען געווען אָפּן די טירן פון די גדולי־הדור, האָט זיך ניט אויפ־געהערט צו אינטערעסירן מיט דער יידי־שער ליטעראַטור. ביז זיינע לעצטע טעג האָט ער אָפּגעגעבן פיל אויפמערקזאַמ־קייט די יידישע שרייבער. ער פלעגט ממש דערכאַפּן דאָס הארץ פון אונדזערע באַגעגענישן מיט אים.

צווישן זיינע גלענצנדיקע איבערזע־צונגען פון דער וועלט־פּאָעזיע — שעקס־פּיר, בלייק, וואָרדסוואָרט, קיטס, קיפּ־לינג, בערנס און פיל אַנדערע איז אויך פאַראַן אַ גרויסע צאָל איבערזעצונגען פון דער יידישער דיכטונג.

עס האָט זיך מיר פאַרוואָלט מיט וואָס ניט איז אָפּדאַנקען אים, מאַרשאַקן. זאָל זיין שוין נאָך זיין טויט, האָב איך אי־בערזעצט צוויי לידער זיינע פאַר אונ־דזער "ירושלימער אַלמאַנאַך".

# דריי דיכטער

(אַנשטאָט אַן אַריינפיר)

דריי דיכטער — דריי ליכטיקע שטערן.
דריי ריזיקע וועלטן . . .
איר זאָלט כאָטש אַן אָפּקלאַנג אַ ווייטן דערהערן,
דערזען כאָטש אַ פונק אַ צעהעלטן !

פון ימען פון דריי — בלויז צו איינציקע טראָפּנס,
פון פעלדזן פון דריי — צו איין זעמדל.
דריי דיכטער, געבוירן אין זיידענעם העמדל,
געשטאָרבן מיט ראָגזשעס צוקאָפּנס . . .

רחל בוימוואָל

## אָסיפּ מאַנדעלשטאַם

* * *

דיין געשטאַלט פאַר מיר געוועזן אומקלאָר איז ;
ס'האָט דער נעפּל פיינלעך מיר געשטערט —
„גאָט מיינער !" געזאָגט כ'האָב על־פּי טעות
כאָטש איך האָב דאָס זאָגן נישט געקלערט.
ס'האָט גאָטס נאָמען ווי אַ גרויסער פויגל
זיך אַרויסגעריסן פון מיין ברוסט,
פאָרנט אַלץ אין נעפּל איז פאַרצויגן,
הינטן איז די שטייג געבליבן פּוסט.

## באָריס פּאַסטערנאַק

### דער ווינט

דו לעבסט, און איך בין טויט. און ס'לאַנדט
דער ווינט. און מיט אַ טרויער־ניגון
ער נעמט דאָס הויז, דעם וואַלד פאַרוויגן.
ניט יעדן פון די סאָסנע־שטאַמען,
נאָר אַלע ביימער נאָכאַנאַנד
מיט אָט דער גאָרער ווייט צוזאַמען,
ווי זעגלשיפן אויפן ראַנד
דאָרט, אין די אויסגוסן פון ימען.
און ניט פון שטיפעריי דאָס שטאַמט,
און ניט פון כעס — אַלץ אָפּצוראַמען,
נאָר דיר, אין צער, איז ער אימשטאַנד
אַ וויגליד זינגען בלויז אַזאַ מין.

## מאַרינאַ צוועטאַיעוואַ

### פּאָעמע פון דעם סוף

(אויסצוג)

אויסער דער שטאָט ! אויסער וועג און שטעג !
פאַרשטייסט ? אויסער אַלעם און אַל !
דאָס לעבן — אַן אָרט, ווו דאָס לעבן זיך עקט,
אַ יידישער קוואַרטאַל...

ניט גלייכער דען ווערן אַן אייביקער זשיד,
ניט מיטשווימען מיטן שטראָם ?
ווייל דעם, וואָס קיין אויסוווּרף איז ער ניט,
דערוואַרט אַ יידישער פּאָגראָם —

דאָס לעבן. צו די משומדים פאַרקויפט !
די גלויבן־פאַררעטערס באַדינט !
ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, אַנטלויף !
אין גהינום ! נאָר ניט אין

לעבן, — עס גיט דעם משומד בלויז רעכט,
און פון לעמער דאָס בלוט זיך גיסט !
מיין שיין, וואָס איך האָב אויף וווּנסרעכט,
איך טרעט מיט די פיס !

פאַר דעם מגן דוד וואָס בלוטיק גליט,
זאָל זיין ווי ס'באַדאַרף באַצאָלט !
איז דען ניט אויפטרייסלענדיק, וואָס דער זשיד
האָט לעבן ניט פאַרוואָלט ? !

געטטאָ פון אויסדערווילטקייטן, פון עלנטן, —
וואַרט ניט קיין גנאָד פאַר יחידות !
אין דער דאָזיקער קריסטלעכסטער פון אַלע וועלטן
זענען פּאָעטן — זשידעס !

פון רוסיש — רחל בוימוואָל



קינסטלער **איזיו שערף**

...אַ קינד, חלילה, אַז עס גייט אַוועק פון אַ שטוב, ווייס איך ביט, אויב מע באַדאַרף אַזוי פיל וויינען, וויפל כתריל מיט כתרילעכען האָבן געוויינט אויף זייער גרויסן שאָדן, אויף זייער אָרעם פערדל נעבעך, אויף מתושלחן.

שלום-עליכם, "מתושלח"

## מאַשע שטוקער־פּאַיוק

# לידער

### מיין בילד

דערזען כ'האָב אַ בילד מיינס, — פון מיין ווייטן פרילינג,
געקוקט און געגאַפּט: — איך האָב זיך נישט דערקאָנט.
— איז ווער ביסטו, מיידל אין ראַם פון זון־אויפגאַנג?
דו זעסט מיר אויס פרעמדלעך — און אויך אַזוי נאָנט!...

צעצונדענע אויגן, מיט טרוימטוי פאַרצויגן,
צעעפנטע ליפּן אין פּורפּור־צעבלי
אַנטקעגן דעם פלאַם פון דער ערשטער אַנטפּלעקונג:
— צי איך האָב געהאַט ווען אַזאַ אינדערפרי?...

און איך הייב מיין בילד אויף, קוק אָן זיך אין שפּיגל:
צי ביסט מיט עפּעס נאָך ענלעך צו מיר?
און פּנים לעם פּנים, באַטראַכט איך אונדז ביידן:
— אָ! דו ביסט מיין טעכטערל אויפן פּאַפּיר!...

און אירע הענט גלעטן אויס ווידער מיין שטערן —
פאַרציען אַ שמייכל אַרום יעדן שטריך,
אין האַרבסטיקן גרוי איצט, מיין פאַרביקן פרילינג
איך דריק צו מיין האַרצן: — מיין טעכטערל, — איך!...

און אַז איך וועל נאָך און נאָך טרעפּ אַראָפּטרעפּלען,
וועל איך, — ווי מען האַלט אין דער פינצטער אַ ליכט, —
איינראַמען מיין בילד אין די הענט און עס צערטלען
מיט פינגער פאַרפרעסטע: — מיין אייניקל — איך!...

# פון אַ שטיין

דאָס מים חיים, וואָס טריפט אויף דיין ליפּ
בריט דורך און צעבויערט מיין גוף ווי אַ זיפּ
די לויטערע שטראָמען פליסן צו דיר,
די גליאיקע פונקען — שפּריצן אויף מיר
דו טרינקסט און דו שלינגסט און דו קוויקסט זיך אַלץ מיין,
דאָס קוואַליקע וואַסער שלאָג איך אויס פון אַ שטיין,
צי האָסטו פאַרטראַכט זיך אַ מאָל אויף אַ ווייל,
אַז ס'ציט זיך דער מדבר אַ מייל נאָך אַ מייל,
אַז ס'ברענט דורך די לופט און דעם זאַמד דער חמסין,
ווי קומט אַזאַ שטיין דאָ און וואַסער פון אים ?

באַגלייך מיט מיין אָטעם איך שלאָג נאָך אַנאַנד,
עס וואַקסט דער שטעקן אַריין אין מיין האַנט,
שטעכט דורך מיין פלייש, מיין געביין ביז בלוט
און כ'האָב ניט געהערט נאָך : „אַ דאַנק, ס'איז גוט !"
נאָר איך אַליין זע ווי לויטער סע פליסט
מיין שטראָם אויף דיין גומען, פריש קילנדיק זיס
און טרינקט דיך אָן מיט כוח און דראַנג
צו לאָזן זיך ווידער און ווייטער אין גאַנג.

און טיפער און פעסטער דעם שטעקן איך האַלט
אויף שטיקער, אויף פיצלעך, דעם שטיין איך צעשפּאַלט
און דו זעסט עס גאָרנישט, ווי—ווי, אַז דער שטיין,
דער קוואַל פון דיין מים — בין איך אַליין.

# בן אדם

געוואָלט כ׳האָב אַ בלום זיין, ווי זי פאַרביק בליען,
געוואָלט זיין אַ פויגל און פריי אַרומפליען
געוואָלט זיין אַ בוים, — זיך מיט פירות באַנייען
און מאַלע וואָס נאָך אַלץ — איך וויל נאָך עד היום

געוואָלט זיין ווי זיי און פון זיי נישט געלערנט:
צי וויל וועלכער בוים עפעס אַנדערש גאָר ווערן?
דער עפלבוים, באַרנבוים, — ס׳פאַלט נישט איין קיינעם
צו וועלן אויף זיך אַלע פירות אין איינעם

עס ווינט ניט אַ גרעזל ״דער קוסט איז גרעסער!״
עס מיינט ניט אַ שפערל ״אַן אָדלער איז בעסער!״
עס טראַכט ניט די בלום, זי וועט באַלד פאַרוועלקן
בעל חי און צומח ״שומח בחלקו״

נאָר איך אַליין בין אַ בריאה משונה?
די ערד פאַר מיין וואָרצל כ׳האָב נאָך נישט געפונען:
אַ בליאיקער, פליאיקער פלאַנץ אָן אַ באָדן,
— אויף געוועט — אַ ראַקעט אין די רוימען, בן אדם



וואָלף קאַרמיאָל

# די אימה

## (דערציילונג)

ד״ר א. אב־שלום — אַ מתנה

געטראָפן האָב איך אים אין אַ ״באַנגאַלאָ״ (שלאָפהייזקע) קאָלאָניע אין מאָנטיסעלאָ. כ׳האָב אים באַמערקט צווישן אַן עולם יידן פון דער שארית הפליטה, וואָס האָבן פאַרפלייצט דעם פּלאַץ אין די אַמעריקאַנער בערג מיט הילכיקן גערייד און נערוועזן געלעכטער.

נישט וויסנדיק פאַרוואָס האָב איך אים זאַטשעפּעט און פאַרפירט אַ שמועס. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן פון היגטער דיקע גלעזער און אויף זיינע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל: — צי כ׳פּאָר אַהער יעדעס יאָר? שוין ס׳צווייטע, ברוך השם. כ׳האָב ליב די מענטשן און דיביימער. כ׳זע זיי איצט שטאַרקער און בעסער ווי פריער... גיט אַ קוק אויף די בלעטער: זייער גרינקייט דורכגעלויכטן פון דער זון דערמאָנט זאַפטיקע טרויבן... און די נישט רייפע עפּל פון עפּל־בוים?... זייער פּערל־מאַטער קאָליר איז דאָך אַ תענוג פאַר די אויגן.

— איר זייט אַ מאָלער? — האָב איך אים געפרעגט.

— ניין, אָבער כ׳באַוווּנדער די פאַרבן: אָט דעם ווייסן, פאַרבענקטן בלענד פון די הייזלעך, די אָפּגעסמאָליעטע פּנימער און די צעפליגלטע רויטקייט און געלקייט פון די שירעמס אַרום דעם שווים־באַסיין.

כ׳האָב אים געלאָזט רעדן, באַטראַכטנדיק זיין אַרויסגערוקט, שטאַרק מויל, די שטייפקייט פון זיין געזיכט און די אויגן, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט אויפ־בליצן און גלייך זיך לעשן.

ער האָט באַמערקט אַז כ׳באַטראַכט אים און זיך פאַרהאַלטן: — וועגן וואָס קלערט איר? כ׳דערמאָן אייך אַ לעבעדיקן צי אַ טויטן? אפשר האָט איר ערגעץ־ווו אַנגעטראָפן אויף עמעצן פון מיינע קרובים... כ׳הייס שידלאָ, חיים שידלאָ פון זדונסקאַ־וואָלע...

מיר האָבן זיך צערעדט, אַוועקלאָזנדיק זיך אויף אַ שפּאַציר, אויף אַ זייטיקן וועג צווישן טאָפּאָליעס און גרויסע גראַניט־שטיינער.

שידלאָ האָט מיר מיט אַ מאָדנער שמחה אָנגעוויזן אויף די בלוילעך־ברוינע פעלדזן, צעצווייגטע, שוואַרצע שטאָמען, גרויע וויעוויאָרקעס און שפּרינגעוודיקע פייגל.

— דער מענטש פרייט זיך ווי ר'וואָלט ערשט אויפגעשטאַנען פון אַ שווע־רער, לאַנגער קראַנקייט — האָב איך אומווילִיק אַ שמייכל געטאָן.

— איר לאַכט פון מיר? — האָט ער גלייך באַמערקט.

— ניין — האָב איך זיך פאַרענטפערט — אָבער איר זייט אַ געניטער באַ־אָבאַכטער.

— כ'האָב אַ גוט אויג! — האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן מיט גרויס צו־פרידנקייט, גלייך אָבער האָט ער אַראָפּגעלאָזט אומעטיק דעם קאָפּ, ווי ר'וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט.

מיר האָבן זיך גענומען אָפּט טרעפן, געזעסן אין שאָטן פון ביימער, געפירט דיסקוסיעס, געוואַנדערט אויף דעם שאָסיי צום שטעטל אָדער צו אַ ווייטער פאַרם.

מיר פלעגן זיין די ערשטע זיך איינצוהערן אין געזאַנג פון די פייגל ביים זון־אויפגאַנג און צו דערזען די בלויקייט פון די ווייטע בערג, ווען דער אָוונט האָט גענומען צופאַלן.

שידלאָ האָט איינגעזאַפּט אין זיך די שטילע פאַרבן פון באַגינען, פונקט, ווי ער פלעגט זיך צוכאַפּן צום שאָטן און שיין־שפּיל פון די ביימער אין די וועלדלעך. ער האָט אַריינגעזויגן אין זיך דעם פיאָלעט פון בין־השמשות און איינגעאָטעמט דאָס ווינטיקע גאָלד פון די ווייץ־זאַנגען.

— ווי דאָס וואָלט געווען דער לעצטער טאָג פון זיין לעבן — האָב איך געטראַכט, נישט קענענדיק באַנעמען ווי ער פירט זיך אויף.

עס איז געווען שפּעט אין אָוונט. פון דער קאַסינאָ, וווּ מענער און פרויען האָבן געשפּילט קאָרטן, האָבן זיך דערטראָגן איינצלנע שטימען, פּלוצימדיקער געלעכטער, ווילערישער געשריי, אָדער ווייט געפּלוידער, ווי דאָס בולבען פון קאַרטאָפל אונטער אַ שטערציל.

שידלאָ איז געזעסן מיט די פּלייצעס צו דער גרויסער לאָמפּ, וואָס האָט באַ־לויכטן די לאַנקע פאַר דער קאַנטין.

זיין פּנים איז געווען אין האַלבן שאָטן און אויסגעזען ווי אַ בלייכע מאַסקע פון אַ באַלזאַמירטער מומיע.

— כ'וואָלט געוואָלט ס'זאָל זיין אייביקער טאָג — האָט שידלאָ אַ זאָג געטאָן — כ'קען נישט פאַרטראָגן די נאַכט...

כ'האָב דערשפּירט אין זיין שטימע אַ פאַרבאָרגענעם פּחד און אינסטינקטיוו אָנגערירט זיין האַנט, גרייט אים צו העלפן. ר'האָט זיך איינגעקאָרטשעט און געשוויגן, ווי ר'וואָלט זיך איינגעהאַרכט אין זיינע געדאַנקען.

פון דער שכנותדיקער "באַנגאַלאָ"־קאַלאָניע זענען דערגאַנגען טענער פון אַ שפּאַנישער טאַנגאָ. דער פאַרבענקטער ניגון האָט צוגעטריפט אַ שאַרפן אומעט צום איבערפולטן האַרץ און אויפגעלייזט אין מיין פריינד אַ פאַרהוילטן קוואַל פון פּיין.

— ס'האָט זיך אָנגעהויבן מיט פופצן יאָר צוריק — האָט ער זיך צוגערוקט צו מיר — ס'איז געווען נאָך דער מלחמה, וואָס האָט מיר אַרויסגעריסן אַלץ און

אַלעמען... כ׳האָב ס׳צווייטע מאָל חתונה געהאַט און אַ יאָר שפּעטער איז געבוירן געוואָרן מיין דודל...

ר׳איז אַנטשוויגן געוואָרן. די גרילן האָבן געטשירקעט אין גראָז, אַ מיידל האָט זיך צעלאַכט אויף אַ שטילער ווערענדע, דיביימער האָבן אַרויסגעאָטעמט אַ שווערן, בשמימדיקן ריח.

—כ׳בין אַהיים געגאַנגען פון מיין אַרבעט דורכן צענטראַל־פּאַרק — האָט שידלאָ ווייטער געצויגן — ס׳איז געווען זומער, אַ העלער, שיינער טאָג... מיט־אַמאָל איז פאַרבייגעלאָפן מיינע אויגן אַ קליינער שאָטן, עפּעס ווי אַ דינע וויע... כ׳בין געבליבן שטיין און זיך אַרומגעקוקט... כ׳האָב צוגעמאַכט די אויגן און זיי געעפנט. דער דריבנער שאָטן האָט זיך פאַרגרעסערט... כ׳האָב גענומען לויפן... אַ טונקעלער, קליינער פלעק איז געלאָפן צוזאַמען מיט מיר...

שידלאָ האָט זיך פאַרהאַלטן, פון קאַסינאָ האָבן זיך אַרויסגעשאָטן די קאָרטן־שפּילערס. אַ טייל איז אַוועק צו די אויטאָס צו פאָרן אין שטעטל, מאַנכע זענען געשטאַנען אין גרופּקעלעך און לאַכנדיק אַרומגערעדט די פעלערן פון די פּאָקער־שפּילערס, אַנדערע האָבן זיך געלאָזט צו די הייזלעך מיט די באַלויכטענע ווערענדעס.

— אַט די ייִדן ווייסן גאָרניט ווי וויל זיי איז — האָט שידלאָ אַ שאָקל געטאָן מיט קאָפּ — אָבער לאָמיר צוריקגיין צו מיין ענין... כ׳בין אַוועק צו אַן אויגן־דאָקטער. ס׳האָט לאַנג נישט גענומען און ער האָט געפונען אַ רונדיקן, קליינעם פלעק ביים שוואַרצאַפּל פון רעכטן אויג. ר׳האָט פאַרשריבן טראָפּנס און איך האָב זיך מיט דער צייט צוגעוווינט צום טונקעלן פּינטעלע, וואָס פליט פאַרביי מיין ראיה ביי יעדן קער פון אויג.

— אַזוי לאַנג ווי דער שוואַרצלעכער פלעק פליט, איז גוט — האָט גע־שמייכלט דער דאָקטער — ערגער איז אויב ער שטעלט זיך אָפּ.

דער אויגן־מומחה — אַ געוועזענער דאָצענט פון וואַרשעווער אוניווערזיטעט, איז געווען אַ שפּאָר ביסל אַלטמאָדיש אין זיין הייל. ר׳האָט מיר, צום ביישפּיל, אַחוץ נייע רפואות, געגעבן אויך יאָד־טראָפּנס. אַלץ אָבער איז געווען אַן אידיליע אין פאַרגלייך מיט דעם אַלעם, וואָס האָט מיך דערוואַרט... לאָמיר אָבער גיין כסדר... כ׳בין צומאָל געקומען צו מיין דאָקטער, וואָס פלעגט קאָרמיען טויבן ביי זיך אין קאַבינעט. זיין געלאַסנקייט מיט וועלכער ר׳האָט געוואָרפן די קערנער די פייגל, האָט באַרויקט מיין געמיט. די טויבן פלעגן אַריינפליען דורכן אָפענעם פענצטער. דער אַלטער דאָקטער האָט געקוקט, ווי זיי פּיקן אויף די זשאָרנעס:

— ר׳קומט אפשר פון פּוילן? — האָט ער געפרעגט די פייגל — פאַרביי־געפלויגן וואַרשע, געזען אפשר מיין הויז אויף דער קרולעווסקאַ־גאַס?

עטלעכע פייגל פלעגן אויפהייבן די קעפּלעך פונעם עסן און זיך איינקוקן אינעם רופא מיט זייערע שוואַרץ־פּערלדיקע אויגן.

די טויבן זענען אַוועק און דער דאָצענט פלעגט מיר דערציילן פּאַסירונגען

פון זיין לעבן אין פוילן, ווו ר׳האָט געהאַט די ראַנגע פון אַ פּולקאָווניק, כאָטש ר׳איז געווען אַ ייד.

עס זענען אַדורך עטלעכע יאָר, מיין לינק אויג האָט גענומען טרערן. כ׳בין אַוועק צום דאָקטער און ער האָט מיך איבערגעשראָקן. ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די ראיה אינעם אויג איז אַ סך שוואַכער געוואָרן. ערשט ווען ר׳האָט פאַרגרעסערט דאָס פּופּילע פונעם אויג, דורך אַריינגיסן טראָפּנס, האָט ער באַמערקט זיין טעות:

— ס׳איז אין אָרדענונג, מוטנע פליסיקייטן האָבן פאַרטושט דעם שוואַרצאַפּל. כ׳בין געזעסן אויפן שטול, ווען ר׳האָט אונטערזוכט מיינע אויגן און קוקנדיק אויפן דאַצענט, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— דאָקטער, כ׳דאַרף נאָך אַ צען יאָר ביז מיינע קינדער וועלן אויפוואַקסן...

כ׳האָב שוין דאַן געהאַט אַ צווייט קינד.

דער אויגן־ספּעציאַליסט האָט אַ שמייכל געטאָן:

— כ׳פאַרשטיי אייך זייער גוט.

שידלאָ האָט זיך פאַרהאַלטן.

פון דעם שאָסיי איז דערגאַנגען דער גערויש פון אויטאָס, דאָס בילן פון הינט. אַ קינד האָט זיך צעוויינט אין אַ וויטן ״באַנגאַלאָ״.

כ׳האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער מיין פריינד איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג:

— כ׳וואָלט אייך וועלן איבערגעבן אַלץ, איינס נאָכן אַנדערן, אָבער ס׳איז מיר שווער, שוין איצט, געניי זיך צו דערמאָנען, ווייל דורך די לעצטע חדשים באַמי איך זיך אָפּציען מיינע געדאַנקען פון דעם ענין, ווי מ׳ציט אָפּ די געלע ראָפּע פון אַ פוס, אָדער האַנט...

ער האָט זיך אַ ווײלע פאַרטראַכט:

— ס׳גייט שווער, ווען מ׳וויל אַוועקטרייבן פון זיך רעיונות, ווי ווילדע הינט. כ׳האָב פּראָבירט אים איבעררייסן, אָבער ס׳איז מיר נישט געלונגען.

ער האָט ווייטער געצויגן:

— ס׳איז ווידער פאַרביי אַ יאָר. מיין לעבן און שווערע אַרבעט האָבן אָבסאָרבירט מיין וועזן. מיינע טונקעלע געדאַנקען האָבן זיך אָפּגערופן פון צייט צו צייט אָבער פאַרשידענע זאָרגן, גריזאָטעס פלעגן זיי פאַרדעקן און צעטרעטן, ווי שווערע שטיוול צעקוועטשן שוואַרצע ווערעם. אין אַ געוויסן טאָג האָב איך איינגעקויפט שפּייז אין ״סופּערמאַרקעט״ און אַהיימגעטראָגן אַ שפּאַר פּעקל. דערשלעפּט זיך ביזן איינגאַנג־גלעקל, האָב איך מיט אַ מאָל דערשפּירט, ווי מיין לינק אויג ווערט פאַרגאָסן מיט אַ פליסיקייט ענלעך צו אומריין וואַסער. כ׳האָב פאַר מיר דערזען ווי אַ שויב מיט אַ צעשטראָמט, שמוציק ריטשקעלע...

אָן אויפגעשווידערטער, האָב איך גענומען שרייען אין פאַרצווייפלונג:

— ראַטעווע מיך, גאָט מייגער, צוליב מיינע קינדער! ראַטעווע!

דאָס מאָל איז עס געווען אַ געפּלאַצט אויגן־געפעס אויפן ווייסל. מיין דאָקטער

האט מיר געגעבן צו פארשטיין, ווי מזלדיק איך בין, אז די זעלבע זאך האט נישט פאסירט איבעווייניק אין אויג.

ארויס אויף דער גאס, האב איך דערהערט אין זיך, דאס ערשטע מאל, א שארפע שטימע, וואס פון דער מינוט אן האט מיך שוין נישט פארלאזט. דער קול געהערט צו מיין שונא, וואס פלעגט קאנטיק ביז איצט זיך באנוצן מיט די שטי־מעלעך פון זיינע משרתים, די חושכדיקע מחשבות. איצט האט ער זיך אנטפלעקט אין זיין אייגענער געשטאלט און אוועקגעלייגט אזא מענה־לשון:

— פארפאלן! ס'עט שוין דיר גארנישט העלפן!

כ'האב צוערשט גענומען מיט אים איינטענה'ן מיט גוטן:

— מאך זיך נישט נאריש! ס'איז גארנישט, שעבעגארנישט!

מיין שונא האט זיך צעלאכט:

— אזוי זאגסטו? זעסט נישט אליין, וואס טוט זיך?

מיט מיין גאנצן כוח האב איך געגעבן אים א קנאק אין פיסק אריין:

— דער פראפעסאר האט געזאגט, ס'קען ביי יעדן פאסירן! אוועק, טראג זיך אפ, מנוול!

מיין פיינט האט זיך צעהירזשעט:

— ער וויל דיך בארויקן, ר'זאגט דיר נישט דעם אמת. אזוי הייבט זיך דאס אן... ווארט זשע צו און וועסט זען...

— וואס מיינסטו? — האב איך זיך געווארפן אויף אים מיט די פויסטן.

— כ'מיין דאס זעלבע, וואס דו! — האט ער אויסגעשאסן און איז פארשוווּנדן.

שידלא איז אנטשוויגן געווארן.

מ'האט פארלאשן די גרויסע לאמפ אויף דער קאנטין און מיר זענען געבליבן זיצן אין דער פינצטער.

מיין פריינד האט זיך א ריס געטאן פון ארט.

— מ'זעט גארנישט! — האט ער אויסגערופן.

כ'בין אויפגעשטאנען, גרייט אהיימצוגיין, ווען שידלא האט מיך פארהאלטן:

— גייט נישט אוועק!

ער איז געזעסן שטיל א ווײַלע, ווי ר'וואלט זיך פרובירט צו דערמאנען די פארגאנגענע פאסירונגען.

— די צייט האט געיאגט — האט ער ווידער שטיל גערעדט — און איידער כ'האב זיך אומגעקערט איז מיין ייִנגל שוין געווען בר־מצווה און מיין טעכטערל — א יאר צען. כ'האב פון ביידע געהאט א סך נחת אבער מיין פרייד איז שטענדיק געווען פארטונקלט מיט דער אימה, וואס האט געצישעט מיט שלאנגיקע פא־רויסזאגן.

מיין רעכט אויג האט גענומען דאקוטשען. כ'האב באמערקט אויפן ווייסל, נאענט דעם אונטערשטן אויגן־לעפל א בלוטיקן צייכן. דער דאקטער האט מיך אנגעקוקט פארטראכטערהייט:

— אן אויגן־געפעס האט ווידער געפלאצט... איר מוזט זיך אפהיטן, איר

טאָרט נישט אַרבעטן איבער די כוחות, זיך אויפרעגן... איר האָט מיר אַ מאָל דערציילט, איר האָט צרות ביי דער אַרבעט און דענערווירט זיך אָפּט. זייט וויסן, אַז די אויפגערייצטע נערוון קלאַפּן, ווי פּיצינקע העמערלעך אַן די אויגן און שיידיקן די ראיה.

כ׳וואָלט געשווירן, אַז כ׳האָב לעבן מיר דערהערט אַ געלעכטער... ס׳איז מיר געווען זייער קענטלעך...

דער רופא האָט געמוזט עפּעס אַראָפּלייענען פון מיין געזיכט, ווייל ר׳האָט גענומען מיך באַרויקן:

— ס׳איז ניטאָ, וואָס זיך איבערצונעמען, גיט אַכטונג אויף זיך — דאָס איז דער עיקר! לייגט זיך, ווען איר זייט אויסגעשעפּט! איר זייט גענוג אַדורכגע־גאַנגען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און קיין שמשון הגבור זייט איר נישט... איר זייט קורצזיכטיק, אָבער אייערע אויגן זענען געזונט!

כ׳בין אַוועק פון אים אַן אויפגעריכטער און גלייך אַ טראַסק געטאָן מיין ביטערן שונא איבער דער מאָרדע:

— אַ, זעסטו ממזר, וויסטע קאַליקע!

כ׳בין אַרומגעגאַנגען אַ צייט אַ באַרויקטער און צופרידענער. כ׳ווייס נישט, צי כ׳האָב עס געזוכט, צי ס׳איז צופעליק אריין אין מיינע הענט: כ׳האָב אָנגע־טראָפן אויף אַ פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכן בוך וועגן אויגן־קראַנקייטן. כ׳האָב גלייך דאָרט דערקענט, אין איינער פון די באַשריבענע חולאתן, די סימנים פון מיין מחלה. כ׳ווייס נישט ביז איצט, צי דער מחבר האָט באמת געמיינט מיין קראַנקייט, אָדער צי דאָס איז געווען מיין אריינטייטש.

ווען כ׳האָב שפּעטער גענומען באַטראַכטן דעם ענין, איז מיר פאַרגעקומען, ווי איך אַליין וואָלט געזוכט צו העלפן מיין בלוט־שונא אין דער מלחמה קעגן מיר.

— וויל איך שוין אַליין זען מיין פינצטערן סוף?

הינטער שידלאָ׳ס פלייצעס האָבן זיך גענומען לעשן די ווייטע, עלעקטרישע לעמפּלעך פון די ווערענדעס, די פאַרבליבענע האָבן געגליט ווי אָנגעשטרענגטע, רויטלעכע אויגן פון אַ מענטשן, איידער ער פאַרזינקט אין שלאָף.

שידלאָ האָט אָפּגעהוסט און הייזעריקלעך אַ זאָג געטאָן: — צו יענער צייט איז מיר מיין מאַמע געקומען צו חלום... זי האָט געטראָגן אַ גילדענע קאַנדע־לאַברע מיט צוויי ברענענדיקע ליכט... זי האָט זי אַוועקגעשטעלט לעבן מיר אויפן טיש... די מוטער האָט געשמייכלט... כ׳האָב דערשפּירט אַ שטעכיקן ווייטיק, הויך ביים ברוסטקאַסטן, לעבן מיין לינקן שלאָסביין... כ׳האָב דערפילט, ווי אַ שוואַרץ, שנעל חיהלע זויגט זיך איין אין מיין לייב...

— לאָז מיך לעבן — האָב איך זיך געוואָרט און געבעטן אין חלום — לאָז מיך לעבן.

נעבן זיך האָב איך באַמערקט פיר מענטשן, פיר "איכן", ווי כ׳וואָלט געקוקט אין פיר שפּיגלען.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער בין איך געזעסן ביים טעלעפאָן און געפירט אַ לאַנגען שמועס מיט מיינס אַ באַקאַנטן. כ׳האָב געוואָרפן מיין בליק אויפן רעדל וווּ ס׳געפינען זיך די ציפערן און דערזען מיט אַ שמייכל, אַז זיי טאָפּלען זיך: צוויי איינסן, צוויי צווייען און אַזוי ווייטער.

כ׳האָב צוגעמאַכט ס׳לינקע אויג. די דערשיינונג איז פאַרשוווּנדן.

כ׳בין אַרויס אויף דער גאַס. די גרינע און רויטע אויטאָמאַטישע סיגנאַלן ביים דורכגאַנג האָבן געווונקען צו מיר מיט טאָפּלטע ליכט-קרייזן. די מענטשי־שע געשטאַלטן האָבן אויסגעזען אין זוניקן ליכט, ווי פאָטאָגראַפיעס געמאַכט מיט אַ ציטעריקער האַנט: מוטנע, צווייאיקע רוקנס און קעפּ.

מיין אַלטער דאָקטער איז שוין געווען אויפן עולם האמת און איך האָב גלייך דערפילט, אַז ער פעלט מיר אויס אין דער־אַ שעת צרה ומצוקה.

די אויגן-ספּעציאַליסטן צו וועלכע כ׳האָב גענומען לויפן, האָבן גערעדט מיט אַ קאַלטער שפּראַך:

— אייער רעכט אויג איז גוט, דאָס צווייטע איז, קאַנטיק, שטענדיק געווען שוואַך...

— ס׳איז ביי אייך אַ פריע ענדערונג פון דער אויגן־ליגדז. — אפילו גאָט אַליין קען אייך דאָ גאָרניט העלפן!

— אַ קאַטאַראַקט איז ווי גרויע האָר, זי מוז קומען פריער צו שפּעטער!

אַ סקרוך איז אַדורך מיין לייב. דאָר האַרץ האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל און געבליבן שטיין אַ ווײַלע. אַ ווילדע שרעק האָט דורכגעריסן מיין גוף. אין דער טויטער שטילקייט אַרום מיר, איז מיר אויסגעקומען אַז כ׳שוועל אַן, כ׳ווער גרעסער און גרעסער און באַלד וועל איך אויפּפּלאַצן.

כ׳האָב זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט, וואָס כ׳האָב געלייענט אין דעם בוך און אַרויסגעשאָסן:

— אָבער מ׳קען דאָך אָפּערירן.

— מיר טוען דאָס נאָר דאַן, ווען ס׳צווייטע אויג ווערט אויך פאַרצויגן מיט אַ קאַטאַראַקט.

כ׳האָב יענעם אָוונט לאַנג געוואַנדערט איבער די גאַסן ביז כ׳בין צוגע־קומען צו מיין הויז. כ׳האָב זיך פאַרהאַלטן הינטער דער טיר פון מיין וווינונג. צו מיינע אויערן איז דערגאַנגען אַ פריידיק געלעכטער פון מיין טעכטערל, די נעימותדיקע שטימע פון דער מאַמען:

— נו, לאָמיר שוין גיין עסן, מיין לאַכערקע! — און מיין בחור׳ס קול:

— כ׳זאָג דיר רחל, דו ביסט נאָך אַ ״בייבי״ — אַ פּיצל קינד...

כ׳האָב אין דער מינוט דערזען זיך אַן איינזאַמער, עלנטער מענטש. כ׳האָב האַסטיק אַ קלאַפּ געטאָן אין דער טיר, וואָס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט צו זיין אַ פרעמדער איינגאַנג צו ווייטע מענטשן.

ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און כ׳האָב, אַנשטאָט געטאָפּלטע גרינע און רויטע סיגנאַלן אויף די גאַסן גענומען מערקן דריי און פיר פאַרביקע ליכט־

קרייזלעך ביי יעדן סיגנאַל. און דאַן איז אויפגעגאַנגען אין מיין זכרון דער חלום, וואָס כ׳האָב געזען מיט אַ צייט צוריק...

ס׳זענען פאַריבער עטלעכע חדשים און די באַזונדערע קאָלירטע רעדלעך זענען שוין נישט מער געווען קענטיק. כ׳האָב דערזען פולע רויטע און גריגע רייפלעך, וואָס האָבן געציטערט ביי יעדער אויטאָמאַטישער ליכט. זיי זענען געוואָרן ספּעציעל בולט אין אָוונט און האָבן מיר דערמאָנט, אַז כ׳גיי באַרג אַראָפּ. כ׳פלעג צומאַכן דאָס לינקע אויג און די רייפלעך זענען נישט געוואָרן.

— גאָט צו דאַנקען, מיין רעכט אויג האַלט זיך נאָך...

— אָבער ווי לאַנג? — האָט אַ טיף, פינצטער קול אַ ברום געטאָן אין מיר. שידלאָ איז אַנטשוויגן געוואָרן און איך האָב זיך אַ ריר געטאָן. ער האָט דערפילט מיין אינסטינקטיווע באַוועגונג און זיך אָפּגערופן: כ׳ענדיק באַלד...

— כ׳האָב באַשלאָסן צו זען אַ באַרימטן אויגן־פּראָפעסאָר.

אָט זיץ איך שוין ביים אים אין צימער.

— וואָס, דו ווילסט הערן אַ גוטן ליגן? — רעדט צו מיר מיין גיפטיקער שונא.

דער רופא שטעלט פעסט מיט אַ רויקן און פאַכמענישן טאָן, אַז דאָס רעכטע אויג האָט דערוויל נישט קיין שום צייכן פון אַ בלאַנע, אָבער די רעטינע פון דעם אויג ענדערט זיך, ווערט דעגענערירט...

— ווער מען מוזן אָנטאָן שאַרפערע גלעזער — זאָג איך שנעל.

— אַמאָל קען דאָס אויך נישט העלפן — האָט דער היגטישער זון אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט די אויגן פון אַ באַצי.

— כ׳האָב געלייענט אין אַ בוך, אַז ביי אַ קראַנקער רעטינע, קען מען נישט אָפּערירן קיין קאַטאַראַקט — האָב איך נערוועז געפרעגט.

— עס ווענדט זיך אין צושטאַנד פון נעץ־הייטל פון אויג — האָט דער מערדער מיר געענטפערט און זיך צופרידן צעשמייכלט.

כ׳בין אַרויס פון דאָקטער און לויפנדיק דורך דער גאַס, בין איך שיעור נישט אַרונטער אונטער אַ לאַסט־אויטאָ. כ׳האָב זיך צוגעשפּאַרט אויף אַ באַנק פון אַ סקווער און געזעסן אַ לאַנגע צייט. לעבן מיר איז פאַרביי אַן אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגן, ווייסן שטעקן. ער האָט געשפּאַנט, טאַפּנדיק מיטן שטאָק די ערד אַרום זיך. כ׳האָב דערפילט אין מיין האַלדז אַ קלויסקע, ווי עפּעס וואָלט זיך געשטעלט אין מיין גרגורת. כ׳בין אַריין אין אַן אַפּטייק און אָפּגערופן דעם רוצחישן מעדי־קער פון אַ טעלעפאָן־ביידל.

— איר פרעגט, ווי לאַנג ס׳קען נעמען ביז די רעטינע ווערט צעפאַלן? — הילכט די שטימע פון ״איידעלן״ רופא — אַ, דאָס קען דויערן זייער, זייער לאַנג.

ער האָט משמעות דערשפּירט מיין שרעק און באַמיט זיך מיך צו באַרויקן. זיין מי איז אָבער געווען אומזיסט. כ׳האָב זיך דערזען אין דער לאַגע פון אַ האָז, ווען מען די יאַגדהינט האָבן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן.

שפּעט ביינאַכט האָט מיין ווייב געמוזט אַרויסרופן צו מיר אַ דאָקטער, כ׳האָב

זיך אויפגעכאַפּט אַן אָטעם, באַגאָסן מיט שוויס. מיין האַרץ איז געלאָפן, ס׳האָט געהאַמערט, ווי ס׳וואָלט וועלן אַרויסשפּרינגען פונעם ברוסט־קאַסטן. כ׳האָב פאַר־לוירן ס׳באַוווסטזיין. דער דאָקטער האָט געהאַט ביי מיר אַ שווער שטיקל אַרבעט, ביז כ׳בין געקומען צו זיך.

ס׳האָט גענומען עטלעכע וואָכן, ביז כ׳בין געווען בכוח זיך אַראָפּצושלעפּן פון בעט.

כ׳האָב גענומען קריכן איבער די צימערן און געטראַכט ביי זיך: — פאַרוואָס זאָל איך בידים פאַרקירצן מיר די פּאָר יאָר, וואָס זענען מיר פאַרבליבן, איידער ס׳וועט אויף מיינע אויגן אַראָפּפאַלן דער שוואַרצער פאַרהאַנג?... כ׳קען דאָך, שוין איצט, אויסגיין בלויז פון דער אימה.

ווען כ׳בין אַוועק צו מיין אַרבעט אין שאַפּ איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק:

— בין איך בעסער פון די קדושים, וואָס זענען אומגעקומען? און איך לעב דאָך נאָך...

כ׳האָב גענומען דערזען זאַכן, וואָס כ׳האָב פריער אינגאַנצן נישט באַמערקט. מיין אויער האָט אויפגעכאַפּט די קלאָגענישן פון מיינע פריינד און באַקאַנטע פון דער שארית הפליטה און ס׳האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט דער אכזריותדיקער אמת, אַז ס׳רוב פון זיי איז דורכגעפרעסן פון פאַרשידענע קראַנקייטן.

און כ׳האָב געפרעגט דעם רבונו של עולם:

— פאַרוואָס און צו וואָס האָסטו זיי איבערגעלאָזט, גאָט מיינער? זיי זענען דאָך ווי די פליגן, וואָס אַ יינגל׳ס האַנט האָט זיי אויסגעצופּט די פּיצינקע פליגל. די אָרעמע, זשומענדיקע באַשעפענישן קענען זיך שוין נישט מער אויפהייבן אין דער לופט. זיי פּויזן און פּרובירן אַ האָפּס טאָן אין דער הייך און פאַלן צוריק אַראָפּ, זיי קריכן אין יסורים, ביז זיי דרייען זיך איבער מיט די האָריקע בייכלעך אַרויף, ציטערן נאָך עטלעכע מינוט מיט די פיסלעך און בלייבן ליגן פאַרשטאַר־טערהייט. צו וואָס האָסטו גאָט מיינער איבערגעלאָזט די־אַ פליגן?

כ׳האָב געטראַכט וועגן דער שארית הפליטה און געפילט, ווי מיינע הענט פאַרקרעמפּן זיך אין פויסטן: — אַ, ניין, אין חושך וועל איך נישט בלייבן... דער טייוול וועט זיך נישט פרייען מיט מיין לאַנגער גסיסה!

שידלאָ האָט אויפגעהערט צו דערציילן און געבליבן זיצן אַ ווײַלע אַ פאַר־שטומטער. כ׳האָב זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— נאָך אַ פּאָר מינוט... — האָט זיך מיין פריינד גענומען בעטן ביי מיר — איך פאַרשטיי, אַז איר ווילט אַנטלויפן...

— מיין פרוי וואַרט אויף מיר...

— מיינע אויך, אָבער לאָזט מיר ענדיקן... כ׳האָב געאַרבעט און זיך גע־אַמפּערט מיט מיין פאַרמאַן, ווי די אַרבעט וואָלט געווען דער פּופּעק פון דער וועלט און גלייכצייטיק בין איך געווען געשפּאַנט, ווי דער סאָלדאַט אויף דער וואָך, וואָס דערוואַרט יעדע רגע דעם ערשטן שאָס — דעם אָנזאָג פון דער שלאַכט.

כ׳האָב אָפּט געטראַכט, אַז כ׳בין אַ געשפּאָלטענער מענטש: אַן אויטאָמאָט און אַ פּיבערנדיקע בריאה.

דער מעכאַנישער איך האָט אָפּט געוומען די אויבערהאַנט און איך האָב פאַרגעסן, אַז ס׳לויערט אויף מיר די סכנה. עס האָבן אַרויסגעהאָלפן דעם אויטאָמאָט די שטוב־זאָרגן און מיינע נייע מיחושן: האַרץ פּאַלפּיטאַציעס און פּלוצימדיקער אויספעלן פון אָטעם — וואָס האָבן נישט צוגעלאָזט צו מיין מוח קיין שום אַנדערן געדאַנק.

ווי נאָר אָבער די הויז־דאגות און די מחלות האָבן אָפּגעלאָזט, ווי מוקן וואָס הערן אויף צו בייסן, פּלעגט מיט אַ מאָל אַרויסשפּרינגען דער ווילדער פּחד, ווי אַ בער און מיך געדושעט מיט זיינע גרויסע לאַפּעס.

— יאָ, חיות! זיי האָבן מיר געהאָלפן צו פאַרשטיין בעסער מיין לאַנגע און געענדערט מיין קוק אויפן לעבן.

אין דער שטאָט האָט זיך באַוויזן אַ גרויסער צירק און מיינע קינדער האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט: כ׳מוז גיין מיט זיי צו דער פאַרשטעלונג.

זיצנדיק אויפן באַלקאָן, האָב איך זיך צוגעקוקט צו די לייבן, וואָס זענען געשפּרונגען צום קנאַקנדיקן ריטם פון באַצווינגער׳ס בייטש, דורך טאַבורעטן און רייפן, איינער איבערן אַנדערן, געיאָגט אין אַ ראָד, געהויבן זיך אין פּיראַמידן און געלייגט זיך ווי לעמעלעך צופוסנס פון באַהערשער.

— איז די אימה נישט קיין חיה? — האָב איך זיך געפרעגט — דאַרף נישט יעדער מענטש, פונקט ווי דער באַצווינגער, אַריינשניידן זיך מיטן בליק אין די גרינע, צעהיצטע שליפּיעס פון דער בעסטיע און פאַרשמייסן זי מיט דער בייטש, ביז זי וועט פאַלן צו זיינע פיס?

און וואָס מיינט לעבן? דער באַהערשער פון די חיות וואָלט נישט אָוועקגעגעבן די סכנותדיקע, געציילטע מינוטן אין דער שטייג פאַר רויקע לאַנגע יאָרן פון פעלד־אַרבעט, אָדער, הויך באַצאָלטער שטעלע אין דער שטאָט. ווייל דאָ — צווישן די בלוטדאָרשטיקע ברואים איז ער אין אַ שפּאַנענדיקער עקסטאַז, וואָס מאַכט אים פאַרגעסן, אַז זיין עקזיסטענץ שטייט אין קאָן יעדע סעקונדע...

— יאָ, וויכטיק איז ווי אַזוי מען לעבט און נישט ווי לאַנג מען לעבט!

פון יענער צייט זענען אַוועק וואָכן און חדשים.

כ׳האָב אויפגעהערט צו יאָגן זיך נאָך אָווערטיים — איבערשעהן — ביי דער אַרבעט.

— כ׳וועל ווייניקער אַרבעטן און מער געניסן פון לעבן!

ווען דער פאַרמאַן פּלעגט זיך אָפּרייסן, ווי אַ הונט פון דער קייט און נעמען געוואַלדעווען, האָב איך אים געענטפערט זייער געלאַסן: — אויב מיין אַרבעט געפעלט אייך נישט, האָט איר די ברירה. כ׳בין אַ גוטער פאַכמאַן און כ׳וועל אומעטום קריגן אַ שטעלע.

די חברה אין שאַפּ האָבן זיך גענומען שושקען און איינער פון זיי האָט מיך זאַטשעפּעט: — זאָגט מיר שידלאָ, האָט איר געפונען אַן אוצר?

— מער ווי אַן אוצר! — האָב איך זיך צעלאַכט.

צו דעם "סאָבוויי" — אונטערערדישער באַן — וואָס פירט מיך צו דער אַרבעט, פלעג איך שטענדיק לויפן, ווי אַ משוגענער.

כ'האָב גענומען אויפשטיין פריער ווי שטענדיק און שפּאַנען געלאַסן צום "סאָבוויי". כ'האָב זיך איינגעקוקט אין די פּנימער פון די מענטשן און פּרובירט אויסגעפינען זייער לעבנס־געשיכטע, אַריינגעאָטעמט די פרישע פרימאָרגן־לופט, געפילט דעם קילן גלעט פון דער זון און געטראַכט: — יעדע מינוט איז אַ פּערל! ווי רייך איז דאָס לעבן!

די ערשטע צייטן האָב איך געהערט דאָס מרוקען פון מיין ביטערן שונא: — וועסט מיט דער צייט זען וואָס אַמאָל ערגער... כ'פלעג אים ענטפערן: — כ'לעב איצט דרייפאַכיק און פירפאַכיק מער ווי פריער, טאָ וואָס זשע דרייסטו מיר דעם ספּאָדעק?!

שפּעטער האָב איך אים פולקאָם איינגעשטילט: — דו ווייסט דאָך גוט, אַז קראַנקע מענטשן לעבן אָפט לענגער ווי די געזונטע... מיינע שוואַכע אויגן קענען אַ מאָל איבערלעבן די שטאַרקע און ווייטזעענדיקע...

כ'האָב גענומען לייענען פאַרשידענע ביכלעך וועגן שלוות הנפש און אָנגע־טראָפן אַ רייכע ליטעראַטור פון פּשוטע מוסר־ביכלעך וועגן גרויסע צדיקים ביז שווערע פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען. באַוווּסטע בעלי־מופתים האָבן זיך צונויפ־געטראָפן מיט הינדוסישע יאָגעס און צוגעטראָגן מיר אַ היילונג, אַ באַלזאַם פאַר מיין גייסט. — ווען דער תלמיד איז גרייט, באַווייזט זיך דער לערער — האָב איך, אַ דערשטוינטער, געלייענט אין איינעם פון די מוסר־ספרים. כ'האָב געמוזט דורכ־גיין אַ גיהנום צו ווערן אויסגעהיילט. איצט מיין ליבער פריינד — האָט חיים שידלאָ פאַרענדיקט — באַנעמט איר, אַז יעדעס בלעטל פון אַ בוים, גויג פון מיין קינדס גוף, שאָטן־און־ליכט־שפּיל, שפּרונג פון אַ פויגל, גלאַנץ פונעם פעלדז, געזאַנג פונעם וואַלד — האָבן געקראָגן אין מיינע אויגן אַ נייעם מיין, אַן איבער־ראַשנדיקן קאָליר, אַ בלענדיקן יום טוב!

כ'טרינק איצט דאָס לעבן, ווי אַ בעכער מיט אַלטן וויין, טראָפּן נאָך טראָפּן...

— קומט איצט! — האָט שידלאָ זיך אַ הויב געטאָן — איר זעט, ס'ברענט נאָך אויף מיין ווערענדע ס'לעמפּל, דאָס איינציקע לעמפּל...



## חיים מאַלטינסקי

# פון מײַנע רוסישע מאָטיוון

I

ניט מיט אַ האַלבן מויל,
איך בין אַ האָר ניט פויל,
דאָס זאָגן מיטן גאַנצן:
מיט פאַלשער פרייד
אויף מיר הײַנט אָנטאָן ביסטו גרייט
אפילו לאָרבער־קראַנצן.
נאָר קריגסטו מאָרגן בלויז איין ווונק,
איין פּיפּס,
איך זע דאָס נאָך דײַן פּרצוף
דעם פאַרקויפטן,
וואָלסט אויף מײַן האַלדז
אַרויפוואַרפן אַ שניפּס־
אַ פלייסיק — אָנגעזייפטן...

II

מײַן אומרו און פאַרדראָס,
זיי וועלן דיך ניט רירן.
איז וואָס־זשע בלײַבט מיר, וואָס?
וואָס קאָן איך שוין פאַרלירן?
כ׳באַווײַז זיך אין דײַן הויז
פאַרשטעלט, ווי אויף דער בינע,
אַ לץ מיט אַ דורכאויס
אַ גלאָמפּעוואַטער מינע...

III

מיט געשרייען פּוסטע
איבער קאָפּ ניט האַמער.
כ׳בין אַ יאָר געזעסן
אין אַן איינצל־קאַמער.
כ׳בעט זיך ביי דיר רחמים,

ס׳נעמט ניט אויף מיין אויער,
בלויז מיט טויטער שטילקייט
עגבער מיך און בויער...

IV
אַ טרוים אַ ליכטיק־טרויעריקער
מיין זינען האָט באַהעלט:
כ׳בין דורכגעפאָרן בויערקע,
נאָר זיך ניט אָפּגעשטעלט.
געזען דעם וואַלד פון וויטן נאָר,
דעם אַלט־געדיכטן וואַלד
און פאַר מיין בליק געלייטערט זיך
האָט טביהס ליב געשטאַלט...

V
אַ קונץ דען ליאַרעמען און שרייען
פון דעם, וואָס פייניקט דיך און מאַטערט, —
אוי, שווערער, ברודער, צו פאַרטייען,
ווען ס׳צאַפּלט זיך דאָס האַרץ און פלאַטערט,
ווערט אַזש פון בענקעניש צעריסן
און קיינער טאָר פון דעם ניט וויסן...

VI
ס׳האָט, ברודערקע, יעדער זיין קוק אויף דער וועלט,
זיין אייגענע ראיה.
פאַר דיר שיינט דער עפּל צעקוועלט
מיט באַקן צעפלאַמטע,
באַטעמטע.
און איך זע — זיין בלוטיקע שקיעה...
* * *

ס׳איז אפשר נאַריש פון מיין זייט,
נאָר ס׳טרעפט,
אַז כ׳וויל די צייט
זאָל אין מיין העפט ניט קוקן,
מיך מעשה־באַלעבאָס ניט אונטעראיילן,
דעם טיש־זייגער איך קער צו זיך אויס מיטן רוקן:
זאָל טראָגן זיך די ערד

און יאָגן, שלינגען מיילן...
מיין בליק עס שטערן ניט
דעם זייגערס שליסלען, שרויפן
און זאָלן פאַר דער וועלט
די ווייזערס זיינע לויפן...

* * *

אין גאָלדענעם וועלקן פון האַרבסטיקן וואַלד —
וויפל שיינקייט, אַנטשיידנקייט, דרייסטקייט.
און קיין טראָפן פאַרדראָס ניט און בייזקייט.
נאָר איך פיל, ווי דעם אומעט אין זיך ער באַהאַלט,
ווען אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט צו די פיס זיינע פאַלט
און זיין וויי איך באַמערק לויטן ציטער
פון די פייכטע און נאַקעטע ריטער...

* * *

כ׳האָב סוף כל סוף
אַ גוטן פאַנצער זיך געקראָגן
און לייכט איז אים
אין שווערן וועג צו טראָגן.
מיך שיצן יעדער רגע
איז ער גרייט:
"זאָל גיין אַזוי,
ווי ס׳גייט"...

* * *

דו זוכסט זיך ניט קיין פריינט
פון גראַד פון העכערן;
דו ביסט ניט סתם אַזוי זיך
אַ פאַרשפּרעכערן.
און זאָגסטו עפּעס צו,
ביסטו ניט קיין פאַרגעסערן.
נאָר מער פון אַלץ כ׳האָב ליב, ווען דו
אויף מיין גוטמאָרגן ווינטשסטו —
נאָך אַ בעסערן!

* * *

אַ ציג, זאָל זיין אפילו
אַ לאָבאַטע,
לעבן סאַמע וואַלד —
אַ שטילע קליינע כאַטע;
און בינען זאָלן זשומען
און שמעקן זאָל מיט מיאַטע.
אוי, שענק מיר, גאָט,
אַ בינטל יאָרן
רויקע און זאַטע.

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## ליטעראַטור־פרעמיעס פון יידישן שרייבער־פאַראיין

דאָנערשטיק דעם 22סטן אַפּריל אין אָוונט איז אין תל־אביב אין לייוויק־הויז פאָרגעקומען די פייערונג לכבוד דער דריטער פאַרטיילונג פון דער ליטעראַטור־פרעמיע פון יידישן שרייבער־פאַראיין אין ישראל.

דער פאַרזיצער פון אָוונט עובדיה פעלד עפנט מיט אַ וואָרט וועגן איינעם פון די שפענדער פון דער פרעמיע, זיין בן־עיר משה קאָרן און פרוי קאָרן און באַדאַנקט זיי מיט פיל־פיל לויבווערטער.

אברהם סוצקעווער לייענט די מאָטיוון פון דער זשורי צוצוטיילן די פרעמיע דער דיכטערין הדסה רובין. מרדכי צאַנין — דעם דיכטער יאָסל לערנער און יצחק יאַנאָסאָוויטש — דעם דיכטער אלכסנדר שפּיגלבלאַט.

די לידער פון די דריי יידישע דיכטער־לאַורעאַטן געלייענט פון הערץ גראָסבאַרד האָבן שטאַרק אויסגענומען ביים פול־געפּאַקטן זאַל פון לייוויק־הויז.

דער פידל־קאָנצערט פון עוואַ שטראַוס מאַרקאָ אין דער באַגלייטונג פון באַרבאַראַ מאַלווע האָט פאַרלענגערט די געהויבענע שטימונג ביים עולם.

די רעדאַקציע פון "ירושלימער אלמאַנאַך" באַגריסט די היי־יעריקע לאַורעאַטן און ווינטשט זיי ווייטערדיקע שעפערישע דערגרייכונגען פאַר דער יידישער ליטעראַטור.



**מנחם סטעמפל**

# וויכטנדיקע טריט...

## אַן אָוונט מיט דניאל לייבל

מיר זיצן אויף וויג־שטולן, מיר הוידן זיך, מיר פֿאָרן —
צעעפֿנען זיך די פֿיר ווענט —
מיר פֿאָרן אין אַ באַרגיקער געגנט —
דער אלף־בית, צוויי און צוואַנציק אותיות
מיט זילבערנע כאָמעטלעך
שלעפֿן דעם געשפּאַן —
זיצט די אלף אויפֿן באָק
מיט צעשפּרייטע פֿאָלעס
שמייסט מיטן למד דעם קאַראַוואַן —

מיר פֿאָרן אין אַ געדיכטן וואַלד
מיט נאַכט־באַדעקטע סטעזשקעס
פֿון דיאַלעקטן און סטילן —
העכער איבער דעם וואַלד
פֿון נאַקעטן קאָפּ פֿון פֿעלד
קייקלען זיך ווי וואַסער־פֿאַל
פֿאָלקסטימלעכע רייד, זאַפּטיקע משלים —
„ווערטער פּירקאַנטיקע
ווערטער קלעפּ
ווי אויסגעהאַקטע מאַרמאָרנע טרעפּ" —

נאָך דעם קאַראַוואַן
גייט אין פּאַראַד דער שפּראַך־אוצר
לשון־יידיש.
מאַרשירן די אותיות
מיט טאַנצנדיקע טריט
מיט פּאַריסענע קעפּ,
צעפֿאַלדעוועטע פּאָנעס
מאַמע־לשון !
מאַמעלע יידיש !

מיר זיצן אויף וויג־שטולן, מיר הוידן זיך, מיר פאָרן —
דער אלף בית, צוויי און צוואַנציק אותיות
מיט זילבערנע כאָמעטלעך
שלעפּן דעם געשפּאַן —
זיצט די אלף אויפן באָק
מיט צעשפּרייטע פּאָלעס,
שמייסט מיטן למד דעם קאַראַוואַן —

*   *
*

טריט פון רויטע סאַנדאַלן לויכטן פון זאַמד —
גיי איך ווי אַ לונאַטיקער
נאָך דיינע לויכטנדיקע טריט —

די שלאַנג וואָס האָב געפונען אַ טויטע,
גענומען אין האַנט ווי אַ בייטש,
געיאָגט די פייגל פון דיביימער,
די חיות פון די נאָרעס,
איז געלאָפן פאַר מיר
אַקראַב און אַקראַבוט,
געפינטלטע שלאַנג
שאַקאַלן און געוואָי —
זיך געשטעלט אַרום דיין הויז
און געיאָמערט —

בין אַרויס צו פרוכטן־בוימער
געטרייסלט די צווייגן —
רויטער עפּל,
בלאָע פלוים,
געלע באַנאַנע —
גרינער טרוים.
זיך געשטעלט אַרום דיין הויז
באַלויכטן דיינע פענצטער — —

* *
*

בין אַרויס צו שאָטן־בוימער
און גערופן,
איז געקומען אַ בראָש *
אויף זיין שפּיץ אַ לבנה,
איז געקומען אַ דזעקאָראַנצאַ **
און זיך צעבליט איבער דיין הויז —

איז אויפגעגאַנגען מיין ליבע
ווי ס'גאָלד אויף אַ מאַראַנץ,
דער ווינט האָט צעבלאָזן דיינע האָר
און צוגעדעקט מיין האַרץ —
גיי איך ווי אַ לונאַטיקער
נאָך דיינע לויכטנדיקע טריט —

## סאַברעס

אויף ווענן ווייס־באַשטויבטע וואַקסן זיי,
בלאַט און בלאַט ווי הענט אַרומגענומען
אין געראַנגל,
קלעטערן זיי, שפּרייטען אויס שטעכיקע בלעטער
מיט צייטיקע פּרוכט, — סאַברעס.

שטייען זיי דורך טעג און נעכט
היטן מענטשלעך האָב־און־גוטס,
אַ לעבעדיקער פּלויט, —
קלעטערן איינער אויף דעם צווייטנס פּלייצע. —

איך האָב אַ יינגעלע אַ שיינס,
אַ סאַברעלע
ווי די סאַברעס — שטעכיק־וואַך
וועסטו זיין דער סאַברע־פּלויט פון מיין לאַנד —

*) פּילפּיסלדיקע גיפטיקע רעפּטיליעס. **) היגע מינים פון שאָטן־בוימער.

איך הויב מיין יינגעלע אין דער הויך
שטעל מיך אויף די שפּיץ פינגער
אויסקוקן דעם מרחק פון מיין לאַנד —
בערגלעך קיילכיקע, טאָלן פלאַכע,
פעלדער, גערטנער, פּרדסים
הייזלעך ווייסע מיט גלאַנציקע שויבן —

דורכזיכטיק איז יעדנס האַרץ
יעדער מענטש איז מיר אַ ברודער
שפּיגלט זיך מענטש אין מענטש
ווי אַ שפּיגל אין דער זון —

ווי מקנא בין איך דיך, מיין קינד,
ווייסט דאָך ניט, וואָס גלות הייסט
איינגעזאַפּט אין דיר דעם זאַפּט פון ערד
דער רוקן גלייך, דער קאָפּ צו זון אַרויף
ווערסט נישט פאַלן מיטן פּנים צו ערד
אַריינקלאָגן אין אַ סליחה טייכן טרערן
אין די לאָגלען פון דורות — — —



**יחיאל גראַנאַטשטיין**

# אַ דאָפּלט לעבן

**(דערציילונג)**

ברוך וואַלדמאַן איז געזעסן טיף אַראָפּגעלאָזט אין פאָטעל און קוים געגרייכט מיטן קאָפּ צום דעק פון ברייטן, שווערן טיש, פון אַלטמאָדישן סטיל, און גענוג שוין אָפּגענוצט. ער האָט די גאַנצע צייט אַריבערגערעדט צום מאַן וואָס איז געזעסן קעגנאיבער אים און אַליין נישט געדענקט צי איז ער אויף דעם אַלעם אויסגעפרעגט געוואָרן, אָדער ס'איז נישט מער ווי אַזאַ באַדערפעניש אויסצולאַדענען זיך פון דעם וואָס שווערט אַזוי יאָרנלאַנג אויפן געמיט זיינעם און בייגט אים, ווי אַ משא, ביז צו דער ערד.

ער ווייסט עס אַליין, אפילו נישט האָבנדיק קיין אַנונג אין מעדיצין — דאָס פּנים זיינט האָט זיך אין גאַנצן אויסגעקרומט און אַנגעכמורעט זיך בעת ער האָט עס געזאָגט — אַז שליטה און אייגענער קאָנטראָל איבער מחשבות און מעשים זענען אַ פּרוווּשטיין, אָדער עדות וועגן קלאָרקייט און באַזינטקייט פון מענטש. וואָס שייך אים אַליין, מאַכט ער טאַקע אומגעהייערע אָנשטרענגונגען צו האָבן די שליטה איבער זיך, באַזונדערס, ווען ער קומט אין באַרירונג מיט אַ צווייטן. אַבער כדי צו קאָנען אויסטראָגן די מערכה, דאַרף מען האָבן, ער פילט עס, אַ סך כוח, דאַרף מען זיין זייער שטאַרק, און דער פּחד זיינער איז פאַר דער מינוט, פאַר די רגע, ווען דער כוח זיינער וועט זיך אויסשעפּן, אָװעקקומען. וואָס וועט דעמלט זיין מיט אים, מיט ווייב און קינדער, מיטן לעבן וואָס ער האָט פונסניי אויפגעשטעלט ?

קעגנאיבער איז געזעסן דער דאָקטער, אַ מאַן אין די מיטעלע יאָרן, אַן איינגעדאַרט פּנים, אויגן פינטלענדיקע אָן אויפהער, דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צום טיש, אויסגעזען ווי ער וואָלט גענומען דרעמלען, אָדער ווי ער וואָלט אויף זיין מאָדנעם שטייגער אויפגענומען דעם פּאַציענטס רייד.

אַ טונקעלער צימער. אַלע פיר ווענט — באַשטעלט מיט הילצערנע פּאָליצעס אָנגעפּולט מיט ביכער וועמענס רוקנס זענען געווען, מסתמא, פון לאַנג נאָך, באַדעקט מיט אַ דיקער טונקל גרויער שטויב־שיכט. דאָס איינציקע פענצטער, ווי אַ נישט אָפּגעוואַשן פּנים, גייט אַרויס אין אַ פּוסטן, אָפּגעשלאָסענעם הויף, אַרומגענומען פון אַלע זייטן מיט הויך צעצווייגטע און געדיכטע נאָדל־ביימער, אַזוי, אַז ווי נאָר אַ ווינטל, פאַרפּלאָנטערן זיך זייערע צעפּאָטלטע קעפּ, פאַרשטעלן נאָך מער די ליכט אין הויף און זעען אויס ווי זיי וואָלטן זיך געריסן ביי די האָר. צוויי פירהאַנגען, איינע פאַרלייגט אויף דער צווייטער, באַדעקן דאָס פענצטער

פון סופיט ביז צו דער ערד און דאָס קנאָפּע ביסל ליכט וואָס רייסט זיך בגוואַלד אַריין אין צימער, איז שטענדיק בלאָס, פאַרחלשט, ווי קעלערדיק.

ברוך וואַלדמאַן האָט נישט געלייגט קיין אַכט דערויף, אַז ס'איז דאָס ערשטע מאָל ווי ער רעדט צום דאָקטער אין גאַנצן פריי, באַהאַלט גאָר נישט אויס פון אים, ווי איינער וואָס האָט באַשלאָסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַפּצורייניקן אַ חורבה צו וועלכער ער האָט אַ לאַנגע צייט אויסגעמיטן זיך צוצורירן.

איין זאַך דאַרף אייך זיין קלאָר, דאָקטער, אַז אַלע די וואָס קומען פון "דאָרט", זייער לעבן איז פול מיט אַנשטעל, מאַסקירט. זייער לאַכן איז פאַלש געלעכטער, וואָרעם אין דער אמתן פאַרמאָגן זיי בלויז געוויין, וועלכן זיי באַהאַלטן אויס פון אַ פרעמד אויג, אפילו מאַן פון ווייב און פאַרקערט. צו דעם איז נישט פאַראַן קיין שותפות, איר פאַרשטייט, דאָקטער, קיין שום שותפים.

דער דאָקטער האָט אים אין מיטן פליסיקן רעדן אַ פרעג געטאָן צי ער קאָן אפשר זיך דערמאָנען אין אַ ספּעציעל אויסטערלישע פּאַסירונג וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין יענע טעג און וואָס האָט באַזונדערס אים אויפגעטרייסלט, דערשיטערט.

ברוך וואַלדמאַן האָט שטאַרק זיך צעלאַכט און זיין געלעכטער האָט אָפּגע־קלונגען אין טונקעלען צימער ווי גלאָז וואָס פאַלט צו דער ערד און צעבראַזגעט זיך אויף פיצלעך.

"אַ ספּעציעל אויסטערלישע פּאַסירונג"... באמת, אַ געלערנטער מענטש און רעדט ווי נישט פון דער וועלט. איבעריקנס, וואָס איז דען דער וווּנדער? אפשר האָט ער געלייענט, געהערט, אָבער "דאָרט" נישט געווען... איז וואָס, למשל, באַדייט פאַר עמעצן גיהנום, אויב יענער איז אַליין אין פייער נישט געברענט געוואָרן? און וואָס איז טויט, אויב מען איז אַליין צען מאָל, טויזנט מאָל, נישט אויסגעגאַנגען?

"אויסטערלישע פּאַסירונג"... און יעדער טאָג, יעדע נאַכט, און די בלייערנע הימלען, אַן רחמים, וואָס האָבן געהאַנגען איבער די געטאָס און לאַגערס? און יעדע שעה און יעדע רגע דאָרט? המ... איז אפשר אים דערציילן וועגן יענעם טאָג ווען אַ ס.ס.־מאַן האָט אים, פאַר קיין שום חטא נישט, צוגעשטעלט צו דער וואַנט, אַנגעשטעלט דעם רעוואָלווער, אָוועקגעלייגט די האַנט אויפן ציגל (פון שרעק האָט ער דעמאָלט זיך צוזאַמענגעקאַרטשעט, נישט געפילט גאָר ווי דער גוף זיינער לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ערד, ווי אייגעשליגגען צו ווערן דורך איר נאָך איידער די קויל וועט אים טרעפן), ווען צופעליק, גאָר צופעליק און גורלדיק פאַר אים איז פאַרבייגעגאַנגען אַ צווייטער ס.ס.־מאַן, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דעם קאַלעגעס אַקסל און סתם אַזוי אַ זאָג געגעבן: נו, פרידריך, לאָסס אים, דעם דר... נו, האָט דער טויט געבעטן ביי אים מחילה, זיך אָפּגעטאָן פון אים און נישט ווייט אָוועקגעוואַנדערט, געפונען אַ צווייטן און מיט אים זיך באַהאַפטן.

און וואָס, למשל, איז אַ געדאַנק אים פאַרבייגעלאָפן, וואָלט ער געזאָגט,

דער דאָקטער זיינער צום פֿאַל מיטן צעיוכעטן דייטש וואָס האָט אין טאָג פֿון דער שחיטה אין שטעטל, אַריינגעפּלאַצט צו אים אין שטוב (אַלע זעגען געלעגן באַהאַלטן הינטער דער שאַנק), געשאָלטן און געליאַרעמט, געזוכט עפּעס אַזאַ כלי וואָס זאָל אַפּרייניקן, אָנשאַרפֿן די שווערד זיינע וואָס איז אין מיטן דער "אַרבעט" געוואָרן שטומפּיק, נישט צום באַנוצן זיך מיט איר, באַדעקט געוואָרן מיט אַ שוואַרצער קלעפּיקייט, אַ שטייגער ער וואָלט גאָר מיט איר געאַקערט ערד און נישט... אָדער אפֿשר דערציילן אים, אָפּשילדערן ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער שטעטלשער טייך אין די טעג פֿון דער לעצטער, גרעסטער "אַקציע" ווען אויף זיין שוימיקער פֿלאַכקייט האָבן זיך געטראָגן שטייפֿע קערפּערס ווי האַלץ־טראַטוועס געשיקט פֿון ווייטן פֿאַר די צוויי יידישע טאַרטאַקן אין שטעטל, אָדער גאָר דערמאָנט זומערדיקע נאָכמיטאָגן, צי ערב־שבתן, ווען יונג און אַלט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין טייך ווער כדי צו טובלען זיך לכבוד שבת און ווער סתם אַזוי, פֿאַר הנאה וועגן אין אָנגעהיצטע, פֿלאַקערדיקע טעג. נו, גיי און געפֿין אויס פֿאַר דעם דאָקטער־וועגן עפּעס אַזאַ "אויסטערלישע פּאַסירונג" כדי ער זאָל קאָנען לערנען די סיבה וואָס האָט גורם געווען צו זיין אומרו, צו דער נישט זיכערקייט זיינער... נאַרישקייטן! הוילע נאַרישקייטן, נישט צו פֿאַרלאָזן זיך אויף אַזאַ "היילער".

און ער האָט גלייך אויפֿן אָרט באַשלאָסן איבערצורייסן מיט זיינע באַזוכן ביים פּסיכיאַטער. אַליין וועט ער זיך נעמען אין די הענט. וועט זיך נישט נאָכגעבן. זאָלן די טעג פֿון לעבן זיך קייקלען אַזוי לאַנג ווי דאָס ראָד וועט זיך דרייען, און אַז עס וועט אין איינעם אַ טאָג זיך אָפּשטעלן, נו, איז מאי כולי האי?

ער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון פֿאָטעל, און כמעט ווי נישט געווענדט זיך צום דאָקטער, פֿאַרלאָזט זיין חושכדיקע שטוב.

---

געציילטע מינוטן בלויז האָט געדויערט דער וועג אַ היים. אַוועקשטעלנדיק דעם ברייטן "שעווראָלעט" זיינעם האַרט ביים טראָטואַר, האָט ער באַמערקט אַז פֿון די פֿענצטער פֿון זיין שטוב, שפּאַרן זיך הויפֿנס ליכט אין אָוונטדיקן דרויסן אַריין. וואָס קומט דאָרט פֿאָר אַציגד? וואָס עפּעס די שבת־ליכט אין אַ וואָכע־דיקן אָוונט? זעגען אומגעריכטע געסט געקומען, דווקא ווען זיין געמיט איז אַזוי דערשלאָגן?

צעטומלט און שטוינענדיק איז ער שטיין געבליבן אויף דער שוועל. באַלד דערנאָך איז ער אַריין אין סאַלאָן. אַ געגרייטער טיש מיט כל טוב. ברענענדיקע קאָליריקע חלב־ליכט אין די שבת־יומטובדיקע לייכטערס, אַזעלכע גרויסע ליכט, ווי אין דער סדר־נאַכט. די קינדער, אין שבתדיקע קליידער אָנגעטון, האָבן אים אַרומגערינגלט, פֿאַרקייטלט, און אַזוי אין ראָד, אין כאָר, אויסגעזונגען "יום הולדת לאבא". ברוך איז נישט געווען אין שטאַנד אַ ריר צו טאָן זיך פֿון אָרט. די אויגן זיינע האָבן זיך געפֿייכט אין די ווינקלען. די קינדער האָבן אים צוגעפֿירט צום

אויבנאָן פון טיש, לעבן דער מאַמען, וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין טונקל בלוי זיידענעם קלייד וואָס ברוך האָט איר געהאַט געבראַכט פון אויסלאַנד.

דער פּראָגראַם איז געווען ביי די קינדער אין די הענט. אַלץ לויט אַ סדר. דער האָט געזונגען און די — דעקלאַמירט, אהרלע האָט צוגעגרייט אַ גאַנצע רעדע לכבוד דעם טאַטן און זיוועלע, די יונגסטע, האָט אין נאָמען פון אַלע פיר קינדער געווונטשן טאַטע־מאַמע אריכת־ימים און גוטע־גוטע יאָרן.

רחלס בליקן האָבן געוואַנדערט דאָ פון איין קינד צום אַנדערן און דאָ צו ברוכן. צוויי טעכטערלעך און צוויי יינגעלעך. זיסע קינדער. אַ חסד פון גאָט. אַלע שוין דאָ געבאָרענע. פרוכט פון ערשטער פרייד נאָכן חורבן. ״יענע״ ערד האָבן זיי אין גאַנצן נישט געזען, נישט געשפּירט. אַ שפע פון גוטס אין שטוב ביי איר. האָט זי געחלומט וועגן גליק אין יענעם ערשטן טאָג פון באַפרייונג, ווען איר צעבראָכן און לויז בינטלביינער האָט קוים זיך דערשלעפּט צו אַ פעלד און מיט די שוואַכע פינגער, ווי מיט שטומפּיקע לאָפּאַטע־ציינער, זיך איינגעביסן אין דער ערד כדי צו קאָנען אַרויסרייסן פון איר אַ מערעלע און עסן, און עסן, וויפל דאָס האַרץ נאָר וועט גלוסטן? נו, און היינט... וואָס פעלט איר און זי האָט עס נישט?

גאָר נישט פעלט איר, פולע הויפנס גליק, און... המ... ווען האָט עס מיט איר פּאַסירט? אַ וואָך־צוויי צוריק. זי האָט אַזוי געלאָזן געטריטלט אויפן טראָ־טואַר, נאָר וואָס געהאַט אַרויס פון אַ געשעפט. געקויפט אַזאַ שיינע זאַך. אַ בלום פון קעראַמיק, האַנט־אַרבעט פון אַ באַוווּסטער קינסטלערין. בלויער הימל־קאָליר און צעגאָסענע זון־שטראַלן לענג אויס די נאָכהענגענדיקע אויסגעקנאָטענע און אויסגעברענטע קעראַמיק־בלעטער. לייכט איז איר געווען אויפן געמיט, ווי קיין מאָל נאָך נישט. אַזוי גרינג אויפן האַרצן, און פּלוצלונג... עפּעס האָבן אַלע ליכטער זיך אויסגעלאָשן, די זון האָט זיך באַהאַלטן הינטער וואָלקענעס. זי איז דעמאָלט שטיין געבליבן אין מיטן טראָטואַר, מענטשן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין איר, געשטופּט זי פאָרויס, אויף צוריק. די נאָר וואָס געקויפטע בלום איז איר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט, אָבער וואָס מיר בלום, ווער מיר בלום. זי איז גע־שטאַנען אַ נישט דאַאיקע. ״ווי אַזוי האָסטו זיך דערשלאָגן אַהער?״ זי וואָלט נאָך אַצינד גרייט געווען צו שווערן, אַז דאָס באַקאַנטע קול קלינגט נאָך אָפּ אין אירע אויערן. ״אַליין?״ ״מיך דאַרט איבערגעלאָזט לעבן פּלויט?״ ״הא? און ביסט טאַקע זיכער אַז דאָ איז דיין מקום? אַז דו בלאָנדזשעסט נישט צווישן קברים, אַז ס׳איז נישט אַזאַ מין גאַנג אין טיפע טויטן־גריבער? און ווער זענען די אַלע אַרום דיר? פון וואַנען האָבן זיי אַרויסגעשפּראָצט? פון וועלכע גריבער? פון וועלכע אויוונס?״

״וואָס ציטערסטו עפּעס, רחל, אפשר זיך צוגעקילט, אָדער וואָס?״ זי האָט בלויז אָפּגעטרייסלט זיך פון די טראַכטענישן וואָס האָבן זי געפאַנגען ווי עס פאַנגט אַ שפּין אָן אומשולדיק באַשעפעניש אין איר נעץ. מטושטשדיק האָט זי געקוקט אויף די שטראַלנדיקע קינדערס פּנימער, און אויף ברוכן וועמען זי האָט

אפילו נישט געענטפערט און ער איז איר אויסגעקומען עפּעס אַזוי ווייט, אַזוי ווייט...

די קינדער האָבן אַזוי לאַנג געזונגען און פריילעך געמאַכט, ביז זיי זענען גוט מיד געוואָרן. אהרעלע און זיוהלע זענען אפילו איינגעשלאָפן ביים טיש, פאַרלייגנדיק די קעפּלעך אויפן טיש־ברעט ווי אויף ווייכע קישנס. די אַנדערע, צוזאַמען מיט דער מאַמען, האָבן אָנגעהויבן אויפרוימען די שטוב, וואַשן די כלים און אָפּווישן זיי אויף טרוקן. דעם טאַטן האָט מען דאָס מאָל "באַפרייט" פון יעדער אַרבעט, איז ער געבליבן זיצן אַליין ביים טיש, כמעט ווי פאַרגעסן, און פריי פאַר מחשבותן וועמען די אַליינקייט זיינע איז אויך ניחא געווען.

אַן אָפּקלאַנג פון אַ קול האָט זיך געדראַפּעט אויף שויב־גלאָז, האָט אויס־געפונען שפּאַרונעס און זיך געיאָוועט אין שטוב, צוגענענט צו אים. טאַטעשי, גיב מיר דאָס שליסעלע, אָדער עפן דאָס ברויט־שענקל, כ׳בעט דיך, נישט מער ווי אַ "המוציא", אַ ביס טאָן און גענוג.

טראָפּנס שווייס זענען גערונען פון ברוך וואַלדמאַנס געזיכט אַראָפּ, אַ שטיי־גער ער וואָלט עס געוואַשן הינטער אַ קראַן.

ניין, ער האָט יענקעלען נישט געגעבן דאָס פּיצעלע ברויט וואָס ער האָט געבעטן. עס האָט דאָך געדאַרפט שטיין ביז צומאָרגנס מיטאָגצייט, און געווען איז ערשט פאַרנאַכט, צו אוונטברויט איז נאָך געווען ווייט, און וואָס וועט זיין מאָרגן? וואָס וועט בלייבן פאַר פרישטיק און אויף שפּעטער? ווער עס וויל לעבן דאַרף קאָנען באַצווינגען דעם רצון, די תאווה, דאַרף קאָנען זיך איינהאַלטן.

איז יענקעלע אַזוי געזעסן אַנטקעגן דעם פאַרשלאָסענעם ברויט־שענקל, געזעסן און געקוקט אין אים ווי אין אַ פאַרגראָבענעם אוצר און געוואַרט אַז נאַכט זאָל אָנקומען, אַז די שטערן זאָלן שוין אַרויס פון זייער באַהעלטעניש, אַז אַלע זאָלן שוין אויסזעצן זיך ביים טיש, יעדער מיט זיין צוגעטיילט שטיקל ברויט, און עסן, און עסן, אַז עס וועט אַזש אַזוי גוט זיין, אַזוי גוט.

נאַכט איז געקומען נישט אַ מינוט שפּעטער און נישט אַ רגע פריער, און פון דעסטוועגן פאַרשפּעטיקט. יענקעלע האָט פון זיין שטיקל ברויט מער נישט געגעסן. ער איז געבליבן זיצן אַראָפּגערוקט אויף דער שטול, אַנטקעגן שענקל, ווי איינגעשלאָפן. קאָן זיין אַז ער האָט טאַקע פריער איינגעדרימלט, און אפשר נאָך געחלומט וועגן עסן צו דער זעט, און עס קאָן אויך זיין אַז ער האָט אין גאַנצן נישט געחלומט, נאָר איז סתם אַזוי אויסגעגאַנגען, אויסגעענדיקט זיך, ווי עס שטאַרבט אָפּ אַ בלום ווען זי טריקנט איין, ווען דאָס חיות לאָזט זיך ביי איר אויס.

— ברוך האָט מיט צאָרן און ווייטיק געקוקט אויף די שפּייז־ברעקלעך צע־שפּרייטע איבערן גאַנצן טיש. זיי זענען אויסגעוואַקסן אין זיינע אויגן צו גאַנצע לאַבנס ברויט, האָבן אָנגעפולט דעם גאַנצן סאַלאָן. ווי דורך כוואַליעס געטריבן איז יענקעלע געקומען צו שווימען און געהויערט איבער די לאַבנס ברויט, און אַזאַ ליכטיק שמייכעלע אויפן פּנים, אַזוי צופרידן, נאָר גלייך איז ער אַנטרונען, ווי אין ים פון ברויט דערטרונקען געוואָרן.

— עס האָט שוין געמוזט זיין זייער שפּעט אין דער נאַכט. אַ פריידיקע מידקייט האָט אַלעמען אין שטוב איינגעשלעפערט. בלויז ברוך וואַלדמאַן איז נאָך אַלץ געזעסן ביים טיש. מיט נאַכטיקער טונקלקייט וואָס האָט זיך געשפּאַרט פון דרויסן אין סאַלאָן אַריין האָבן זיך מיטגעקנוילט וויסטער תהום, אויסגעהוילטע גריבער, פאַרברענטער געטאָ, שטייפע גופים אויפן טייך־פּלאַך אין שטעטל, ס.ס.־לייט מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן, מיט בלוט פאַרלאָפענע שווערדן. אַ קלאַפּעניש אין טיר. "הערצאָוס, הערצאָוס". — — —

ברוך האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פון שטול, געוואָלט אַלעמען אויפוועקן און אָפּגעהאַלטן זיך ביי זיווהעלעס בעטעלע, זי אַ נעם געטאָן פאַרן הענטל און גערופן ווי נישט מיט זיין קול "זיי זענען דאָ, זיי זענען דאָ". — — —

בלויז זיווהלע האָט זיך איבערגעוועקט, זיך צעוויינט, איז אַראָפּ פון בעטל אירן. טאַטעלע, טאַ טע לע... זי האָט אים אַרומגענומען מיט בלייכע הענטעלעך ווי פליישׁ פון אָפּגעדעקטן מת.

אָה, גאָר נישט, קינד מיינס, איינגעדרעמלט ביים טיש, וועגן גנבים געחלומט, איבערפאַלערס. ער האָט איר אַ קוש געגעבן אויפן שטערן, אַרויפגעפירט זי אויפן בעטל און זי צוגעדעקט מיט דער לייכטער זומערדעק.

מאָרגן, גלייך מאָרגן וועל איך אַריינגיין צו אים, זאָל ער מיר געבן עפּעס, אַ טאַבלעט אַזאַ וואָס זאָל אים שטאַרקן, וואָס זאָל שטאַרקן די נערוון, ער איז דאָך אַ פּסיכיאַטער, ער דאַרף וויסן, ווי דען אַנדערש?

דער שלאָף האָט אים אין גאַנצן נישט גענומען, כאָטש די נאַכט אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן זיך שפּאַלטן, צו צעפאַלן.

---

רחל איז געזעסן צוזאַמענגענומען אין פּירקאַנטיקן, טיפן פאָטעל און אַריבער־געגעדט צום דאָקטער, וועלכער האָט, ווי זיין געוויינהייט, געפינטלט אָן אויפהער מיט די אויגן, געהאַלטן דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט, ווי ער וואָלט געהאַלטן ביי איינדרימלען.

אייגנטלעך האָב איך נישט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן, כ׳בין אפילו גליקלעך, דאָקטער, אָבער דאָס האָט גאָר נישט צו טאָן, מיט דעם, נו, ווי זאָגט מען עס אייך, מיט "דאָרט". שווער אַ ביסל צו לעבן אַ דאָפּלט לעבן. אַ מאַסקע פאַר אַנדערע, אָפּגעדעקט און נאַקעט פאַר זיך אַליין (דער מאַן אירער, אַזוי איז זי זיכער, באַמערקט עס קיין מאָל נישט אין איר, אַזוי שטרענג היט זי דאָס אויס פון אים). אָבער ווי לאַנג וועלן סטייען די כוחות? ווי לאַנג קאָן אַ מענטש האָבן צוויי פּנימער? לאַכן פאַר יענעם, פאַר מאַן און קינדער, און וויינען פאַר זיך אַליין הינטערן דעק, ערגעץ באַהאַלטן. ווי לאַנג?

רחל האָט געקוקט דעם דאָקטער אין די אויגן אַריין, געמיינט אים צו זאָגן אַז ער זאָל איר העלפן נישט מיט רייד, מיט עצות, נאָר טאָן עפּעס אַזעלכעס וואָס זאָל זי אויסהיטן פון בייזן רואין, וואָס זאָל זי באַפרייען פון אַלע פּיינען. קיין איין טאָג איז זי נישט אַליין, קיין איין שעה נישט אין מעת לעת. "ער" וויל

נאָר זיין מיט איר, אין איר, גייט איר נאָך יעדן טריט, וווינט אין איר פאַרבונ־קערט, אנגעוואָרצלט. זיי האָבן אים אכזריותדיק געהרגעט. נאָך איידער ער איז צו צום פּלויט. אַ שפּאַר ביסל טעג איז ער געליגן אַזוי צווישן אַנגעוואָרפן מיסט. נישט געקומען צו קבר ישראל. אַה, ניין! נישט אין גאַנצן ריכטיק. אין דער אמתן איז ער דאָך פאַרקברט אין איר. ווערט טאַקע אַ סך מאָל אַזוי שווער, מוראדיק שווער.

— זי האָט געווישט דעם שווייס פון פּנים, אַ ביסל זיך אויסגעגלייכט און אָנגעפּודערט די צעפלאַמטע באַקן. ווי שווער האָרעוועט ער, איר ברוך, אַז עס זאָל אַלץ זיין אין שטוב, אַז עס זאָל איר גאָר נישט פעלן, אַז די קינדער זאָלן האָבן אַ וואַרעמע היים. איז מעגלעך אַז אויך ער פירט אַזאַ שווערע מערכה, ווי זי, מיט "יענע פאַרגאַנגענע טעג"? באַהאַלט ער עס אויס פון איר? ניין! ניין! ברוך איז שטאַרק, ברוך האָט אַ פעסטן כאַראַקטער, וועט זיי נישט צולאָזן צו זיך, וועט זיי אָפּטרייבן פון זיך, גליקלעך מעג ער זיין, ממש גליקלעך.

עס האָט צו לאַנג געדויערט דאָס שווייגעניש. איז עס געווען דער דאָקטער אַליין וועלכער האָט עס נישט געקאָנט פאַרטראָגן ווייל דאָס שווייגן האָט אָנגע־פולט דעם צימער־חלל מיט אַזאַ שווערקייט, אַזאַ געדיכטער שווערקייט, וואָס האָט נישט איבערגעלאָזט קיין טראָפּן לופט צום אָטעמען, אפילו פאַר אים, דעם "היילער" אַליין.

נו, גוט, האָט ער אַ זאָג געגעבן צו פרוי וואַלדמאַן, גענוג אויף היינט, מירן זיך טרעפן, אפשר טאַקע נישט אַליין. עס וועט גרינגער זיין.

און נאָך איידער זי האָט באַנומען זיינע רייד, האָט ער זיך אַ שטעל אויף געטאָן פון פאָטעל, געעפנט די טיר צום וואַרט־צימער און רחל האָט דערזען איר ברוכן זיצן אין עק פון דער דאָרט שטייענדיקער סאָפקע, צוזאַמענגעקאָר־טשעט, אַזוי איינגענומען, און דאָס פּנים זיינס אַ ביסל רוגזדיק, אויפגעבראַכט אוודאי אויפן פּאַציענט וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אינעווייניק, ביים דאָקטער, לענגער ווי נאָרמאַל.

נישט היינט, אָן אַנדערש מאָל, האָט אים ווי איבערגעוועקט דעם דאָקטערס קול, מיר וועלן זיך טרעפן צוזאַמען, עס וועט לייכטער זיין.

און עס האָבן ביי ביידן די וויעס זייערע זיך אַראָפּגעלאָזט ווי שווערע, גע־דיכטע פירהאַנגען און זייערע פּנימער האָבן אַרויפגעצויגן אויף זיך אַזעלכע שלייערן צו וועלכע זיי זענען ביז אַצינד אין גאַנצן נישט געוווינט געווען.

די טריט זייערע האָבן זיך געפּלאָנטערט און כמעט ווי נישט געפונען דעם וועג צו דער טיר.



משה זאַלצמאַן

# די נאכט פאלט צו...

## פאַרנאַכט

דער פאַרנאַכט
איז אַ בריוו אַ פאַרמאַכטער
אַ געהיימער.

קיינער ווייסט נישט פונעם בריוו דעם סוד.
מענטשן איילן פלוצעם צו דעם טראָט —
אין וואַלד, אין דאָרף, אין שטאָט.
טונקעלער ווערט אין פעלד דאָס גראָז.
אַ קראָ פליט פאַרביי און שעלט —
און קיינער ווייסט נישט: פאַרוואָס?
פייגל ווערן אומרויק —
זיי האָבן נישט אויף וואָס צו שטיין מער —
אַז אַ טאָג שטאַרבט,
שטאַרבן מיט מיט אים אַלע ביימער.

דער פאַרנאַכט
איז אַ בריוו אַ געהיימער.

## איך יאָג זיך נאָך דיר...

איך יאָג זיך נאָך דיר, ליד מיינס,
אַ יאַגדהונט
נאָך אַ הירש אַ געפאַלענעם —
אַ פאַרפאַלענעם
ערגעץ צווישן די שטערן.

מיין פאַריתומט געזאַנג
האָט נישט אויסגעברענט מיט די יאָרן.
עס לעבט אין מיין געמיט,

אינעם פולן עמער צער פון מיין האַרץ
און גליט —
מיטן אַש דיינעם און טרערן.

דער זשאַר פון דער אויסגעברענטער זון
גליט נאָך לאַנג נאָכן זונפאַרגאַנג
מיט רויטע בראַנדוווּנדן
אויפן גרויען געוואַנט פונעם דעמער.

מיין בענקשאַפט, מיין לעכצונג, מיין תשוקה
וואַך — און פייכט־איז —
זי ברענט אויף מיינע וויעס.
זי האָט נישט אויסגעטרוקנט ווי קערנער
אין אַ יאָר פון בצורת.
דיין אַש איז איר שורש.
מיין צער — איר חיות.

דער שריפה־ריח
פון מיין אויסגעברענט קינד —
שאַרף איז און געזאַלצן.
ער פאַרלויפט מיר אַלע מיינע וועגן.
אויך אין מיין נייער היים
גליט ער אומהיימלעך —
מיטן הייסן מדבר־ווינט
און מיטן זאַלץ פון ים־המלח.

די נאַכט פאַלט צו
און כ׳בין ווידער אַליין
מיט די פיר ווענט.
דאָס האַרץ קלעמט.
דאָס האַרץ איז צו קליין
פאַר דער שווערער וואָג פון מיין ווונד —
כ׳טראָג זי איבער אין דעם ליד.
יסורים זיך שיטן אין די טאָגעס
און גרויס און ברייט און טיף —
דער תהום איז.

די נאַכט פאַלט צו
און כ׳בין ווידער אַליין.
און כ׳וייס נאָך אַלץ נישט,
צי קומסטו היינט, גואל מיינער,
מיך אויסלייזן פון די פּיינען.

## באַך קיניגט היינט...

באַך קיניגט היינט אין דער פאַראַפּיע.
ס׳איז היינט דער גוישער שבת —
זונטיק.
ווי דער סקולפּטאָר אין שטיין,
ווי דער טעפּער אין ליים,
קנעט דער מאַי דעם פרילינג אויס —
שטרענג און האַרב — אין גרינער פאַרב.
און באַך — אין וואָרט און קלאַנג —
דאָס געזעגן־געזאַנג פון די פאַרגלייבטע.
זיין מוזיק פאַרפלייצט מיך —
אַ געוויטער אַ שטילער:
"אַלעלויאַ, אַלעלויאַ". — —

נאָר דאָס פּראָגראַם הייבט אָן שפּעטער,
מיט דער מאָרגן־תפילה.

דערווייל קומט אַ ווינטל אַ ווירטואָז
און שפּילט אויס אויפן גראָז
אַ פּאַסטאָראַל ליד — אָן וואָרט, אָן קלאַנג.

ס׳איז שטיל.
פייגל צוויטשערן,
שפּרינגען איבער פון בוים צו בוים.
דער אַפּריל
האָט לאַנג שוין פאַרקערט די וועגן צום דאָרף
ציכטיק ריין.
פערד הירזשען איבער זיי —
אויפן וועג צו דער קירך.

אַן אויסגעפּוצטער, מיט אַ בלימל אין לאַץ,
וואַרט דער באַגין שוין מיטן טריאָ:
באַד,
די גלאָקן אויפן דאַך
און די זונס מעשענע טאַץ.
עס וואַרטן אויך דער גלח, דאָס דאָרף —
און דער ייִד אויפן קרייץ.

באַלד וועט מוזיק טאָן אַ פּלייץ:
„אַווע מאַריאָ". „אַלעלויאַ".
באַך קיניגט היינט מיט זיין טריאָ:
„אַלעלויאַ. אַלעלויאַ".

אָט הייבט זי זיך אָן, די מעסע.
דאָס דאָרף קניט.
די מוזיק גייט איבער פון שטילע
צו אַלץ העכערע טענער.
עס העלפט איר אונטער אַ כאָר
פון פרויען און מענער.

און איך — דער ייִד — טראָג זיך אָפּ.
ס'טוט אַ שניט מיר ווי מיט אַ מעסער! —
דעם גלחס בייזע דרשה מיך בריט.
איך אַנטלויף.
דער אָרגל לויפט מיר נאָך:
„אַווע מאַריאָ". „אַלעלויאַ". — —
— — — — — —
כ'שווער אייך,
ס'איז יעדער באַך — אַ תרח...
„אַלעלויאַ. אַלעלויאַ". — — —



אברהם ליס

# דער מאָלער משה בערנשטיין

## (אַ האַלב יובל שאַפן אין ישראל)

מיטן אַן ערך פינף און צוואַנציק יאָר צוריק האָט משה בערנשטיין זיך באַוויזן אויף אונדזער ישראלדיק־מאָלערישן פּאַרנאַס, און ער האָט באַלד פאַרנומען אַן אייגנדיקע פּאָזיציע מחמת זיינע שאַפונגען האָבן אי געלאָקט, אי גענויט זיך צו פאַרטראַכטן שייך זיין קינסטלערישן פאַרנעם, וואָס איז געווען בעיקר געבונדן צו אַ מאָטיוו, צו אַ סביבה און פּייזאַזש, וואָס מיר אַלע האָבן געטראָגן אין אונדזער געמיט. — —

גלייכגילטיק האָבן זיינע בילדער, זיינע שאַפונגען קיינעם ניט געלאָזט. ניט מער, דער ווילן — ביי טייל ישראלדיקע קונסט־געניסער — זיך צו האַלטן מיט ״לייטן גלייך״ מיט ״לענדער גלייך״ — אָט דער סנאָביסטיש קינסטלעכער צוגאַנג, וואָס גרענעצט זיך גיכער מיט פּראָווינציאַליזם ווי מיט וועלטישקייט, האָבן צומאָל שווערלעך פאַרדייעט משה בערנשטיינס בפירוש אָפענע, אויסדריקלעכע יידישע טעמאַטיק, זיין אייגנאַרטיק־מקורותדיקן יידישן באַנעם, און זיין מאָטיוו וואָס האָט אויפגעזונגען מיט עצבות און דערמאָנונג פון אַ יידישער וועלט, וואָס איז אַקאָרשט פאַרשוווּנדן, וואָס איז אַזוי טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן. ס׳וואָלט געווען ניט ריכטיק צו זאָגן אַז בלויז **דאָס** און נאָר **דאָס**, ס׳הייסט אַז נאָר דער יידישער מאָטיוו איז געקומען צום אויסדרוק אין זיין שאַפן פון יענער צייט. פאַרקערט, אין זיינע אינטענסיווע און אוממיטלבאַרע עמאָציאָנאַלע מאָלערייען פון זיינע אָנהייב־יאָרן אין ארץ־ישראל, קענטיקט זיך דווקא אויס אַ ברייטע גאַמע פון טעמעס און מאָטיוון ; ער האָט געמאָלן לאַנד־פּייזאַזשן, די לאַנדשאַפטן פון גליל און עמק, ער האָט געמאָלן מדברדיקע זאַמדן און ביי־געפלאַסטערטע וועגן, ער האָט געבראַכט פאַר אונדז אַ ריי געשטאַלטן, טיפּן און אימאַזשן פון אונדזערע עדות און שבטים, און ער האָט אַרויסגעבראַכט מיט פּלאַסטישער שיינקייט אַל די זעונגען און איבערלעבונגען, וואָס זענען מושפּע דעם קינסטלער און באַוועגן אים אויסצודריקן דאָס פּאַראַנענע ; — די דערשיינונגען און אַנטפּלעקונגען פון שטח אויף וועלכן מיר לעבן.

משה בערנשטיין האָט אין זיינע מאָלערייען פון יענער צייט אויסגעדרוקט — מיט פאַרשפּיצטער פילבאַרקייט — אויסגעדרוקט דעם קלימאַט און שפּירונג פון צייט און לאַנד און מענטש. און דאָס מיט אַזאַ פּרעציזקייט און עכטקייט און מיט אַזאַ כאַראַקטעריסטישן ציטער — אַז מיר האָבן אויך אָפּגעפילט זיין אייגענעם אינערלעך־קינסטלערישן געראַנגל, ווי זיין ניט וועלן, און ניט קאָנען זיין מיט ״מאָלער גלייך״. נאָר ער ווערט ווי געשטויסן צו געפינען זיין אייגענעם יחידישן וועג, צו געפינען אויסדרוק פאַר דעם שעפערישן אומרו, וואָס האָט געהויערט אין אים, גערופן, געמאָנט און ווי געצונדן זיין געמיט. — — דהיינו : וואָס איז די אויפגאַבע פון יידישן קינסטלער אין אונדזער היינטיקער צייט ? וואָס איז זיין ראָל ? און וואָס דאַרף זיין

זיין בייטראַג צו דער קונסט, בלייבנדיק געטריי זיך אַליין, און זיין יידישן־און־מענטשלעכן געוויסן?

לאָמיר ניט פאַרגעסן, ס'איז דאָך געווען באַלד נאָך דעם ווען מ'האָט דערזען דעם טרויעריקן סך הכל, אַז בלויז האַלעוועשקעס זענען פאַרבליבן פון אַ גרויס און צעצווייגט דורותדיק לעבן אין מזרח־אייראָפּע. נאָגנדיקע דערמאָנונגען האָבן אַזוי שניידיק בולט געמאַכט, דאָס גוטס וואָס מיר האָבן פאַרלוירן, די אַלטע, דורותדיקע יידישע היימען, וואָס זענען אומגעקומען.

פון אָט די דורותדיקע יידישע היימען, פון די יידישע שטעט און שטעטלעך, זענען געקומען כמעט אַלע יידישע קינסטלער, דיכטער, שרייבער, בויער און טרוימער. די פאָרמירער פון אונדזער ליטעראַטור און קונסט. פון אַזאַ יידיש־שטעטלשער היים איז געקומען אויך משה בערנשטיין, און אין אַנבליק פון דאָס גרויליק־פאַרלאָפענע, אין אַנבליק פון דער אומקום־דראַמע, איז אויפגעגאַנגען אין אים שאַרפער און טיפער דאָס געפיל פון קינסטלערישער מיסיע, דאָס געפיל פון שליחות, פאַרפיקסירן דאָס נעכטיקע יידישע לעבן, וואָס איז נישטאָ מער. — —

משה בערנשטיין האָט אַזוי אָפּגעפונען זיך און זיין מאָלערישע אויפגאַבע. ווי ווייניק ווער — און אפשר דער איינציקער — צווישן די ישראלדיקע קינסטלער האָט ער זיך כל־כולו געווידמעט דעם פּאָר אים — מענטשלעכן און נאַציאָנאַלן — חוב, באַקענען דורך דער פּריזמע פון זיין שאַפן דעם טיפּאַזש און פּייזאַזש פון אַן אומגעבראַכטער יידישער וועלט, און ער האָט ווי פאַרוואָרפן אַלע אַנדערע מאָטיוון, אויסגעמיטן אַלץ, וואָס עס האָט אים געקאָנט באַאיינפלוסן און קערן צו עפּעס אַנדערש, ווי ברענגען צום אויסדרוק די יידישע גאַס, דעם שול־הויף, דעם אַלטן שמש און דעם מלמד, די הייזער פון שטעטל, דעם וועק־זייגער און די ביי־מאַשין, די פרומע יידן און זייערע חנוודיקע טעכטערס, כלה־מיידלעך, דעם מתמיד אין קלויז און דעם וואַסערטרעגער, — און איבער אַלעם **הויכט** זיין אייגן שניידיקער קוק, וואָס זאָגט און רופט "זעט, זעט וואָס פון דעם אַלעם איז געוואָרן". — — אָבער אפילו דורך זיין שניידיקער, שאַרפער מאָנונג און דערמאָנונג גייט אויף און באַוועלטיקט דווקא די טואיקע שטימונג, די פאַרבענקשאַפט, דער לירישער טאָן, די האַרציק־גשמהדיקע פלאַסטישע עפּיק פון דעם קינסטלער.

ער האָט געמאָלן זיינע — אונדזערע אַלעמענס — אייביקע געשטאַלטן און פּייזאַזשן, פריער אין אויסדרוקספולע צונטערע פאַרבן, שפּעטער — און אַזוי ביז היינט — מאָלט ער בעיקר אין שוואַרץ־ווייס. שוואַרץ־ווייס, דאָס זענען די אייגנטימלעכע פאַרבן פאַר זיין מאָטיוו. ס'איז דאָך דער ריכטיקער לבוש פון זיין תוכיקער מאָלעריי, ס'איז דער פּאַסיקער נוסח צו דעם אינהאַלט פון זיינע אַרבעטן, וואָס טראָגן און פאַרמאָגן אַ קינסטלעריש־אידעאישע אויסגעהאַלטנקייט.

איך האָב די טעג געלייענט אַ פּאָר אינטערעסאַנטע אַרויסזאָגונגען וועגן קונסט פון איינעם פון די אייגנאַרטיקסטע געשטאַלטן אין דער אַמאָליקער רעוואָלוציאָנערער און שפּעטער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אַנאַטאָלי לונאַטשאַרסקי, וואָס איז געווען אַליין אַ באַגאַבטער עסייאיסט און דראַמאַטורג, זאָגט ער: "דער קינסטלער ווערט אַ פּרעדיקער דווקא צוליב דעם, וואָס דער קינסטלער, וועלכער לעבט אין אים, טרייבט אים אָפּצושפּיגלען דאָס לעבן אין זיין תוך, אין זיין אייגנטלעכן אינהאַלט, אָפּצושפּיגלען קאָנצענטרירט אַ סך לעבן אין איין פּונקט..." "ביים קינסטלער איז דאָס פילן שטאַרקער פאַרן דענקען; ריכטיקער ער דענקט ניט מיט רינגען אין אַ קייט פון לאָגיק, נאָר ער דענקט מיט געשטאַלטן, מיט בילדעריי. (לונאַטשאַרסקי איז געווען אַ גייסטרייכער שרייבער און אַן ערלעכער רעוואָלוציאָנער. ער איז געשטאָרבן אין 1933.)

און ס'איז אמת זיין באַהויפּטונג, אַז

ביים קינסטלער איז דאָס פילן שטאַרקער ווי דער געדאַנקלעכער פּראָצעס, ווי די מחשבה־געקייטלטקייט. אָבער מען מוז צוגעבן אַז ביים רוב עכטע קינסטלער אויף יעדן צווייג פון קינסטלערישן שאַפן גייט ביינאַנד, און עס פאַרינגלט זיך אַזוי מהותדיק און אָרגאַניש מחשבה און געפיל, שטימונג און געדאַנק, פאָרעם און אידייע, און עס דערגייט צו דעם וואָס עס הייסט: קינסטלערישע גאַנצקייט.

קינסטלערישע גאַנצקייט איז פאַראַן אין משה בערנשטיינס בילדער, כאָטש אומרו און באַטירלעכער טרויער ווייעט פון זיינע שאַפונגען, אפשר ווייל זייער אינהאַלט און מאָטיוו פירט אונדז — נאָסטאַלגיש — אַריבער צו אַ טראַגיש־אומגעבראַכטער וואָר? אָבער גראַד אַזוי איז עס דאָך, ווערט עס דאָך, דער אמת פון אונדזער תקופה.



משה בערנשטיין דערגרייכט עס מיט זיינע היקפדיקע צייכענונגען, דורך זיינע דינע, לויטערע ליניעס, וואָס אָט זענען זיי קאָנצענטרירט און אָט צעלויפן זיי זיך סימעטריש און זיג־זאַגיש און דערגייען צו אַ מאַלערישער האַרמאָניע, און דערגייען צו אַזאַ שטילער, געדעמפּטער מעלאַדישקייט, ווי די געשטאַלטן און שטיל־לעבנס וואָלטן דיר אין דער שטיל אויסדערציילט אַ כישופדיקע מעשהלע פון אַמאָל. — —

איך ווייס ניט פאַרוואָס? צי דערפאַר ווייל משה בערנשטיין איז אַזאַ ענטוזיאַסטישער ליבהאָבער פון מוזיק? צי דערפאַר ווייל ער איז אַזאַ געטרייער לייענער פון גוטער פּאָעזיע, עפּעס האָב איך אים פון צייט־צו־צייט חושד געווען אַז ערגעץ, פאַר זיך, שרייבט ער אויך. איז עס דאָך ניט קיין חכמה צו זאָגן עס איצט. ווען מיר ווייסן שוין אַז ניט נאָר שרייבט ער לידער, נאָר ער שרייבט טאַקע האַרציקע, שטימונגספולע לידער ווי זיי קומען אַריין אין זיין פּראַכטיקן, איצט־אַרויסגעגעבענעם אַלבאָם. בלייבט ניט אַנדערש איר זאָלט מיר בכרחו מוזן גלויבן אַז מיין השערה איז טאַקע געווען אַזאַ.

איז דער באַנד, דער אַלבאָם מיט לידער און באַגלייטנדיקע צייכענונגען ווי ער הייסט "מיינע אינטימע מינוטן", ניט נאָר אַ דערהויבענער אויפטו, אַ קינסטלערישער אויפטו, נאָר אַ שטאַפּל אינעם אייגנדיקן גאַנג פון משה בערנשטיין, וואָס באַצייכנט די שיינע דאַטע פון זיין פינף און צוואַנציק יעריקער קינסטלערישער אַקטיוויטעט אין ישראל. נאָך אַזאַ דורכגעגאַנגענעם רייף־פּרוכטיקן וועג, אָפּצייכענענדיק די דאַטע פון 25־יאָריקער קערנדיקער שעפערישקייט, און צו בלייבן אַזוי — מיט די צווייפלען — ווי ער זאָגט — אין זיין אַריינפיר צו דעם אַלבאָם: "איך בין אין ספקות וועגן מיינע לידער פונקט ווי וועגן מיין מאַלעריי". דאָס אַליין איז אַ מדרגה, אַזעלכע שפּירונגען זענען כאַראַקטעריסטיש נאָר פאַר עכטע, אמתדיקע קינסטלער. — — ווייל אַלץ וואָס עס שאַפט משה בערנשטיין, קומט אויף ביי אים, קומט אויף "ממעמקים", ווי ער דריקט עס אויס אין זיין ליד:

ממעמקים פון די טיפסטע־טיפן
גיי אויף מיין אויסגעבענקטע טרייסט
ווי אַ דין־דינסטער קלאַנג .
ממעמקים פון די טיפסטע־טיפן
גיי אויף מיין גלויבן פון מענטש צו מענטש
מיט שטילן געזיכערטן גלויבן.

די לידער "פון מיינע אינטימע מינוטן" זענען זיין ממעמקים אומעט־געזאַנג וועגן דער אומגעבראַכטער היים, איז פון דעם און צו דעם אַלץ, וואָס די יידישע היים האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט. ערגעץ ווו רופן זיך איבער אָט די טענער מיט דער פאַלקסטימלעכער מיליע פון מרדכי געבירטיקס ליד., רופן זיך ווי איבער מעט דעם אויסגערופענעם, אויסגעטובלטן אין וויי און צער מאָטיוו פון סעגאַלאָוויטשעס — לידער און פּאָעמעס — פונעם טרויעריקן "נישטאָ". משה בערנשטיינס לידער אויף אָט דער

טעמע זענען צומאָל נאָך האַרציקער — געוויס הן צוליב דעם אָפּגעלאָפּענעם צייט־שטח, הן צוליב זיין מאָלערישער שפּירונג. זאָגט ער אין זיין ליד "שקיעה"

די שקיעה אין איר פאַרגיין
איז דאָס געמאָלענע בילד פון ניט
געזעענעם מייסטער,
וואָס מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרשטיין
פון וואַנען צויבערט זיך דער כוח
אומבאַוווּסטער.

און באַלד נאָכדעם קומען די רירנדיקע לידער פון דערמאָנונג "טאַטע בענקשאַפט"

אַט גייסטו מיר אַנטקעגן ווי אַ זאַנג אַ צעוויגטע / מיט דיין צעפלאַמטער חסידישקייט * כאָטש דו ביזט אַ טויבן־שטילע תפילה /

— — — — — — — — —

ווי שווער קומט מיר אָן היינט רעדן צו דיר, טאַטע ליבער / אין דער פאַרשטומטער פאַרוויסטקייט וואַנדערט צו מיר / דיין קול. / איבער אַלע ווייטקייטן פון צייט שפּאַן איך צו דיר אַריבער / אַריינצוווינען מיין צעוויטיקטע בענקשאַפט אין דעם יאָמער־טאָל /

אַט די אָפענע פּשוטע שורות באַווירקן אונדז, ווייל זיי טראָגן אין זיך דעם אָטעם פון אוממיטלבאַרקייט און זיי אַנטהאַלטן אין זיך דעם עכאָ פון אונדזער אייגענער שפּירונג:

קום צו מיר מיין פאַרגאַנגענע יוגנט
כ'וויל נאָך אַמאָל פילן דיין ציטער.

אָדער:

"יאָרן מיינע שיינע
יאָרן מיינע ריינע
ווי בלעטער צעוואָרפן אין האַרבסטיקן
ווינט
וואַלגערט איר זיך
אין מיין זכרון אַצינד.

און ווייטער:

ליגן די יאָרן פאַרשעמטע
מיט הערצער פאַרקלעמטע
און שווייגן אויס
מיין שטילע בענקשאַפט.

בענקשאַפט איז איינער פון די הויפּט־עלעמענטן אין זיין ליד, ס'איז די קאָנקרעטע בענקשאַפט צו דעם אַמאָל, צו די נאָענטע, צו דער פאַרפלויגענער יוגנט, צו דער מאַמען. אין ליד "מאַמע בענקשאַפט" צייכנט ער אַזוי סענסיטיוו דעם נעכטן אין דער עמפּפינדונג פון היינט:

ס'איז דיין ביי־מאַשין געוועזן
דער זייגער וואָס האָט פאַרוויגט דיין
מידקייט
אין שפּעטער נאַכט.
אַמאָל אין דער פרעמד,
האָסטו בריוו צו מיר געשיקט
האָבן דיינע צעפליגלטע אותיות
ווי טויבן געוואָרקעט אין מיין האַרץ...

און ס'איז פאַראַן אויך אַ בענקשאַפט אָן אַבסטראַקטע, וואָס ציט פון אומבאַוווּסטקייט און הויערט אין דיר, און דערפירט צו דער אייביקער פראַגע פון: זיין און אַוועקגאַנג, ווי בערנשטיין פּרווּוט עס אַזוי היימישלעך־פאָלקסטימלעך אַרויסהייבן כאָטש די פראַגע האָט שוין באַשעפטיקט פילאָזאָפן און דענקער און נביאים, זייט די וועלט שטייט:

וואָס וועט זיין מיט אַלע פייגל אויף
מיין דאַך
ווען מיינע אויגן וועלן זיך פאַרלעשן
ווי די ליכט אין אַלטן קלויז?

אָט אַזעלכע טרעפלעכע גוט געפורעמטע שורות בינדן זיך אויס, קייטלען אויס — גאָר אָפט — זיינע לידער, עלהיי רינגען אין די הענט פון געניטע שניצערס, גראַווירערס, וואָס האָבן באַצירט חפצי־קודש מיט זייער מלאכת־מחשבת. אַזוי תוכיק און מעלאָדיש און געראָטן אין פאָרעם איז דער צוזאַמענשטעל פון יעדן בלאַט אין אַלבאָם. ווו דער טעקסט איז אויסגעבונדן מיט דער צייכענונג. אַז מען נעמט פאַר זיך יעדן בלאַט,

ריכטיקער צו זאָגן, יעדן עמוד, אויף וועלכן עס קומט דאָס ליד אויסגעכתיבעט אויסגעצירקלט פון סופר סתם באַגלייט מיט די סימבאָליסטישע צייכענונגען, זעט מען ניט דאָס ליד באַזונדער, און ניט די צייכענונג באַזונדער נאָר וויביידע וואָלטן זיך צונויפגעוואַקסן אין איין אומגעוויינלעכער און דאָך נאַטירלעכער אָרגאַנישער גאַנצקייט. דאָס ליד איז דער סיפּור המעשה פון לעבן, פון פאַרבענקשאַפט, פון זכרונות און באַגערן פון סוד און גראַנגל און די צייכענונגען דערגאַנצן עס, באַקרוינען עס מיט זייערע געשטאַלטן און סימבאָלן.

משה בערנשטיין איז זיכער ניט דער איינציקער מאָלער, וואָס שרייבט אויך לידער. ער איז אָבער געוויס אַ יחיד בימינו מיט דעם, ווי דאָס ליד רופט זיך איבער און קומט אויף ביי אים פון זעלבן מקור, פון דער זעלבער קוועליקער ליבשאַפט, די ליבשאַפט צום עבר, די ליבשאַפט צו אונדזער אַלט־יידישן שטייגער. דערפאַר אַזאַ פאַרהערלעכונג ביי אים, צום גרויסן מייסטער, צו מאַרק שאַגאַלן, צו וועמען ער קוקט אַרויף מיט אַזוי פיל פּיעטעט און ליבע, ווייל:

„דער מכשף — זאָגט ער וועגן שאַגאַלן — שטייט פאַרן אייגענעם ווונדער און צויבערט אַרויס פאַרגאַנגענע נעכטנס”.



כאָטש צווייפלען זענען פאַראַן. און עס נאָגן די ספקות, דאָך באַוועלטיקט דער געפיל פון בטחון אַז דעם עבר וועט דערפילן אויך, דערשפּירן אויך דער צוקונפטיקער דור; שרייבט ער אַזוי צו זיין טאָכטער:

„כ׳בין, טאָכטער מיינע, אַ בלעטל
פון אַ גרויסן יחוסדיקן סידור צעריסענעם,
דו וועסט אַמאָל נאָך זאַמלען
בלעטל צו בלעטל
צו געפינען אין זיי דעם טעם
און דעם זין.”

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## די רויטע פענער האָבן נישט געפלאַטערט

פון 25סטן ביזן 30סטן יאַנואַר 1976 איז אין ירושלים פאָרגעקומען דער אַלוועלטלעכער צוזאַמענפאָר פון יידישע פראָנט־קעמפער, וועטעראַנען פון דער אַנטי־נאַצי־מלחמה.

אין די געראָמע זאַלן פון הילטאָןהאָטעל און בניני האומה האָט מען יענע טעג געקאָנט זען רירנדיקע באַגעגענישן צווישן געוועזענע זעלנער און אָפיצירן פון די באַפרייונגס־אַרמייען, דערין אויך פון דער יידישער ארץ־ישראל־בריגאַדע. צווישן די מיליטערישע שטאַנדאַרטן און שלאַכטס־פענער פון אַלע נאַציאָנאַלע באַפרייונגס־איינהייטן האָבן אויסגעפעלט די רויטע פענער פון דער סאָוועטישער אַרמיי, און ס׳איז נישט קיין ווונדער, ס׳איז גיכער אַ בייזווונדער, וואָס דער סאָוועטישער רעזשים האָט פאַקטיש פאַרראַטן די אידעאַלן, פאַר וועלכע ס׳האָבן געקעמפט אַלע פרייהייטס־ליבנדיקע פעלקער, דערין אויך און אפשר שווערער פון אַלע — די פעלקער פון סאָוועטנפאַרבאַנד...

ביי היינטיקן טאָג, האָבן באַזונדערס יידן אַ בלוטיקע טענה צום סאָוועטישן רעזשים, אויך די לעבן־געבליבענע וועטעראַנען פון העכער אַ האַלבן מיליאָן יידישע סאָלדאַטן, אָפיצירן און גענערעלער, וועלכע האָבן אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי געשמעטערט דעם פאַשיסטישן שונא.

דער סאָוועטישער רעזשים איז ביי היינטיקן טאָג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין

דאָס מוח־טרעסט פון אינטערנאַציאָנאַלן אַנטיסעמיטיזם, ער באַגנוגט זיך נישט בלויז מיט זיין טאָטאַלער שקרים־פּראָפּאַגאַנדע קעגן מדינת ישראל און פאַלק ישראל, נאָר ער באַוואָפנט, מושטירט און גרייט אָ נייע, שוין אָ פינפטע פאַרניכטונגס־מלחמה פון די רעאַקציאָנערע יידן־מערדערישע אַראַבישע מדינות קעגן דעם איינציקן דעמאָקראַטישן לאַנד אויפן נאָענטן מזרח.

די דאָזיקע אַנגעווייטיקטע פראַגע איז פיל מאָל באַרירט געוואָרן אין די דעבאַטן פון אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר פון יידישע מלחמה־וועטעראַנען, וועלכע האָבן זיך אין דער פולסטער מאָס סאָלידאַריזירט מיטן שווערן געראַנגל פון אונדזער לאַנד פאַרן עצם קיום און סוּווערעניטעט.

מיט האַרציקע באַגריסונגס־ווערטער צו די דעלעגאַטן פון צוזאַמענפאָר זענען אַרויסגעטראָטן דער מדינה־פּרעזידענט פון ישראל פּראָפעסאָר **אפרים קציר** און פּרעמיער **יצחק רבין**, די כנסת־דעפּוטאַטן **אבא אבן, משה דיין, מנחם בעגין**, רעזערוו־גענעראַל **חיים לסקוב** און אַנדערע.

מיט אָ פאַרכאַפּטן אַטעם האָבן די דעלעגאַטן אויסגעהערט די לעקציע פון באַרימטן אַרכעאָלאָג און ערשטן שטאַבשעף פון דער ישראל־אַרמיי **יגאל ידין** וועגן דער רומפולער געשיכטע פון די מצדה־קעמפער.

דער צוזאַמענפאָר האָט אויך באַהאַנדלט דעם שווערן מצב פון די יידן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכע אידענטיפיצירן זיך מיט דער יידישער נאַציע און מדינת ישראל, וועגן די אסירי ציון, וואָס שמאַכטן אין די סאָוועטישע טורמעס און צוואַנגס־לאַגערן בלויז פאַרן וועלן זיך רעפּאַטריאירן אין זייער היסטאָריש היימלאַנד. אויך די פּראָבלעמען פון אָ פרייער עליה פון סיריע און סאָוועטנפאַרבאַנד זענען באַהאַנדלט געוואָרן.

יאָ, ס'האָבן אויסגעפעלט די רויטע סאָוועטישע שלאַכטס־פענער, ס'האָבן זיך אָבער געוואָרפן אין די אויגן די סאָוועטישע אָרדנס און מעדאַלן ביי פיל עולים — געוועזענע סאָלדאַטן און אָפיצירן פון דער סאָוועטישער אַרמיי; צווישן אָט דער אַנזעעוודיקער גרופּע פון דער ישראל־דעלעגאַציע האָבן זיך אויך געפונען די יידישע דיכטער פּראָנט־קעמפער זיאַמע טעלעסין, חיים מאַלטינסקי און יוסף קערלער.

## יידיש... באנגלית

דער יידיש־פאַקולטעט צוזאַמען מיטן אָפּטייל פאַר פאָלקלאָר ביי יידן אינעם ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט האָט דעם 15.1.1976 אויפגענומען אָ גאַסט־לעקטאָר פּראָפ' **ביינדל קירשבלאַט־גימבלעט** (פּענסילוועניע אוניווערסיטעט — פילאַדעלפיע. ייוואָ, ניו־יאָרק). ווייזט אויס, אַז די טעמע פון איר רעפעראַט "פּראָבלעמען פון פאָרשן דעם לעבנס־שטייגער פון מזרח־אייראָפּעישע יידן" האָט אַרויסגערופן נייגער ביי פיל יידיש־ריידנדיקע, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן שטיל אַרויסצושאַרן פון אַאודיטאָריום, ווען ס'איז קלאָר געוואָרן אַז די גאַסט־רעדנערין לייענט איר רעפעראַט אויף ענגליש...

קענטיק, אַז דער פּרינציפּ "קראָמיע יידיש" איז אַזוי אַריין אין די ביינער, אַז אויך דער יידיש־פאַקולטעט צוזאַמען מיטן ייוואָ־פּראָפעסאָר האַלטן זיך פעסט ביי אָט דעם "פּרינציפּ"...

**לייבוש בענדאַווסקי**



משה בערנשטיין

צייט און אייביקייט

משה בערנשטיין

# צוויי לידער

## מיין באָבעלע

מיין באָבעלע, עליה השלום,
איז געזעסן ווי אַ ראָזשינקע פון דער משפחה,
גערעדט האָט זי זינגענדיק, מיט חכמה,
געלעבט ווי אין חלום,
אירע ליפן האָבן כסדר געמורמלט
אויף פרנסה און שלום...
אָט אַזוי —
מיט שפּאַקולן אויף שפּיץ נאָז,
וואָס איז געווען פּייכטלאַך און ראָז,
מיט אַ חנדל,
האָט מיין באָבעלע געוואַרט
אויף משיחס צייטן, אחרית הימים...
אָט ציילט זי די אייניקלאַך
ווי די שטערן פון בין השמשות
מיט אַ בענקשאַפט נאָך די ווייטע פאַרגאַנגענע יאָרן,
פאַר יעדן האָט זי געהאַט אויסגעוואַרעמט אַ גוט וואָרט,
ווי אַ הינדעלע איבער אייער,
ווען זי האָט צו מאָל געגעבן אַ קרעכץ
אויפן הייליקן־אָרט
איז אַ טרער געבליבן פינקלען
אין די שפּאַרונקעלעך פון אירע אויגן,
מיין באָבעלע די קליינע האָט געוווּסט דעם סוד פון לעבן,
אירע לאַנגע צעזינגענע מעשיות
האָבן אונדז געוואַרעמט
און פאַרזייט אין אונדז
דעם טעם פון יידישער חכמה און חן...

## דער געקומענער פון פייער

ס'וועט דיין קול דערגיין צו אַלע פאַרשטיינערטע הערצער,
צעקלינגען וועלן זיך פאַר דיר אַלע גלעקער פון דער וועלט ...
נאָר דו, פאַרשרפעטער, פאַרשעמטער,
וועסט אויסוויטיקן פון זיך דיין פאַרגאַנגענע פרייד.
ס'וועלן די וואונדן פון דיין וואָגל טראָגן דיין לויטער וואָרט
און דו וועסט אין מינוטן פון צעצונדענעם צאָרן
מיט צאַרטער תמימות
דערציילן דעם אויפגאַנג פון פאַרבלוטיקטן חלום,
ס'וועלן דיינע פאַרשרפעטע ליפּן
מורמלען דורשטיק דיין אינטימע פייער־מגילה.
ווי אַן אַפּאָסטאָל וועסטו שטיין אויף די העכסטע שטאַפּלען
פון אַלע הויכקייטן ...
די שענסטע וועלט־גייסטער וועלן זיך פאַר דיר פאַרנייגן,
אפילו די גאָטהייט אין די הימלען וועט זיך פאַרשעמען
און פאַרשטעלן איר פּנים מיט אַ וואָלקן ...
נאָר דער נומער, אויף דיין לייב וועט ברענען זייערע געוויסנס
ווען וועסט אַנטבלויזן דיין אָרעם
מיין געקומענער פייערדיקער ברודער.

ערב ניי־יאָר 1975



# פאַרקריצט אין זכרון...

## סטאַניסלאַוו (יהושע) וויגאָדסקי

## אַ באַזוך

— איר הערט ?

זי האָט זיך אויפגעזעצט אויפן געלעגער און געקוקט אַראָפּ, צו דער פרוי, וואָס איז געלעגן אויף דער אונטערשטער פּריטשע. פון דעם שטרוי, וואָס איז שוין געווען אין גאַנצן דורכגעריבן, האָט זיך אַ שיט געטאָן אַ ביסל פּראָך אויף דעם שוואַרצן קאָץ, אָבער די פרוי אונטערן קאָץ האָט זיך בישט קיין ריר געטאָן.

— איר הערט ?

איצט האָט זיך פון אונטן דערהערט אַ שטימע.

— איר רופט מיך ?

— אייער זון איז געקומען — האָט געזאָגט די, וואָס איז געלעגן אויף דער אויבערשטער פּריטשע.

— פון וואַנעט ווייסט איר ?

— ער גייט דאָ אַהער, איר זעט בישט ?

די פרוי, וואָס איז געלעגן אונטן האָט געפּרוווט זיך אויפזעצן, אונטערשפּאַרן דעם עלנבויגן אויף דעם ברעט, וואָס האָט אָפּגעטיילט די פּריטשע פון דעם דורכ־גאַנג, אָבער דאָס איז איר בישט געלונגען. זי האָט בלויז אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט אין דער ריכטונג פון אַריינגאַנג. דורך דער האַלב־אָפענער טיר פון בלאָק איז עמעץ אַריינגעקומען, עס האָט זיך צו איר עמעץ דערנענטערט, עמעץ וועמען זי האָט אין דער ערשטער מינוט בישט דערקענט. צוגעקומען איז צו איר אַ קליין ייִנגל, אַ דאַרער און פאַרשוואַרצטער, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן מאַנטל, וואָס האָט אויף אים אַראָפּגעהאַנגען כמעט ביז צום בעטאַנענעם דיל. עס איז געווען קענטיק, אַז עס קומט אים אָן שווער זיך צו באַרירן, עס איז אים שווער צו באַוועגן מיט די פיס, וואָס האָבן געשטעקט אין הילצערנע כאָדאַקעס.

— דאָס ביסטו ? — האָט געזאָגט די פרוי, וואָס איז געלעגן אויף דער אונ־טערשטער פּריטשע, און זי האָט געפּרוווט טאָן אַ שמייכל.

— איך האָב ריזיקירט, מאַמע.

די פרוי האָט אויסגעצויגן די האַנט און געקוקט אויף דעם יינגל, זי האָט געוואַרט, געריכט זיך, אַז ער וועט צוקומען נענטער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ברעג פון דער פּריטשע, אָבער דערנענטערט צו דער מוטער האָט ער זיך נישט.

— ווילסט נישט ? — האָט געפרעגט די פרוי, שמייכלענדיק.

— איך בין שוין אַ דערוואַקסענער — האָט געענטפערט דער זון.

— אָבער דו ביסט מיין קינד, איך מעג דיר געבן אַ קוש.

— איך בין שוין דערוואַקסן — האָט ער איבערגעחזרט.

— דו ביסט נאָך נישט קיין דערוואַקסענער. דו ביסט מיין קינד.

— איך בין שוין נישט קיין קינד. האָסט אַ טעות, מאַמע.

— אָבער איך האָב דיך שוין לאַנג נישט געזען — האָט געזאָגט די פרוי.

— איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס צו קומען.

— דו מוזסט נישט קומען מיט עפּעס. איך וויל דיך זען.

— איך האָב דיר געבראַכט אַ האַלב ברויט.

דאָס יינגל האָט אויפגעהויבן די פּאָלע פון געשטרייפטן מאַנטל און האָט געגרייכט צו דער קעשענע פון דער בלוזע.

— איך דאַרף נישט — האָט זי געזאָגט, נישט אָפּווענדנדיק דעם בליק פון יעדער באַוועגונג זיינער.

— איך האָב אַ סך ברויט— האָט ער געזאָגט זאַכלעך, טרוקן.

— פון וואַנעט האָסטו ברויט ?

— איך אַרבעט.

— דו ?

— איך העלף שטופּן דעם וואָגן, מיט וועלכן מען ברענגט צו אייך די וועש.

— צו וועמען ?

— צו אייך, אין פרויען־לאַגער.

— כ׳האָב נישט געוווסט.

— אַז איך האָב נישט קיין ברויט, האָב איך נישט נאָך וואָס צו קומען אַהער.

— און דו קומסט אַהער אָפט ?

— איין מאָל אין עטלעכע טעג.

— כ׳האָב נישט געוווסט — האָט זי געזאָגט מיט אַ פאַרביטערונג אין דער שטימע.

— זיי האָבן מיר געגעבן אַ לאַנגן מאַנטל, כ׳זאָל אויסזען עלטער.

— אַ . . . יאָ.

— איך קען ריזיקירן, ווען עס איז כדאי. היינט האָב איך ברויט, בין איך געקומען.

— ברויט. דאָס איז די לעצטע זאַך, וועגן וועלכער איך טראַכט. איך וויל נאָר זען דיך.

— איך האָב דיר שוין געזאָגט.

— וואָס האָסטו געזאָגט ?
— אַז איך בין אַ דערוואַקסענער.
— איז דערפאַר ווּעסטו נישט קומען צו מיר ?
— ניין.
— דערפאַר, ווייל נישט תמיד האָסטו ברויט ?
— נישט דערפאַר.
די פרוי האָט געקוקט אויף דעם יינגל, דער שמייכל אויף אירע ליפּן איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען.
— אפשר וועסטו זאָגן, פאַרוואָס דו ווילסט מיך נישט זען ? — האָט זי געפרעגט ; דער זון האָט געשוויגן — זאָג.
— איך האָב געמוזט געבוירן ווערן אַ ייד ?
— אפשר וואַרטן זיי שוין אויף דיר ? — האָט געפרעגט די מוטער, קוקנדיק אויף דעם אַריינגאַנג אין באַראַק.
— זיי ווייסן, ווו איך בין. ווען זיי וועלן צוריקגיין, וועלן זיי מיך רופן.
— לאַנג וועלן זיי דאָ זיין ?
— האָסט מיר נאָך נישט געענטפערט — האָט דערמאָנט דער זון.
— ניין, האָסט נישט געמוזט געבוירן ווערן אַ ייד.
— איז פאַרוואָס ?
די פרוי האָט געשוויגן, און ער האָט איבערגעחזרט : זאָג !
— ווייל מיר זענען יידן.
— ווער איז דאָס "מיר" ?
— דיין טאַטע און איך.
— דאָס האָט א י ר געמוזט, אָבער איך האָב נישט געמוזט.
— האָסט געמוזט.
— איך וויל נישט. כ'בין שוין אַ דערוואַקסענער. איך וויל נישט — האָט ער איבערחזרט רוגזדיק.
— איך האָב נישט געטראַכט וועגן דעם, אַז דו קענסט וועלן אָדער נישט וועלן.
— דערפאַר בין איך דאָ.
— מיר האָבן געמוזט.
— ווען איר וואָלט נישט געוואָלט, וואָלט איר נישט געמוזט.
— אפשר — האָט זי געענטפערט מיט אַ פליסטער.
אַ ווײַלע איז געווען שטיל, דערנאָך האָט דאָס יינגל געפרעגט :
— ווי אַזוי דערקענען זיי, אַז מיר זענען יידן ?
— דאָס ווייס איך נישט.
— אַלע קינדער זענען פאַרבליבן, נאָר מיך האָט מען אַוועקגענומען און אייך.

— אַזוי האָט געמוזט זיין.
— ניין, עס האָט נישט געמוזט. — האָט ער געזאָגט מיט עקשנות.
— עס האָט געמוזט זיין.
— איך האָב זיך געקאָנט אויסשרייבן.
— סיי ווי וואָלטן זיי דיך גענומען.
— איר האָט געקאָנט בלייבן יידן, און איך וואָלט זיך אויסגעשריבן.
— איצט איז שוין צו שפּעט — האָט געזאָגט די פרוי.
— דערפאַר וויל איך נישט קומען צו דיר.
— וועסט דאָס נישט טאָן. נאָר דו איינער ביסט מיר פאַרבליבן.
— איך האָב אַלץ דורכגעטראַכט.
— דו פאַרשטייסט נאָך נישט אַלץ. — זי איז געלעגן צוגעדעקט מיט דעם שוואַרצן קאָץ. זי האָט גערעדט רויק און שטיל.
— וויאַזוי דערקענען זיי ווער עס איז אַ ייד? — האָט ווידער געפרעגט דער זון. די פרוי האָט געשוויגן. — איך וועל גיין צום ס.ס.-מאַן און כ׳וועל זאָגן, אַז איך שרייב זיך אויס.
— טו דאָס נישט.
— פאַרוואָס?
— ווייל דאָס וועט דיר גאָרנישט העלפן.
— פון וואַנען קענסטו וויסן? זיי וועלן פאַרשטיין. איך וועל זיי זאָגן, אַז איך וויל נישט זיין קיין ייד.
— וועסט מיר נישט איבערלאָזן אַליין.
— כ׳וועל דיך יאָ איבערלאָזן.
— ער איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין דעם האָלץ, וואָס עס האָט אונטערגעהאַלטן די אויבערשטע פּריטשע. אין דער האַנט האָט ער געהאַט אַ שטיק שוואַרץ ברויט. ער איז געווען רויק. ער האָט געוואַרט.

די טיר פון באַראַק האָט אַ סקריפּע געטאָן. עס האָט זיך דערזען אַ פּאַסמע בלויקייט איבערן קאָפּ פון אַ דערוואַקסענעם אַרעסטאַנט, וועלכער האָט אויסגעשריגן:

— העי, דו, מיר גייען צוריק!

דאָס ייִנגל האָט געוואָרפן דאָס ברויט אויפן שוואַרצן קאָץ און האָט זיך געלאָזט צו דער טיר.

— איך וויל דיר געבן אַ קוש — האָט געזאָגט די פרוי. אויף איר שטערן איז אַרויסגעקומען אַ שווייס, זי האָט פון זיך אַראָפּגערוקט דעם קאָץ און אויסגעצויגן די אָרעמס.

— איך בין שוין אַ דערוואַקסענער. כ׳האָב דיר שוין געזאָגט.

קלאַפּנדיק מיט די הילצערנע טרעפּעס, האָט ער זיך דערווייטערט. דער לאַנ־גער געשטרייפטער מאַנטל, וואָס איז פון אים לויז אַראָפּגעהאַנגען, האָט זיך

באַוועגן ווי מיט זיינע אייגענע באַוועגונגען, נישט אָפּהענגיק פון זיין אויסגע־דאַרטן קערפּער, ער איז פאַרשוווּנדן.

דעמלט האָט די פרוי, וואָס איז געלעגן אויף דער אויבערשטער פּריטשע, זיך איבערגעבויגן פון איר אָרט און קוקנדיק אַראָפּ האָט זי געפרעגט:

— וויפיל איז אַלט אייער ייִנגל?

— אַכט — האָט געענטפערט די פרוי פון אונטן און מיטן שוואַרצן קאָץ האָט זי זיך פאַרדעקט דאָס פּנים.

פון פויליש: קלמן סעגאַל



## געניאַ נאַדיר־מאַנגער ז״ל

דעם 9טן מאַי איז אין ניו־יאָרק געשטאָרבן געניאַ נאַדיר־מאַנגער, וועלכע איז לעצטנס דער־וואַרט געוואָרן אין ישראל כדי סוף יוני זיך צו באַטייליקן אין די פייערלעכ־קייטן לכבוד דער היי־יאָריקער פאַרטיילונג פון איציק־מאַנגער־פּרייז אין תל־אביב.

אויב עמעצער וועט זיך אַ מאָל צו־רירן צום קאַפּיטל ״פרויען פון שרייבער״ און באַזונדערס — פון יידישע שרייבער, וועלכע האָבן אפשר דעם שווערסטן גורל פון די שרייבער פון אַלע ליטעראַטורן, וועט געניאַ, וועלכע איז צוויי מאָל גע־בליבן אַן אלמנה נאָך גרויסע־גרויסע יידישע דיכטער, פריער — נאָך משה נאַדיר און דערנאָך — נאָך איציק מאַנגער, פאַרנעמען אַן אויבנאָן מיט איר געטריי־שאַפט און איבערגעגעבנקייט צו די, וואָס האָבן געבויט דעם פּראַכטפולן בנין, וועלכער הייסט יידישע ליטעראַ־טור.

כבוד איר אָנדענק.

**ז. ברכות**

# אין די זאַמדיקע קליידער*)

**(עפּיזאָדן)**

ווען אַ סאָלדאַט באַקומט אורלויב, ווייל ער גלייך פאַרלאָזן דעם קעמפּ, גיין. מערסטן טייל ווייס מען ניט וווהין מען וועט גיין, וואָס מען וועט טאָן, אָבער גיין וויל מען. מען וויל ניט בלייבן אין דיביידלעך. דאָס אייגענע איז אויך געווען, ווען שמי איז באַפרייט געוואָרן פון היטן די טערקישע געפאַנגענע. ער איז גלייך געלאָפן נעמען דעם "פּאַס". דאָס מאָל האָט מען געגעבן אורלויב נאָר דרייסיק שעה און ניט אַכט און פערציק — ווי שטענדיק. בישט וועלנדיק פאַרלירן צייט איז שמי גלייך געלאָפן פון קעמפּ — ניט ראַזירט, די שיך און קנעפּלעך — ניט געפּוצט.

אויפן גרויסן וועג האָט ער אָנגעטראָפן גרינפעלדן, וועלכער האָט אויך גע־קראָגן אורלויב אויף צען טעג. ער איז געגאַנגען קיין תל־אביב, פון דאָרט — קיין ירושלים און שפּעטער — אויך צום גליל.

שמי איז געווען זייער צופרידן טרעפן גרינפעלדן. אַלע האָבן געוווּסט, אַז גרינפעלד איז אויסגעקאָכט מיט אַלעמען און ווייסט אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט.

— פּונקט צו דער צייט — האָט גרינפעלד באַמערקט, זוכנדיק, אויב ער קען אָפּשטעלן אַ דורכפאָרנדיקע מאַשין — היינט איז דאָרט אַ גרויסער נשף [1].

— פאַר לעגיאָנערן?

— מיט דיין הולך וועסטו אָנשפּאַרן אין גאַרד־הויז [2] ניט אויפן נשף — האָט אים גרינפעלד פאַרגעוואָרפן.

— ווו זענען די לעגיאָנערן — האָט זיך שמי געוווּנדערט. דער וועג וואָס איז שטענדיק פול געווען מיט לעגיאָנערן, וואָס זענען "געלאָפן" קיין תל־אביב איז דאָס מאָל געווען ליידיק...

— היינט גייט מען ניט קיין תל־אביב. היינט גייט מען אין די קאָלאָניעס — האָט גרינפעלד פאַרענטפערט זיין פראַגע.

— אפילו מיט "פעסער" אויך ניט?

— אפילו מיט פעסער אויך ניט. האָסט גאָרניט געוווּסט?

*) פאָרזעצונג. זע "ירושלימער אַלמאַנאַך" — 5.

— צען טעג ניט אַרויס פון קעמפּ. פאַרביטן אַנדערע אויף "גאַרד" — איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון וועג, אויף וועלכן ס'האָט זיך באַוויזן אַ דזשיפּ.

— די מיליטערי פּאָליס האָבן זיך אַנגעריסן אויף די ישראלדיקע פון אַכט־און־דרייסיקסטן באַטאַליאָן. האָט מען איינעם פון די מ.פּ. שוין געמוזט אָפּפירן אין האָספּיטאַל... האָבן זיי זיך אַצינד געגומען צו אונדז. כאַפּן זיי אַן איינציקן איז — אָדער זיי צעברעכן אים די ביינער, אָדער זיי אַרעסטירן אים, אָדער ביידע זאַכן. די אַכט און דרייסיקער רירן זי ניט אָן. מיר צאָלן... אין תל־אביב איז מען אָנגעקומען שוין נאָך האַלבן טאָג.

— מיר גייען צום אַפריקאַנער — האָט גרינפעלד באַשלאָסן — מיר וועלן דאָרט טרינקען טיי.

שמי האָט צוגעשמייכלט. ער האָט געוווּסט, אַז גרינפעלד גייט אַהין צוליב זייער מיידל, ראַדאַ הייסט זי. די אַפריקאַנער זענען פון די גרעסטע גבירים אין תל־אביב. מען האָט געזאָגט, אַז זיי פאַרמאָגן אין אַפריקע רייכע שטיינגרובן. דער פאָטער איז צו מאָל אין דער היים. די מוטער האָט זייער ניט ליב די לעגיאָנערן. אָבער גרינפעלד האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק. ווען זיי זענען אַריין אין הויז האָט זיי ראַדאַ באַגעגנט באַהאַנגען מיט קאָפּטיכלעך, קליידלעך און פאַרשידנפאַרביקע טיכלעך — נו אַמעריקאַנער, מיר וועלן זען וואָס וועט איר אויסקלייבן פאַרן נשף. — און האָט גלייך אָנגעהויבן אָנטאָן, אויסטאָן און צעמעסטן די פאַרשידענע קליידער. אויסגעקליבן האָבן זיי:

אַ שוואַרצע קלייד מיט רויטע קווייטן. אַ ווייס קאַפּטל אויסגענייט מיט קאָלירטע פעדעם די אַרבל, די אַקסלען און אין פאַרנט. אַ דין גאָלדן שנירל, מען האָט עס קוים אָנגעזען. אָבער דער מעדאַליאָן האָט זיך שטאַרק געווייסט אויף איר טונקעלן האַלדז. אין די אויערן — צוויי גרויסע טאָפּאַזן.

ס'האָט זיך אַזוי פיין געפּאַסט צו איר טונקל פּנים, נידעריקן שטערן און גרויסע אויגן, אַז גרינפעלד איז געזעסן מיט אַן אָפן מויל, אויגן ווי ביי אַ האַלב. ער האָט פּשוט ניט געקענט כאַפּן דעם אָטעם.

זי האָט זיך צעטאַנצט איבערן צימער און אַ פאַל געטאָן אויף גרינפעלדס קני. אויטאָמאַטיש האָט ער אַ הויב געטאָן די הענט, אָבער דאָ האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר און אַן אויסטראַליער אָפיציר איז אַריין אין שטוב. מיט אַ פרייד־לעכן אויסגעשריי איז ראַדאַ אים געלאָפן אַנטקעגן און אַריינגענומען אין איר צימער.

גרינפעלד און שמי האָבן זיך שטיל אַרויסגעשאַרט פון הויז.

זיי זענען געגאַנגען און געשוויגן. ווי פאַרשולדיקט האָט גרינפעלד אַראָפּ־געלאָזן דעם קאָפּ, ווי געזוכט עפּעס אונטער די פיס.

— אַמעריקאַנער זענען ניט קיין אויסטראַליער — האָט שמי געוואָלט דורכ־רייסן דאָס שווייגן. — ביים ווינקל פון גאָס האָבן זיי זיך אומגעקוקט. זיי האָבן געזען ראַדאַ אַרויסלויפענדיק פון הויז, ווי זי וואָלט געזוכט עמעצן מיט די אויגן. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט און אַריינגעדרייט אין דער צווייטער גאָס.

שפּעט פאַרנאַכט זענען זיי צוגעקומען צום נשף. דורך די אָפענע פענצטער האָט מען שוין געהערט מוזיק שפּילן.

— דו פאַרשטייסט — האָט גרינפעלד ניט געוואָלט אַריינגיין — ביי זיי, ביי די אויסטראַליער, ניו־זעלענדער, ענגלישע. ביי זיי איז דאָ אַ היים. ביי אונדז איז דאָס נאָר אַ שטרעבונג. וווּ איז אונדזער היים? — דיין היים, מיין היים? — אַמעריקע? רוסלאַנד? אומעטום ווו זיי קומען איז זייער היים — האָט גרינפעלד גערעדט ווי צו זיך אַליין. מיר, אפילו אין ארץ ישראל... — איז ער פאַרשוויגן געוואָרן.

— איך קען זיי ניט איבערטראָגן — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ פּאָרל, וואָס האָט זיך געוויזן אין טיר און אומגעקערט צוריק.

— קום אויך, וועסטו זיי קענען איבערטראָגן — האָט שמי גערופן.

גרינפעלד האָט אפילו ניט געענטפערט.

שמי איז אַריין. עס האָט געשפּאַרט אַ היץ אין געמיש מיט די קעראָסין־ריחות פון די בליך־לאָמפּן. ביי די ווענט — לאַנגע בענק, באַזעצט מיט פרויען און מענער אין פאַרשידענעם עלטער אין צווישן — יונגע מיידלעך אין ווייסע קליידער, אָפּיצערן האָבן איבערפולט דעם נשף. שמי איז צוריק אַרויס פון זאַל און ביים אַריינגאַנג האָט ער געטראָפן אַ צאָל אַרבעטער און לעגיאָנערן. איינער, אַן עלטערער אַרבעטער, מיט אַ רויטלעך־גראָער באָרד האָט גערעדט אויף גיך, געאיילט, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט אַז עמיצער וועט איבערשלאָגן, נישט לאָזן דערעדן:

— פאַר דער מלחמה, מיט יאָרן צוריק, זענען די אַרבעטער געווען דאָס אויבערשטע פון שטויסל. מיט יאָרן צוריק, ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען תל־אביב. מיר האָבן געאַרבעט ביי די זאַמדן, געגלייכט די בערגלעך. האָבן מיר ביי די זאַמדן געשאָפן אַ מין דעת הקהל... מיר זענען אויך געווען אַ מין פלאַץ פאַר פאַרשפּרייטן אַלע נייעס און רכילות אין תל־אביב. פּאָליטיק, לערער, ציוניזם...
— האָט ער געשמייכלט צו די לעגיאָנערן וואָס האָבן זיך בייגעריק איינגעהערט. באַרוועס זענען מיר געגאַנגען. ווו אַ נשף — זענען מיר געווען אָנגעלייגטע געסט, אפילו באַרוועס... ניט ווי היינט.

גרינפעלד האָט זיך צוגערוקט צום אַלטן, אַרויסגעלייגט זיינע הענט אויף יענעמס אַקסלען — וואָס מאַכסטו? ווו ביסטו געווען?

דער אַלטער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו גרינפעלדן און זיי האָבן זיך צעקושט.

— איך דערצייל די אַמעריקאַנער ווי מיר האָבן דאָ געלעבט — און צוגעגעבן פאַרבענקט — פאַר מיינע אויגן איז דאָ אַ דור אויפגעוואַקסן און איך?...

— קום נעמען אַ ביסל וויין לזכר די אַמאָליקע צייטן — האָט אים גרינפעלד אָנגענומען — קומט חברה סיי ווי זענען דאָ צו פיל אָפיצירן. שמי איז געבליבן ביי דער טיר.

דער אַלטער און גרינפעלד, דער ערשטער האָט אויף קיין איין טאָג ניט

פאַרלאָזן ארץ ישראל. דער צווייטער איז איצט געקומען נאָך אַ צאָל יאָרן צוריק.ביידע — ניט צופרידן. ביידע בענקען נאָך די אַמאָליקע יאָרן. אָבער ווען אַ פרעמדער דערמאָנט אַ חסרון, ווערן זיי קריכן אויף די גלייכע ווענט דערוועגן, אַז מען איז ניט גערעכט.

— וואָס זייט איר אַזוי פאַרטראַכט — האָט שמי דערהערט אַ קלינגענדיק מיידלש געלעכטער — צען מינוט שטיי איך לעבן אייך און איר זעט מיך גאָר ניט. דאָס איז געווען ראַדאַ.

איר ווילט אַריינגיין — האָט זי אַ ווייז געטאָן צום נשף.

— ניין — האָט שמי אַ לאָך געטאָן — איך וואָלט בעסער געגאַנגען צום ים — זי האָט צוגעשטימט.

— וואָס זייט איר אַנטלאָפן — האָט זי פאַרגעוואָרפן — איך בין אייך נאָכ־געלאָפן און איר זייט פאַרשוווּנדן.

שמי האָט געקוקט אויף דעם פאַרברויגטן מיידל. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער קאָן זי שוין פון לאַנג. אים האָט ניט געוווּנדערט: נאָך דער ערשטער באַקאַנט־שאַפט און זיי זיצן שוין ביים ים. און אַליין, ווי זי וואָלט באַשטעטיקט זיין געפיל, האָט באַמערקט:

— איך פיל, גלייך מיר וואָלטן זיין אַלטע באַקאַנטע — שמי האָט אַריינ־גענומען אירע הענט אין זיינע.

ווי אויסגעשפּרייט בלאָס גאָלד האָבן די זאַמדן געשמייכלט אונטער די פאָסן ליכט פון די פענצטער. ראַדאַ האָט געגלעט זיין האַנט און זיך נענטער צוגערוקט.

— איך וועל גיין בייטן מיינע קליידער — האָט זי זיך אַ הויב געטאָן. מיט פאַרמאַכטע אויגן איז שמי געבליבן זיצן. ער האָט אפילו ניט געהערט, ווען זי האָט זיך אומגעקערט, געזעצט זיך נעבן אים. זי האָט ווידער גענומען זיין האַנט. ער האָט ניט באַמערקט אַז ער דריקט אירע פינגער.

— איר טוט מיר וויי.

שמי האָט זי אָנגעקוקט, ס׳האָט אים געחידושט, וואָס איר געזיכט איז באַדעקט מיט אַ בלאַסער פייכטקייט. די אויגן — זייער טיפע, אין דער טיפקייט פלאַקערן פייער־פליגעלעך. ער האָט זיך פאַרהויבן, אַריינגעקוקט אין די אויגן און איז צוגעפאַלן צו די הויכקייטן פון איר דין קאָפּטל.

לאַנגזאַם, בייגיק, האָט זי זיך אַ צי געטאָן איבערן זאַמד, אַריינגענומען זיין קאָפּ צו זיך און פאַרוואַנדלט ביידע קעפּ אין איין קאָפּ. צייטנווייז, ווען שמי האָט געבלאָנדזשעט מיט זיינע הענט איבער אירע קליידער האָט זי געבעטן:

— מען דאַרף ניט.

דער שפּיץ פון ״רויסן בער״ האָט זיך שוין געבאָדן אין ים. דער ים מיט זיין מאַנאָטאָן גערויש האָט נאָך מער איינגעוויגט אין שטילקייט די אַרומיקע זאַמד־בערגלעך. ס׳האָט זיך דערהערט אַ מעלאָדיש קלינגען פון גלעקלעך — אַ קעמל, אַ קאַראַוואַן, איז פּאַמעלעך געגאַנגען לענגאויס דעם ברעג. דער אַראַבער — זייער אַנטרייבער, האָט שטיל געצויגן אַן איינזאַם ליד, וואָרענענדיק, אין דער

זעלבער צייט די גמלים, זיי זאָלן זיין פאַרזיכטיק — שטיינער אין וועג. דער אַראַבער האָט געזונגען:

ביים קבר פון מיין פאָטער
חאַדידזשע
ביים סיקאָמאָר וואָס מיין זיידע
פאַרפלאַנצט האָט
ביי די הייליקע שטאַנגען
פון נבי
חאַדידזשע, איך באַשווער דיך

מיין אויוון איז קאַלט און עס ברענט ניט
דער טאַבון. און וואַסער האָט ניט
דער לאַשעק פון דער ברוינער אַסילע
וואָס דיין פעטער אַבו אַחמעד
האָט געשענקט מיר

דער "בולבול" זינגט אין דער נאַכט
זיין ליד פון ליבע און טרייהייט
קום דו שיינע, דו שלאַנקע
די טיר פון מיין הויז איז ניט פאַרריגלט.

אַ הונט האָט צעריסן די נאַכט און אָפּגעהאַקט דאָס ליד. ראַדאַ און שמי האָבן זיך פאַרהויבן, אַריינגעקוקט איינער דעם צווייטן אין די אויגן אַזוי ווי זיי וואָלטן געפרעגט:

וואָס איז דאָ געווען?

זייט ניט ברוגז — האָט זיך שמי ווי אַנטשולדיקט,

פאַר וואָס — האָט זי אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף דער האַנט.

ניט לאַנג זענען זיי געזעסן. דער גרויסער בער האָט זיך שוין אָפּגעטונקט און די פּלעיאַדן האָבן זיך אויך דאָרט איבערן בער געשפּילט. פון נשף האָט זיך אַרויסגעריסן אַ הילכיקער געזאַנג. ווי צונויפגערעדט זענען זיי אויפגעשטאַנען און אַוועק צו ראַדאַס הויז.

— איר גייט מאָרגן צוריק?

— איך ווייס ניט. איך האָב נאָך פופצן שעה.

— זייט מאָרגן אין הבימה — איז אַרויף די טרעפּ — אַ גוטע נאַכט — האָט זי פאַרמאַכט די טיר.

אסתר ראָזענטאַל-שניידערמאַן

# די בראָוואַרניקעס

## (פון דער סעריע ״סקיצן פון קאָמוניסטישע יידישע קולטור-טוער״)

כ׳האָב שוין אַנומלט דערציילט וועגן די פּאָליטישע צרות, וואָס איציק קיפּ-ניסעס ״חדשים און טעג״ האָבן פאַרשאַפט לייב בראָוואַרניקן — דעם פאַרוואַלטער פון דער קיעווער יידישער צענטראַל-ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון מאָריס ווינט-שעווסקי, און ווי טיף ס׳איז דעמאָלט געווען מיין מיטלייד צו דעם פאַרזינדיקטן חבר לייב, ווייל ווער האָט נאָך בעסער געוווסט ווי איך, אַז די צרות זענען צו אים געקומען טראָץ דעם, וואָס ער האָט אַזוי איינגעשפּאַרט געקעמפט מיט די ווידערשפּעניקע אַבאָנענטן, וואָס ווילן דווקא זיך קוויקן מיט דעם דאָזיקן קליינ-בירגערלעכן בוך און זאָגן זיך אָפּ צו לייענען די ריין פּראָלעטאַרישע שאַפונגען. וואָס ער רעקאָמענדירט זיי אַזוי הייס.*

היינט וויל איך דערציילן אַ ביסל גענויער וועגן בראָוואַרניקן און זיין פרוי פריידע, וואָס ביידע האָבן זיי אַ מאָל געהערט צום ״בונד״. אין יענער צייט, ווען מיר האָבן זיך געפריינדלט און אָפט באַגעגנט זינט מיין קומען פון פּוילן אין 1926 ביז מיין אַפּפאָרן קיין ביראָבידזשאַן (אָנהייב 1935), זענען זיי געווען זייער פּאָפּולער אין יידישן קיעוו, איבערהויפּט ביי קוסטאָרן און לערער. פריידע — אַ ביבליאָטעקאַרין, ער — אַ פאַרברענטער אפּיקורס. פאַר יעדן אָנקום פון אַ יידישן יום-טוב איז דער ח׳ בראָוואַרניק מיט גאָלד צוגלייך. וועגן ראש השנה און יום-כיפור איז דאָך שוין אָפּגערעדט. העט ווייט פאַר די יומים נוראים זאַמלט זיך אַן אין דער קיעווער יידסעקציע אַ היפּש פּעקל בקשות, אין וועלכע עס שרייבט זיך מער ווייניק אַזוי: די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע פון אונדזער אונטערנעמונג וויל נאָכקומען דעם הייסן פאַרלאַנג פון גאַנצן קאָלעקטיוו, וועלכער בעט שיקן אויף דעם אַנטי-יום-כיפּורדיקן אָוונט דעם באַליבטן קאָמוניסטישן לעקטאָר לייב בראָוואַרניק. פּסח פירט ער אָן מיט די גראַנדיעזע ״רויטע סדרים״ אין די יידישע קלובן. ער קען אויך האַלטן אַ פּען אין האַנט — דרוקט מען גערן אין דער יידישער פּרעסע זיינע פּובליציסטישע און אַנטירעליגיעזע אַרטיקלען. צוזאַמען מיט ע. פאַרטנאָי און העניך קאַזאַקעוויטש פאַרעפנטלעכט ער אַ קריגערישע אפּיקורסישע בראָ-

---

*) ״די גאָלדענע קייט״, נומ׳ 61, פּרק ״דער בעסטעללער״.

שור,* אָבער צום ליבסטן זענען אים די מינדלעכע אַנטירעליגיעזע אַרויסטרע-טונגען פאַר דער יידישער יוגנט אין קיעוו און אין אַנדערע שטעט.

אין די פּאַרטיי-קרייזן גייט אַרום אַ וויץ: "פּאַרוואָס לויפן קאָמסאָמאָלצעס העגדום-פּענדום אויף בראָוואַרניקס אַנטירעליגיעזע דרשות?" "נאַרעלע, — קומט דער ענטפער, — ווייז מיר נאָך אַזאַ אָרט, וווּ זיי קענען זיך פראַנק און פריי דערוויסן אַזוי פיל טשיקאַווע פּרטים וועגן פאַרבאָטענעם תנ"ך?"...

צי איז לייב בראָוואַרניק געווען אַ ייד אַ למדן? דאָס ווייס איך בישט. דעמאָלט האָט ער אין מיינע עם-הארצישע אויגן אויסגעזען ווי אַ גרויסער תלמיד חכם.

אין דער פרייער צייט שטודירט ער די ריזיקע שווער-וואָגיקע לשון-קודש-דיקע ספרים, גאָר די, פון וועלכע ער וויל פּטור ווערן און ער קען זיך ניט דערבעטן ביי דעם „גלאַוואָליט" מ'זאָל זיי פון ביבליאָטעק אַרויסנעמען, וואָרום די עלטערע יידן, וואָס קומען אַריינקוקן אין דעם דאָזיקן שוימעכץ, שטערן אים צו פאַרוואַנדלען די מלוכישע ווינטשעווסקי-ביבליאָטעק אין אַן אמתן סאָוועטישן קולטור-אַנשטאַלט. דער חבר בראָוואַרניק האָט זיך דאָ אויסקאָמבינירט אַ קונציק אָפּגעצוימטע מיט ביכער-סטעלאַזשן אַלקערל און "דאָס פינצטערע חדרל" איז ווי ספּעציעל באַשאַפן, געוואָרן פאַר לערנען תורה אין געהיים". — אַזעלכע נאַרישע געדאַנקען קריכן אייגעשפּאַרט אין מיין פוסטן קאָפּ אַריין יעדעס מאָל, ווען איך דערזע אים דאָ זיצן אַן אָפּגעזונדערטן, אַ פּאַרטיפטן אין דער דאָזיקער קאָנטררעוואָלוציאָנערער עבודה ווער איך שטאַרק איבעראַשט און שטיי צו צו אים מיט איין און דעם זעלבן: חבר בראָוואַרניק, צי איז אייך ניט אַ שאָד צו פּטרן אייער צייט אויף די ווילד-אָפּגעשטאַנענע באָבע-מעשיות?** און שטענ-דיק קומט דעם חבר לייבס דער זעלבער, אַ ביסל צעבייזערטער ענטפער: „איך מוז דאָס, מיין טעכטערל, טאָן, כדי מיט געשיכטלעכע פאַקטן דערווייזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז "רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק"!

לצים לאָזן זיך ווילגיין אויף זיין חשבון, און דווקא פאַר אים אין די אויגן: „אַנו, טרעפט ווער האָט דעם גרעסטן פאַרגעניגן פון די פינצטערע תנ"ך'ישע לעגענדעס, מיט וועלכע לייב סטראַשעט דעם עולם? "טאַקע — לייב בראָ-וואַר-ניק אַ-ליין!!"... — ענטפערט אין איין קול די גאַנצע חברה, סקאַנדירנדיק אויף די העכסטע באַטן.

און ער? אַזוי ווי ניט אים מיינט מען דאָס. דער געשווירענער אַטעיסט פלעגט גוטמוטיק מיטלאַכן מיט אונדזער פריילעכן געזעמל.

---

*) "זאַמלונג צו די ימים נוראים", אַרויסגעגעבן אין 1923 דורך די קיעווער גובערנס-קע קאָמיטעטן פון קפּב (או) און ק. י. ב., רעדאַקטאָרן ל. בראָוואַרניק, ע. פּאַרטנאָי און ה. קאַזאַקעוויטש.

**) אַזוי האָב איך אויפריכטיק אַ לאַנגע צייט געטראַכט וועגן אַלע גייסטיקע אוצרות, וואָס געפינען זיך אין די העברעישע און יידישע רעליגיעזע ספרים. און ווי עלטער און ווי גרעסער ס'איז געווען דער ספר לויטן פאָרמאַט זיינעם, אַלץ שעדלעכער האָט ער אויסגעזען אין מיינע, מ'שטיינס געזאָגט, אינטעליגענטישע אַטעיסטישע אויגן.

װיפֿל אמת האָט געשטעקט אין די אַלע װיצן, װאָס האָבן געצװײפֿלט אין דער אױפֿריכטיקײט פֿון בראַװאַרניקס הײסער אפּיקורסות? און װיפֿל אמת האָט געשטעקט אין דעם פּאָליטישן אומצוטרוי צו דער יוגנט, װאָס פֿלעגט פֿאַרפֿולן די זאַלן בעת זײנע פֿלאַם־פֿײערדיקע אַנטי־תנ״ך׳ישע לעקציעס? כ׳האָב דעמאָלט װעגן דעם זעלטן זיך פֿאַרטראַכט... הײנט, װאָס מער איך קלער װעגן דעם, אַלץ מער בין איך זיכער, אַז אין די װיצן האָט געשטעקט אַ סך אמת, און אַז די, װאָס האָבן זײ באַשאַפֿן, האָבן בעסער װי איך געקענט סײ די ייִדישע קיעװער יוגנט, סײ אַזעלכע פּאַרטײער װי בראַװאַרניק.

צי איז לײב בראַװאַרניק געװען אַ מאַראַן? כ׳מײן, אַז נישט. זײן אינ־טערעס און שװאַך־באַהאַלטענע ליבע צו די גײסטיקע אוצרות פֿון אײגענעם אוראַלטן פֿאָלק, האָבן, זעט אויס, פֿרײדלעך געהויזט מיט דער איבערצײגונג, אַז די דאָזיקע אוצרות זענען אין ראַטנפֿאַרבאַנד שעדלעך. אָבער שעדלעך זענען זײ ניט, חלילה, פֿאַר אַזעלכע באַװוסטזיניקע רעװאָלוציאָנערן, װי ער, נײערט פֿאַרן פּשוטן סאָװעטישן פֿאָלקס־מענטש. ״רעליגיע איז אָפּיום פֿאַרן פֿאָלק״ — אַזוי לערנט אים זײן פּאַרטײ. האָט ער, װי אַ געטרײער פּאַרטײער, די אײגענע אוצרות אין דער עפֿנטלעכקײט מיט אַ לײכטער האַנט ניט בלויז פֿאַרלײקנט, נײערט אויך געשמירט זײ אין בלאָטע, געבראַכט זײ אַלס קרבן פֿאַר דעם העכסטן אידעאַל פֿון דער מענטשהײט — פֿאַרן קאָמוניזם. און כדי צו דערגרײכן דעם הײליקן ציל זענען דאָך אַלע מיטלען כשר.

און נאָך האָט לײב בראַװאַרניק ליב געהאַט זיך צו גריבלען אין אַלט־ייִדישע און העברעישע ביבליאָגראַפֿישע רשימות. כ׳האָב געזען זײנע ביבליאָ־גראַפֿישע קאַרטאָטעקעס מיט אַנאָטאַציעס, װאָס ער האָט אײגנהענטיק צונױפֿ־געשטעלט דװקא פֿון גאָר גאָר אַלטע רעליגיעזע ספֿרים און פּנקסים. אָבער װער װאָלט דעמאָלט געװאָגט זײ צו פֿאַרעפֿנטלעכן? ער אַלײן האָט דאָך גוט געװוסט, אַז קײנער. צי האָט ער די אַרבעט געטאָן בלויז פֿאַר דעם נשמה זײנער? לויט אָן אינערלעכן דראַנג? דאָס װײס איך נישט גענוי, כ׳מײן אַז יאָ... צי האָבן זיך די דאָזיקע קאַרטאָטעקעס ערגעץ װוּ פֿאַרהיט? דאָס װײס איך אויך ניט. בלויז אײנע אַ ביבליאָגראַפֿישע אַרבעט זײנע האָט מען יאָ אָפּגעדרוקט. (אין זשורנאַל ״ראַטנבילדונג״ נומ׳ 2־3, יאָר 1931). װוּנדערט זיך ניט: דאָס איז געװען אַן אַקטועלע פּאָליטיש־כשרע זאַך: אַ ״רשימה פֿון ייִדישע ביכער און זשורנאַלן, װאָס זענען דערשינען אין ראַטנפֿאַרבאַנד פֿאַרן יאָר 1930״.

די אָפּגעלאָזענע קיעװער װױנונג פֿון די בראַװאַרניקס איז אין די יאָרן, װאָס איך באַשרײב דאָ, געװען אָפֿן פֿאַר די קיעװער נישט זאַטע ייִדישע סטודענטן און שרײבערישער יונגװאַרג, איבערהויפּט פֿאַר די געקומענע פֿון פּראָװינץ, — נישט װיכטיק צו װעלכער ליטעראַרישער ריכטונג זײ האָבן געהערט. מיט אַ טעלער שיטערער זופּ, מיט אַ ניט־פֿאַרזיסטער, אָבער הײסער גלאָז טײ זענען זײ דאָ שטענדיק געװען פֿאַרזיכערט.

מאַן און ווייב,ביידע שוין ווייט נישט קיין יונגע מענטשן, ביידע זייער פּשוטע, אָן יעדער פּרעטענזיע צו פֿאַרנעמען הויכע שטעלעס, זענען זיי געווען שטאַרק פֿאַרטאָן אין דער קאָמוניסטישער יידישער קולטור־אַרבעט. דאָס פּריוואַטע לעבן און די משפּחה־ענינים זענען ביי די בראַוואַרניקס געווען פֿולשטענדיק אונטערגעאָרדנט דער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט זייערער. ביידע זענען געווען זיכער, אַז זיי דינען ווי אַמבעסטן דעם יידישן אַרבעטנדיקן פֿאָלקס־מענטש. איך האָב געהאַט דרך־ארץ פֿאַר ביידן און אין האַרצן געטראָגן פֿאַר זיי אַ סך וואַרעמקייט.

כ׳האָב ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו די לעבהאַפֿטע דערינערונגען וועגן זייער אַמאָליקער בערדיטשעווער היים, וואָס איז נאָך פֿאַר דער רעוואָלוציע געווען אַ מין קלוב פֿאַר אַ טייל יידישע אינטעליגענץ און שרייבער. דאָרט פֿלעגן זיי לייענען זייערע שאַפֿונגען, דאָרט געטרוימט וועגן אַ בעסערן מאָרגן, און געפֿירט פֿאַרעקשנטע ויכוחים...

פֿון די בראַוואַרניקס האָב איך געהערט אַ סך עפּיזאָדן וועגן שלום־עליכמען, וועגן שלום אַשן, דוד בערגעלסאָנען, וועגן דעם נסתר און אַנדערע.

טראָץ זייער אולטראַ־רעוואָלוציאָנערישקייט זענען זיי דאָ אין קיעוו ביידע, איבערהויפּט פֿריידע, שטאַרק היימיש מיט מענטשן פֿון יעדן שטאַנד, אַפֿילו מיט געררודפֿטע לישענצעס, מיט די זעלבע „פֿרעמדע עלעמענטן״ אויף וועלכע זיי שיטן פֿעך און שוועבל בעת די שטורמישע קוסטאַרן־פֿאַרזאַמלונגען. כ׳פֿלעג זיי אָפֿט טרעפֿן ביי די בראַוואַרניקס אין שטוב, אָבער גראָד דעמאָלט, ווען איך, די קאָ־מוניסטקע, עפֿן די טיר, טראָגן זיי זיך שנעל אָפּ: ״האָט מיר אַ גוטן, כ׳האָב צו דערליידיקן אַ וויכטיקן ענין אין שטאָט״. כ׳האָב גוט פֿאַרשטאַנען, אַז שטילער־הייט העלפֿן ביידע פֿלאַם־פֿייערדיקע באַלשעוויקעס ניט איינעם פֿון די רעכט־לאָזע געסט זייערע און ניט בלויז מיט אַ גוטער עצה, נאָר אויך מיט אַ פּאָר שווער־פֿאַרהאָרעוועטע רובל.

ביידע זענען זיי געווען נידעריקער פֿון מיטעלן וווקס. פֿריידע — אַ ברייט־לעכע אַ פּולבלעכע, אַ מאַמעדיקע, מיט פֿרישע ראָזעווע באַקן און אַ יונגן קלוגן גלאַנץ אין די אויגן. לייב — דער אַמאָליקער בערדיטשעווער העברעישער פּריוואַט־לערער, באַוועגט זיך אויף זיינע פּלאַטפֿיס לאַנגזאַם און שווערלעך, כאַטש דער גוף איז אויסגעדאַרט און גרינג, דאָס פּנים זיינס — פּירקאַנטיק, הויט און ביינער, שטאַרק געקנייטשט, מיט אויסגעסטאַרטשעטע קיננביינער. גאָלן גאָלט ער עס איין מאָל אין וואָך — זונטיק אין דער פֿרי. די אויגן: ברוין און קליין, זיצן טיף, קוים מ׳זעט זיי.

מיין פֿריינד איז אַן אָראַטאָר, אָבער די שטימע זיינע, אוי די שטימע! זי איז אַ משונהדיק הויכע, מיט עפּעס אַזאַ זשאַווערדיקן סקריפּ, וואָס זעגט אייערע אויערן און קלאַפּט אין אייער קאָפּ. אַפֿילו איצט, אָט אין דער רגע, ווען איך רוף אַרויס אין מיין דמיון בראַוואַרניקס געשטאַלט, אַזוי ווי ער שטייט זיך אויף דער טריבונע און דרשנט, הער איך דאָס זעגן און פֿיל די קלעפּ אין מוח, גראָד

ווי דעמאָלט, מיט אַ יאָר 40 צוריק.... ביז היינט איז פֿאַר מיר אַ רעטעניש: ווי האָט זיך עס געפּאָרט דאָס מעכטיקע קול מיט דעם שוואַכן גוף זיינעם?

אין דעם כּרך קיעוו איז דאָס פֿאַרפֿאַלק אַלע יאָרן פֿאַרבליבן קליינשטעטלדיק און אַלטפֿרענקיש.

ביידע זענען אָנגעטאָן אין אַלטמאָדישע מלבושים, אין אַזעלכע לאַנגע — ביז די פּיאַטעס, אין די אָרעמסטע, אַפֿילו פֿאַר יענע דלותדיק־בידנע יאָרן. מיט זייער אויסזען אונטערשיידן זיי זיך מיט גאָרניט פֿון יעדן דורכשניטלעכן פֿאַר־אָרעמטן עלטערן פֿאַרפֿאָלק, מיט וועלכע ס'איז דעמאָלט פֿול געווען דאָס יידישע קיעוו. פֿריידע דערמאָנט אַ פֿאַרדאַגהטע שטוב־באַלעבאָסטע; לייב — אַן אויס־געהאָרעוועטן פּראָווינצער יידישן בעל־מלאכה, וואָס שלאָגט אָפּ די טירן פֿון סאָוועטישע „אוטשרעזשדעניעס" מיט בקשות: הערט אויף מיך צו האַלטן פֿאַר אַ פֿרעמדן עלעמענט און מאַכט מיך אויס לישעניעץ!...

און אין דער אמתן איז דאָך לייב בראָוואַרניק גאָר פֿון די באַגלויבטע קאָ־מוניסטן, וועלכע באַשטימען אויף זיצונגען פֿון פֿאַרשיידענע קאָמיסיעס דעם ווייטערדיקן גורל פֿון אַזעלכע טריפֿהנע יידישע האָרעפּאַשניקעס, אויף וועלכע ער אַליין איז אויסערלעך אַזוי ענלעך.

כ'האָב שוין געזאָגט, אַז זינט דעם בראשית פֿון דער ראַטנמאַכט און נאָך פֿריער ציט זיך ביי די בראָוואַרניקס די וואָרעמע פֿריינטשאַפֿט מיט זייערע לאַנדסלייט, מיט יידישע שרייבער און קולטור־טוער, וועלכע האָבן דעמאָלט גע־וווינט אין בערדיטשעוו. אייניקע האָבן איצט געלעבט אין קיעוו, אויסער קליינע אויסנאַמען האָבן זיי זיך געהאַלטן צוזאַמען. ווי שטאַרק די דאָזיקע היינטיקע אַקטיוויסטן זאָלן ניט זיין פֿאַרהאָוועט, פֿלעגן זיי דאָך ניט קענען פֿאַרבייגיין בראָוואַרניקס דירה, און זיך ניט אַריינכאַפּן אַהער כאָטש אויף אַ ווײַלע, ממשיך זיין אַ ביט פֿאַרענדיקטן שמועס, דערמאָנען עפּעס אַ קאָמישן עפּיזאָד וועגן יענע יונגע יאָרן, און אָפּגעפֿרישטע לויפֿט מען ווייטער — פֿירן די „יידישע מלוכה" אין קיעוו...

כ'פֿלעג ווערן איבעראַשט פֿון אַ סך זאַכן, וואָס כ'האָב בייגעוווינט ביי די בראָוואַרניקס. אויך פֿון דער ליבשאַפֿט, וואָס זיי פֿלעגן שענקען זייער לאַנדסמאַן דעם נסתּר, בין איך געווען פֿאַרוווּנדערט און גערירט. ער האָט איצט געוווינט ניט אין קיעוו, נאָר אין כאַרקאָוו. ס'איז באמת געווען מאָדנע צו הערן ווי די צוויי עקסטרעמע יידסעקישע טוער ריידן מיט אַזוי פֿיל ליבע און אַכטונג וועגן זייער „פּיניען" — דאָס הייסט גראָד וועגן דעם סאַמע ווידערשפּעניקסטן און סאַמע פֿאַרפֿאָלגטן יידיש־סאָוועטישן שרייבער, וועמען די יידסעקציע רודפֿט אַמשטאַרקסטן פֿאַר זיין כלומרשט אַריסטאָקראַטישער גרויסהאַלטעריי און עק־שנותדיקן ניט אונטערוואַרפֿן זיך צו אירע פּאָליטישע און „קינסטלערישע" פֿאָדערונגען.

ניט פֿריידע און ניט לייב האָבן באַהאַלטן זייערע וואָרעמע געפֿילן צו דעם גערודפֿטן נסתּר. ווען זיי פֿלעגן מיר דערציילן, אַז נאָך אין די אַמאָליקע בער־

דיטשעוועער יאָרן האָט דער באַשיידענער פּנחס קאַהאַנאָוויטש בלויז מיט זיין אַנוועזנהייט, אפילו ווען ער האָט געשוויגן, באַשיינט זייער בונדישע שטוב, און אַז שוין דאָרט האָבן זיי ״געפּילט״ — ס׳גייט אויף אַ ליכטיקער שטערן אין דער יידישער ליטעראַטור און אוי, ווי טיף איז דער ווייטיק זייערער, וואָס גראָד איצט באַשיינט אַט דער שטערן זייטיקע פרעמדע וועגן, און ניט דעם ברייטן שליאַך פון אונדזער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע!...

ביידע אַקטיוויסטן זענען איצט געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם נסתרס אומדערטרעגלעכער מאַטעריעלער לאַגע. אַ צייט איז דאָך די איינציקע פאַרדינ־ערין געווען זיין פרוי — די באַשיידענע, ביז גאָר אידעלע העלענע, און איר אקטיאָרישער געהאַלט אין כאַרקאָווער יידישן מלוכה־טעאַטער האָט קוים געקלעקט אויף וואַסער פאַר דער קאַשע.

און ווי האָט מיך ניט געקענט איבעראַשן למשל אַזאַ זאַך: אויך די צווייטע האַרטע בוס, דער ייִנגערער פון דעם נסתר — איציק קיפּניס, דער, וועמענס ״חדשים און טעג״ האָבן בראָווארניקן, דעם פאַרטייישן פאַרוואַלטער פון דער ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק, פאַרשאַפט אַזוי פיל פּאָליטישע שאַנד און האַרצווייטיק, אויך ער איז דאָ ביי פריידען און לייבען אין שטוב גאָר, גאָר אַן אַנגעלייגטער בן־בית. אויסלייען איציקן אַ קערבל ווען אין זיין היים קומט דער הונגער צו גאַסט? אדרבא, מיטן גאַנצן הארצן, זאָל נאָר די אייגענע קעשענע זייערע גראָד אין דער זעלבער רגע ניט זיין אויסגעליידיקט...

דאָ קוקט מען אין איציקס אויגן אַריין ווייך — ווי טאַטע־מאַמע, אָבער מען באַדויערט אים — אויך ווי טאַטע־מאַמע. ווען כ׳זאָל די בראָווארניקס באַ־ציונג צו איציקס ״קליינבירגערלעכער״ שאַפונג פאַרמולירן מיט זייערע אייגענע ווערטער, וואָלט מן הסתם אַרויסגעקומען אַזוי: ״אַזאַ אייגן, אַזאַ טייער, אַזאַ פעיק קינד און אַזוי קאַפּריז, אַזוי איינגעשפּאַרט!״...

און איציק? ער ווייסט דווקא גוט וועגן די אַלע טריפהנע שטיק, וואָס ווערן אָפּגעטאָן מיט זיינע ״חדשים און טעג״ אין בראָווארניקס ווינטשעווסקי־ביבליאָטעק, אָבער ״וואָס זאָלט איר, רב לייב, נעבעך טאָן?״ — זאָגט ער צו אים רויק און ווייך, ווען ס׳קומט צו רייד וועגן דעם — ״איר מוזט דאָך פאָלגן די פאַרטיי!״ — און קיפּניס קען קיין בייז האַרץ אויף רב לייב ניט טראָגן, אפילו ווען ער זאָל דאָס וועלן, וואָרום ״ווו נאָך קענסטו זיך פילן אַזוי היימיש ווי ביי פריידען אין שטוב?״ — פאַרטרויט ער מיר און אין זיין שטימע הער איך די גרויסע ליבשאַפט צום יידסעקישן פאַרפאַלק.

כ׳האָב שוין געזאָגט: די ערשטע צייט האָט מיך אין דער דאָזיקער שטוב אַ סך שאָקירט, אָבער גיך בין איך צוגעוווינט געוואָרן צו אַלעס און זיך צוגע־בונדן צו איר בלב ובנפש.

כ׳האָב איבערגעלייענט די נאָר־וואָס אָנגעשריבענע סקיצע און זיך גע־כאַפּט: וואָרט, די בראָווארניקס זענען דאָך צווישן מיינע באַקאַנטע און פריינד ניט געווען קיין ווייסע קראָ! אין דעמאָלטיקן יידישן קאָמוניסטישן קיעוו, און

ניט בלויז אין קיעוו — אויך אין מאָסקווע, אין כאַרקאָוו, אין אָדעס — האָבן א סך פריינד מיינע — געטרייע אַקטיווע קאָמוניסטן זיך אויפגעפירט אַן ערך אַזוי ווי לייב און פריידע, און וואַרשיינלעך האָבן זיי, אַזוי ווי די בראָווארניקס, ניט איינגעזען קיין בייז אין זייער פול מיט סתירות דאָפּלטן אַרט לעבן.

אויב אַזוי, זענען, הייסט עס, אַזעלכע ווי די בראָווארניקס געווען אַ גאַנץ היפּשער שיכט אין דער פּילפּאַרביקער סביבה פון די סאָוועטיש־יידישע קולטור־טוער? — זוך איך ביי זיך גופא דעם ענטפער, און געפין איין, אַז — יאָ. געווען אַזאַ שיכט. און גאָר ניט קיין דינער שיכט...

און דערפאַר, דוכט זיך מיר, איז כדאי ביידן — לייבן און פריידען — צו באַשרייבן. און אַחוץ דעם איז מיר ליב געווען דאָס דערמאָנען זיך וועגן די בראָוואָרניקס, וואָרום — צי איך וויל דאָס, צי ניט, פאַרנעמען זיי נאָך אַלץ אַ וואַרעם ווינקעלע אין מיין הארצן.*

*) לייב בראָווארניק האָט געהאַט דאָס גליק צו שטאַרבן אויפן אייגענעם בעט. ער איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 72 יאָר בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1942. ווען פריידע איז געשטאָרבן ווייס איך ניט.

# משולם סורקיס ז״ל

שבת דעם 24סטן אפּריל איז אין על־טער פון 77 יאָר אין זיין וווינונג אין בני ברק געשטאָרבן משולם סורקיס.

אַ געבוירענער אין אַ בוקאָווינער דאָרף איז ער פרי געקומען אין דער בוקאָווי־נער הויפּטשטאָט טשערנאָוויץ און גלייך געוואָרן איינער פון די אַקטיווסטע יידי־שע קולטור־טוער אין אָט דער שטאָט פון דער היסטאָרישער יידישער שפּראַכ־קאָנפערענץ. יידישער שולפאַריין, דראַ־מאַטישע קרייזן, "טשערנאָוויצער בלע־טער" זענען די פעלדער פון זיין איני־טענסיווער טעטיקייט. ניט נאָר קאַלניק, מאַנגער, שטערנבערג, אַלטמאַן און אַנ־דערע זענען שטענדיקע און אָפטע געסט ביי די מכניס־אורחדיקע סורקעסעס נאָר אויך אויסלענדישע יידישע שרייבער, לעקטאָרן און אַקטיאָרן פאַרפאָרן צו משולמען.

די טשערנאָוויצער פון עלטערן דור ווי אויך די בעסאַראַבער פון די נאָענטע שטעטלעך געדענקען נאָך סורקעסעס מחיהדיק לייענען שלום־עליכמ׳ס מאָנאָ־לאָגן.

אָנגעהויבן מיט טעאַטער־רעצענזיעס אין די "טשערנאָוויצער בלעטער" איז אין די זעכציקער יאָרן געקומען די צייט פאַר זכרונות, וואָס ער האָט געשריבן און געדרוקט ביזן סאַמע קראַנק ווערן.

פאַר אַלע די, וואָס זענען נאָענט געווען צו משולם סורקיס ז״ל וועט אייביקן אין זכרון דאָס געשטאַלט פון אָט דעם האַר־ציקן מענטש, יידישן ליטעראַט און קול־טור־טוער.

א. שעדלעצקי

# אין חלום פאַרפלויגן...

## (בלעטלעך פון צייט־אלבאָם)

### 1. אין חדר אַריין...

„וואָס מער יאָרן, אַלץ ווייטער פונעם זכרון" — זאָגט אַ שפּריכוואָרט. ווי יעדעס ווערטל איז אויך דער זאָג נישט תמיד אין גאַנצן ריכטיק, וואָרעם פאַראַן געשעענישן און איבערלעבענישן ביים מענטש, וואָס פאַרקריצן זיך אין זכרון. עס איז זיי נישט מעגלעך צו פאַרגעסן. מערסטנס איז דאָס טאַקע נוגע פאַסירונגען אין דער קינדהייט. צו מיינע קינדער־זכרונות וואָס לעבן אין מיין געדעכעניש מיט אַ באַזונדערער פרישקייט געהערט אויך מיין ערשטער טאָג אין „חדר".

ביי מיר איז דער טאָג אויך פאַרבונדן מיט אַ טאָג פריער, — מיטן שמחת־תורה פונעם זעלבן יאָר...

פריש אין זכרון, אָן שום נעפּל פון שכחה, געדענק איך יענעם שמחת־תורה מיט די הקפות. די פאָן מיטן רויטן עפּל וואָס איך האָב געטראָגן אין האַנט. דאָס טאַנצן מיט די ספר־תורהס אינעם „שטיבל", און דער עיקר — דעם „קידוש" ביי אונדז אין שטוב, וואָס דער טאַטע האָט, ווי יעדן שמחת־תורה, געמאַכט פאַרן עולם צוליבן באַקומען די עליה לתורה פון „חתן תורה". אויף דער עליה האָט דער טאַטע קיין מאָל נישט מוותר־געווען, געצאָלט אַלע געלטער, אויך שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן אַ ייִד אַ יורד. „חתן תורה", האָבן אַלע געוווסט אין „שטיבל", געהערט צום טאַטן, ער האָט דערויף שוין אַ חזקה. קיינער פון די מתפּללים האָט אויך נישט געוואָלט מוותר־זיין אויפן קידוש מיט די גוטע יום־טובדיקע מאַכלים וואָס די מאַמע, אַ באַלעבאָסטע אַ בריה, האָט צוגעגרייט...

טאַקע ביים דאָזיקן קידוש נאָכן דאַווענען מיט די פריילעכע הקפות, האָב איך צום ערשטן מאָל געזען דעם ערשטן מלמד מיינעם, ביי וועמען דער טאַטע האָט מיך אָנגעדונגען צום נייעם „זמן".

דער „קידוש" האָט שוין געהאַלטן ביים סיום. דער עולם איז שוין געווען היבש בגילופנדיק. די טעלערס הייסע קרעפּלעך און געוויקלט קרויט זענען שוין געווען אָפּגעליידיקט, דאָס זעלבע די פלעשער משקה און דאָס פעסעלע ביר, ווען דער טאַטע האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און צוגעפירט צום מלמד מיינעם:

— ר' ישראל־דוד, דאָס איז אייער נייער תלמיד. מאָרגן אין דער פרי, בלי־נדר, ברענג איך אים צו אייך אין חדר אַריין.

דאָס איז געווען אַ ייִד מיט אַ לאַנגער באָרד אָבער מיט אַ יונג פּנים. אָנגעטאָן אין אַ סאַמעטן היטל און אַטלאַסענער קאַפּאָטע, האָט ער אין דער רגע, פאַרשטייט זיך, אויסגעזען פיל יום־טובדיקער, ווי איך האָב אים דערנאָך געזען ביי זיין וואָכעדיקער האָרעוואַניע מיט זיינע חדר־ייִנגלעך.

להיפך צום שמחת־תורה־טאָג, וואָס איז געווען זוניק — „„פּוילישער גאָלדענער האַרבסט", — איז דער צומאָרגנס, איסרו־חג, געווען אַ פאַרנעפּלטער, נאַסער טאָג. ווינט און רעגן. אַ בלאָטע. פון די ביימער זענען געפאַלן בלעטער. איך אַליין, אָנגעטאָן אינעם נייעם ווינטערדיקן פאַל־

טנדל מיט אַ פוטערן קעלנערל און אײַנגעהילט אין אַ װאָלן שאַלעקל (די מאַמע האָט מורא־געהאַט איך זאָל זיך, חלילה, נישט פאַרקילן...), האָט דער טאַטע מיך גענומען בײַ דער האַנט און מיט מיר אַװעק דורך דער בריק, בײַם סוף פון ״רבינס געסל״, אויף יענער זײַט טײַכל ״אויפן זאַמד״, אין חדר אַרײַן.

— אָט דאָ װױנט דער ״רבי״ — האָט דער טאַטע מיר אָנגעװיזן אויף אַ נידעריק הילצערן הײַזל מיט אַ שפּיציקן דאַך באַװאַקסן מיט גרינעם מאָך.

מיר זענען אַרײַן אין אַ שמאָל, פינצטער פּאָדערהויז מיט אַ צעבראָכענער פּאָדלאָגע, לעכער און גריבער. אַ פרײלעך קול פון פילדערנדיקע קינדער איז אונדז אַנטקעגן געקומען. דער טאַטע מאַכט אויף די טיר. מיר זענען שוין אינעװייניק. אַ לענגלעך קלײן שטיבעלע. צװײ בעטן, דערנעבן אַ ״פּיעקעליק״. בײַם פענצטער שטײט אַ קלײן טישל, און אין דער גאַנצער לענג נידעריקע בענק אויף װעלכע עס זיצן שוין אַ קנאַפּע צװײ צענטליק חדר־ייִנגלעך.

— גוט מאָרגן, ר׳ ישראל־דוד! — רופט אויס דער טאַטע.

— גוט מאָרגן, גוט יאָר! — ענטפערט דער ״רבי״ מיט היימישקייט און כאַטש פון דער האַנט האָט ער די גאַנצע צײַט נישט אַרויסגעלאָזט דעם ״קאַנטשיק״ מיט לאַנגע לעדערנע ״לאַקשן״, האָב איך פאַר אים כלל נישט מורא־געהאַט.

— נו, תכשיטל — האָט ער זיך אָנגערופן באַלד צו מיר, אַ נעם־טועגדיק אַ שטיקל באַק צװישן זײַנע צװײ פינגער. ער האָט מיך צוגעפירט צום טישל בײַם פענצטער און געזאָגט: אַנו, לאָמיר הערן װאָס דו קענסט!

ר׳ ישראל־דוד דרדקי־מלמד האָט געהאַט צװײ ״כיתות״ — אַזעלכע װאָס האָבן שוין געקענט ״לײענען״ אין סידור און אַזעלכע מיט װעלכע מען האָט ערשט געדאַרפט אָנהייבן קנעלן אלף־בית. איך האָב דעם אלף־בית שוין געקענט פון דעם װאָס צו מײַנע צװײ עלטערע שװעסטער איז געקומען אַ ״רביצן״ לערנען מיט זײ דאַװענען עטלעכע מאָל אין דער װאָך. בלויז פון צוהערן זיך האָב איך גוט געקענט די ברכות און דעם גאַנצן אלף־בית. דאָס איז געװען טאַקע די סיבה װאָס מען האָט באַשלאָסן צוצואײַלן מײַן אַרײַנגיין אין חדר, הגם איך האָב נאָך נישט געהאַט קײן פולע פיר יאָר.

ר׳ ישראל־דוד האָט מיך אַרויפגעזעצט אויפן הויכן בענקעלע און אָנגעהויבן מיך פאַרהערן, װאָס איך קען:

— װאָס איז דאָס?

— אַן אלף! — האָב איך גלײַך געענטפערט.

— און אַן אלף מיט אַ פּאַסעקל אונטן, װי מאַכט דאָס?

— פּתח אלף מאַכט אַ! — האָב איך לאַנג נישט געלאָזט װאַרטן אויף אַן ענטפער.

— לערן, לערן גוט, װעט דיר דער מלאך באַלד אַראָפּװאַרפן צוקערלעך, — האָט דער ״רבי״ מיט אַ מאָל זיך אָנגערופן. איך האָב נישט פאַרשטאַנען װאָס דאָס מײנט, ביז מיט אַ מאָל האָט אָנגעהויבן פאַלן אויפן און אַרום דעם טישל קאָליריקע לאַנדרין און צוקערלעך. איך האָב גלײַך פאַרגעסן דעם ״סידור״ מיטן רבינס טײַטל און אָנגעהויבן קלײַבן די צוקערלעך.

— זעסט, אַלע קינדער װאָס לערנען מיט חשק און פאָלגן דעם רבין, װאַרפט זײ דער מלאך צוקערלעך, — האָט דער טאַטע צו מיר געשמײכלט.

אָנגעשטאָפּט די קעשענעס מיט די צוקערלעך האָב איך געװאָלט זען דעם מלאך. איך בין גיך צוגעלאָפן צום צװייטן שטיבל פון װאַנען עס האָט געהאָגלט מיט די צוקערלעך און טאַקע דערזען: הינטערן ״פּיעקעליק״, אויף אַ בענקל, איז ער געשטאַנען, — אַ הויכער, אַ דיקער מיט אַ ברײטער נאָז און אַ שפּיציקן קנאַפּ אונטער דער גאָמבע. דאָס איז געװען דעם רבינס בן־דל — ער האָט געהאָלפן דעם טאַטן אין דער פּרנסה... דאָס, האָט זיך דערנאָך אַרויסגעװיזן, איז נישט געװען זײַן אײנציקע עבודה — ער פלעגט אונדז אויך פאַר־

שפּילן, מאַכן פאַר אונדז פּאַפּירענע פערדלעך און לאַדקעס, און אויסרופן יעדע ווייל ווער עס זאָל צוגיין צום טישל לערנען, בעת אַלע אַנדערע האָבן דערביי געמוזט שטיל זיצן אויף זייערע ערטער, וואַרטן אויף זייער ריי. בלויז די ברכות עטלעכע מאָל אין טאָג, האָט דער רבי געזאָגט מיט אַלע קינדער צוזאַמען...

יענער ווינטער איז געווען מיין ערשטער "זמן" אין חדר. מען איז געזעסן אַרום דעם אייזערן אייוועלע, זיך געוואַרעמט ביים פלאַקערנדיקן פייערל. אויך אייבהייצן און זאָרגן פאַר דער ריינקייט האָט געמוזט דער מלמד מיט זיין זונדל, וואָס האָט אַ סך מאָל, אַנשטאַט העלפן היבש געשטערט דעם טאַטן. ר׳ ישראל־דוד איז שוין דעמאָלט געווען אַן אַלמן. עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען זיין זונדל איז אַוועק אַרבעטן אין דער פרעמד, האָט ער לסוף געמוזט אויפגעבן דאָס מלמדות. ער האָט מער זיך נישט געקענט אַן עצה־געבן איינער אַליין.

ביים "רבין" אין שטוב איז אויך געווען אַ קליין צוקער־געוועלבל — אַ שויבן־שענקל מיט זיסוואַרג, כדי די קינדער זאָלן נישט דאַרפן ווייט לויפן כדי צו קויפן זיך עפּעס פאַרן געלט, וואָס די עלטערן האָבן מיטגעגעבן אויף אַ "נאַש"־צו־טאָן. דאָס איז אויך געווען אויף דער האַנט פונעם מלמד: אַז ער האָט עמעצן אַ שמיץ־געטאָן מיטן קאַנטשיק און דאָס ייִנגל האָט געוויינט, האָט ער אים מפייס־געווען מיט אַ צוקערל...

זומער־צייט איז ביי ר׳ ישראל־דודן אין חדר געווען פיל בעסער. אַ גאַנצן טאָג איז מען געזעסן אין הויף, אַ גרויסער הויף מיט געלן זאַמד, און זיך דאָרט געשפּילט: געמאַכט "אויוונס" און געבאַקן "ברויט". די צרה איז געווען — דער שכנותדיקער גויישער הויף מיט די שקאַצים און זייערע טויבן־שלאַקן. יעדעס מאָל ווען די שקאַצים איז נמאס געוואָרן דאָס קוקן אויף די פליענדיקע טויבן־טשאַטעס, האָבן זיי אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער אינעם הויף פונעם "חדר". אין אַזאַ פאַל האָט דער רבי אויף גיך אַריינגעכאַפּט די ייִנגלעך אין שטוב־אַריין און אונדז געהאַלטן פאַרמאַכט און פאַרהאַמערט אינעם דושנעם ענגן שטיבל אַ גאַנצענעם טאָג.

אַזוי האָב איך, באַלד אינעם ערשטן "חדר" מיינעם דערפילט דעם ביטערן טעם פון זיין אין גלות...

## 2. אונדזער סוכה

די סוכה אויף אונדזער הויף איז געווען די שענסטע אויף דער גאַנצער גאַס אין שטעטל, "דעם הבינס גאַס". אַזעלכע הייף אויף דעם געסל זענען געווען אַ צוויי צענטליק.

אָבער איידער איך הייב אָן דערציילן וועגן אונדזער הויף און אונדזער סוכה מוז איך זאָגן אַ וואָרט וועגן דעם געסל אַליין. דעם "רבינס גאַס" האָט מען גערופן, ווייל ביים אָנהייב פון יאָרהונדערט איז דאָ געהאַט געווען אַ רביאישער הויף. נאָך בעתן ערשטן וועלטקריג איז דער "הויף" געהאַט אַריבער אין דער הויפּטשטאָט אַריין, דער נאָמען איז שוין אָבער פאַרבליבן אַזאַ די גאַנצע צייט, וואָס ייִדן האָבן דאָ געלעבט.

די שורות הייזער פון ביידע זייטן בריק זענען געווען געבויט פון האָלץ. די הייזער זענען געשטאַנען געבויגן פון אַלטקייט, ירושה פון דורות, אָבער יחוסדיק ווי זיי וואָלטן כלל נישט נתפעל געוואָרן פון די איינצלנע שטאָקיקע "קאָמעניצעס", וואָס זענען דאָ אויפגעקומען אין די לעצטע צוויי צענטליק יאָר פאַרן חורבן. אונטער די שורות הייזער זענען געווען די חצרס אַרומגעצוימט מיט הילצערנע פּלויטן און מיט נאָך געבויען, קלענערע און גרעסערע, איין געבוי אָנגעשפּאַרט אָדער געאָרעמט מיטן צווייטן.

אונדזער הויף אויף דעם רבינס גאַס איז געווען אַ ביסל יוצא־דופנדיק, אַנדערש ווי אַלע אַנדערע הייף. קודם־כל מחמת דעם וואָס ער האָט זיך געפונען צווישן צוויי גויישע הייף — פון די געציילטע נישט־ייִדן אין געסל. די הייף פון אונדזערע גויישע שכנים האָבן געהאַט סעדער, בלומען־בייטן, בעז־ און אַקאַ־

ציעס־ביימלעך, וואָס האָבן זייערע שפּע־דיקע צווייגן אַריבערגעוואָרפן דורכן פּלויט צו אונדז, באַשמעקט מיט זייערע ריחות און ווי אַרומגענומען אונדזער הויף מיט אַ מויער פון גרינס, הגם דער גאַנצער הויף אונדזערער האָט קיין איי־גענעם בוים נישט פאַרמאָגט. צו דעם אַלעם האָט אונדזער הויף געהאַט נאָך אַ ריח, וואָס גייט מיר נאָך ביזן היינ־טיקן טאָג — אַ ריח פון וואַלד און „זשיוויצע", וואָס האָט זיך געטראָגן פון געהילץ, וואָס איז דאָ תמיד געלעגן אין גרויסע הויפנס, געהילץ פון וועלכע אונ־דזערע שכנים, ר' זיינוול מיט זיינע בנים, האָבן אויסגעאַרבעט שינדלען פאַר אַלע דעכער אין שטאָט, פאַר ייִדן און נאָך מער פאַר נישט־ייִדן.

ער אַליין, ר' זיינוול, איז געווען אַ קליין אויסגעדאַרט מאָגער ייִדל, וואָס האָט נאָך דערצו אונטערגעהינקט אַ ביסל אויף אַ פוס. אויך זיין ווייב — נחמה — איז נישט געווען קיין הויכע. פון דעסט וועגן זענען די קינדער — בלויז יינגלעך — געוואַקסן ווי די ריזן, הויך, ברייט און שטאַרק. אַזוי אַלע ווי איינער — פון עלטסטן וואָס האָט שוין אויך געהאַט אַ ווייב מיט קינדער ביזן יינגסטן, וואָס איז אין גאַנצן עלטער געווען פון מיר מיט אַ יאָר צוויי־דריי, און איז שוין כולו געווען אַריינגעטאָן אין מלאכה, געניי ווי די גאַנצע שטוב זייערע.

דאָס שניצן און היבלעווען שינדלען, אַן אַרבעט וואָס איז געמאַכט געוואָרן אונ־טערן פרייען הימל, איז געווען בלויז אַ זומערדיקע סעזאָן־אַרבעט, וואָס האָט נישט געקענט באַשפּייזן אַזאַ גרויס געזינדל, האָבן די זיינוואַליקעס עוסק־געווען אין נאָך אַ צענטליק מלאכות, „גאָלדענע הענט" האָבן זיי געהאַט און געקאָנט אַלע מלאכות: פאַריכטן אַ בענקל און אָנהענגען אַ שלאָס, פאַריכטן טיר און טויער און אפילו אויפשטעלן אַ פּלויט אַ גאַנצן. די גאַנצע גאַס מענטשן איז אָנגעקומען צו זיי אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר... ווארעם דעם רבינס גאַס איז בעיקר באַשטאַנען פון ייִדן למדנים, מלמדים אָדער העכסטנס סוחרים און סתם שיינע ייִדן, וואָס האָבן קיין טשוואָק אין וואַנט נישט געקענט אַריינקלאַפּן.

דעם גאַנצן באַלמעלאָכישן טאַלאַנט און פלייס האָבן אָבער ר' זיינוול מיט זיינע זון אַריינגעלייגט אין בויען די בשות־פותדיקע סוכה פאַר אונדזער הויף. דאָס איז געווען אַ סוכה געבויט מיט רחבות, וואָס האָט אַריינגענומען נישט בלויז די מענטשן פון אונדזער הויף — אַ היבש ביסל משפחות מיט קינדער — נאָר אויך אַביסל שכנים פון די אַנדערע הייף וועל־מען עס האָט נישט געסטייעט קיין פּלאַץ אויף אַן אייגענער סוכה. יעדעס יאָר האָט מען די סוכה געבויט אויף ס'ניי, און יע־דעס יאָר מיט נייע באַקוועמלעכקייטן און נייע אויפטועכץ. ווענט ווי אין אַ סאַלאָן, פענצטערלעך און פאַליצעס; היינט די באַצירונגען, דאָס סכך וואָס פויערים האָבן ספּעציעל געבראַכט, — ווער איז ביכולת דאָס אַלץ צו באַשרייבן... פון אַלע עקן שטאָט איז מען גאַנץ סוכות געקומען אָנקוקן די חידושים פון ר' זיינוולס סוכה. באַזונדערס גרויס איז גע־ווען די פרייד פון חברה יונגוואַרג. אַלע חברים האָבן אונדז מקנא־געווען מיט אונדזער סוכה. קיינער האָט זיך נישט געקענט מיט אונדז פאַרגלייכן. אַ קליי־ניקייט — ר' זיינוול אַליין מיט זיינע בנים זענען דאָך אונדזערע שכנים. אַ גאַנץ יאָר כמעט זענען מיר, חברה יונג־וואַרג, געוואָרנט נישט צו דער־צערענען ר' זיינוולס הויז, אַבי ער זאָל אונדז אַריינלאָזן אין זיין סוכה...

אין דער סוכה גופא איז ר' זיינוול גאַנץ יום־טוב געזעסן ווי אַ מלך. דערצו האָט ער געהאַט די פריווילעגיע די סוכה צו בויען ביים פענצטער פון זיין קיך. זיין נחמה האָט דאָס עסן געקענט אַריינ־געבן דירעקט דורכן פענצטער, נישט געדאַרפט טראָגן די טעפּ מיטן עסן איבערן הויף ווי אַלע אַנדערע באַלעבאָס־טעס. היינט די כיבודים מיט וועלכע אַלע שכנים, שיינע ייִדן, האָבן אים אָפּגעגעבן און נישט פאַרגעסן ביי יעדער געלעגנ־הייט צו לויבן און דאַנקען די זיינוואַלי־

קעס פאַר זייער אַרבעט פאַרגלייכנדיק זיי אפילו צו בצלאל בן־חור . . .

אַזוי זענען מיר געזעסן אין דער סוכה פון ר׳ זיינוול יאָרן — זינט מיין זכרון דערגרייכט. אַזוי ביז עס איז געקומען די מלחמה. שוין אין ערשטן ווינטער האָט דער טויט זיך אַריינגעכאַפּט אין אונדזער הויף. ר׳ זיינוול איז געשטאָרבן פון אַ טיפוס. אַ חודש שפּעטער איז אויך נחמה אַוועק פון דער וועלט. נאָך אַ יאָר איז אַדורך, — דאָס לעבן אין געטאָ איז געוואָרן פינצטערער און שווערער פון טאָג צו טאָג. גזירות, רדיפות, הונגער. אַ שווינדזוכט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין ר׳ זיינוולס הויזגעזינד און ווי מיט אַ האַק אונטערגעשניטן די זין ווי דעמבעס אין אַ וואַלד. אין משך פון איין יאָר זענען אַלע זין אויסגעשטאָרבן פון דער קראַנקהייט. די הויכע, ברייטפּלייציקע שטאַרקע שכנים אונדזערע זענען אַוועק פון דער וועלט, נאָך איידער די דייטשן זענען געקומען אין יענעם פאַרכטיקן אלול־טאָג פון יאָר תש״ב און אַרויסגע־בומען אַלע יידן אין די טויט־וואַגאָנען כדי זיי אַוועקצופירן קיין טרעבלינקע. . .



יעדעס מאָל ווען איך דערמאָן זיך אין מיין היימשטאָט און אין חורבן פון אונדזער היים שטייט פאַר מיינע אויגן דאָס בילד פון ר׳ זיינוול מיט זיינע שיינע זין, ווי זיי זיצן אַרום אים, אין אויבנאָן פון אונדזער סוכה, אין שטראַלנדיקער יום־טובדיקייט, און ווי מיין טאַטע פאַרקעט זיין צעפּיעשטשעט בן־יחידל, אָנווייזנדיק אויף זיינוולס יינגסטן זון, און זאָגט צו מיר :

— זע, לערן זיך אָפּ ווי צו זיצן מיט מענטשן, זע מיט וואָס פאַראַ דרך ארץ זיי זיצן ביים טיש . . .

די חרוב־געוואָרענע סוכה אויף אונדזער הויף איז אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן צו אַ סימבאָל פון חורבן פון מיין שטעטל.

## 3. ר׳ מעכעלעס חרוסת

ווען מיר זענען געקומען פון דאַווענען דעם יום־טובדיקן "מעריב", איז אין שטוב דער פּסחדיקער טיש שוין געשטאַנען אַ געדעקטער. אַלץ איז שוין גרייט געווען אָפּצוריכטן דעם סדר : דאָס "היסבֿ"־בעט, די קערה, די כוסות און די פלעשער מיט פינקלענדיקן וויין. אויסגעפּוצט אין ביי־יום־טובדיקע מלבושים האָט דאָך גאַנצע הויזגעזינד שוין געוואַרט אויף אונדז.

— גוט יום־טוב, גוט יום־טוב ! — האָט מען זיך געווינטשן, און גלייך איז דער טאַטע צו צום טיש בודק־זיין צי אַלץ איז צוגעגרייט כהלכתו, צי די מאַמע האָט אַמאָל נישט אין ערב יום־טובדיקן גערודער עפּעס וואָס פאַרגעסן. דער טאַטע בייגט זיך אַריבער צו דער קערה, לייגט אַלץ אויפן אָרט : זרוע . . . מרור . . . כרפס . . . אַלץ איז טאַקע גרייט. בלויז חרוסת אַליין פעלן.

— נו, קינדערלעך, גייט צו ר׳ מעכעלען ברענגען חרוסת און מיר זעצן זיך גלייך צום סדר, — זאָגט דער טאַטע און נעמט פאַרזיכטיק פון טיש אַ באַגילדעט גראַווירט טיף שיסעלע און גיט מיר אין האַנט אַריין.

אַזוי האָט מען זיך נוהג־געווען ביי אונדז אַלע יאָרן — חרוסת צום סדר נעמט מען ביי ר׳ מעכעלען. די מאַמע וואָס האָט געשמט אין דער גאַנצער גאַס מיט אירע מאכלים און געבעקס, איז קיין מאָל נישט דערגאַנגען דעם סוד ווי צו מאַכן חרוסת. זי האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז בכלל נישט קיין אַרבעט פאַר אַן אישה, צו מאַכן חרוסת. און היות ווי דער טאַטע איז געווען אַ פאַרנומענער מענטש און בכלל זיך ווייניק געמישט אין דער באַלעבאַטישקייט, האָט מען דעריבער יוצא־געווען מיט די חרוסת, וואָס ר׳ מעכעלע האָט צוגעגרייט און מיט דעם מזכה־געווען די גאַנצע גאַס יידן, און אַלע מתפללים אין אונדזער חסידים־שטיבל.

ר׳ מעכעלע אַליין איז געווען אַן "אייניקל" — אַן אייניקל פון ערשטן רבין, וואָס האָט זיך באַזעצט אין אונ־

דזער שטאָט נאָך אין אָנהייב יאָרהונדערט כדי צו גרינדן אַ נייעם חסידישן "הויף", — אַן אָפּצווייג פון דער קוידאַנאָווער גזע. דער ממלא־מקום פון דאָזיקן רבין האָט באַוויזן דאָ צו שלאָגן טיפע וואָרצלען און בכלל בויען אין קאָנגרעס־פּוילן ליטווישע חסידות, אַ חסידות וואָס האָט כּידוע געזוכט אַ סינטעז צווישן התלהבות און לומדות. אַזוי אַרום איז באַוואָמינצק געוואָרן נישט בלויז אַ צענטער פון חסידות נאָר אויך פון תורה; האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע ישיבה מיט הונדערטער תלמידים פון אַלע עקן פּוילן. דאָס איז נאָך געווען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך דער מלחמה איז דער רבי אַריבער קיין וואַרשע, ווו ער האָט זיין "הויף" געפירט (פריער ער און דערנאָך זיין זון) ביזן חורבן. די גאַס ווו דער "הויף" האָט זיך געפונען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אָבער ביזן סוף גערופן "דעם רבינס גאַס". אין מיטן אָט דעם געסל האָט זיך געפונען אַ גרויסער הויף מיט צוויי געמויערטע גרויסע הייזער, — דאָס טאָקע איז געווען "דעם רבינס הויף".

ר' מעכעלע איז געווען דער איינציקער פון רבינס גרויסע משפחה, וואָס איז געבליבן וווינען אין דאָזיקן הויף, ווי אַ זכר פון יענע טעג, ווען דאָ איז געווען אַ צענטער פון חסידות און תורה, צייטן ווען איך בין נאָך אויף דער וועלט נישט געווען, נאָר וועגן וועלכע איך האָב זיך אַ סך אָנגעהערט אין מיינע קינדעריאָרן ביי טאַטע־מאַמע און נאָך דער לעצטער מלחמה ביי לייבוש לערער און י. ד. בערג זכרונם לברכה, וואָס האָבן אין זייער יוגנט געלערנט אין דער נאָוואָמינצקער ישיבה.

ר' מעכעלע איז געבליבן וווינען אין רבינס הויף, הגם זיין חיונה האָט ער געהאַט אין וואַרשע. ער האָט געאַרבעט אין "רעטונגס־קאָמיטעט", געזאַמלט געלט ביי וואַרשעווער גבירים פאַר אָרעמע יידן. קען זיין אַז עס איז אים שווער געווען צו שיידן זיך מיטן זיידנס ירושה, און אפשר איז ער געבליבן אין שטאָט צוליב זיין ווייב, ברכהלע, אַביסל אַ קרענקלעכע, וואָס האָט געשטאַמט פון גרויסן רבנישן יחוס אין דער ליטע און האָט זיך גענויטיקט אין "פרישע לופט"... אויך איז אים מסתמא געווען אַ שאָד אַרויסצוציען זיך קיין וואַרשע מחמת דעם, וואָס פאַקטיש האָט ער זיך דאָ אַליין געפירט מעשה רבי, אַ "הויף" אין מיניאַטור...

יעדן אינדערפרי פלעגט ברוך־דוד דראַזשקאַזש, וואָס האָט געוווינט אין זעלבן הויף אין אַ קעלער־שטוב, אָפּפירן מעכעלען מיט זיין בריטשקע צו דער באַן און צוריקברענגען אים פון דאָרט פאַר נאַכט. ר' מעכעלע איז געווען אַ מין שליח פון שטעטל אין גרויסן וואַרשע; פלעגט ברענגען גרוסן פאַר באַקאַנטע און קרובים, אַ מאָל אויך איבערגעבן "פּאַטשט", און דער עיקר — זיך משתדל זיין אין די הויכע פענצטער... ווען אין שטאָט איז אויסגעבראָכן, למשל, דער גרויסער פּאָגראָם און יידן זענען געזעסן עטלעכע טעג פאַרהאַקט הינטער טיר און לאָדן, אָן ברויט און וואַסער, איז מעכעלע געווען דער וואָס האָט אַליאַרמירט אַלע יידישע רעדאַקציעס אין וואַרשע, מען זאָל אָרגאַניזירן הילף, — שיקן ברויט מיט פּראָוויאַנט פאַר די פּאָגראָמירטע, וואָס האָבן מורא אַרויס פון די שטובן.

שבת און יום־טוב האָט ער קיין מאָל נישט פאַרלאָזט די שטאָט — נישט געפאָרן אפילו צום רבין, ווייל ער האָט זיך אַליין פאַר אַזאַ געהאַלטן. אַ הויכער, אַ ברייטפּלייציקער און פּאַרקיילעכדיקער, אין אַ זיידענער קאַפּאָטע מיט אַ רויטער פּאַטשיילע און שטריימל אויפן קאָפּ, האָט ער געדאַוונט ביים עמוד, געזונגען, געטאַנצט דערביי און געמאַכט עוויות און תנועות פון אַן אמתן רבין, הגם שאַרפע חסידים האָבן פון אים נישט געהאַלטן, און צווישן די לומדים אין שטאָט האָט מען אים אויך נישט פאַררעכנט. געווען זאָגאַר אַזעלכע וואָס האָבן אים אפילו געהאַלטן פאַר אַ שטיקל קל־דעת.

איך האָב מעכעלען ליב געהאַט אהבת

נפש, פון קינדווייז אָן, טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט נישט ליב געהאַט — ווי אַנדערע — אויסצופרעגן קינדער אין לערנען. אַנשטאָט דעם, פלעגט ער מיט זיי שטיפן ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ יינגל. אָבער דאָס וויכטיקסטע — ער פלעגט תמיד מיטברענגען פון וואַרשע פולע קעשענעס מיט זיסוואַרג, וואָס מען האָט אין שטעטל נישט געזען און פלעגט דאָס טיילן צווישן די קינדער אין גאַנצע זשמעניעס. איך האָב, בכן, זייער גערן זיך מיטגעכאַפּט מיט טאַטע־מאַמע יעדעס מאָל, ווען זיי זענען געגאַנגען צו אים צו גאַסט. אַ גאַנץ יאָר אַזוי, אָבער נאָך מער האָב איך ליב געהאַט צו גיין צו אים פאַרן סדר ברענגען חרוסת.

ר׳ מעכעלע האָט געוווינט אויפן צווייטן שטאָק פון דער "קאַמיעניצע", אין עט־לעכע גרויסע צימערן מיט באַלקאָנען און מיט אַ "סאַליע", וואָס ער האָט גע־האַלטן ספּעציעל פאַרן רבין, וואָס פלעגט קומען צוויי מאָל אין יאָר אויף קבר־אבות. ביים אַריינקומען צו אים פּסח אָוונט האָט באַלד אַ שלאָג געטאָן אַ שאַרפער ריח פון וויין, פון ניס, מאַנדלען און צימערינג. אויפן טיש אין מיטן שטוב, איז געשטאַנען אַ גרויסע טיפע שיסל מיט די שמעקעדיקע חרוסת און ער אַליין, ר׳ מעכעלע, האָט געמישט דאָס געדיכטע "טייגעכץ", וואָס האָט כסדר געטריקנט אַזוי, אַז ער האָט גע־מוזט יעדע ווייל צוגיסן פרישן וויין. אַזוי איז ר׳ מעכעלע געשטאַנען און געטיילט פאַרציעס חרוסת פאַר די קינ־דער און דערוואַקסענע וואָס האָבן גע־האַלטן אין איין קומען.

ווי נאָר ער פלעגט מיך דערזען, האָט ר׳ מעכעלע אַלץ מיט אַנאַנדער געלאָזט שטיין און זיך גענומען צו מיר: אַ כאַפּ געטאָן מיך אין זיינע שטאַרקע אָרעמס, אַ וואָרף געגעבן אין דער לופט און צעשריגן זיך אויפן קול:

— ר׳ אפרים! — אַזוי פלעגט ער מיך רופן פון קינדווייז אָן, און דערביי אויפ־קלערן פאַרוואָס: — עפּעס אַ קלייניקייט טראָגן דעם נאָמען פון אַזאַ זיידן, — אפרים משמש! און ער פלעגט אָנהייבן נאָכמאַכן די תנועות און אופן רעדן פון מיין זיידן, וואָס איז געווען דער הויף־משמש ביי ביידע ערשטע רביים פון דער דינאַסטיע, נאָכדערציילן זיינע ווערטלעך און ווייזן ווי אַזוי מיין זיידע פלעגט קנייפּן די ישיבה־בחורים אין די בעק־לעך. די איינציקע זאַך וואָס איך האָב נישט פאַרטראָגן ביי ר׳ מעכעלען איז געווען, ווען ער האָט טאַקע אָנגעהויבן דאָס צו ווייזן בפועל ממש אויף מיינע בעקלעך...

באַקומען די פאַרציע חרוסת, האָט מיך מעכעלע אַלץ נאָך נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט געעפנט דעם קרעדענץ און פון דאָרט אַרויסגענומען ארץ־ישראל־ביסלעך, צוקערוואַרג און מאַקעראָנדלעך, און מיט זיי אָנגעפּאַקט מיר פולע קעשענעס. דער־נאָך האָט ער געעפנט די ספרים־שאַנק און פון דאָרט אַרויסגענומען אַ גוט־פאַר־וויקלטע פלאַש וויין, דערלאַנגען מיר זי בדחילו ורחימא און זאָגן דערביי:

— דאָס איז אַ פלעשל כרמל־וויין, וואָס דער רבי אין וואַרשע האָט מיטגעשיקט פאַר דער באָבען כרמל־וויין פון די וויינ־קעלערס אין ראשון — צום סוף פלעגט ער אַריינרופן זיין איינציקן זון, אַ יינגל אַ סך עלטער פון מיר, און זאָגן:

— אהרלע, באַגלייט אים אַראָפּ פון די שטיגן, ער זאָל נישט צעברעכן די פלאַש.

אַזוי פלעג איך יעדן פסח, פאַרן ערשטן סדר, אַרויס פון ר׳ מעכעלעס הויז באַ־לאָדן מיט כל־טוב. דער ריח פון די חרוסת און בפרט דער ריח פון יענעם כרמל־וויין פלעגט מיך פאַרשיכורן: איין קלייניקייט, — וויין פון ארץ־ישראל!

אין איינער אַזאַ סדר־נאַכט, ווען איך בין שוין געווען נאָענט צו בר־מצווה האָט ר׳ מעכעלעס בן־יחיד, אהרלע, וואָס איז שוין געווען אַביסל "קאַליע", ביים אַראָפּבאַגלייטן פון די שטיגן מיך אָוועק־גענומען אין אַ ווינקל און פאַרטרויט אַ סוד:

— מאָרגן ביי טאָג אין "מרכז" וועט לייבל פאַרבמאַן דערציילן וועגן ארץ־

ישראל. ער קומט דאָך טאַקע פון חיפה, פון דער שטאָט פון כרמל...

דאָס קאַפּיטשקע כרמל־ווײַן, וואָס יע־דער האָט ביים סדר־טיש באַקומען — אַ "קאַפּיטשקע", ווייל מער ווי אַ העלפט פון דער פלאַש פלעגט מען איבערלאָזן פאַר דער באָבע צוליב אַ רפואה; "דאָס איז בעסער ווי דער בעסטער רעצעפּט" — פלעגט די באָבע טענהען, ווען זי האָט זיך געפילט שוואַך און געדאַרפט מיט עפּעס "זיך דערכאַפּן" — דאָס קאַ־פּיטשקע ווײַן האָב איך יענעם פסח ביי נאַכט געטרונקען מיט אַ באַזונדערן ציי־טער און אַ גאַנצע נאַכט געחלומט און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם צו־מאָרגנס נאָכמיטאָג. שטיל, קיינער זאָל נישט וויסן, בין איך אַוועק אין "מרכז" צו זען און הערן אונדזער בן־עיר, וואָס איז געקומען פון ארץ־ישראל אויף יום־טוב צו זיין משפחה צוגאַסט. ביים אַריינ־גאַנג האָט שוין אהרלע אויף מיר גע־וואַרט. איך בין אַריין אינעווייניק, זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און זיך צו־געהערט צו יעדעס וואָרט.

פון יענעם פסח אָן בין איך געוואָרן אַן אייגענער, פון דעמאָלט אָן האָב איך שוין דעם ציוניסטישן „מרכז" קיין מאָל נישט פאַרלאָזט...



## געשטאָרבן די שריפטשטעלערין רחל אויערבאַך

דעם 29סטן מאַי ה. י. איז אין בית־רבקה לעבן פּתח־תקוה געשטאָרבן נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט די באַקאַנטע שריפטשטעלערין רחל אויערבאַך ז"ל.

די פאַרדינסטן פון אויערבאַך פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע פון דער צייט פון שואה זענען נאָך ביז ערשט ווי געהעריק נישט געוואָרן דערשאַצט. זי האָט געהאַט די טראַגישע מעגלעכקייט אוממיטלבאַר צו אָבסערווירן די יסורים פון דער יידי־שער באַפעלקערונג אין וואַרשע, ווי אויך זיך אַליין איבערצולעבן, פון דער ערש־טער מינוט פון דעם אַריינקומען פון די נאַציס קיין פוילן ביז אין דעם סאַמע שווידערלעכן סוף. אַדאַנק איר שרייבע־רישן טאַלאַנט און הויכער אינטעליגענץ האָט זי באַוויזן אין אַ גאַנצער ריי ווערק צו געבן דעם סאַמע פאַסיקסטן אויסדרוק דער דאָזיקער געשפּענסטישער טעמאַטיק אין אַזאַ פאָרנעם, וועלכע סינטעזירט אין זיך גלייכצייטיק אוממיטלבאַרקייט און דיסטאַנץ, פּערזענלעכן ווייטיק און גרונ־טיוויטעט, שאַרפזין אַן אויטענטישן מקור פון דערקענען יענע גרוילעכע צייט.

באַזונדערס צייכענען זיך אויס אירע שילדערונגען פון אַ גאַנצער ריי וואַר־שעווער שרייבער און פון זייערע לעצטע איבערלעבונגען.

מיט איר אַוועקגיין האָט די יידישע ליטעראַטור פאַרלוירן נישט בלויז אַ ביז גאָר טאַלאַנטירטע עסעיסטן פון אַ הויכן קולטור־ניוואָ און אַן היסטאָריקערין — עד־ראיה פון דער צייט פון שואה, נאָר איינע פון יענע יידישע אינטעלעקטועלע גייסטער, וועלכע זענען גזמען זייער טאַ־לאַנט און וויסן געווען מסוגל אויפצו־עפענען פאַר אונדז אַלץ טיפער און טי־פער יענע מאַקאַברישע טעג.

כבוד איר ליכטיקן אָנדענק!

אַננאַ לענגיל

# אַ מעשה מיט ווייסע זעמעלעך

אין ברויט־קרעמל, אין וועלכן איך האָב דעמלט געאַרבעט, איז שוין אין יענער שעה געווען שטיל. לענגאויס די ווענט, אויף די פּאָליצעס און אונטער דעם קראָם־טיש איז שוין נישט געווען קיין געבעקס, אַלץ איז שוין געווען אויס־פאַרקויפט, די ברעקעלעך צוזאַמענגעקליבן, און אפילו דער איידעלער ריח פון פריש ברויט האָט שוין אויך אויסגעוועפּט. בלויז אין דעם קויש, וואָס איז געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ ווינקל, אַז אַ נישט געוווּנטשן אויג זאָל נישט דערזען זיין אינהאַלט — זענען געלעגן צוואַנציק זעמעלעך, וואָס איך האָב צוגעגרייט פאַר איינעם אַ קונה, וועלכן איך האָב געוואָלט טון אַ טובה, ווייל ער איז געווען אַ גוטער אָרעמער מענטש מיט אַ סך קינדער אין שטוב. ווען ער וועט גיין פון דער אַרבעט, וועט ער זיך די זעמעלעך אָפּנעמען.

דער גרויסער וואַנט־זייגער האָט אויסגעשלאָגן די שעה. ס'איז געווען מיטאָג־צייט, אין דרויסן האָט געברענט די זון, מיד און טרויעריק האָט געזשומעט אַ גרויסע פליג אויף דער שויב פון שוי־פענצטער. איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם לאָדן.

איצט האָט אויף מיר געוואַרט אַ צווייטע אַרבעט. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און גענומען אויף אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר אויפקלעפּן די ברויט־קאַרטן, אויפן סמך פון וועלכע איך האָב זייט זעקס אַ זייגער אין דער פרי אויספאַרקויפט די היינטיקע צוטיילונג פון ברויט.

פּלוצים האָב איך פון דער גאַס דערהערט אַ פרויען־שטימע — איך האָב אויפגעכאַפּט דעם קלאַנג פון יידישע ווערטער און פאַרחידושט האָט מיך זייער אינהאַלט:

— זייער אַן אַנשטענדיקע דייטשקע איז זי...

עס איז מיר געווען אַנגענעם דאָס צו הערן, ווייל כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען מיך. אָבער אין דער זעלבער רגע האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך האָב מורא — די דאָזיקע עטלעכע ווערטער האָבן אויף מיר געוואָרפן אַ פּחד: וואָס וועט זיין, אַז עמעצנס בייז אויער וועט דאָס דערהערן און אָנהייבן זיך נאָכ־פרעגן, אין וואָס עס באַשטייט די דאָזיקע "אַנשטענדיקייט" מיינע? און אַז מען וועט אָנהייבן נאָכפרעגן, קען זיך אויך אַרויסשיטן דער אמת וואָסער דייטשקע איך בין... און דעמלט...

איך בין אַריין אין דעם קליינעם וואַש־צימערל, ווו עס איז געהאַנגען אַ שפּיגל און האָב זיך גענומען באַטראַכטן — טויזנטער מאָל האָב איך שוין דאָס זעלבע געטאָן... אַלזאָ: איך בין הויך און שלאַנק, איך האָב צוויי בלאָנדע צעפּ פאַרפלאָכטן און אַרומגעוויקלט אַרום דעם קאָפּ אויפן דייטשן שטייגער, איך האָב גרינע אויגן און אַ העלע צערע — כמעט אַן ״אַרישער״ טיפּ — געלויבט איז גאָט. מיט אַזאַ׳ן אויסזע ציט מען נישט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די יעגער און תליינים. מיט אַזאַ׳ן אויסזע און מיט אַ ביסל מזל קען מען נאָך איבערלעבן דאָס דריטע רייך.

די בעקעריי, אין וועלכער איך האָב געאַרבעט, האָט זיך געפינען נישט ווייט פונעם יידישן קוואַרטאַל, אָבער זי איז געווען באַשטימט צו פאַרזאָרגן מיט צעטל־ברויט בלויז די אַרישע קונים, און איך בין דאָ געווען באַשעפטיקט, ווייל דער אייגנטימער איז געווען איבערצייגט, אַז איך בין אַ דייטשקע.

אַ שטיל, מען קען זאָגן שעמעוודיק קלאַפּן אין לאַדן, האָט מיר איבערגעריסן די געדאַנקען. איך בין צוגעגאַנגען צו דער טיר און געעפנט. כ׳האָב דערזען אַן אַלטע פרוי מיט אַ פאַרקנייטשט געזיכט, וואָס האָט געקוקט אויף מיר מיט פּחד און מיט האָפענונג. אַזוי שטיל, אַז איך האָב זי קוים דערהערט, און מיט אַזאַ שלעכטן דייטש, אַז איך האָב באַלד דערקענט, אַז זי איז אַ יידישע, האָט זי געזאָגט:

— אפשר וואָלט איך ביי אייך געקאָנט קויפן צוויי זעמעלעך? מיין טאָכטער ליגט אין קימפּעט און דאָס שוואַרצע ברויט... פריילין, אפשר...

שנעל האָב איך זי אַריינגעלאָזט אין קרעמל אַריין, גענומען זעקס פון די זעמעלעך, וואָס איך האָב געהאַט אָוועקגעלייגט אין קויש, און דערלאַנגט דער אַלטיטשקער.

זי האָט גיך אַראָפּגעלאָזט די זעמל אין דער גרויסער טאָרבע. מיט פייכטע אויגן, פול מיט דאַנקבאַרקייט האָט זי געקוקט אויף מיר און שווייגנדיק אָוועק־געלייגט אויפן טיש עטלעכע מטבעות — מער ווי מען האָט געדאַרפט. איך האָב איר צוריקגעגעבן דאָס רעשט געלט. זי האָט אַ ווײַלע אַריינגעטראַכט, צי זי זאָל עס נעמען. איך האָב איר אַריינגעשטעקט די מטבעות אין דער האַנט אַריין.

— אויך מאָרגן קענט איר קומען — האָב איך געזאָגט — איך וועל פאַר אייך צוגרייטן עטלעכע זעמל.

אויף דער שוועל האָט זי זיך נאָך אַ מאָל אומגעקוקט און אויסגעפּליסטערט:

— אַ שיינעם דאַנק אייך.

איך האָב פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און האָב זיך ווידער גענומען צו מיינע ברויט־קאַרטן.

דעם צווייטן טאָג, אין דער זעלבער שעה, האָט זי ווידער אָנגעקלאַפּט. דאָס מאָל איז זי שוין נישט געווען אַליין. נעבן איר איז געשטאַנען נאָך איין יידענע.

— דאָס איז מיין שכנטע — האָט פאַרגעשטעלט די אַלטיטשקע.

— מיין מאַן האָט אַ שווערן אולקוס — האָט געזאָגט די שכנטע — ער האָט

גרויסע שמערצן. אפשר וואָלט איר מיר געקאָנט פאַרקויפן עטלעכע זעמעלעך?

איך האָב געגרייכט צו מיין פאַרבאַרגענעם קויש און דערלאַנגט יעדער פון די צוויי ווייבער צו צען זעמעלעך, זיי האָבן זיך אומגעקוקט, צי קיינער זעט נישט, און האָבן באַהאַלטן די סחורה.

שוין ביים אַרויסגיין האָט די פרוי פון מאַן מיטן אולקוס, געפרעגט:

— איר זענט אַ יידיש קינד?

איר פראַגע איז געבליבן הענגען אין דער לופט און אין מיר האָט אָנגעהויבן שטאַרקער פולסירן דאָס בלוט, און אין מוח האָט געהילכט אַן עכאָ: אַ יידיש קינד... אַ יידיש קינד...

איך האָב געשוויגן. כ׳האָב נישט געטאָרט, כ׳האָב מורא געהאַט צו זאָגן ״יאָ״, און איך האָב נישט געוואָלט זאָגן ״ניין״.

— אפשר טאָר זי נישט זאָגן? — האָט זיך שטיל אָנגערופן די צווייטע אַלטיטשקע — געזונט זאָל איר זיין. ווייל איז דער מאַמען, וואָס האָט אַזאַ ווילע טאָכטער...

זיי זענען אַרויס פון קרעמל. איך האָב פאַרמאַכט נאָך זיי די טיר און האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ס׳האָט מיך געדריקט דער באַוווסטזיין פון שולד און פון שאַנד: פאַרוואָס האָב איך נישט געזאָגט ״יאָ״?

יידיש: קלמן סעגאַל



## נייע ביכער

לייזער ענגעלשטערן — ״מיט די וועגן פון דער שארית־הפליטה״. הרצליה 1976. 399 זייטן. אַרויסגעגעבן ביי דעם ״פאַר־באַנד פון ווילנע און אומגעגנט אין יש־ראל״. דאָס איז אייגנטלעך אַ פאַרזעצונג פון ערשטן באַנד זכרונות פון זעלבן מחבר, דערשינען אין יאָר 1972 א.נ. ״אין געטאָס און וועלדער״. דאָס איצטיקע בוך איז געטיילט אין פינף ביז גאָר אינטע־רעסאַנטע קאַפּיטלען: ״ווילנע נאָך דער באַפרייונג״, ״אויף דער פוילישער ערד״, ״איטאַליע״, ״אַמעריקע״ און ״אין לאַנד ישראל״. וועגן אַט דעם ווערק קאָן מען זאָגן, אַז ס׳איז נישט נאָר אַ לעבנס־באַ־שרייבונג פון מחבר גופא, ס׳איז אויך אַ טאַלאַנטפולער בייטראָג צו דער טראַגי־שער חורבן־כראָניק פון אונדזער פאָלק, פון די וואָגלענישן פון דער שארית־הפליטה — דורך פיין — צו ווידערגעבורט.

שיינע לאה חלף

# איך האָב דאָס אַליין איבערגעלעבט...

די נאַצישע חיות פלעגן דורכפירן זייערע טייוולאָנישע פּלענער אַלע מאָל, ווען מע האָט זיך ניט געריכט: אָדער פאַר אַ יידישן יום־טוב, אָדער ערב שבת. דאָס מאָל איז געווען פרייטיק. מע לאָזט ניט אַרויס די בריגאָדעס צו דער אַרבעט. וואַרטן מיר, וועמען וועט איצט טרעפן דער אומגליק. די פּאָליציי זאָגט, אַז מע וועט אַרויספירן אַ קוואַרטאַל פון געטאָ. נאָר וועלכן — האָבן זיי ניט געזאָגט, זיי ווילן ניט מאַכן קיין פּאַניק...

משה — מיין מאַן — האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט אין ערגעץ ניט גיין. זאָל זיין, וואָס וועט זיין. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און די יידישע פּאָליציי האָט גענומען רופן: — יידן, אַרויס, אַרויס פון די שטיבער! אַלע מוזן אַרויס אויפן גאַס! די דייטשן און אוקריינער זענען געקומען אייך נעמען אויף אַרבעט. באַהאַלט זיך ניט אויס! אַניט וועלן זיי שיסן אויפן אָרט. קומט בעסער אַלע מיט גוטן... איר קענט זיך ערגער מאַכן!

ערגער? וואָס קאָן שוין זיין ערגער?... פאַמיליעס האָבן זיך גענומען געזעגענען איינער מיטן צווייטן, קושן און האַלדזן זיך צום לעצטן מאָל — מאַמעס, טאַטעס, קינדער, גוטע פריינט, אפילו ניט קיין גוטע פריינט זענען אין דער מינוט, — אין שאָטן פון טויט, — גוטע פריינט געוואָרן אין זייער לעצטן וועג. די טויט־שרעק האָט אַלעמען פאַרייניקט, אַלעמענס וויגעשריי איז געוואָרן איין קלאָג, אַלעמענס הערצער האָבן געפילט דעם זעלבן ציטער פאַר זייער גורל. דער זעלבער שוידער איז דורכגעגאַנגען דורך אַלעמענס גלידער. אפילו די קליינע קינדער האָבן אים דערפילט. ניט וויסנדיק, וואָס עס דאַרף דאָ געשען, האָבן זיי זיך אין שרעק געטוליעט צו דער מוטערס קלייד, פאַרשטעלט די קעפּלעך, באַהאַלטן די אייגלעך...

אָט טרייבט מען שוין פון די שטיבער. מע שלאָגט, מע קלאַפּט מיט די קאָלבעס פון די ביקסן. דער יאָמער, די גוואַלדן האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט די רציחישע קולות פון די אוקריינער. אין דעם טומל האָבן משפחות פאַרלאָרן איינער דעם צווייטן.

משה איז געווען פעסט אין זיין באַשלוס. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד אויף די הענט און מיך פאַרן האַנט און געלאָזט זיך מיט אונדז לויפן. אָבער ניט אַהין, ווו אַלע, נאָר אין דער פאַרקערטער ריכטונג, צו אַ הויף, וועלכן ער האָט אָנגעמערקט נאָך פון פריער. דאָרטן איז געווען אַן אַלטע גאַרבאַרניע, געפּאַקט מיט פאַרשיידענע ברוכוואַרג, קאַסטנס, ליידיקע טונען פון קאַלך און צעבראָכענע מעבל־שטיק. אויבן איז געווען אַ מין בוידעמל, ווו שטעלן זיך האָט מען ניט געקענט. מע האָט געמוזט זיצן אָדער ליגן. אין דעם טומל, פון קיינעם ניט באַמערקט, האָט משה אַרויפגענומען מיך

מיטן קינד אויפן בוידעמל. די טיר האָט ער געלאָזן אָפן, נאָר אָנגעשטעלט בײַם אַרײַנגאַנג קאַסטנס.

אַזוי, האַלב זיצנדיק, האַלב ליגנדיק, האָבן מיר געזען דורך די שפּאַלטן פון די ברעטער, ווי מע טרײַבט אַרויס די ייִדן פון אַלע שטיבער, ווי מע שטויסט זיי, ווי מע וואַרפט זיי... נאָך אַ נס, וואָס דאָס קינד איז בײַ אונדז אײַנגעשלאָפן און וויינט ניט...

די גאַסן ווערן שטילער, לײַדיקער, נאָר די מערדער גייען נאָך אַרום איבער די שטיבער, זוכן באַהאַלטעטע ייִדן, און דערווײַל ראַבירן זיי. מע הערט פון צײַט צו צײַט אַ שאָס — אַ ייִדיש לעבן האָט זיך פאַרענדיקט. די רוצחים גייען שוין פון די שטיבער, די טירן בלײַבן אָפן. מע דערנענטערט זיך אַהער. צוויי דײַטשן זוכן אין אַלע ווינקלען פונעם הויף. זיי קומען שוין צו דער גאַרבאַרניע. מיר האַלטן אײַן דעם אָטעם און קוקן מיט שטאַרע אויגן איינער אויפן צווייטן. אונדזערע בליקן פאַלן אויפן שלאָפנדיקן קינד. מיר פילן — ס׳איז אונדזער לעצטע מינוט. אָט־אָט, און זיי וועלן אַרויף אויפן בוידעמל משה פײַניקט זיך, אַז ער, נאָר ער אַליין האָט פאַרשנעלערט אונדזער אומקום. ווען מיר גייען מיט אַלעמען, וואָלט מען אונדז אפשר שיקן צו דער אַרבעט.

אונטן גייען אַרום די מערדער, זיי שלײַדערן די טונען, די קאַסטנס, זיי שרײַען און זידלען די ייִדן, וואָס צוליב זיי מוזן זיי זיך אויסשמירן אין קאַלך. און אָט שטייען זיי שוין בײַ די טרעפּלעך... מיר פילן, ווי די נשמה פליט אונדז ממש אַרויס פאַר שרעק. שוין, שוין!... אין דעם זעלבן מאָמענט דערהערן מיר, ווי איין דײַטש שרײַט צום צווייטן: דאָ איז קיינער ניטאָ. עס האָט ניט קיין צוועק זיך אײַנצוריכטן אין שמוץ... — און זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון גאַרבאַרניע. מע הערט, ווי עס דערווײַטערן זיך זייערע שווערע טריט. רײדן האָבן מיר ניט געקענט — מיר האָבן דאָס לשון פאַרלאָרן.

## 2. דער גרויזאַמער געזעץ

ס׳איז דאָך שווער צו גלייבן, אַז אפילו אין געטאָ האָט זיך געפירט אַ קולטור־אַרבעט. עס פלעגן פאָרקומען געהיימע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען, וויסנשאַפטלעכע לעקציעס און פאַרשיידענע קולטור־טעטיקייטן. די רעליגיעזע ייִדן האָבן געגרינדעט ״תפארת בחורים״ און האָבן פאָרגעזעצט לערנען תורה. ס׳איז אפילו דערשינען אַ וועכנטלעכע צײַטונג. די געטאָ האָט אויך געהאַט אַן אייגענעם גערירכט אונטער דער אָנפירונג פון דעם פּראָפעסאָר בעלאָצקי. די קינסטלער און מוזיקער האָבן געטאָן אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך, אויף צו טרייסטן די פאַרצווייפלטע מענטשן.

אין אַ צײַט אַרום איז אַרויס אַ שפּאָגלנײַער געזעץ, אַז ייִדישע פרויען טאָרן ניט האָבן אין געטאָ קיין קינדער. וועלכע פרוי עס וועט געבוירן אַ קינד, וועט זי דערשאָסן ווערן מיטן קינד צוזאַמען. איז קען מען זיך שוין פאָרשטעלן דאָס געפיל פון די שוואַנגערע פרויען... אָבער עס איז צו באַוואונדערן — ייִדן האָבן, ניט געקוקט אויף אַלץ, חתונה געהאַט, קינדער געבוירן, און ייִנגעלעך געמאַכט פאַר ייִדן. נאָך גרעסער איז געווען דאָס וווּנדער, וואָס אין פיל פאַלן האָבן פרויען, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין קינדער צען, פופצן יאָר, גראָד אין געטאָ געבוירן. אַזן אַזעלכע קלוגע, געראָטענע קינדער! די געטאָ־קינדער האָבן גוט פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען קליינע ייִדעלעך. זיי פלעגן זיך אַליין היטן, אַז די נאַציִשע אויגן זאָלן זיי ניט דערשנאַפּן. זיי פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן — ווו זיי פלעגן נאָר געפינען אַ ווינקל. מיט זייער דינעם קינדערישן חוש פלעגן זיי די ערשטע דערפילן, ווען אין געטאָ פלעגן אָנקומען דײַטשן — נאָך איידער די עלטערן פלעגן זיך פון דעם דערוויסן. זיי פלעגן דערפילן די געפאַר, וואָס לויערט אויף זיי, אָט ווי די צעשראָקענע הירשעלעך, ווען אַ ווילדע חיה קלײַבט זיך זיי פאַרצוקן... אפילו אונדזער חיימל, וואָס אים איז געווען בלויז

צווײ מיט אַ האַלב יאָר, פֿלעגט שוין איך וויסן, ווי אַזוי זיך אויסצוהיטן פֿון די מערדערס. ער פֿלעגט זיך שטעלן אויף אַ בענקל ביים פֿענצטער און אַפּרוקן אַ קליין שטיקל פֿאָרהאַנגל, צו קענען אַרויסקוקן אין דרויסן. און איין מאָל, ווען ער איז אַזוי געשטאַנען ביים ווינקל פֿענצטער, האָט ער דערזען פֿאַרבייגיין אַ דייטש. פֿון גרויס שרעק איז דאָס קינד אַראָפּגעפֿאַלן פֿון בענקל. ער האָט אָבער ניט געוויינט, נאָר אַ פֿינגערל צו די ליפּעלעך צוגעלייגט: — שאַ, מאַמע, אַ דייטש! — האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט און זיך אויף גיך באַהאַלטן אונטערן בעט...

### 3. ביי די קלאַנגען פֿון פֿריילעכער מוזיק

דאָס מאָל זענען, ווי שטענדיק, געקומען די דייטשן אין דער באַגלייטונג פֿון דער פּאָליציי און גענומען כאַפּן מענטשן פֿון די שטיבער און פֿון די גאַסן, — אפֿילו די, וואָס זענען ניט געווען אין דער ליסטע אויף אַרויסצופֿירן. צווישן די קרבנות זענען דאָס מאָל אויך מיר געווען: איך, מיין מאַן און אונדזער יינגעלע, וואָס איז דער אונטערשיד דער ייד, צי יענער ייד — אַבי די צאָל זאָל שטימען. עס האָט ניט געהאָלפֿן דאָס בעטן זיך, דאָס טענהן, אַז מיר זענען ניט אויף דער ליסטע. אונטערן האָגל פֿון קלעפּ און געשרייען "שנעלער, שנעלער!" האָבן משהס ציטערנדיקע הענט געמוזט פֿאַרפּאַקן עטלעכע זאַכן אין אַ זעקל, און ער איז שוין געווען גרייט. איך האָב ניט געוויינט, איך האָב זיך די גאַנצע צייט געריכט אויף דעם. צו וואָס דאָס וויינען און דאָס בעטן זיך? דאָס וואָלט נאָר פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן די מערדער. זאָל געשען, וואָס עס דאַרף געשען — אַבי גיכער! זאָל שוין נעמען סוף — און איבערקומען דאָס אַלץ. שוין גענוג געליטן און געמאַטערט זיך!... איך האָב אָבער ניט געוווּסט, אַז דער טויט וואָלט געווען צו גוט פֿאַר מיר, אַז עס דערוואַרט מיך אַ סך ערגערס ווי דער טויט. מע האָט אונדז אַלעמען אַרויסגעשלעפּט פֿון שטוב שוין אויף אייביק... מיין שוועסטער האָט נאָך ניט באַוויזן צו קומען פֿון דער אַרבעט. זי האָט אונדז שוין מער קיין מאָל ניט געזען.

משה האָט דאָס קינד פֿון מיינע הענט גענומען, און איך שלעפּ זיך נאָך נאָך אים ווי מיט געליימטע פֿיס. — עפּעס אַזאַ פּוסטקייט, אַ ליידיקייט אין קאָפּ און אויף דער נשמה. איך קוק זיך אַרום מיט אויפגעריסענע אויגן, ווי מע מוז וויינען, שרייען, רייסן זיך די האָר פֿון קאָפּ. און איך קאָן קיין טרער ניט אַרויסלאָזן. די אויגן זענען ביי מיר, ווי אויסגעטרוקנט מיט אַ פֿייער. איך שלעפּ זיך נאָך מיין מאַן, אַזוי ווי אַ געפּענטעטע קאַלב צו דער שחיטה.

די גרויסע, פֿאַרמאַכטע אויטאָס זענען שוין געשטאַנען גרייט ביים געטאָ־טויער. מיט ביטערע קלעפּ האָט מען די קרבנות געלאָדן אין די אויטאָס. מע האָט אונדז צוזאַמענגעפּרעסט, ווי הערינג אין אַ פֿאַס. מע האָט אונדז געפֿירט צום אָרט. ווו אויף אונדז האָבן געוואַרט ליידיקע פּראַכט־וואַגאָנעס און אויטאָבוסן, פֿון וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַ פֿריילעכע מוזיק פֿון פּאַטעפֿאָנען. די דייטשישע לידער האָבן געזאָלט פֿאַרטויבן דעם יאָמער פֿון די פֿאַרצווייפֿלטע יידן.

אין די אויטאָבוסן מיט דער מוזיק האָבן די מערדער אַריינגעוואָרפֿן די קינדער, וואָס זיי האָבן אַרויסגעריסן ביי די מוטערס פֿון די הענט. קינדעריש געוויין האָט זיך צונויפגעמישט מיט די קלאַנגען פֿון דייטשישע לידער און מאַרשן. די פֿאַשיסטישע גזלנים האָבן צעריסן די משפּחות און געוואָרפֿן אין די וואַגאָנעס — מענער און פֿרויען באַזונדער. די אַלטע לייט האָט מען געוואָרפֿן אין די אויטאָבוסן, צוזאַמען מיט די קינדער. די פֿאַמיליעס האָבן זיך שוין צעשיידט אויף אייביק.

איך האָב ניט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, ווי גיך דאָס אומגליק האָט אויף מיך געטראָפֿן. משה האָט מיר איבערגעגעבן דאָס קינד און ניט באַוויזן אַ וואָרט צו זאָגן, איז ער שוין ניט געווען נעבן מיר.

איך וויל שרייען, רופן, — איך באַווייז אָבער ביט: צוויי מערדערישע לאַפּעס האָבן ארויסגעריסן דאָס טייערסטע איז מיין לעבן — מיין איינציק קינד, מיין זיסן חיימקען און אים אַריינגעוואָרפן, ווי אַ שפּענדל אין איינעם פון די אויטאָס.

אַ ווילד געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיין האַלדז: „מערדער, גיט מיר אָפּ מיין קינד, אָדער דערהרגעט מיך אויפן אָרט!...״ אַ שטאַרקער זעץ אין קאָפּ מיט דער קאָלבע פון אַ ביקס האָט מיך שטיל געמאַכט. איך בין געפאַלן. ווי אַ זאַק, האָט מען מיך אין וואַגאָן אריינגעשליידערט, ווו עס זענען שוין געלעגן אַ סך אַזוינע מאַמעס. זייערע קולות האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין שרעקלעכן ברומען. אַ כאָרכלען האָט זיך געטראָגן פון זייערע העלדזער. מיט בלוט זענען געווען פאַרלאָפן זייערע אויגן, די מיילער — אויפגעריסן אין איין יאָמערלעך געשריי:

— חיימל! — משהלע! — שלמהלע!
— שרהלע! — רבקהלע!...

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## צום אָנדענק פון נתן זאַבאַרע ז״ל

אויף איינעם פון די פאַרדרייטע און שטימונגספולע ירושלימער געסלעך — אויף בצלאל — ערגעץ אין אַ גאַנץ רויִשיק ווינקל — הענגט אַ שטיל באַשיידן שילדל ״פרגוד״ (קוליסן). דאָס שילדל הענגט איבער דער גאַסטפריינדלעכער טיר, פון וואַנען מע לאָזט זיך אַראָפּ מיט די קעלער־טרעפּ אינעם עקספּעריִמענטאַלן טעאַטער־זאַלכל. דאָ קומען אָפּט פאָר מוזיקאַלישע קאָנצערטן און ליטעראַרישע פאַרלעזונגען פון יונגע אַרטיסטן.

לעצטנס געפינט דאָ אויך אַן אָרט פאַר איר טעטיקייט די ירושלימער יידישע שרייבער־גרופּע.

ביי געמיטלעכע טישלעך באַשטעלט מיט קאַווע, פריש געבעקס און קאַלטע געטראַנקען. איז די טעג דאָ פאָרגעקומען אַ באַגעגעניש מיטן חשובן גאַסט פון פאַריז, דעם אָנגעזעענעם יידיש־פראַנצויזישן דיכטער און איבערזעצער **שאַרל דאָבזשינסקי**.

מיר וועלן זיך אָבער אָפּשטעלן ביים צווייטן אָוונט, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 15טן מאַי 1976. ס׳איז געווען באמת אַן אומפאַרגעסלעכע באַגעגעניש פון אונדזערע שרייבער מיט געוועזענע אַסיריציון און עליה־אַקטיוויסטן פון פאַרשידענע עקן לאַנד. דאָס האָט מען זיך צונויפגענומען, כדי אָפּצומערקן דעם אָנדענק פון פרי־פאַרשניטענעם טאַלאַנטפולן שרייבער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד **נתן זאַבאַרע**.

מיט אַן אינהאַלטסרייכן רעפעראַט וועגן זאַבאַרעס אויסנאַמלעכן און טיף־נאַציאָנאַלן ראָמאַן ״גלגל החוזר״ איז אַרויסגעטראָטן דער שרייבער און ליטעראַטור־קענער אברהם ביק.

מיט אירע זכרונות וועגן זאַבאַרעס יוגנט־יאָרן אין קיעוו אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט זיך געטיילט **אסתר שניידערמאַן־ראָזענטאַל**.

די אסירי־ציון און עליה־אַקטיוויסטן **וויטאַלי סוועטשינסקי** און **מיכאל מאַרגולים** האָבן געשילדערט דאָס לעבן פון נתן זאַבאַרע אין די שרעקלעכע לאַגערן פון קאָלימאַ, ווו דער שרייבער האָט אָפּגעפינצטערט 6 יאָר.

פון זייערע רייד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז דאָס געשטאַלט פון אַ שטאַרקער נאַטור און אַן איבערגעגעבענעם ביז מסירת־נפש לאַגער־חבר, וואָס טראָץ די ברוטאַלע אומשטענדן פון קנעכטישער אַרבעט האָט ער אויסגעהיט די אינערלעכע פרייהייט און זיין שטאָלצע יידישקייט.

ס׳האָבן אויך גערעדט **זיאַמע טעלעסין** און **יוסף קערלער**.

**ל. פּ.**

# שרײַבער און ווערק

דוד ספֿאַרד

## קריטישע פֿאַרצײכענונגען

### וועגן „שטערן לײַכטן אין תהום" פֿון ישעיהו שפּיגל

מען קאָן אונטערשײדן צוויי מינים פֿון הומאַנישקייט: אַ מאָראַלישע און פֿילאָזאָפֿישע. די ערשטע האָט צו טאָן מיט דער באַציונג פֿון איין מענטש צום צווייטן, פֿון איין פֿאָלק צום צווייטן און זי איז זייער קורץ און בולט אויפֿגע־פֿאַסט אין הלל הזקנס באַקאַנטן אַפֿאָריזם — „מאי דסני לך לחברך לא תיעביד" — וואָס דיר איז דערווידער, זאָלסטו צו דײַן חבר נישט טאָן. און ס'איז אויך פֿאַראַן אַן הומאַנישקייט, וועלכע איך וואָלט אָנגערופֿן פֿילאָזאָפֿישע. איר וועזנט־לעכער תוך איז גלויבן אין דעם מענטשן, אין דעם זין, אַז ווי בידעריק ער זאָל ניט זײַנקען צוליב פֿאַרשײדענע סיבות אין אַזעלכע אָדער אַנדערע באַדינגונגען — דאָס מענטשלעכע וועט קיין מאָל נישט ווערן פֿאַרניכטעט פֿולשטענדיק. אין אַלע פֿאַלן וועט ערגעץ־ווו איבערבלײַבן אַ פֿונק, וואָס וועט בײַ גינסטיקע אומשטענדן ווידער זיך צעפֿלאַקערן אין אַ פֿלאַם. וואָרעם אויב עס זאָל אַזוי נישט זײַן, זענען אין דער געשיכטע שוין געווען גענוג פֿאַלן, וועלכע זענען געווען מסוגל צו פֿאַר־טרײַבן די מענטשן אויף אײביק צוריק אין וואַלד.

די יידישע מחשבה, וועלכע פֿאַרנעמט זיך דער עיקר מיט דעם, וואָס איז גוט און יושרדיק און וואָס איז שלעכט און אומגערעכט, און אַ סך ווייניקער, אָדער כמעט נישט, מיט דעם, מה למעלה ומה למטה — האָט זיך פֿאַראייגנט ביידע מינים פֿון הומאַנישקייט. דער עצם רעיון פֿון משיחן און תחיית־המתים קומט פֿון דעם גלויבן אין דער אוממעגלעכקייט פֿון אַבסאָלוטן אומקום פֿון גוטן און גערעכטן, אַ גלויבן, וועלכער ציט זיך, ווי אַ רויטער פֿאָדעם דורך די יידישע שאַפֿונגען פֿון אַלע דורות. אין דער יידישער ליטעראַטור האָט דעם דאָזיקן נאַציאָ־נאַל־יסודותדיקן געדאַנק געגעבן דעם סאַמע לויטערסטן תיקון סיי אין אידעישן סיי אין קינסטלערישן זין — י. ל. פּרץ. ער האָט דעם מענטשלעכן פֿונק אָפּגע־פֿונען און אַרויסגעבראַכט פֿון די קעלער־שטיבער, פֿון אונטער בערג פֿאַנאַטישע אָבערגלויבנס און פֿון מאָראַליש־גליטשיקע שפּועים. דערמיט האָט ער סטימולירט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור, אָפּווענדנדיק זי פֿון נאַטוראַליסטיש־שטײַגע־

רישע שילדערונגען צו פסיכאָלאָגישער און געדאַנקלעכער פּאַרטיפּטקייט, פון איין זייט, און פון דער צווייטער, ווי אַ נעבן־פּראָדוקט, צו אַבסטראַקטער סימבאָליק. אייניקע פון זיינע תלמידים האָבן זיך אויף אַ געוויסער צייט אין אַ גרעסערער, אָדער קלענערער מאָס, געלאָזט באַווירקן דער עיקר פון אַט דעם נעבן־פּראָדוקט. ישעיהו שפּיגל געהערט אָן שום ספק צום גרעסערן טייל פון י. ל. פּרץ׳ס טאַלאַנטירטע תלמידים, וועלכע איבערנעמענדיק פון אים דעם נאַציאָנאַל־יידישן יסוד פון ביידע מינים הומאַנישקייט, האָבן באַוויזן אים אַרויסצוהייבן נישט דורך ווילקירלעכע געדאַנקלעכע, אָדער גאָר שפּראַכלעכע קאָנסטרוקציעס, נאָר דורך אייגנאַרטיקע קינסטלעריש־רעאַליסטישע שילדערונגען און מיט אַ שפּראַך און בילדלעכקייט, וועלכע קומען פון עכטער טיפער איבערלעבונג. שפּיגל איז נישט מוותר אין קיין שום פאַל אויף דעם פּינטעלע מענטש, וואָס איז די איינציקע האָפענונג און גאַראַנטיע פון יעדן מאָראַלישן תחיית־המתים. אָבער גלייכצייטיק איז ער אויך ניט מוותר אויף קיין שום קינסטלערישן פּרט. ער פּאָרט נישט לויט אַ פּלאַן מיט אויסגעטראָטענע וועגן צום תהום פון מענטשלעכער פּיין, נאָר ער בלאָנדזשעט אויס דעם דאָזיקן גאַנג מיט באָרוועסע טריט, ווי דאָס פאָדערט יעדע הייליקע ערד, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט אומשולדיק בלוט. דעריבער שטראַלן אויס זיינע ווערטער אַ נאַרמאַלע שיין און ביי זייער זעלבשטענדיקער קינסטלערישער ווערטיקייט, פאַרמאָגן זיי אויך די אייגנשאַפט צו באַהעפטן זיך איינע מיט די אַנדערע אין איין גאַנצקייט, ווי אברים פון אַ גוף אין איין אָרגאַניזם, וועלכער טראָגט אין זיך דעם סוד פון זייער אַלעמענס עקזיסטענץ און פון זייער אַלעמענס זיין.

שוין אין דער ערשטער דערציילונג פון "שטערן לייכטן אין תהום" — "דער ערשטער טאַנק" — טרעט אויף דאָס טיף מענטשלעכע אין דער דינסט פון די ליפשיצעס, מאַריאַננאַ שיוועק מיט אַזאַ אויסטערלישער און געהיימניספולער קראַפט, אַז עס זעט אונדז אויס, ווי אַ מיסטישע אַנטפּלעקונג. אָבער דאָס מיסטישע איז דאָ באַהאָפטן מיטן רעאַלן, אַרויסברענגענדיק צוזאַמען גייסטיקע דערהויבנקייט אין תהום פון מענטשלעכע ליידן. ווי לויטערע קוועלעכלעך פון טונקעלע פעלדזן, שלאָגן זיך דורך אין שפּיגלס דערציילונגען וועגן יענער גרויזאַמער צייט פאַלן פון מענטשלעכער גוטסקייט, איידלקייט, מיטגעפיל און גלויבן, וועלכע העלפן דעם מענטשן זיך אַנטקעגנשטעלן דער בייזער שדישער מאַכט, וואָס וויל אים פאַרטרייבן צוריק אין וואַלד. דאָס איז שרה לאה׳ס נצחון איבער איר אייגענער אָנגעזאַמלטער פאַרביטערקייט אין שייכות מיט איר באַציונג צו די פאַרשיקטע יידן פון דייטשלאַנד — אין דער דערציילונג "יידן". דאָס צעהאַקן פון זעלדען איר חתונה־בעט, כדי צו דערוואַרעמען דעם גוססדיקן לייבושל (אין "ליכט פון אַפּגרונט"). דאָס ליכט וואָס באַווייזט זיך דער מאַמע טעמערל פאַרן טויט אין "ליכט". די זינגענדיקע פייגל אויפן דאַך פון וועלוול קאַטערינטשיק, נאָך דעם, וואָס די דייטשן נעמען צו ביי אים זיין קאַטערינקע (אין "געזאַנג פון פייגל") און אַזוי אין צענדליקער אַנדערע. די דאָזיקע פונקען פון מענטשלעכקייט

און גלויבן געפֿינט אַ שפּיגל אין דער גרויליקער אַטמאָספֿער פֿון אַכזריותן און אימה, וועלכע ער שילדערט מיט אַ מין פֿאַרקלעמטער רויקייט און פּאַטעטישער בילדערישקייט, וואָס מאַכט נאָך בולטער און שאַרפֿער יעדן פּרט באַזונדער און גלייכצייטיק די מאַקאַברישע געשפּענסטיקייט פֿון גאַנצן. אַזאַ איז דאָס אויפֿרו־דערנדיקע קאָשמאַרע בילד פֿון "מלכות געטאָ", "אין אַ טויטן געסל", "דער מצורע", "אין דער פֿינצטער", אין וועלכער עס רייסט אויף ווי אַ בלוט־שטורעם דאָס געשריי פֿון צעשלאָגענעם דורך די דייטשן בונעם פּיטלאָוויטש — "יידן!!! זאָגט נישט קיין תהילים מער!!! גאָט איז מיט אונדזער שונא!..." און פֿיל אַנדערע.

די גאַנצע נאַטור — די לעבעדיקע און טויטע — זעט און שילדערט ישעיהו שפּיגל דורך דער דאַזיקער גרויליקער וואָר. אין די דערציילונגען "דער ערשטער טאָג", "ערד", "ביקי", "געגאַנגען צום ניעמאַן" און אין פֿיל ענלעכע איז אַלץ דורכגענומען פֿון דעם דאָזיקן שווידער — די ביימער, די גראָז, די ווינטן, די ריחות, די פֿייגל און חיות. אָבער, ווי געזאָגט, רייסן זיך אַרויס אין דער מערהייט פֿון שפּיגלס שילדערונגען פֿון אונטער דעם דאָזיקן שווידער שטראַלן ליכט און געבן אויף אַ רגע אַ באַווייז אין דער דאָזיקער וועלט פֿון בייזע בעסטיעס, פֿון איין זייט, און פֿאַרפֿייניקטע נפֿשות, פֿון דער צווייטער, די האָפֿענונג, דעם גלויבן און די ווירדע פֿון מענטש. דאָס גיט צו דער גרויליקסטער טעמע אין די שאַפֿונגען פֿון ישעיהו שפּיגל אַ באַזונדערע אויסמעסטונג און באַהעפֿט זיי צום שטראָם פֿון יידישן נאַציאָנאַלן שאַפֿן דורך אַלע דורות.

## וועגן שרייבער יואל פּערעל ז"ל

די אידעאָלאָגיע פֿון ציוניסטישן סקויטינג "השומר", וועמענס אַקטיווער און טרייער מיטגליד ער איז געווען אין די גימנאַזיע־יאָרן, האָט געלייגט איר חותם אויף זיין גאַנץ לעבן. די חברישקייט, דער איידעלער טאַט און די ליבשאַפֿט צום פֿאָלק האָבן אים באַגלייט, אַנהייבנדיק פֿון די זאָרגלאָזע שול־יאָרן, דורך די מאַטע־ריעל־שווערע סטודענטישע צייטן, טראַגישע וואַנדערונג אין די מלחמה־יאָרן מיט זיין קליין זונעלע, מרדכי, אויף די אַקסלען (ווייל דאָס ווייב, מינאַ, געטראָפֿן גלייך בעת דעם מלחמה־אויסברוך פֿון אַ באָמבע־שפּליטער, איז געבליבן אין אַ וואַרשעווער שפּיטאָל), ביז שוין נאָך דער מלחמה אין דער סטאַליניסטער תּפֿיסה. זיין דראַנג צו געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט און שרייבן דאַטירט זיך פֿון די יינגסטע יאָרן. נאָך זייענדיק אין דער לוצקער העברעיִש־פּוילישער גימנאַזיע, האָט ער צוזאַמען מיט אַנדערע געשאַפֿן נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַן "אַלוועלט־לעכע אויסערפּאַרטייאישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע", וועלכע האָט אין איר תמימות אַקצעפּטירט סיי די הויפּט־עיקרים פֿון ציוניזם, סיי די... באָלשעוויסטישע רעוואָ־לוציע, וועלכע רעדט וועגן גלייכהייט און פֿרייהייט פֿאַר אַלע פֿעלקער, האַלטנדיק, אַז די ביידע זענען נישט קיין קעגנזאַצן, נאָר פֿאַרקערט, אַז זיי זענען זיך קעגנ־

זייטיק מחייב. ער איז אויך געווען פון די איניציאַטאָרן און אַקטיווע מיטאַרבעטער פון העברעישן יוגנט־זשורנאַל "על־המשמר" און שפּעטער שוין, אַלס סטודענט אין וואַרשע — דער מיטגרינדער און מיטבאַטייליקטער פון יידישן חודש־זשורנאַל "שפּראַצונגען", אין וועלכן עס האָבן מיטגעאַרבעט כמעט אַלע דעמלטדיקע יונגע שרייבער פון וואַרשע און דער פּראָווינץ, ווי ש. האָראָנטשיק, זאַראַמבּ, בייניש זילבערשטיין, ש. ל. שניידערמאַן, שמואל וואַלמאַן, דוד מיצמאַכער, נאַטיש, וואָגלער, אהרון מאַרק, זלמן עלבירט, ד. ספּאַרד א.א.

דאָס רייכע געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע לעבן אין די גימנאַזיסטישע און סטודענטישע יאָרן, די לאַנגיאָריקע פּעדאַגאָגישע טעטיקייט אין יידישן קינדער־הויז פאַר דעפעקטיווע קינדער אין שרודבאָרוו צווישןביידע וועלט־מלחמות און די שווערע איבערלעבונגען אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און נאָך איר אין דער סטאַליניסטישער תפיסה, — אַלץ צוזאַמען האָט אים סטימולירט נאָך זייענדיק אין ראַטנפאַרבאַנד און שפּעטער שוין זייענדיק אין ישראל צו דערציילן עפנטלעך וועגן זיינע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען. און ער האָט דאָס געטאָן אין זיין אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן אין 5 בענדער אין יידיש און אין העברעיש (3 בענדער), אין וועלכן דאָס בציבורדיקע גייט געפלאָכטן מיט דעם פּערזענלעכן, אָפט מיט אַלע קלענסטע און אפילו אומוויכטיקע פּרטים. אָבער גראָד דער דאָזיקער בישט איבערקלייבערישער אופן פון דערציילן הייבט אַרויס ווערטיקע שטייגערישע און סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן פון דעם לעבן אויף וואָלין אין די צוואַנציקער יאָרן, פון די לעבנס־באַדינגונגען, אַמביציעס און אידעאַלן פון דער יידישער סטודענטנשאַפט אין וואַרשע פון די דרייסיקער יאָרן און פון די שווערע יאָרן אין ראַטנפאַרבאַנד בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה בכלל און אין דער סטאַליניסטער תפיסה בפרט. דער לעבעדיקער אופן פון דערציילן, די פּאַלקסטימלעכע יידישע שפּראַך און דער עמאָציאָנעלער צוגאַנג, וועלכער גיט אפילו אָפט מאָל אַ סוביעקטיווע באַלויכטונג פון געשעענישן און פאַקטן — דערנענטערן דאָס באַשריבענע צו אונדזער געמיט, מאַכן זיי אונדז איבערלעבן, און דאָס גיט אונדז די מעגלעכקייט פון אַ טיפערן און מער אינטימען אַריינבליק אין די געשילדערטע צייטן.

זיין טראַגישער טויט האָט איבערגעלאָזט אין טיפן טרויער זיין פרוי מינאַ, וועלכע איז אויך געוואָרן שווער פאַרוונדעט אין דעם אויטאָ־פאַרפאַל, זיין איינציקן זון מיט זיין משפּחה און פיל, פיל פון זיינע נאָענטע און ווייטע פריינד.



**לייזער פּאָדריאַטשיק**

# פון האַרציקן בוך

פאַרשידן זענען די פעדעם וואָס פאַרבינדן די דיכטונג פון עזרא פינינבערג מיט דעם "האַרציקן בוך", ווי ער האָט גערופן דעם תנ"ך. איינצייטיק מיט זיין דיכטערישן דעביוט, האָט ער אָפּגעדרוקט אַ מאמר „די זינגענדיקע מרידה", ווו ער האָט פאָרמולירט זיין דיכטערישן אַני מאמין און דעם צוגאַנג פון אַ יידישן פּאָעט צו די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן אין רוסלאַנד.

דער עצם וועזן פון אַ יידישן דיכטער, האָט ע. פינינבערג דאַן געהאַלטן, איז „דאָס הויך-גייסטיקע, דאָס ביבליש-נביאישע". אויך צו דער אָקטאָבער-רעוואָ-לוציע האָבן, לויט עזרא פינינבערגן, דעם יידישן דיכטער געבראַכט די סאָציאַלע און עטישע אידייען פון די נביאים. ער איז איר אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַ רייכער היסטאָרישער דערפאַרונג וואָס ציט זיך מקדמונים, פון ווייטן מזרחדיקן אוראַלט: „דער יידישער דיכטער האָט געבראַכט מיט זיך אייגן פאַרמעגן, אייגענעם יש און ווט. אייגענע טביעות צו דעם וועלט-יש. גאַרניט קיין קליינלעכע טביעות, גאַרנישט קיין נישטיקע — — —"

אים האָט צום אַלעם ערשטן פאַרכאַפּט דאָס, וואָס ס'איז דער נאָענטסטער קרוב צו זיין עצם, דעם עצם פון יידישן דיכטער: "דער ריזיקער מיין, דאָס הויך-גייסטיקע, דאָס ביבליש-נביאישע, דאָס, וואָס איז ביי אים אין אייגענעם בלוט אַ ירושה פון אמאָל, פון דורות פאַרצייטיקע"...

און זיין מאמר ענדיקט עזרא פינינבערג אַרויס מיט די ווערטער:

„ס'האַנדלט זיך מכח רעאַליזירן אַ חלום, וואָס אייגענע מזרחישע אוראַלט האָט זיך מיט אים אַרומגעטראָגן. איז עס הייליק און מ'דאַרף מיטגיין, מען מוז מיטגיין" (1)

און דער יידישער דיכטער עזרא פינינבערג איז מיטגעגאַנגען מיט דער רעוואָלוציע, ער איז אָבער קיין מאָל ניט אַוועק געגאַנגען פון די אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור-טראַדיציעס.

נאָך זיינער צייט האָט שוין דער ליטעראַטור-פאָרשער און ביבליאָגראַף אהרון גורשטיין באַמערקט, אַז עזרא פינינבערג האָט אין דער רעוואָלוציע איינגעזען נאָר אַ שפּיל פון סטיכיעס אין וועלכע עס הערשן אכזריותדיקע אַטאַוויס-טישע קרעפטן.

„דער דיכטער, האָט געשריבן אהרון גורשטיין, איז ניט געווען פון סאמע

אַנהייב פון זיין דיכטערישן וועג דירעקט פאַרבונדן מיטן פּראָלעטאַריאַט מיט דעם קלאַס. אין זיינע פריקע ווערק, זענען פאַראַן שטריכן און עלעמענטן פון פאַריקע קולטורן. אפשר מיט אַ קענטיקער פּריוואַלירונג פון דער ביבלישער פאַרמול. — — — פארן פריקן פיניגבערג איז כאַראַקטעריסטיש די בילדערישקייט, וואָס איז געבויט אויף ביבלישע אַסאָציאַציעס". (2)

עזרא פיניגבערגס וועג צו דער סאָוועטישער אידעאָלאָגיע איז געווען פאַר־בונדן מיט אַנגעשטרענגטע און ליידנשאפט־וויטיקלעכע וואַנדלונגען, מיט אַ שווערן געראַנגל אין מוזן אָפּפרעמדן זיך „פון די אידיישע און סימבאָלישע שלייערן פון דער פאַרגאַנגנהייט".

דאָס אַלץ איז אָבער געווען (און געבליבן) נאָר אויסערלעכער לבוש. אינערלעך איז ער אין אַלע פעריאָדן פון זיין שעפערישן וועג געבליבן צוגעבונדן צו די „געירשנטע פענט".

אין איינער פון זיינע כאַראַקטעריסטישע שאַפונגען באַשטעטיקט עזרא פיניגבערג, אַז אויפן „אָוונטיקן שליאַך" פון זיינע דיכטערישע וועגן און אומוועגן, „דאָס איז דער הימל, וועלכער שפרייט זיך איבער בלעטער פון תנ"ך, דאָס איז זיין דמיון האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אַן אנדער הימל און אַן אַנדער ערד; "דאָס איז דער הימל, וועלכער שפרייט זיך איבער בלעטער פון תנ"ך, דאָס איז די ערד, וואָס שפרייט זיך אונטער טרויער פון קוהלת". (3)

עזרא פיניגבערגס נטיות צו היפּערבאָליק און אַלעגאָריע, זיין פייערלעך־עקסטאַטישער טאָן דערמאָנט אין דעם סטיל און אין דעם פּאַטאָס פון די נביאים. פון דעם „האַרציקן בוך מיט גאָלדענע טאָוולען, וואָס וועט אייביק ניט וועלקן" האָט ער געשעפּט פאַרבן און ריטמען פאַר זיינע פּאָעטישע שאַפונגען.

מיר וועלן זיך דערלויבן ברענגען אייניקע מוסטערן פון וועלכע עס איז צו זען ווי געטריי ער האָט אין זיין שאַפן פאַרהיט די אויסערלעכע פאָרם און דעם אינערלעכן גייסט פון די ביבלישע אימאַזשן און סימבאָלן:

א

אַ טאָג צו אַ טאָג
גיט איבער דעם זאָג.
אַ נאַכט צו אַ נאַכט
דערציילט, וואָס זי טראַכט.

„אין ריזיקן פייער" (1946) ז"ז 133.

ב

וויינען וויינסטו אין דער נאַכט. — — —
טרערן ריבען אויף דיין באַק.
טרערן ביטערסטע, טרערן הייסטע,
ס'איז בישטאָ אין וועלט פאַר דיר קיין טרייסטער.

דאָרט ז"ז 103.

ג

יאָגט אַ לויפער נאָך אַ לויפער,

פליט א בשורה נאָך אַ בשורה. — דאָרט 118.

ד

נעם מילשטיינער אין די הענט,

מעל וועסטו איצט מאָלן.

מיט צעשויבערטן קאָפּ

לאָז זיך דורך בערג און טאָלן.

דעם פוס דיינעם אָנטבלויז,

דעם שינביין זאָלסטו אַנטפּלעקן.

דו גיי דורך טייכן אַדורך

אין פלאַטערניש אין שרעקן. — דאָרט ז״ז 181.

ה

טויב מיינע אין פעלדזן-שפּאַלט!

באַווייז מיר דיין געשטאַלט!

מיט די צאַרטע קלאַנגען דיינע מיך באַגריס.

ס'איז דיין פּנים שיין,

און דיין קול איז זיס . . . — — — — דאָרט ז״ז 104.

אַצינד לאָמיר זען די אַנאַלאָגישע שטעלן אין תנ״ך:

א

יום ליום

יביע אומר.

ולילה ללילה

יחוה דעת. — ״תהלים״ יט, ג׳.

ב

בכה תבכה בלילה — — —

ודמעות

על לחיה,

אין לה מנחם. — איכה א, ב.

ג

רץ לקראת רץ ירוץ

ומגיד לקראת מגיד להגיד. — ירמיה נא, ל״א.

ד

קחי רחים

וטחני קמח,

גלי צמתך,

חשפי — שבל,

גלי — שוק,

עברי נהרות. — ישעיה מז, ב.

ה

יונתי בחגוי הסלע.
הראיני את מראך,
השמיעני את קולך,
כי קולך ערב
ומראך נאוה. שיר השירים ב, י״ד.

תנ״ך אימאזשן און סימבאָלן וואַריאירן אין ע. פיגינבערגס שאַפן פון פאַרשי־דענע פעריאָדן. נאָך אין זיינע ערשטע ביכער ״אָטעם״ (1922), ״לידער״ (1925), איז דער באַגריף בבל ביי אים אַ סימבאָל פון דער אַטאַוויסטישער צעשטערערישער קראַפט. אין די לידער וועגן דעם בייז און די פאַרדאָרבנקייטן אין דער געזעלשאַפט סימבאָליזירט ער אַ בראשיתדיק און אייביק ווירקנדיקן דעמאָנישן כח, וואָס געוועלטיקט איבערן מענטשן:

פאָלט אָוונט — גייען מיר אין ריוו נאָך זנות.
ס׳איז בבל און מיר זענען אונטערטעניק.
פאָלגן מיר דעם גרויסן, וויסטן, בייזן מוז.
ס׳איז בבל און מיר זענען אונטערטעניק. (4)

אין די לידער הערשט אַ פאַטאַליסטישער גלויבן און אַן אייגנאַרטיקע אמונה־שפּראַך אין די דעמאָנישע ווירקונגען פון זינד. די קריטיק האָט איינגעפונען אַז אין זיי איז פאַראַן אַ רמז אויף דער סאָוועטישער געזעלשאַפט און זיי שאַרף קריטיקירט. „פיגינבערגס סימבאָלישע זעונגען, האָט געשריבן אַ. האַלדעס, זענען געוועזן אָנגעזאַפט מיט ניט אָנערקענען אונדזער היינט, מיט פאַרבבלען אונדזער שטאָט וכדומה. זיין בוך „לידער״, איז די מאַניפעסטאַציע פונעם סימבאָליזם אין זיין אבסאָלוט רעאַקציאָנערן תוך״. (5)

אַ נייע מעטאַמאָרפאָזע האָט דער סימבאָל בבל דורכגעמאַכט אין דעם שוין דערמאָנטן בוך „אין ריזיקן פייער״ (1946). דער בוך איז כולל ע. פיגינבערגס שאַפן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, און איז דער לעצטער בוך וואָס איז דערשינען ביים לעבן פונעם דיכטער. דער פריער אַלגעמיינער און, אין תוך, אַבסטראַקטער באַגריף באַקומט דאָ אַ קאָנקרעטן היסטאָרישן אינהאַלט. בבל סימבאָליזירט איצט צעשטערערישע קראַפט און דאָס אכזריות פונעם פאַשיזם. באַזונדערס ווערט אַקצענטירט דער נאַציאָנאַל־יידישער מאָמענט. דער דיכטער טרעט אַרויס קעגן אַלע פינצטערע כוחות אין דער וועלט, וואָס ווילן פאַרטיליקן דאָס יידישע פאָלק. ער וואָרנט וועגן די געפאַרן וואָס דראָען און סאָלידאַריזירט זיך מיטן יידישן מצב און זיין היסטאָרישן גורל; „ברידער ליבע פון מיין פאָלק און פון מיין לשון, ברידער, אויף איין טויק מיט אייך מ׳האָט מיך געדראָשן, מיינע אייגענע, דורך בלוט אַדורכגעיאָגטע, אַלץ, וואָס כ׳האָב דערהערט, האָב איך געזאָגט אייך״. (6)

די דאָזיקע שורות זענען, אגב, אַ פאַראַפראַזע פון ישעיה הנביא׳ס ווערטער:

מדשתי ובן גרני אשר שמעתי מאת ד׳ צבאות אלהי ישראל הגדתי לכם. (ישעיה כא, י).

דער גרויסער פאָלקס־אומגליק האָט פאַרטיפעדט ביי דעם יידיש־סאָוועטישן דיכטער, עזרא פינינבערג, זיין נאַציאָנאַל געפיל, פאַרשטאַרקט אין אים דעם גלויבן אין דער אומשטערבלעכקייט פון פאָלק. און מיט אַ באַזונדערן פּאַטאָס דערקלערט ער עס בשער בת רבים:

אַנטשולדיקט מיר, מיין וויסט און פינצטער אויסזען.
איך לעב אויף אַט דער וועלט שוין פיר יאָרטויזנט.
איך האָב געבויט די פּיראַמידן אין עגיפּטן.
אַנטשולדיקט מיר דעם אוראַלטן פאַרליבטן.
כ׳בין מיט מיין פּנים, מיט מיין גורל אין מיין פאָלק געראָטן.
געטראָטן אין דער אייביקייט,
כ׳וועל אייביק ניט צעטראָטן.
געדראָשן אין דער אייביקייט,
כ׳וועל קיינמאָל אויסגעראָטן.
פּונקט ווי מיין פאָלק.
איך צאָל די מוראדיקע דורות מוראדיקן שטייער.
פּונקט ווי מיין פאָלק,
איך ברען, און עס פאַרברענט מיך ניט דאָס פייער. (7)

אין זיינע לעצטע שאַפונגען האָט ע. פינינבערג איינגעשלאָסן אין די לידער גרעסערע פראַגמענטן און גאַנצע קאַפּיטלען פון די נביאים. כמעט אַ דריטל פון דעם בוך „אין ריזיקן פייער" זענען תנ"ך איבערדיכטונגען. נאָר אויף איין אָרט האָט דער דיכטער מרמז געווען, אַז די מאָטיוון שטאַמען „פון האַרציקן בוך". ביי אַלע אַנדערע לידער האָט ער דעם מקור ניט אָנגעוויזן. פאַרקערט, ער האָט זיי אַזוי פאַרשלייערט און אָנגעטאָן אין אַזאַ שפּראַכלעכן לבוש, אַז נישט גלייך כאַפּט מען זיך אין זייער דירעקטן תנכישן אָפּשטאַם. דאָס האָט, זעט אויס, געדאַרפט דינען ווי אַ מין שוץ־מיטל פון דער דאָגמאַטישער ליטעראַטור־קריטיק. וואָס האָט געהאַלטן אַז פאַר אַ סאָוועטישן דיכטער איז דאָס באַנוצן זיך מיט תנ"ך־מאָטיוון „מער פון מינדערווערטיק". (8)

נאָך אַ גרינטלעכן אַנאַליז פון די טעקסטן און אויפמערקזאַם נאָכזוכן די אַדעקוואַטע ערטער אין תנ"ך האָט זיך באַקומען דאָס פאָלגנדיקע בילד:

לויט די מאָטיוון פון ישעיה י"ג, י"ד, כ"א, מ"ז זיינען פאַרפאַסט די לידער. "ס׳וועט זיין" (ז׳ 135), "אַפּגרונט" (129), "אַלץ וואָס כ׳האָב דערהערט" (ז׳ 125), "צום פרעכן לאַנד" (131).

לויט יחזקאל ל"א, ל"ז — די לידער "באַשטראָף", "אויף די שונאימס קעפּ".

לויט ירמיה א, ג, ב״א — ״א זייל פון אייזן״ (ז׳ 122) און דער גאַנצער ציקל לידער א. ג. ״פון האַרציקן בוך״ (ז׳ 116).

קוקט מען זיך גוט איין אין די דאָזיקע איבערדיכטונגען זעט מען איין אַז דער דיכטער האָט זיך באַנוצט ערטערווייז מיט אימפּליציטישע מיטלען. באַזונדערס האָט ער זיך געמיט פאַרבאָרגן די רעליגיעז־קאָסמישע באַגריפן און אויסדרוקן. די פראַזע ״ויהי דבר ד׳ אלי לאמר״, באַקומט זיך ביי אים ״דאָס קול איז געווען שטאַרק דאָס קול איז געווען הויך״, און דעם אויסדרוק ״ויאמר ד׳ אלי״ — ״כ׳האָב דערהערט״.

עס איז כדי ברענגען אייניקע ביישפּילן כדי איינצוזען ווי אַזוי עזרא פיניג־בערג האָט זיך נוהג געווען ביים איבערזעצן אַ רעליגיעז תנכישן טעקסט;

— וויי! — האָב איך געזאָגט,
וויי מיר! ס׳אַרא ליידן!
ווי וועט עס מעגלעך זיין?
איך קען דאָך גאָרניט רעדן.
דו, שיין פון גאָר דער הייך,
ווי וועט מיין שטים דאָ קלינגען?
דו, קראַפט פון גאָד דער הייך,
איך בין דאָך נאָך אַ ייִנגל...—

(ז׳ 122)

ואמר: אהה
אדוני יהוה
הנה לא ידעתי
דבר, כי
נער אנכי.

(ירמיה א׳, ו)

אַלצדינג, וואָס כ׳וועל דיר הייסן,
דו זאָגן זאָלסט דעם פאָלק.
און זאָל מען דיך פאַרשטיינען,
און זאָל מען פון דיר שפּעטן.
די שיין איז שטענדיק דאָ מיט דיר,
און זי וועט דיך רעטן.

(ז׳ 123)

ואת כל אשר אצוך תדבר.
אל תירא מפניהם,
כי אתך אני
להצילך.
נאום ד׳.

(ירמיה א׳, ז)

בדרך כלל האָט ע. פינינבערג אין זיינע תנ"ך־באַרדיכטונגען, אין תוך, פאַרהיט די ביבלישע בילדערישקייט און אין גאַנצן זיך אידענטיפיצירט מיט זייער גייסט און אינהאַלט זיי האָבן אין אַ פולער מאָס אויסגעדרוקט זיינע פערזענלעכע עמאָציעס און מחשבות פון יענער צייט.

צווישן די ביבלישע מאָטיוון אין דעם בוך איז פאַראַן אַ ליד "צוויי שטימען" — ווו מען קאָן געפינען דעם שליסל וועגן פינינבערגס באַציונג צו דעם ענין.

אין דעם ליד קרייצן זיך די אַנטיפּאָדע שטימען פון איכה און שיר השירים. פון איין זייט "דעם נביא'ס. גרויער קאָפּ — אין אַש, אין שטויבן. מיט יעדן רויטן טראָפּן אין די יאָגנדיקע ווילדע שטראָמען עס יאָמערט, יאָמערט, יאָמערט דעם נביא'ס רויט־פאַרבלוטיקטע נשמה". אין דעם נביא'ס קלאָג רייסט זיך "ווי אַ לויטער קוועלעכל" יעדעס מאָל אַריין "אַ דיבינק קוועלעכל" פון שיר השירים. די דאָזיקע "לעבעדיקע צוויי שטימען" שוועבן, לויט פינינבערגן, "אייביק שטאַרק אַרומגענומען" און באַגלייטן די יידישע דיכטונג "דור נאָך דור". און "אין ריזיקן פייער" פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ע. פינינבערג זיי באַזונדערס קלאָר דערהערט און באַנומען זייער באַזונדערן זין און באַדייט.

אַ שטאָלצער גאַנג, אַ טויבער בליק, אַ מילדער שמייכל.
אויף גאַס און פּלאַץ איך זע, איך הער, איך שפּיר אים.
אינמיטן שווערן יאָמערן פון איכה —
דאָס פאַסטעך־דודעלע פון שיר השירים.
דור נאָך דור — און אונטער בלויען הימל,
אויף אַן ערד מיט מיריאַדן גופים שטומע
שוועבן לעבעדיק צוויי שטימען,
אייביק שטאַרק אַרומגענומען.
פון אַ רויטן פעלד, וואָס נאָך אַ שלאַכט,
שיינע, זוניקע, באַגערטסטע,
האָב איך זיי אַצינד צו דיר געבראַכט...
הערסטו, ווי זיי קלינגען מעכטיק, הערסטו? ... (9)

אין לעצטן פּעריאָד פון זיין שעפערישן גאַנג האָט עזרא פינינבערג אין די געבליטן דערפילט דעם אַלטן אַטאַוויסטישן ירושה־גייסט פון די "עלטער־עלטער־זיידעס", וואָס גיט זיך איבער מדור לדור דורך פאַרהוילענע און אומבאַוווּסטע קאַנאַלן. "ס'איז יעדע רגע הייליק דאָ. דאָס בלוט איז קודש, קודש, קודש". (10)

עס האָט אין אים אויף ס'ניי אויפגעלעבט די פון דורות געירשנטע הייליקע פרומקייט: "דאָס בלוט פון דורות פרומע לייט / האָט אויפגעוואַכט און זיך באַנייט. / און כ'האָב פאַרנומען יעדער סוד / אַרום און אין און איבער שטאָט. / און יעדער פרי און יעדע נאַכט / כ'האָב נייע תפילות צוגעטראַכט. — — — / האָב איך אין תפילות פלאַם געברענט, — — — / כ'האָב אַלע טאָג און אַלע נעכט / פאַרבראַכט מיט גאָט אויף יידיש־שפּראַך. / געשמועסט מיט הימל־גאָט / אי וועגן זיך, אי וועגן שטאָט. / און וועגן חלום, וועגן וואָר ; — — — / ניט צו פאַרשטיין דאָ קיין וואָרט, /

ניט צו פאַרשטיין דאָ קיין אות. / פונוואַן ? ווּאַזוי ? און צוליב וואָס ? / וואָס טאָן דאָ זאָל, וואָס טאָן דאָ קען / אַ פרומער ייד — — — (11)

עזרא פינינבערגס שעפערישער וועג האָט זיך געשטאַלטיקט אונטערן צייכן פון צוריקערן זיך אין שויס פון פאָלק. די באַדינגונגען פון צייט און אָרט, די טראַגישע געשעענישן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען ניט מסוגל געווען פאַרבלענדן די ריינקייט פון זיין יידישן גייסט ; "מיין האָרץ איז ניט פאַרבלענדט, / און ניט פאַרשווענדט, / און ניט פאַרשטויבט. / עס קראַכן שטעט מיט הילך. / דער בלוט־אָקיאַנוס זידט. / איך זינג מיין ליד / מיין יידישע, / איך וויין מיין ליד". (12)

אין זיינעם אַן אַרטיקל וועגן עזרא פינינבערג האָט שמואל אליאשיב ריכטיק באַמערקט : "היצירות שהשאיר אחריו ערכן רב לא רק לקוראיו בין יהודי רוסיה, אלא הן העשירו את גנזי ספרותנו גם בארצות אחרות. — — — הנימה היהודית שבאה לידי ביטוי מסעירה לבבות בשירי המלחמה שלו מקרבת אותן אלינו על אף המרחק הרב בינו וסביבתו ובינינו ומאוויינו, ובגללה בלבד ראוי הוא שייזכר שמו ויסופר עליו גם לקורא בארצנו, שכן דרכו בחיים ובספרות היא גם דרכו חזרה אל נשמת העם". (13)

דאָס באַטייט : פינינבערגס ליטעראַרישע ירושה, איז פון גרויסן באַדייט ניט נאָר פאַר די רוסישע יידן. זי באַרייכערט אונדזער ליטעראַרישן פאָנד אויך אין אַנדערע לענדער. — — — דער יידישער טאָן וואָס דערשיטערט הערצער, איז אַמשטאַרקסטן געקומען צום אויסדרוק אין זיינע מלחמה־לידער. טראָץ דעם וויטן מהלך פון אים און זיין סביבה פון אונדזערע פאַרלאַנגען און באַגערן איז ער אונדז נאָענט. צוליב דעם אַליין איז ער ראוי מען זאָל דערמאָנען און דערציילן וועגן אים ביי אונדז אין לאַנד. זיין וועג אין לעבן און אין דער ליטעראַטור איז אויך זיין צוריקוועג צו דער נשמה פון פאָלק.

מיין פאָלק, מיין יידיש פאָלק... דו האָסט דאָך מיר דעם גלי,
די פיין, די שיין, דעם טיפן מוט געגעבן,
"בדמייך חיי !... בדמייך חיי !..."
"אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן... אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן"...
ניט דו ביסט אומריין פאָלק. דיין פיינט איז קויט און ברוד.
ביסט ריין, מיין יידיש פאָלק, און הייליק איז דיין בלוט !
מיין פאָלק, מיין יידיש פאָלק אין זיידן, אין פאַרבלוטיקט העמד,
פון וויטסטע צוקונפטן די פעלקער דיך באַגריסן,
כ'בין שטאָלץ, איך זאָג עס איבער אַלע, אַלע שחיטות :
ס'איז מיין געזיכט און ס'איז מיין גאַנג און ס'איז מיין האַרץ — — —
סעמיטיש ! (14)

ביבליאָגראַפישער אָנווייזער :

1. א. אבטשוק : עטיודן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַרישער באַוועגונג אין פסר"ר, כאַרקאָוו 1934, זז' 159—160.

2. אהרון גורשטיין: עזרא פינינבערגס שעפערישער וועג, „סאָוועטיש" 3, מאָסקווע 1935, זז' 301—304. 3. עזרא פינינבערג: לידער, קיעוו 1925, זז' 57. 4. דאָרט, זז' 16.
5. ע. האַלדעס: „אונדזער דיכטונג", פּראַליט 1, כאַרקאָוו 1932, זז' 52.
6. עזרא פינינבערג: „אין ריזיקן פייער", מאָסקווע 1946, זז' 126.
7. — " — : פון שלאַכט־פעלד, מאָסקווע 1943, זז' 71.
8. חיים לויצקער: פאַר אידייישער ריינקייט פון אונדזער ליטעראַטור, „דער שטערן", קיעוו 1948, זז' 105 — 112.
9. עזרא פינינבערג: „אין ריזיקן פייער", מאָסקווע 1946, זז' 183. 10. דאָרט זז' 102.
11. עזרא פינינבערג: פון שלאַכטפעלד, מאָסקווע 1943, זז' 6.
12. עזרא פינינבערג: אין ריזיקן פייער, מאָסקווע 1946, זז' 80.
13. שמואל אלישיב: הספרות הסובייטית החדשה, תל אביב תשי"ד, זז' 229.
14. עזרא פינינבערג: פון שלאַכטפעלד, מאָסקווע 1943, זז' 43 — 46.

## פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

### צום 200טן געבורטס־טאָג פון די פאַראייניקטע שטאַטן

העכער 500 אָנטיילנעמער האָבן איבערפולט דעם זאַל פון בית־אגרון דעם אָוונט פון 8טן יולי. איבער דער בינע זענען געהאָנגען די נאַציאָנאַלע פענער פון די פאַראייניקטע שטאַטן און מדינת ישראל. לכבוד 200 יאָר זעלבשטענדיקייט פון פש"א האָט דער עולם שטייענדיק אויסגעזונגען דעם הימן פון אַמעריקע און אונדזער התקוה.

געפירט דעם אָוונט געווידמעט דעם נאַציאָנאַלן יום טוב פון אַמעריקאַנער פאָלק האָט דער פאַרזיצער פון די ירושלימער קולטור־געזעלשאַפט ד"ר גרשון וויינער.

די פאַרזאַמלטע האָט באַגריסט אין נאָמען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין ישראל — ענריין שלעזשינדשער, וואָס האָט געשלאָסן זיין וואָרט מיט אַ האַרציקן "גוט יום טוב" אין יידיש.

אין נאָמען פון אַמעריקאַנער יידישן קאָמיטעט האָט באַגריסט זיין פרעזידענט ה' בערטראַם גאָלד.

"אַמעריקע אין יידישן ליד און יידישן טעאַטער", אַזוי האָט אָנגערופן זיין פּראָגראַם דער באַליבטער ישראל־זינגער און שוישפּילער מייק בורשטיין, וועמענס קאָנצערט ס'איז אויפגענומען געוואָרן ענטוזיאַסטיש.

שפּעטער זענען מיט גרויס אינטערעס און שפּאַנונג אויסגעהערט געוואָרן די אַרויסטרעטונגען פון ד"ר אליעזר גאָאַלמאַן, ד"ר גרשון וויינער, פּראָפ' אברהם קאַרפּ (ראָטשעסטער־אוניווערסיטעט) און אונדזער טייערער גאַסט־רעדנער הרב הערשל שעכטער. דער עולם האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אינעם שמועס אויף דער טעמע "אַמעריקע און יידן".

דער דאָזיקער הערלעכער אָוונט וועט זיך אויף לאַנג פאַרגעדענקען אַלס האַרציקע מאַניפעסטאַציע פון פריינדשאַפט פון יידישן פאָלק און זיין מדינה צו די פעלקער פון די פאַראייניקטע שטאַטן — דעם זיכערסטן וועלט־באַסטיאָן פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

**הירש אָשעראָוויטש**

# לייזער ראַנס "מאָוזאַליי" פאַר ירושלים דליטא הי"ד

איך וועל בפירוש ניט איבערטרייבן, ווען איך וועל זאָגן אַז נאָענט צו אַ צענדליגג מאָל האָב איך זיך געזעצט אויסלייגן אויפן פּאַפּיר ווערטער פון באַגייסטערונג פאַר לייזער ראַנס ווונדערלעכן אַלבאָם "ירושלים דליטא אילוסטרירט און דאָקומענטירט", און איטלעך מאָל האָט זיך עס פאַרענדיקט דערמיט אַז איך האָב נאָך אַ געוויסער צייט געכאַפּט זיך: איך זיץ אַ "פאַרחושטער", מיש די בלעטער, אָפּשטעלנדיק זיך אָט אויף איין בילד, אָט — אויף אַ צווייטס, קער זיך באַלד צוריק אום צו אַ פריערדיקן בלאָט און באַקוק אים נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל — אַן אמתער "הפוך בה והפוך בה" וואָס מאַכט פאַרגעסן צוליב וואָס כ'האָב זיך צום טיש געזעצט. ס'איז ממש אַ פאַרכּישופטער קרייז! — כדי צו שרייבן וועגן דאָזיקן אַלבאָם מיט דער התפעלות און התלהבות וואָס ער פאַרדינט, ווילט זיך "אַריינגיין" אין דער שטימונג מיט אַן אַריינבליקן אין אים. אָבער, ווי נאָר מע מישט אויף אַ ליאָדע זייט זייַנע, איז מען שוין אַ "געפאַנגענער" און מיט דער תחילתדיקער כוונה איז אויס!..

אַ כּלל: נאָך אַזוי פיל "דורכפאַלן" איז מיר קלאָר געוואָרן אַז, אויב איך וויל עפּעס שרייבן וועגן דאָזיקן מאָנומענטאַלן ווערק, מיז איך צייטווייליק אָסרן זיך דאָס אויפעפענען ניט נאָר די צוויי אילוסטרירטע בענד, נייערט אפילו אויך דעם דריטן — ביבליאָגראַפישן באַנד, וואָרעם הגם אין אים איז שוין ניט פאַראַן דאָס בילדערישע, וואָס שמידט צו צו זיך, פלעפט ער מיטן עשירות פון די אינדאַלט־פאָזיציעס, וואָס דאָס בלויזע אויסרעכענען זיי פאַרנעמט גאַנצע 30 זייטן, ווי אויך מיט דער רייכקייט פון פאַרשיידענע אַנדערע זוכצעטלען, באַמערקונגען און ביבליאָגראַפישע אַנווייזערס.

איך וויל בשום אופן ניט פאַרמינערן די ווערט פון די הונדערטער יזכור־ביכער וואָס זענען שוין דערשינען און וואָס דערשיינען אָן אַן איבעררייס נאָך עד־היום. עס איז אָבער אַ פאַקט אַז זיי אַלע זענען געבויט אויף (אָדער פון) גבית־עדותן וואָס שטיצן זיך דאָס רוב אויפן זכרון. און אין אַזאַ מאַטעריאַל זענען ביים בעסטן ווילן טעותים און אומפינקטלעכקייטן אומפאַרמיידלעך. דער דאָזיקער חסרון איז אָבער אויסגעשלאָסן אין לייזער ראַנס ריזן־אַרבעט. פאָטאָגראַפיעס און דאָקומענטן זענען אויטענטיש און לחלוטין אומאָפּפרעגלעך.

יאָ, אויטענטיש און אומאָפּפרעגלעך! אָבער ווי שווער קומט אָן דאָס צונויפ־זאַמלען די בילדער און דאָקומענטן אין אויפגערודערטע צעבויטעטע נאָך־חורבן־יאָרן — אין אַ לאַגע ווען די וואָס פאַרמאָגן אַזעלכע בילדער און דאָקומענטן זענען צעזייט איבער אַלע קאָנטינענטן, אָפט מאָל אפילו פאַרוואָרפן אין אומדער־גרייכלעכע העקן. אַחוץ דעם איז נאָך פאַראַן אַן ״אייזערנער פאַרהאַנג״ וואָס שיידט פונאַנדער און דערלאָזט ניט אויפצוזאַמלען מאַטעריאַלן אין דער באַהאַנדל־טער שטאָט גופא. דאָס אַלץ בייצוקומען פאָדערן זיך אָריענטירטקייט, חכמה, געפיל, טאַלענט, התמדה, אויסדויער און כּכלות הכּל אויך מאַטעריעלע מעגלעכ־קייטן. ווי האָט עס איין מענטש געקענט דערוועגן זיך אויף אַזאַ פאַרמעסט? דערויף קען זיין נאָר איין תשובה: ער איז געווען באַזעסן פון זיין ליבשאַפט צו זיין טייערער רומרייכער ווילנע און האָט 25 יאָר פון זיין לעבן אָפּגעגעבן דער אים ל י ב ע ר ״עבודת פּרך״...

העכער אַ פערטל יאָרהונדערט האָט לייזער ראַן פּערמאַנענט געזוכט און געזאַמלט, געשאַפן קאַרטאָטעקן און טעמאַטיש געסדרט, כּדי עס זאָלן אין אַלבאָם ווי געהעריק פאַרטראָטן זיין ״אַלע יידישע ווילנעס״, ניט באַוווּלהנדיק קיין איין תקופה פון ווילנעס געשיכטע און ווי ווייט מעגלעך זאָל ניט איבערגעהיפּט ווערן קיין איין געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג, ברייט אָפּשטעלנדיק זיך אויך אויף יחידים. 500 יאָר יידיש לעבן און שאַפן שפּיגלען זיך אָפּ אויף די גלאַנצנדיקע (תרתי משמע) 540 זייטן פון די 2 אילוסטרירטע בענד און זיי ווערן קאָמענטירט, רעיעסטרירט און ״פאַרהאַנטבוכיקט״ אין געדיכטע 470 שפּאַלטן פונעם דריטן באַנד, וואָס פאַרמאָגט נאָך אַ דעטאַליזירטן פערזאָנען־זוכצעטל און פאַרשיידענע אַנדערע אויפקלער־רשימות. באַטירלעך זענען ניט אַלע תקופות פון די 500 יאָר פאַרטראָטן אין אַלבאָם גלייכמאָסיק. זייער פאַרטראָטן זיין אין אים איז אָבער פולשטענדיק פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אָביעקטיווער פאַראַנענקייט פון בילדער און דאָקומענטן פון די געגעבענע תקופות.

מיר פערזענלעך האָט דער גורל באַשערט לעבן אין ווילנע אין אַ צייט ווען זי איז ווי אַ יידישע שוין געווען בבחינת אַ בר־מינן. לייזער ראַן האָט געשאַפן אַ וואָרט ״פאַרווילנעוועטע״. איך — דער געבוירענער אין פּאָנעוועזש — בין בכן אין משך פון 27(!) יאָר געווען אַ ״פאַרווילנעוועטער״. מעגלעך אַז גראַמאַטיש וואָלט מער רעכט געווען צו זאָגן ״פאַרווילנעטער״. אָבער ״פאַרווילנעוועטער״ קומט פון ״ווילנעווען״, וואָס עס קלינגט ווי ״פראַווען ווילנע״... יאָ, מיר האָבן אַלע מיט גרויס יראת־הכּבוד ״געפּראַוועט ווילנע״. ווילנע איז אַ קולט! און אַצינד, ווען זי איז אין איר יידישער געשטאַלט מער ניטאָ, זאָל זי אָפּגעגעבן ווערן דער פאַרגעסונג?..

מיר אַלע ווייטיקן דעם חורבן־ווילנע. מיר אַלע זענען אָבלים און מקוננים, אָבער נאָר איין לייזער ראַן איז ניט יוצא געווען מיט אַ בלויזן באַקלאָגן און ווייטיקן. ער האָט אַ נדר געטאָן מציל צו זיין ווילנע פון שיכחה. האָט ער דעריבער געאַרבעט מיט דעם עקשנות פון אַ פאַנאַטיקער און מיט דער סיסטעמאַטישקייט

פון אַ פאַרשער און וויסנשאַפטלער ביז ער האָט אויפגעשטעלט אַ דריי־גאַרנדיקן "מאַוזאָליי" פאַר דער יחסנותדיקסטער יידנשטאָט אין מזרח־אייראָפּע און זי אַרויסגעצויגן פונעם "תהום הנשיה" — אָפּגעראַטעוועט פון פאַרגעסן ווערן!

טאָ זאָלן געבענטשט זיין די הענט פונעם אומדערמידלעכן און הצלחהדיקן אַרכיטעקט פונעם גראַנדיעזן "מאַוזאָליי", לייזער ראַן, און אויך די הענט פון אַלע מיטגלידער פונעם "ווילנער אַלבאָם־קאָמיטעט" וואָס האָבן אין משך פון 7 יאָר אונטערגעטראָגן לייזערן די ציגל וואָס זענען בייטיק געווען אויפצושטעלן דעם דאָזיקן באמת מאָנומענטאַלן בנין!

וויסנדיק ווי וויכטיק עס איז, אַז זיין לעבנסווערק זאָל אָנשפּאַרן אין איטלעך ווינקעלע, ווו עס לעבט אַ ייד וואָס קען איינע פון די 4 שפּראַכן אין וועלכע עס זענען קאָמענטירט די אין אַלבאָם געגעבענע מאַטעריאַלן (יידיש, עברית, ענגליש, רוסיש), איז קיין חידוש ניט וואָס לייזער ראַן האָט איינגעפונען פאַר נייטיק צו באַפרייען זיין אַלבאָם פונעם "קאָפּירייט"־איסור. ער זאָגט דאָך אַז ער איז אויסן "צוריקצוגעבן די אויפגעזאַמלטע מאַטעריאַלן, בילדער און דאָקומענטן פאַרן פאָל־קישן באַנוץ אויף אַלע לערן־ און לעבנס־אַדרעסן".

באַקריינענדיק דעם קאָפּ פון טייערן באַגאַבטן אומדערמידלעכן לייזער ראַן מיט אַ קראַנץ פון די וואַרעמסטע ליבווערטער, ווילט זיך מיר אין מיין קורצער אָפּהאַנדלונג אויסדריקן דעם הייסטן ווונטש, דער דאָזיקער גראַנדיעזער אַלבאָם זאָל זיך געפינען ניט נאָר אין הויז פון יעדן ווילנער, נייערט בכלל אין איטלעך הויז, ווו עס צאַפּלט אַ יידיש האַרץ! ווילנע געהערט דאָך ניט נאָר צו די וואָס האָבן געלעבט אין איר תחום, זי איז דער קנין און שטאָלץ פון גאַנצן יידישן פאָלק.

איך פאַרענדיק, וואַרעם ריידנדיק וועגן דעם אַלעם האָט זיך מיר ווידער אַ מאָל פאַרגלוסט זעצן זיך בלעטערן די ווייפולע דאָך אַזוי ליבע פאָליאַנטן פון לייזער ראַנס מאָנומענטאַל געדענקווערק!



**אהרון מענדעלעוויטש**

# משה קולבאַק

## (צו זיין 80יאָריקן געבוירנטאָג)

אין דעם אויפבלי פון דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע פאַרנעמט משה קולבאַק איינע פון די אָנגעזעענסטע ערטער. די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון זיין שאַפן אין דער ברייטער דיאַפּאַזאָן פון זיינע ווערק. סימבאָליזם און נאַטוראַליזם, מיסטישע געשטאַלטן און פּרימיטיווע דאָרפס־מענטשן, רעאַליזם און ראָמאַנטיק, ליריק און סאַטירע — אַ פאַרביקער רעגנבויגן פון פּאָעטיש שאַפן. ווייל וואָס קאָן זיין אַזוי פאַרשיידנאַרטיק און ווייט לויט דער טעמע ווי די ברויזנד־רעוואָלוציאָנערע "שטאָט" און דער מיסטעריעזער "משיח בן אפרים", דער פּרימיטיוו־דאָרפישער "ריסן" און פילאָזאָפירנדיקער ראָמאַן "מאָנטיק", די סאַטירישע פּאָעמע "דיסנער טשיילד האַראָלד" און די פאָלקסטימלעך־יאָדערדיקע "זעלמעניאַנער".

און ווי קאָלירפול עס זענען זיינע טעמעס, אַזוי פאַרשיידנאַרטיק זענען די זשאַנערן. עפּישע לייוונטן ווי "רייסן" און "זעלמעניאַנער", דראַמאַטישע שאַפונגען ווי "יעקב פראַנק" און "גזלן בויטרע", טיף לירישע מעלאָדיעס ווי זיינע "שירים" און "וואָלפישע לידער".

קולבאַקס ליטעראַרישע שאַפונגען קאָן מען צעטיילן אויף דריי פעריאָדן, וואָס אָנטשפּרעכן דריי פאַרשידענע לענדער: דער בערלינער, דער ווילנער און דער מינסקער פעריאָד. אַמשעפערישסטן זענען געווען די לעצטע פעריאָדן.

אין ווילנע האָט ער אָנגעשריבן זיין פּאָעמע "די שטאָט", זיין ערשטע זאַמלונג לידער "שירים", די פּאָעמע "רייסן", דעם ראָמאַן "מאָנטיק", די פּאָעמען "בוינים און "בערע", "ווילנע" און אַנדערע קלענערע זאַכן.

די פּאָעמע "די שטאָט" (1919) איז איינע פון די שענסטע ווערק אין דער יידישער מאָדערנער דיכטונג. קולבאַק ברענגט דאָ צום אויסדרוק די שטימונג פון זיין דור, וואָס האָט געגלויבט אַז די רעוואָלוציע וועט אויסלייזן די וועלט, וועט ברענגען עפּעס שיינס, עפּעס דערהויבנס. די פּאָעמע איז פול מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס און לירישן אומרו:

I

חצות
דאָס יתומדיק ווינטעלע ווייט,
דאָס יתומדיק ווינטעלע גייט
אין דער שליחות דער גרינגער פון נאַכט,
ווען דער משמור דער ערשטער פאַרגייט.

II

חצות.
דעם תכלת־געוועב וואַשט אַ טוי,
דעם תכלת־געוועב מישט אויס בלוי
די שטאָט, וואָס רוט רחבותדיק־שטום
אין איר קאַלכווייזער טורמונג אין בוי.

חצות.
עס האָבן די גלעקער געקלונגען!
און בראָנזענע יונגען
באַפּאַלן איז דעמלט אַ ווילן
צו שטילן
דעם צאָרן

פון יאָרן
וואָס זענען פאַרלאָרן.
און ס'האָבן זיך די גלעקער געקלונגען!
הער, לאָמיר גיין! לאָמיר גיין!
לאָמיר דאָ איבערלאָזן די שוואַכע.

ס'איז אינטערעסאַנט, אַז כמעט אין דער זעלבער צייט איז דערשינען אין מאָסקווע אַלעקסאַנדער בלאָקס פּאָעמע "צוועלף", און סיי לויטן אינהאַלט און סיי לויט דער פאָרם זענען ביידע שאַפונגען ענלעך.

קולבאַק איז גלייכצייטיק אַ טיפער ליריקער, זיין ליריק איז דורכגעזאַפּט מיט מעלאָדישקייט, און פול מיט מוזיק.

ווער גייט אין סאָד אַציגד, ווער גייט?
ניטאָ דאָס וואָרט, וואָס זאָל דעם סאָד
פאַרזיגלען,
ניטאָ די האַנט, וואָס זאָל די טיר
פאַריגלען שטילערהייט.

אָדער:
וועלט! / אין טויזנט פּנימער פאַרשטעלט
/ איך גיי צו דיר אויף טויזנט וועגן. /
ווו? / איך ווייס ניט ווו / איך וויל אין
גאַנצן דיך / פאַר מיינעטוועגן. / איך
בין דו! /

אין דער פּאָעמע "רייסן" (1923) איז קולבאַק דער מייסטער פון אַן עפּישן לייוונט. "רייסן" איז אָריגינעל ניט נאָר מיט דער זאַפטיקייט און פשטות פון שפּראַך, נאָר דער עיקר מיט זיינע העלדן. צום ערשטן מאָל זענען אין דער יידישער פּאָעזיע באַוויזן געוואָרן געשטאַלטן פון פּראָסטע נאַטור־ און דאָרפס־מענטשן מיטן ריח פון וואַלד, פעלד און טייך. ס'איז אַ פּאָעמע, וואָס אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַ נייע פאַרביקע יידישקייט אויפן פּאָן פון דער ליטוויש־ווייסרוסישער לאַנדשאַפט. ס'איז קולבאַקס פריסטע יוגנט, ווו די העלדן זיינע האָט ער געטראָפן ביי זיין זיידן אין סמאָרגאָן.

אָ, דער זיידע פון קאָבילניק איז אַ ייד אַ פּשוטער, / אַ פּויער מיט אַ פּעלץ, און מיט אַ האַק און מיט אַ פערד, / און מיינע זעכצן פעטערס און מיין טאַטע / יידן פּראָסטע, יידן, ווי די שטיקער ערד. / טרייבן פליטן אויף די טייכן / שלעפּן קלעצער פון די וועלדער / און דעם גאַנצן טאָג געהאָרעוועט ווי כלאָפּעס / עסט מען וועטשערע פאַר נאַכט צוזאַמען פון איין שיסל / און מען פאַלט אַנידער אין די בעטן ווי די סנאָפּעס. /

באַזונדערס נאָענט איז מיר פערזענלעך די פּאָעמע "ווילנע" (1926). ווען ער האָט זי אָנגעשריבן, בין איך געווען אַ שילער פון דער ווילנער יידישער רעאַל־גימנאַזיע, ווו קולבאַק איז געווען לערער פון יידישער ליטעראַטור. איין מאָל איז ער אַריין אין קלאַס און שמייכלענדיק געזאָגט: קינדער, איך וויל אייך איצט לייענען אַ פּאָעמע, וואָס איך האָב אָנגעשריבן. אין דער פּאָעמע באַשרייב איך אייך — שילער פון דער יידישער שול. און אַזוי האָבן מיר געהאַט די זכיה די ערשטע צו הערן זיין פּאָעמע "ווילנע", אים אַליין לייענענדיק.

"דו ביסט אַ טונקעלע קמיע איינגעפאַסט אין ליטע, / און ס'טליען קוים געשטאַלטן, אין דיין אומרויִקן גרונט, / די ווייסע בלאַנקע גאונים פון ווייטער ליכט, / מיט ביינער שמאָלע, האַרטע, אויסגעשליפענע פון מי; / דאָס הייסע רויטע העמדל פון שטאָלענעם בונדיסט, / דער בלויער תלמיד זיצנדיק ביים גרויסן בערגעלסאָן / און יידיש איז דער פּראָסטער קראַנץ פון דעמבנבלעטער / אויף די אַריינגאַנגען די הייליק־וואָכיקע פון שטאָט".

איינע פון די באַדייטנסטע ווערק אין דעם ווילנער פּעריאָד איז זיין פּאָעמע "בוניע און בענע" (1927). וועגן דער דאָזיקער פּאָעמע שרייבט ש. ניגער: "ער לאָזט אויפלייכטן אין דער ממשותדיקייט פון טונקעלן לעבן דאָס ליכט פון מיטאָס. ער צעשטערט ניט די טאָגטעגלעכע רעאַליטעטן, ער וואַרפט אפילו ניט אַרויף אויף זיי קיין צויבער־

שלייער; ער גיט זי אונדז מיט זייער גאַנצער, רויער, נאַקעטער פרישקייט; ער עפנט פאַר אונדז זייער טיפסטן ערדישן קוואַל; אָבער פּלוצלונג דערזעען מיר אין דעם וואַסער־שפּיגל די הימלען מיט די שטערן מיט די ווייטסטע וועלטן. קול־באַק בייט ניט אויס די ווירקלעכקייט אויף אַ לעגענדע; ער איז טיף איינגע־וואָרצלט אין דער ערד פון לעבן, נאָר אין די עצם וואָרצלען פון דעם לעבן, וואָס האָט אים אַרויסגעבראַכט, איז דאָ עפּעס אירעאַלעס, עפּעס צויבערלעכס. ער איז אַ קינד פון אַ תקופה, וואָס האָט אָפּגעמעקט די גרענעצן צווישן רעאַלי־טעט און פאַנטאַסטיק, רעאַליזם און מי־טאָס״.

עד כאַן ניגער. צו דעם דאַרף מען צוגעבן, אַז ״בוניע און בערע״ איז אייגנטלעך אַ המשך פון זיין ערשטער פּאָעמע ״די שטאָט״. די בראָנזענע יונ־גען פון דער ״שטאָט״ זענען אַ פּאַטעטי־שער אויסדרוק פון רעוואָלוציאָנערן פּאַ־טאָס. זיי אָבער, די יונגען, האָבן ניט קיין אייגענעם פּנים, זיי זענען מער אַ סימבאָל, בעת ״בוניע און בערע״ האָבן אַן אויסגעשפּראָכענעם יידישן כאַ־ראַקטער. צוויי יידישע יונגען, פּראָס־טע ״ווי די שטיקער ערד״, גייען זוכן צדק און יושר אויף דער וועלט:

״דאָן ענטפערט בוניע ביק: אָ, ליבע פריינט,
מיר ווילן בלויז די וועלט אויסלייזן.
איר זעט, דער מזל פון בורזשויען שיינט,
נאָר — טרעפט, אַז ס'גייען לייט אָן הויזן,
מוז מען דעם יאָך אַראָפּוואַרפן, די קייטן,
און די אַנדערע שאַלאַמויזן״.

און ווייטער אין אַ צווייטן אָרט:
״און בוניע זאָגט: הער צו דו נאָר, הער צו,
דעם סוף פון מענטשנס שווערע ליידן,
ס'וועט שלאָפן גראָם אַ לעמפּערט מיט אַ קו
און ס'וועט אַ קינד זיך שפּילן מיט זיי ביידן;
פריד וועט זיין, און זשאַווערן וועלן די מעסערס
אין די שיידן״.

אין יאָר 1928 פאָרט קולבאַק אַריבער קיין מינסק. דער מינסקער פּעריאָד איז פאַרבונדן מיט זיינע דריי הויפּט־ווערק: ״זעלמעניאַנער״, ״דיסנער טשיילד האַראָלד״ און ״גזלן בויטרע״. די ״זעל־מעניאַנער״ (1931—1935) איז אַ שטיק עפּאָפּייע, אַ מין יידישע סאַגע — די לעבנס־געשיכטע פון דער משפּחה זעל־מעניאַנער, פון דריי דורות מיט זייערע פּאַ־סירונגען אין דער היים און אין דער וועלט. אַ ריי טיפּן פון די זעלמעניאַנער דערמאָנען מיט עפּעס די געשטאַלטן פון ״רייסן״ און ״בוניע און בערע״. אפילו איינער פון די העלדן הייסט אויך בערע. דער נאָמען זעלמעניאַנער איז נאָכן זיידן פון דער משפּחה זעלמעלע. זעלמעלע איז געווען אַ ייד אַ פּשוטער, אַ פאַרגרעב־טער פון ״טיף ראַסיי״, אַ מין זיידע פון קאָבילניק פון ״רייסן״. אין מינסק האָט ער חתונה מיט באַשען. זיינע קינדער זענען ווּקסיקע מיט ברייטע פּלייצעס און נידעריקע שטערנס. זיי ווידער האָבן אויך קינדער און אַזוי לעבן צוזאַמען דריי דורות. זיי אַלע לעבן צוזאַמען אין איין גרויסן הויף, וואָס שטייט אין עק שטאָט. די גאַנצע משפּחה פון זיידן ביזן אייניקל, לעבט זיך אַן אייגענעם לעבן. יעדע נייע איינפירונג, וואָס דאַרף ברעכן די טראַדיציעס, קומט אָן שווער און אָפט מאָל מיט בלוט. איינער פון די יונגע זעלמעניאַנער, דאָס אייניקל וויל איינ־פירן אין הויז עלעקטרישע באַלייכטונג, טוט זיך חושך. די אַלטע באָבע באַשע שרייט אויס: ״זייט וויסן, אַז כל זמן איך לעב, וועל איך ניט לאָזן האַקן קיין ווענט״. און אַז עס האָט ניט געהאָלפן און די עלעקטרע האָט דאָך גענומען ברענען, האָבן די עלטערע זעלמעניאַ־נער עס אויפגענומען ווי אַ באַליידיקונג. דער פעטער יודע נעמט ווידער אַ קליין

באַפּט־לעמפּל און ביי זיין שיין קוקט ער אַריין אין אַ ספר.

טייל מאָל האָט מען דעם איינדרוק, אַז די ״זעלמעניאַנער״, ניט קוקנדיק וואָס זיי לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד, און ניט קוקנדיק אויף דער טעמאַטיק (עלעקטריפיקאַציע), האָבן עפּעס גאָרניט קיין שייכות צו דער אַרומיקער סאָוועטישער ווירקלעכקייט, זיי דערמאָנען מיט עפּעס שאַגאַלס געשטאַלטן. אָט, למשל, גיט קולבאַק אַ זאָג: ״... עס באַווייזן זיך פלוצלונג אין די זעלמעניאַנישע שטיבער למד־וואָווניקלעך, יידעלעך מיט פידעלעך, וואָס טאַנצן אויפן דראָט, לייקענען אָפּ די לוסט בלויז מיטן אייגענעם שאַרפן שכל. מען פירט איין עלעקטרע, דערביי בליט ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַ טונקעלן שטיבל דאָס כישופדיקע גראָז ליובעזניק. עס טרעפט, אַז מענטשן גייען דאָ אַרום ווי אין אַ היבער־פלעט, פלוידערן ווי פון שלאָף, און די אויערן הערן נישט וואָס דאָס מויל רעדט.״

״דיסנער טשיילד האַראַלד״ (1933) אַנטפּלעקט אַ נייע זייט אין קולבאַקס מייסטערשאַפט — סאַטירע און הומאָר. דער העלד פון דער פּאָעמע ליולקעמאַן איז דער ליטעראַרישער צווילינג פון בייראָנס העלד פון דער פּאָעמע ״וואַנדערונגען פון טשיילד האַראַלד״.

ס'איז שווער צו זאָגן, וואָס האָט באַוויגן קולבאַקן אָנשרייבן אַ ווערק, וואָס איז פרעמד געווען זיין ליטעראַרישן וועג. מען דאַרף געדענקען, אַז קולבאַק האָט עס אָנגעשריבן פינף יאָר נאָך זיין קומען קיין ראַטנפאַרבאַנד. ס'איז געווען אַ שווערע צייט פאַר קולבאַקן. ער האָט שוין געזען און געפילט, וואָס עס קומט פאָר אַרום אים, נאָר אַרויסרייסן זיך פיזיש האָט ער שוין ניט געקאָנט. האָט ער זיך אַרויסגעריסן גייסטיק, ליטעראַריש. ס'איז אינטערעסאַנט צו ברענגען דעם פאַלגנדיקן עפּיזאָד: שוין גלייך נאָך זיין קומען קיין מינסק אין 1928 איז פאַרגעקומען אַן אָוונט צום 11טן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אויף וועלכן ס'זענען בייגעווען שרייבער, מאָלער, קולטור־טוער און זשורנאַליסטן. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס וועגן די אויסזיכטן פון דער יידישער ליטעראַטור. די טעגלעכע יידישע צייטונג אין מינסק פון יענע יאָרן, ״אָקטאָבער״ האָט איבערגעבן אַ באַריכט פון יענעם אָוונט. ס'האָט גערעדט קולבאַק און נאָך אים דער רעדאַקטאָר פון ״אָקטאָבער״ א. אָשעראָוויטש. ער האָט צווישן אַנדערן געזאָגט: ״די רעוואָלוציע, וואָס קולבאַק האָט אַדורכגעמאַכט אין פּוילן, איז ניט אין גאַנצן אַ גינסטיקע פאַר אים. דער ליטעראַרישער געמויזעכץ האָט געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויף אונדזער פּאָעט. מיט דעם דערקלערט זיך די מיסטישע ריכטונג אין קולבאַקס פּאָעזיע (משיח בן אפרים). אמת, צום לעצט האָט ער אַ שפּיי געטאָן אין פּנים דער דאָרטיקער קלייןבירגערלעכער ליטעראַטור. ער האָט עס אָבער געטאָן ניט מעשה רעוואָלוציאָנער, נאָר מעשה ״שייגעץ״. ער האָט זיי געזאָגט די שרייבער, אַז ער איז נאָך ניט זיכער, אַז דאָרט וווהין ער אַנטלויפט, וועט ער קענען פריי דיכטן און אַרבעטן.״ אָשעראָוויטש האָט, ווייזט אויס, געטראָפן אין פּינטל.

ליולקעמאַן, דער דיסנער טשיילד האַראַלד, אַנטלויפט, ווי קולבאַק דריקט זיך אויס, פון לאַנד, ווו די באַלשעוויקעס מאַכן די רעוואָלוציע. שרייבן דאָס האָט ער עס געמוזט כלומרשט מיט אַן איראָניע, נאָר געמיינט האָט ער עס גאַנץ ערנסט. קולבאַק איז געווען אין דייטשלאַנד אין אָנהייב פון די 20־ער יאָרן. און ליולקעמאַן איז אין אַ געוויסער מאָס דער פּראָטאָטיפּ פון קולבאַקן אַליין.

״אַ באָן, אַ פענצטער, אַ פּנים קוועלט,
אַ ליולקע צווישן שטייפע ליפּן.

אַ יונג האָט זיך געלאָזט איבער דער וועלט מיט גאָרנישט, בלויז מיט גאַנצע ריפּן. אין קעשענע אַ בינטל ווילדע לידער,

אַ פּעקל פּאַפּיראָסן און אַ העמד".

קולבאַק שילדערט דאָס לעבן אין דייטשלאַנד פון יענע יאָרן אין אַ הומאָריסטישן און סאַטירישן טאָן. אָבער אויב דער ערשטער טייל פון דער פּאָעמע, ווי ער באַשרייבט דעם דייטשן קלייַנבירגער, איז עכט, יאָדערדיק, מיט הומאָר, איז דער צווייטער טייל, ווו ער שילדערט דעם רעוואָלוציאָנערן בערלין, אָנגעצויגן, שוואַך קינסטלעריש. מען פילט, אַז קולבאַק האָט ניט געקאַנט דאָס לעבן פון דייטשן אַרבעטער פון יענע יאָרן, נאָר ער האָט עס געמאַכט ווי אַ "סאָציאַלע באַשטעלונג", ער האָט געמוזט אָפּגעבן זיין ציגנז די סאָוועטישע ליטעראַרישע פאָדערונגען.

"גזלן בויטרע" — אַ דראַמאַטישע פּאָעמע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1936 אין מינסקער זשורנאַל "שטערן". קולבאַקן האָט געצויגן צום טעאַטער נאָך אַלס קינד, ער פלעגט נעמען אָנטייל אין קינדער־פאַרשטעלונגען.. אַלס לערער אין ווילנע פירט ער אויף מיט די קינדער פון די יידישע מיטלשולן און יידישן לערן־סעמינאַר האָמערס "איליאַדע", אַן אַקט פון שעקספּירס "יוליוס צעזאַר", וואָלפּסאָנס "לייכטזין און פראָמעל" און די פּורימשפּילן "דוד און גלית" און "מכירת יוסף". ער פלעגט אויך אַרויסטרעטן מיט דעקלאַמאַציעס פון זיינע אייגענע לידער.

די לעגענדעס וועגן רויבער, וואָס באַרויבן רייכע און צעטיילן עס צווישן אָרעמע זענען פּאָפּולער כמעט ביי אַלע פעלקער. די העלדנטאַטן פון די רויבער זענען באַזונגען געוואָרן אין מעשיות און באַלאַדן (סטענקאַ ראַזין, ראָבין הוד). זיי זענען אויך העלדן פון דראַמעס ווי שילערס "די רויבער". דער יידישער גזלן בויטרע נעמט זיך אָן די קריוודע פון די שוואַכע, ער נעמט נקמה פאַר עוולות, ער נעמט ביי רייכע און גיט עס אַוועק די אָרעמע.

"און אַז ער גייט אַרויס אין מיטן נאַכט,
באַפאַלט אַ גרויסע אימה,
ווייל ער גייט העלפן דעם געמיינעם מאַן,
און דער אלמנה און דער יתומה."

אין דער פּאָעמע גייען דורך אַ ריי געשטאַלטן — בעלי בתים און כלי קודש, קרעטשמערס און ישובניקעס, כלי זמר און אָרעמע לייט. אָבער פונקט ווי אין "דיסנער טשיילד־האַראַלד", אַזוי אויך דאָ מערקט זיך די "סאָציאַלע באַשטעלונג". וועלנדיק ניט וועלנדיק מוז דער דיכטער געבן אַ גראָטעסק בילד פון בעלי תורה און כלי קודש און פירן אַ קאַמף קעגן רעליגיע. בויטרע דעקלאַמירט פּאַטעטיש:

"עס וועט זיך קערן חושך, איך וועל שמידן אין קייטן קהל־לייט און זיי פאַרברענען אויפן פייער . . . איך וועל אויפברעכן די שלעסער, זאָלן אָרעמע לייט צונעמען אַלץ. איך וועל צערייסן ספר־תורה׳ס. יידן בעלי בתים! איך וועל אַריין אין אייך, ווי די תוכחה, ווי צעלאָזענער שוועבל און דער פרנס־קודש אין קהל וועלן בלייבן אייביק די אייגענע סטראַשידלע וואָס איך".

ניט קוקנדיק אָבער אויף ערטערווייז אָנגעצויגענע און איבערגעטריבענע ענלעכע סצענעס, איז אָבער "בויטרע" שטאַרק טעאַטראַליש. די שפּראַך איז זאַפּטיק און פאָלקסטימלעך.

אין יאָר 1937 איז "בויטרע" אויפגעפירט געוואָרן אין יידישן מלוכה־טעאַטער "גאָסעט" אין מאָסקווע. קורץ נאָכדעם איז קולבאַק אַרעסטירט און אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער סטאַלין־יעזשאָוו־באַנדע.

און אַזוי איז אומגעקומען אין עלטער פון עטלעכע און פערציק יאָר אין סאַמע בלי פון דיכטערישן שאַפן דער גרויסער פּאָעט משה קולבאַק.

מיכאַ קאַסאָוצער

# וועגן סאָצרעאַליזם און מאָדערניזם

סאָצרעאַליזם איז אַ מוראדיק ניט באַליבט וואָרט ביי די שרייבער און קינסטלער אין מערב און אפילו ביי פיל מערבדיקע קינסטלער־קאָמוניסטן. די ניט־באַליבטקייט נעמט זיך ניט צוליב דער ניט אַנעמבאַרקייט פון דער דאָזיקער אַזוי גערופענער קינסטלערישער שיטה. איך זאָג אַזוי גערופענער, ווייל יש אומרים, אַז סיי די אָנהענגער סיי די קעגנער פון סאָצרעאַליזם ווייסן ניט גענוי, וואָס דאָס איז אַזוינס און אַז ס'איז בכלל אַזאַ שיטה ניט פאַראַן. וואָס זשע איז יאָ פאַראַן, וואָס האָט אי אָנהענגער אי קעגנער, וואָס זשע איז יאָ פאַראַן, וואָס איז אַזוי ניט באַליבט, וואָס מאַכט אייניקע אויפציטערן, ווען זיי טרעפן זיך אָן מיטן דאָזיקן וואָרט ?

עס איז פאַראַן די שוץ פון די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען און אָפּט אפילו פון דער ק. ג. ב. פאַר די אָנהענגער און וואָרטזאָגער פון סאָצרעאַליזם, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן פאַרן איינציק ריכטיקן, איינציק דערלויבטן, איינציק לעגאַלן מעטאָד פון שאַפן און יעדער פּרווו, וואָס ווערט באַטראַכט פאַר אַן אָפּבויג, יעדער סימן, וואָס ווערט באַטראַכט ווי עפּעס, וואָס איז אַנדערש, ווערט פאַרפאָלגט און די פאַרפאָלגונגען דערגייען אָפּט ביז פּאָליטישע רעפּרעסיעס, וועלכע דערשיטערן יעדן אָרנטלעכן מענטשן.

דאָ קאָן מען שטעלן אַ פראַגע צו די, וועלכע לייקענען אָפּ דעם סאָצרעאַליזם. ווי אַזוי ווערט עס באַשטימט דער אָפּבויג, דאָס אַנדערש שאַפן ? פון וואָס אַן אָפּבויג ? פון וואָס אַנדערש ?

איך דערמאָן זיך אין די סוף־פּערציקער יאָרן, אין דער אַרבעטסזאָנע פון איינעם אַ לאַגער־פּונקט פון סאָוועטישן גן עדן, אין סטאָליער־צעך, איז געהאָנגען אַ גרויסער פּלאַקאַט — אויפן פּלאַקאַט — אַ יונגערמאַן מיט אַ שיינער פריזור. ווייס העמד און פאַרביק געקעסטלטן קראַוואַט, אַ שיינער בלויער פריש־געפּרעסטער בייער אָנצוג און אַ פּאָר געלע גלאַנציקע שיך. איין שוך אויפגעהויבן איבער אַ ברעט מיט אַן אַרויסגעשטעקטן גלאַנציקן צוויאָק און אַן אויפשריפט אונטן : לאָז ניט קיין צוויעקעס אין די ברעטער, קוק אויף וואָס דו טרעטסט א. א. וו. איך וויל זיך דאָ ניט אַריינלאָזן אין קיין אָפּשאַצונג וועגן מאָלערישן ניוואָ פון דאָזיקן פּלאַקאַט. סוף־סוף איז עס געווען אַ פּלאַקאַט פונעם אָפּטייל פאַר טעכנישער שוץ און ניט קיין קונסט־ווערק. איך האָב זיך בלויז געפרעגט, ווער פון די סטאָליאַרעס און ווער פון די אָפּגעשוירענע לאַגערניקעס דאָ טראָגט אפילו אַזעלכע שיכבענדלעך ווי אויפן פּלאַקאַט און ווער פון די סטאָליאַרעס אויסער דעם לאַגער אין גאַנץ רוסלאַנד און אפילו אין דער גאַנצער וועלט גייט עס אַזוי געקליידעט אין אַ סטאָלערייַ ביי דער אַרבעט, ס'איז דאָך ניט רעאַל, האָב איך זיך אָנגערופן צו מיין לאַגערפריינד, אַ מאָסקווער אַלטער רוסישער אינטעליגענט.

— ס'איז אָבער סאָצרעאַל, — האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ ביטערן שמייכל.

איך האָב שוין געהאַט פריער זיך אָנגעלייענט מיט צענדליקער אַרטיקלען

און עסייען וועגן סאָצרעאַליזם און בלויז פון דער דאָזיקער רעפּליק פון מיין פריינד אין לאַגער, צו וועלכן מ׳האָט מיך פאַרמשפּט און איזאָלירט אויף "איבערדערציִונג", האָב איך געכאַפּט, וואָס סאָצרעאַליזם מיינט. שפּעטער, ווען איך האָב ערגעץ געלייענט אַזעלכע ווערטער ווי „הויכקינסטלערישע, סאָצרעאַליסטישע קונסט", האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס מע מיינט דערמיט: אַז דער זעלבער יונגער־מאַן מיט דער זעלבער פריזור און קליידונג זאָל געמאָלט ווערן פון אַ מייסטער און ניט פון קיין כאַלטורשטשיק, ניט פון קיין קאַליקע.

אויב עמעצער וועט שילדערן אָדער מאָלן רעאַליסטיש אַן אָפּגעשוירענעם, אָפּגעריסענעם לאַגערניק מיט אַן אָפּגע־פרוירענעם, געשוואָלענעם, באַרוועסן אָד־ער באַשקראַבעטן פוס איבער אַ פאַר־זשאַווערטן צוויאַק, וועט ער פאַר אָט דעם אָפּנויג פון סאָצרעאַליזם זייער און זייער טייער באַצאָלן.

לאָמיר פאַרגלייכן די ווערק, וואָס סיניאַווסקי און דאַניעל האָבן געדרוקט אין רוסלאַנד, מיט די, וואָס זיי האָבן אונטער פּסעוודאָנימען געדרוקט אין אויס־לאַנד. צי איז פאַראַן אַ גרויסער חילוק אין סטיל און אין פאָרם פון די און יענע ווערק? דאָך אַזוי האָט מען זיך לאַנג ניט געכאַפּט, ווייל דער חילוק צווישן ליגן און אמת האָט געלייגט זיין שטעמפּל און זיי געמאכט פאַרשידן. די לעצטע, די אין אויסלאַנד געדרוקטע ווערק זייערע, זענען פון די סאָוועטן באַטראַכט געוואָרן פאַר רכילותדיקע, אַנטיסאָוועטישע און אַנטיסאָצרעאַליסטישע און די ערשטע די קאַזיאָנע־ליגנערישע פאַר סאָצרעאַליס־טישע און פּראָסאָוועטישע. פּראָסאָוועט־טישע — אָט אין וואָס סע גייט די אַנהענגער פון א. ג. סאָצרעאַליזם.

מע דערציילט, אַז מ׳האָט אין מאָסקווע אַרויסגערופן אין מקום אַריין איינעם אַ יידן און אים פאַרגעוואָרפן, אַז ער האָט אין זיין אַנקעטע, וואָס ער האָט אויס־געפילט ביים אָנקומען אויף אַרבעט, ניט אַלץ געשריבן.

— וואָס, למשל, פרעגט דער ייד.

— למשל, ענטפערט מען דעם ייד׳ן, די פראַגע צי איר האָט קרובים אין אויסלאַנד, לאָזט איר אַן ענטפער.

— אין אויסלאַנד האָב איך קיינעם ניט, זאָגט דער ייד.

— און אַ ברודער אין תל־אביב האָב איך צי איר? פרעגט דער אויספאָרשער אויפגערעגט.

— מיין ברודער אין תל־אביב? האָט ער דאָך אַ ברודער אין אויסלאַנד.

צי דאַרף מען אַ בעסערן ביישפּיל פאַר דעם, וואָס איז אַזוינס דיאַלעקטיק? נאָר אַז די דיאַלעקטיק רעדט ניט לטובת סאָ־וועטן־רוסלאַנד און איר פּאָליטיק, איז עס ניט קיין דיאַלעקטיק. דאָס זעלבע מיטן רעאַליזם, פון סיניאַווסקי און דאַ־ניעל, קוזניעצאָוו, סאָלזשעניצין און אַנ־דערע. דאָס זעלבע מיט דער פּאָליטישער ליטעראַטור. שוין יאָרצענדליקער, אַז ביים אויפלאַגעס פון מאַרקס "קאַפּיטאַל" דער־שיינען אין רוסלאַנד אָן לעניגס הקדמה, ווייל לעניגן דערמאָנט דאָרט מאַרקס יידי־שע אָפּשטאַמונג און דאָס שטימט ניט מיט סטאַלינס טעאָריעס וועגן נאַציע. ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז פּסוקים פון מאַרקס און לעניגן זענען געפּסלט געוואָרן, באַזונדערס אין דער צייט פון געיעג אויף כלומרשטע קאָסמאָפּאָליטן. איינער אַ זשורנאַליסט האָט אָפּגעטאָן דעמלט אַ שפּיצל און פון ציטאַטן פון מאַרקס און לעניגן אויסמאָנטירט אַן אַרטיקל, ניט אָנגעבנדיק, אַז דאָס זענען ציטאַטן און פאַר די דאָרט אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען איז ער געשטעמפּלט געוואָרן פאַר אַ קאָסמאָפּאָליט. ווען ער האָט אויפגעדעקט די קאָרטן, באַווייזנדיק די ווערט פון דער קריטיק, איז . . . ער שאַרף באַש־טראָפט געוואָרן, נאָר לאָמיר זיך אומקע־רן צום סאָצרעאַליזם, מיט וועלכן גראַ־פאָמאַנען און סתם שווינדלער שאַנטאַז־שירן און טעראָריזירן יעדן פרווו פון ערנסטער קריטיק און גניסן די פּולע

שוץ פון די מאַכט־אָרגאַנען, איינפּיינדיק זייער דיקטאַטור, די דיקטאַטור פון א. ג. סאָצרעאַליזם, וואָס האָט זיך אַזוי מיאוס געמאַכט און קאָמפּראָמיטירט זיך, די דיקטאַטור פון די, וואָס יעדן אָפּנויג פון זייערע מוסטערן, פון זייער שטאַמפּ, באַצייכענען זיי מיט „מאָדערניזם", „פאָרמאַליזם", „נאַטוראַליזם", „דעקאַדענץ" און ענלעכע באַשולדיקונגען, וועלכע קלינגען ביי זיי ווי סינאָנימען צו קאָסמאָפּאָליט, שונא פון פאָלק, נאַציאָנאַליסט א. אַנד. אגב, די תורה פון זשאָנגלירן מיט אַזעלכע טערמינען און „איזמען" האָבן זיך גאַנץ פיין אויסגעלערנט ביי די סאָוועטן די אַראַבישע "פּראָגרעסיווע" קינדערמערדער.

אין דער סאָוועטישער פּרעסע האָבן מיר תמיד געטראָפן בייגאַנד ווי סינאָנימען אַזעלכע ווערטער ווי נאַציאָנאַליזם, פאַשיזם, אימפּעריאַליזם, רעאַקציע וכדומה. אין זיינעם אַן אינטערוויו האָט דער אַראַבישער טעראָריסט קאַדומי זיך אויסגעדרוקט, אַז אין לבנון קעמפן נאַציאָנאַליסטישע כוחות קעגן פאַשיסטישע כוחות. די ווערטער, וועלכע דערשיינען אין סאָוועטישן פּאָליטישן ווערטערבוך ווי סינאָנימען זענען ביי קאַדומין — קעגנזאַצן און די סאָוועטן, וועלכע זענען אַזוי מקפּיד אויף אַ וואָרט, און אפילו דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" פרעגן דאָס ניט אָפּ, פאַרקערט, שטיצן דעם אַראַבישן בלוטיקן נאַציאָנאַליזם. די זעלבע סאָוועטן, וועלכע האָבן בשעתו געהאָלפן דעם יידישן יישוב אין ארץ ישראל אַרויסצושטופּן ענגלאַנד און געשטיצט דעם קאַמף פון ישראל קעגן די פון ענגלאַנד באַוואָפנטע אַראַבישע אַרמייען, האָבן דערנאָך אַרויסגעשטופּט ענגלאַנד אויך אַלס געוועזענע פּלאַנטער, אַזוי, אַז יידישע קינדער ווערן היינט דערמאָרדעט פון סאָוועטישע קאַלאַשניקאָוו ביקסן.

אַנטשולדיקט, איך בין ווידער אַוועק פון דער דירעקטער טעמע. ווייזט אויס, אַז ס'איז פאַראַן עפּעס געמיינזאַמס צווישן סאָצרעאַליזם און סאָוועטישן אימפּעריאַליזם, וועלכער קריכט מיר אַלע מאָל פון אונטערן סאָצרעאַליזם אַרויס, כאָטש ניט דאָס בין איך אויסן מיטן דאָזיקן אַרטיקל.

און אויסן בין איך אַן ענין דווקא אַ לאָקאַלן:

ווער נאָך ווי די יידישע שרייבער פון רוסלאַנד, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דער דיקטאַטור און טעראָר פון סאָצרעאַליזם, ווער נאָך ווי זיי, ווייסן אַזוי גוט דעם טעם פון אַן איינציקן מ'שטיינס געזאָגטן „ריכטיקן" מעטאָד פון שאַפן, דעם טעם פון פאַרשריגן ווערן? דערפאַר טאַקע זענען אַ סך, ביי זייער קומען אַהער דערשטוינט געוואָרן פונעם פריוו פון געוויסע היגע וואָרטזאָגער אין דער קונסט איינצופירן אַ דיקטאַטור פון אַזוי גערופענע מאָדערניסטן, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט זייערן אַ שטאַמפּ פון אומפאַרשטענדלעכקייטן, זייערן אַן איינציק אָנעמבאַרן סטיל פון שאַפן און פאַר יעדער קלאָר וואָרט, קלאָר בילד אָדער קלאָרן געדאַנק, ווערט מען פאַרשריגן פאַר סאָצרעאַליסטן ניט מער און ניט ווייניקער.

ס'איז, דאַכט זיך, די זעלבע יענטע. צום גליק ווערן זיי ניט געשטיצט דורך מאַכט־אָרגאַנען, וועלכע פאַרשטייען, זיך ניט צו מישן אין אַזעלכע ענינים, אַזוי, אַז די שרייבער עולים וועלן ווי ס'איז זייער שטעטל באַשטיין. אַ באַווייז דערצו — „ירושלימער אַלמאַנאַך" און תל אביבער "ביי זיך" שוין אָפּגערעדט פון זייערע פּובליקאַציעס אין "די גאָלדענע קייט" און אין דער פּרעסע פון לאַנד און אויסלאַנד.

## מאיר חרץ

# רעדע געהאַלטן אויף דער פייערונג ביים באַקומען די יעקב פיכמאַן־ליטעראַטור־פּרעמיע

ס׳איז ניט, מיין איך, סתם עפּעס אַ צופאַל, וואָס די יעקב פיכמאַן־ליטעראַטור־פּרעמיע ווערט צוגעטיילט סיי צו אַ העברעישן שרייבער און סיי צו אַ יידישן. האָט דאָך יעקב פיכמאַן געשריבן אין אונדזערעביידע שפּראַכן, געווען, ווי מע זאָגט, אַ העברעיש־יידישער שרייבער, ניט געווען יענע צייטן ביי יידן קיין איין שרייבער, וואָס זאָל ניט האָבן געשריבן איןביידע שפּראַכן. ניט געווען קיין העברעישער שרייבער וואָס זאָל ניט האָבן צוגעזיינדיקט מיט יידיש. ניט געווען קיין יידישער שרייבער, וואָס זאָל ניט האָבן קיין כתבים אין לשון קודש. צו אַ מער בולטער דיפערענציאַציע איז מען דערגאַנגען שפּעטער און אפשר טאַקע צוליב דעם, אַז די פיכמאַן־פּרעמיע זאָל ניט באַקומען קיין איינער באַר צוויי. אַזוי, למשל, שרייבט, דאַכט זיך, פּראָפעסאָר אפרת ניט קיין יידיש און איך שרייב ניט קיין עברית.

איך געדענק: אין די פריע ייִנגל־יאָרן מיינע זענען מיר, אַ גאַנצער פלויט, אַזוי האָט ביי אונדז געהייסן, ווען צען־צוועלף יינגלעך און מיידלעך האַלטן זיך ביי די הענט און מע גייט אין דער ברייט אויף דער טאַליקע אין מאַרקולעשט, ניט ווייט פון פיכמאַנס בעלץ, אַ גאַנצער פלויט זענען מיר געגאַנגען און געזונגען פיכמאַנס אַ יידיש ליד און וואָס קומט פאַר, אַז מע זינגט אַ ליד וועגן ״כוואַליעס, וואָס הוידען זיך״ און וועגן ״גראָזן, וואָס סודען זיך״ ? מע חלומט. וועגן וואָס זשע חולמט מען, ווען מע זינגט אַזאַ ליד ? לאָמיך אייך בעסער דערציילן היינט וועגן וואָס כ׳האָב דעמלט ניט געחלומט, — אַז אין יאָרן אַרום וועל איך, אַלס יידישער פּאָעט, באַקומען אין תל־אביב אַ ליטעראַטור־פּרעמיע אויפן נאָמען פון מחבר פון אָט דעם כישופדיקן ליד. דאָס האָב איך בפירוש דעמלט ניט געחלומט.

אין מערץ 1972, ווען איך בין אַפּגעפאָרן קיין ישראל איז אויפן טשערנאָוויצער וואָקזאַל צוגעקומען אַ ייד און מיך געבעטן, אַז אויב איך וועל באַגעגענען פּרויקע לאָזער שוחטס, זאָל איך אים איבערגעבן אַ גרוס פון אים, זיינעם אַ קרוב פון בעלץ.

ווער איז דער פּרויקע לאָזער דעם שוחטס, האָב איך געפרעגט. איך האָב געקאָנט מאיר אהרן לאָזער שוחטס פון מאַרקולעשט, קיין פּרויקע איז דאָרט ניט געווען.

— ווי אַזוי ? איר זענט אַ יידישער שרייבער און ווייסט ניט ווער פּרויקע לאָזער שוחטס איז ?

— ניין, ווי אזוי איז זיין פאמיליע?

— אויערבאך, אפרים אויערבאך. א בושה, אויב איר ווייסט ניט ווער ער איז.

— אפרים אויערבאך ווייס איך שוין גראד יא. און ביי אויערבאכן אליין הייסט יעקב פיכמאן יאנקל עליע פעסיעס און ער, אויערבאך, שרייבט וועגן אים, אז ווען ער, פיכמאן, איז אפגעפארן פון בעלץ האט ער מיט זיך מיטגענומען די באסאראבער סטעפעס.

אויערבאך אליין, פרויקע לאזער דעם שוחטס, וואס האט א לעבן אפגעלעבט אין ניו־יארק און די לעצטע יארן דא אין ישראל, איז אויך פארבליבן ביזן סוף פון זיינע טעג און ביזן לעצטן ליד זיינעם א באסאראבער.

אפט ווארפט מען מיר פאר: וואס קלאמערט איר זיך אזוי אין אייער באסא־ראביע און אין אייער באסאראבער יידישן שטעטל? צייט צו באפרייען זיך דערפון און ארויס צו דער גרויסער וועלט, דאס טענהן די אנהענגער פון א.ג. אוניווער־סאליזם. אבער יעדער זאך ווערט דאך געזען פון ערגעץ ווו, אויף יעדן בילד, צי איז דאס א צווייגל פון א שטעטלדיקן בוים, צי דער אוניווערס, ליגט דער חותם פון קוק־ווינקל פון וואנען מע זעט עס.

מע דערציילט, אז אויף איין גאס האבן געהאט זייערע ווארשטאטן פיר שניי־דער, וועלכע האבן צווישן זיך קאנקורירט. — דער ערשטער האט ארויסגעהאנגען א וויוועסקע: דער בעסטער שניידער אין גאנצן לאנד, דער צווייטער — דער בעסטער שניידער פון גאנץ אייראפע, דער דריטער — דער בעסטער שניידער פון דער וועלט. וואס זשע פאר א וויוועסקע איז געבליבן ארויסצוהענגען דעם פערטן שניידער, אז די גאנצע וועלט איז שוין פארכאפט?

דער בעסטער שניידער אויף דער גאס.

איך זאג גאס. געווען איז עס דאס שניידערגעסל פון א קליין באסאראבער יידישן שטעטל. לאמיר עס ניט איגנארירן, לאמיר זיך ניט איגנארירן.

איך רוף אייך ניט, חלילה, יורד צו זיין קיין באסאראביע. אין מיין בוך "אין פרעמדן גן עדן" איז פאראן א ליד, וואס הויבט זיך אן אזוי:

כ'האב ביי קיינעם ניט געבעטן
אומצוקערן מיר דאס שטעטל,
אבער יענער זאל זיך עקן,
וואס ער וויל עס מיר פארמעקן.

אין זייבס א ליד זאגט ערגעץ דער יידישער דיכטער פון דער שכנותדיקער בוקאווינע, דער גרויסער איציק מאנגער:

"קיין רגע שיינקייט גייט ניט אויף דער וועלט פארלוירן."

און אוודאי בישט די שיינקייט, ווען יאנקל עליע פעסיעס האט געמישט מיט א הילצערנעם לעפל די שאפענע מילך פון די באסאראבער סטעפעס און ארייגגע־קוקט דערביי אין א העברעישן ספר.

איך בין שטאלץ מיט דער פרעמיע אויפן נאמען פון מיין גרויסן לאנדסמאן, דעם דיכטער יעקב פיכמאן.

# דער אַלוועלטלעכער צוזאַמעפאָר פון דער יידישער קולטור

די איניציאַטיוו פון דעם ״קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל״ צוזאַמען מיט דעם ״פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן״ און יידישן וועלט־קאָנגרעס צו רופן אין ירושלים אין אויגוסט היי־יאָר אַן אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר פון דער יידישער קולטור איז זייער אַ געלונגענער אויפטו — סיי וואָס איז שייך דער צייט, סיי וואָס איז שייך דעם אָרט. אמת, די צוויי צוזאַמענפאָרן פון דער יידישער קולטור, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה, איינער — אין פאַריז און דער צווייטער — אין ניו־יאָרק, האָבן די מערכה פון יידיש נישט שטאַרק פאַרבעסערט, אָבער דער איצטיקער דאַרף פאָרקומען אין דער הויפּט־שטאָט פון דער יידישער מדינה און זיינע באַשלוסן קאָנען, אין זכות פון איר אויטאָריטעט און מעגלעכקייטן, האָבן שאַנסן צו פאַרווירקלעכט ווערן.

דאָך וואָלט געווען נישט פאַרנונפטיק גאָרנישט צו לערנען פון דער פאַרגאַנגענהייט.

יענע צוזאַמענפאָרן פון די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה זענען געשטאַנען אונטער דעם דרוק פון דעם נאָר־וואָס טראַגיש־אומגעקומענעם יידישן פאָלק. פון דעסט וועגן האָט זיי כאַראַקטעריזירט אַ באַשטימטער אָפּטימיזם בנוגע די מעגלעכע רעזולטאַטן. דער מאַקאַברישער אומקום פון דער יידישער קולטור צוזאַמען מיט אירע שעפער און געניסער, האָט מען געטראַכט, וועט זיכער קאָנצענטרירן אַלע אָפּגעראַטעוועטע אַרום איר באַנייאונג, כדי זי צואייגנען דעם יונגן דור להכעיס אַלע שונאים. אָבער דער אינעווייניקסטער שונא איז נישט וויניקער געפערלעך. אינערלעכע מחלוקתן און קעגנזייטיקע שנאה האָבן באַגלייט דאָס יידישע פאָלק דורך אַלע דורות און גע־ יידישער מדינה און זיינע באַשלוסן קאָנען, פירט צו אומגליקן און פאַרוויסטונגען. די בייזע שנאה אין יידישן ציבור גופא האָט איינגעשלאָסן די שיינע האָפענונגען, אַנשטאָט מיט געמיינזאַמע אָנשטרענגונגען כאָטש טיילווייז צוריק אויפבויען די חרוב־געוואָרענע יידישע קולטור און זי צואייגענען דעם יונגן דור, האָט מען זיך קעגנזייטיק אַזוי באַשמוצט און פאַרמיאוסט, אַז זייערע צוהערער זענען צומאָל פון ביידע אַוועק צו אַנדערע, צו פרעמדע. עס רעדט זיך דאָ וועגן דעם פאַקטישן צושטאַנד, וועלכער האָט דעמלט עקזיסטירט און עקזיסטירט נאָך ביז היינט, און נישט וועגן דעם, ווער עס איז אין דעם צושטאַנד דער הויפּט־שולדיקער. דאָך וואָלט געווען נישט ריכטיק ביי דער געלעגנהייט נישט צו אונטערשטרייכן, אַז כאָטש דער אַזוי גערופענער ״לינקער לאַגער״ האָט באמת נישט געוווּסט קלאָר וועגן דעם אויסמאָרדן דורך סטאַלינען און זיינע מיט־רוצחים די יידישע קולטור־שעפער און קולטור־טוער אין ר״פ אָבער, אַז זיי אַלע זענען פלוצעם פאַרשוווּנדן און אַז די גאַנצע יידישע קולטור איז דאָרט פלוצעם געוואָרן פאַרשטומט — דאָס האָבן זיי פּונקט ווי אַלע יאָ געוווּסט. דעריבער איז דאָס דעמלטיקע פאַרטיידיקן די סאָוועטן, אָדער אפילו בלויז פאַרשווייגן די געשפּענסטיקע ידיעות, וועלכע זענען אָנגעקומען פון אַלע זייטן וועגן דעם, וואָס קומט פאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, געווען אַ גרויסער נאַציאָנאַלער חטא און אַ מענטשלעכע געפאַלנקייט. אַ גרויסער טייל פון דעם לאַגער האָט אין די לעצטע יאָרן קאַרדינאַל געענדערט זיין באַציונג צו יידישקייט, צו ישראל און אין אַ גרויסער מאָס

אויך צום ראַטנפֿאַרבאַנד, אָבער כּדי די דאָזיקע ענדערונג זאָל זײַן אַ פֿולע, דאַרף אויך זײַן אַ פֿולע די דערקענטעניש פֿון דער אייגענער פֿאַרגאַנגענהייט.

גלייכצייטיק אָבער דאַרף אויך די יידישע געזעלשאַפֿט, און דער עיקר — די יידישע קולטור־שעפֿערישע סביבות, ספּעציעל אין דעם איצטיקן צושטאַנד פֿון דער יידישער קולטור, נעמען צו קענטעניש די דאָזיקע ענדערונג און אָביעקטיוו אָפּשאַצן זייער ערנסטן צושטייער ביים היינטיקן טאָג אינעם שאַפֿן פֿון נאַציאָנאַל־יידישע קולטור־ווערטן אויף פֿאַרשידענע געביטן.

פֿאַרשידענע געשיכטלעכע סיבות, פּאָליטישע און געזעלשאַפֿטלעכע, און מיט דער צייט אויך סוביעקטיוו־פּסיכאָלאָגישע, האָבן אויך אין מדינת ישראל געשאַפֿן אַ באַשטימטע אַטמאָספֿער אַרום דער יידישער קולטור, אין וועלכער עס איז מעגלעך געוואָרן, אַז אַזאַ, אָדער אַנדערער פּקיד, און נישט נאָר פּקיד, זאָל זיך דערלויבן די שפּראַך, אין וועלכער עס איז געשאַפֿן געוואָרן איינע פֿון די רייכסטע און די ערשטע מאָדערנע קולטור־תקופה אין דער יידישער געשיכטע און אין וועלכער עס האָבן געלעבט און געשטאָרבן אונדזערע טאַטעס און מאַמעס — אָנצורופֿן "די געפּגרטע שפּראַך"! . . .

אין דעם מאָמענט וואָלט מען באַדאַרפֿט זיך זעצן שבעה און רייסן קריעה אויף זיך אַליין. איז אָבער גראָד אין דער זעלבער צייט בערך געשען דער נס פֿון עליה. אין לאַנד זענען אַריינגעקומען צענדליקער טויזנטער יידן פֿון די מזרח־אייראָפּעישע לענדער, בעיקר פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד, און צענדליקער קולטור־שעפֿער. זיי האָבן עס ווידער דערמאָנט בקול רם, אַז די יידישע שפּראַך און די יידישע קולטור האָבן נישט בלויז פֿון אָפּגעזונדערטע רעליגיעזע עדות געהאָלפֿן שאַפֿן די מאָדערנע יידישע נאַציע און אין דער זעלבער צייט געוואָרן איר מהות, נאָר אַז זיי זענען אויך די לעבעדיקע נאַציאָנאַלע קאָנטינויִטעט, דער געשיכטלעכער המשך. דעריבער טאַקע האָט דאָס פֿאַרניינען זיי געמוזט פֿירן צו דער פֿאַרטונקלונג פֿון נאַציאָנאַלן באַוווסטזײַן, וואָס האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן אין גייסטיקן קריזיס ביי אַ טייל פֿון דער ישראל־יוגנט נאָך דער יום־כּפּור־מלחמה.

**דאָס פֿאַרשטעלן דעם צייט־אָפּשניט פֿון חורבן בית־שני ביז דעם אויפֿקום פֿון מדינת־ישראל, ווי אַ וויסטן מדבר, האָט נישט בלויז געשאַפֿן אַ ווייסן פֿלעק אויף דער געשיכטלעכער מאַפּע, נאָר אויך אַ טיפֿן תהום אין דער נשמה.** מאַסגעבנדיקע קרייזן פֿון מדינת־ישראל האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ דין וחשבון דערפֿון און באַדייטנדיק געענדערט זייער באַציִונג צו דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור. אייניקע פֿון זיי האָבן אפֿילו אַליין זיך גענומען די מי אויפֿצורופֿן פֿון ס'ניי די יידישע קולטור אין אַ ווינקעלע פֿון אַלגעמיינעם באַלעמער. **דאָס איז אַ גרויסער שאַנס. כּי מציון תּצא תּורה, ווייל אין די באַדינגונגען פֿון נאָך היטלערן און סטאַלינען קאָן נאָר מדינת־ישראל צוריק אויפֿלעבן די טרוקענע ביינער, קאָן נאָר זי דערמוטיקן דעם יידישן גייסט און אויך נאָר זי איז אין שטאַנד די באַשלוסן פֿון אַזאַ אַלוועלטלעכן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער יידישער קולטור פֿאַרווירקלעכן און מיטווירקן, אַז אויך אַנדערע זאָלן דאָס טאָן.**

צוליב דעם אַלעמען זענען, ווי שוין געזאָגט, סיי די צייט, סיי דאָס אָרט ביז גאָר פּאַסיק פֿאַר אַזאַ צוזאַמענפֿאָר און זיי שאַפֿן אפֿילו אין אַ געוויסן זין פֿאַרהנחות פֿאַר דעם דערפֿאָלג פֿון דער דאָזיקער אונטערנעמונג.

אָבער דעם צוזאַמענפֿאָר באַדראָען צוויי מאָמענטן, וועלכע זענען עלול אים צו פֿאַרוואַנדלען אין אַ בלויזן ספּעקטאַקל פֿון בעסערע, אָדער ערגערע דרשות און פֿון מער, אָדער ווייניקער פֿאַרדינטע כּיבודים, און דערצו נאָך אַ ספּעקטאַקל פֿון אַן איינזייטיקן פּאָליטישן כאַראַקטער.

**די צוויי מאָמענטן זענען:**

**איינס,** די וואָקלדיקייט פון די איניציאַטאָרן פון דעם צוזאַמענפאָר אַוועקצושטעלן לכתחילה די פאַרהאַנדלונגען, פאַרשלאָגן און דעזידעראַטן אונטערן צייכן פון יידיש, ווי אַ פאָלקס־שפּראַך, וועלכע האָט נישט ווייניק מיטגעווירקט צו דער אויספאָרמירונג פון דער מאָדערנער יידישער נאַציע מיט אַלע אירע היינטצייטיקע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע באַוועגונגען, דעם ציוניזם אַריינגערעכנט, און די יידישע קולטור, ווי אַ פאָלקס־קולטור, וועלכע האָט באַרייכערט מיט גרויסע גייסטיקע אוצרות, עטישע און עסטעטישע, דעם אַלגעמיינעם יידישן קולטור־אוצר, וואָס אָן זיי איז זיך נישט פאָרצושטעלן דאָס היינטיקע יידישע פאָלק.

אַזאַ צוגאַנג וואָלט סטימולירט די וויכטיקסטע, צענטראַלע אידעע פון דעם צוזאַמענפאָר, בעמלעך — אַ ווענדונג צו **דער ישראל־רעגירונג אַראָפּצונעמען פון יידיש אין ישראל די געלע לאַטע פון "לועזית", דעם גלייכצייכן מיט די שפּראַכן פון אונדזערע מערדער, און זי צוריק אויפהייבן,** נאָך אַלע פאַרפאַלגונגען אין דער גאַרער וועלט, צו דעם, **וואָס זי איז אין דער ווירקלעכקייט, — צו אַ יידישער פאָלקס־שפּראַך נעבן עברית, וועלכע איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון אַלע יידן אין מדינת־ישראל.**

דעם אָנהייב אין דער הינזיכט האָט שוין געמאַכט דאָס מיניסטעריום פאַר בילדונג און דער צוזאַמענפאָר דאַרף סטימולירן צו ווייטערדיקע שריט.

דאָס וואָלט מיט איין מאָל געלעזט פּרינציפּיעל אַלע פּראָבלעמען.

**דער צווייטער מאָמענט** איז דער חרם, וואָס איין לאַנד־קאָמיטעט האָט אַרויפגעלייגט אויף אַ יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע, וועלכע שאַפט און פאַרשפּרייט אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר יידישע קולטור דורך פּובליקאַציע פון צענדליקער ביכער פון יידישע שרייבער, דורך אַרויסגעבן סיסטעמאַטיש יעדן חודש איינעם פון די ערשטע ליטעראַרישע זשורנאַלן, דורך אָנפירן מיט אַ יידישער אַמאַטאָרן־באַוועגונג, שולונג פון יידישער שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע, דורך איינאָרדענען ליטעראַרישע און קולטור־אימפּרעזן א.ד.גל. **די דאָזיקע קולטור־אָרגאַניזאַציע באַקעמפט אויך אַקטיוו אין משך פון די לעצטע יאָרן יעדע דערשיינונג פון יודאָפאָביע און אַסימילאַציע אומעטום און יעדע איינשטעלונג קעגן דער אומאָפּהענגיקייט און זעלבשטענדיקייט פון מדינת־ישראל.**

ס'רעדט זיך וועגן דעם חרם פון "אַמעריקאַנער קאָמיטעט פאַרן אַלוועלטלעכן צוזאַמענפאָר פון דער יידישער קולטור" קעגן דער יידישער קולטור־אָרגאַניזאַציע "איקוף".

דער צוזאַמענפאָר דאַרף דעם דאָזיקן חרם מבטל מאַכן נישט בלויז פּרינציפּיעל צוליב דעם, וואָס יעדע אומטאָלעראַנץ איז דער קעגנזאַץ פון קולטור, איז אַ גיפטיקער מיקראָב, וואָס צעפרעסט זי, און אויך נישט בלויז צוליב דעם, וואָס דער דאָזיקער חרם איז נאָך די נאַצישע און סטאַליניסטישע פאַרוויסטונגען און פּאָגראָמען אויף דער יידישער קולטור, ווי אויך ביי איר היינטיקן עלנטן מצב — די גרעסטע זינלאָזיקייט, נאָר אויך דערפאַר, וואָס ער גראָבט אונטער פּראַקטיש די יסודות גופא פון צוזאַמענפאָר און איז פולשטענדיק אין קעגנזאַץ צום גייסט פון דעם לאַנד, ווו דער צוזאַמענפאָר קומט פאָר, וואָס נעמט אויף יעדן יידן ווי אַ ברודער, אומאָפּהענגיק פון זיינע פּאָליטישע איינשטעלונגען.

די דאָזיקע צוויי באַדראָענדיקע מאָמענטן דאַרף דער צוזאַמענפאָר גובר זיין, כדי צו ווערן באמת אַ דאַטע אין דער געשיכטע פון דער יידישער קולטור.

**דוד ספאַרד**

# נײַע ביכער

## "ויהי בימי..."

אין רעדאַקציע פון "ירושלימער אַלמאַנאַך" איז אָנגעקומען אַלס מתנה פון מחבר **איש יאיר** (ד"ר ישראל שטערן) זײַן דערשײַנענע לידער־זאַמלונג "ויהי בימי..." אַרויסגעגעבן אין מאָנטרעאָל 1975, (176 זײַטן). דאָס בוך טראָגט אַן אונטער־קעפּל "חרוזים אין עברי־טײַטש" און ווירקלעך, פֿאַראַן אין די לידער פון איש יאיר אַ מין תמימותדיקער פּרימיטיוויזם און חן פון אונדזער אַלטן פרומען עברי־טײַטש, כאָטש די טראַגישע טעמאַטיק איז אין גרונט הײַנטצײַטיק...

געדרוקט איז דאָס בוך מיט גרויסן, קאָרפּוסדיקן, זעלטן שיינעם שריפט.

די אילוסטראַציעס פון דער קינסטלע־רין **איידל שטערן** (די טאָכטער פון מחבר), שטעלן מיט זיך פאָר ביז גאָר פֿיינע סטיליזאַציע־בילדער וואָס דערמאָ־נען ערגעץ די טראַדיציאָנעלע אָרנאַמענ־טאַציע פון אונדזערע פּאַרצײַטיקע עברי־טײַטש־ספרים. סײַ די לידער, סײַ דער מוסטערהאַפטער דרוק און סײַ די גראַ־פֿישע אויספּאָרמירונג בילדן אײַן אייני־הייט, אײַן האַרמאָניע. דאָס בוך פון איש־יאיר איז באמת אַ ווערטפולע מתנה פאַר יעדן ליבהאָבער פון זעלטענע ביכער אין יידיש.

ס'קומט אַ דאַנק דעם "ד"ר ישראל שטערן בוך־קאָמיטעט", (אין וועלכן סע זענען פאַרטראָטן די חשובסטע יידישע שרײַבער און דיכטער פון קאַנאַדע), פאַר אָט דער שיינער אויסגאַבע.



## צוויי וויכטיקע אויסגאַבעס

1. **אברהם סוצקעווער, גרינער אַקוואַ־ריום**, דערציילונגען. אַריינפיר: **רות וויס**. 170 זײַטן. תל־אביב 1975.

2. **יצחק באַשעוויס־זינגער, דער שפּיגל** און אַנדערע דערציילונגען. אַריינפיר **חנא שמערוק**. 317 זײַטן, תל־אביב 1975.

ביידע ווערק זענען פאַרזען מיט ביב־ליאָגראַפֿישע פּרטים און מיט יידיש־העב־רעיש־ענגלישע גלאָסאַרן. די אַריינפירן זענען געגעבן אין העברעיש און ענגליש.

ס'קומט אַ יישר כוח דער געבענטש־טער שותפות צווישן דער **יידיש־אָפּטיי־לונג ביים העברעישן אוניווערסיטעט אין ירושלים** און דעם **קאָמיטעט פאַר יידי־שער קולטור אין ישראל**, וועלכע האָט דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון די דאָזיקע צוויי אַקאַדעמישע אויסגאַבעס.

באַזונדערס איז דאָס ווערטפול פאַר אונדזער שטודירנדיקער יוגנט, וואָס באַ־קומט אַ גוטע מעגלעכקייט זיך באַקענען אין אָריגינאַל מיט די באַרימטע ווערק, וועלכע זיי האָבן געוויינלעך דערלערנט אין איבערזעצונג, צוליב דעם — אויך דער פֿיינער גוט פאַרטראַכטער אָפּקלייב.

אַ פּאָר באַמערקונגען צו אונדזער קור־צער אַנאָטאַציע:

אין אייניקע רעצענזיעס וועלכע האָבן זיך שוין באַוויזן, בשייכות מיטן "גרינעם אַקוואַריום" פון א. סוצקעווער איז שוין "אָפּגעשטעמפּלט" געוואָרן איינער אַ גע־דאַנק, וועלכן ס'האָט, ווי אונדז דאַכט, דער ערשטער אַרויסגעזאָגט פּראָפ' יודל מאַרק ז"ל אין זיין בוך "אברהם סוצ־קעווערס פּאָעטישער וועג": "דערציילונ־גען פון דעם שניט האָט נאָך די יידישע ליטעראַטור ניט געהאַט" (ז. 130).

אַנדערע רעצענזענטן האָבן שוין אפילו פעסטגעשטעלט, אַז אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור איז אַזוינס ניט געווען...

ס'איז, מיינען מיר, אַ צווייפלהאַפטער קאָמפּלימענט, ווייל ווי האָט נאָך שעקספּיר געזאָגט דורך זיין קלוג־געוואָרענעם קעניג ליר: "פון גאָרנישט באַקומט זיך גאָרנישט..." קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אָריגינעלער פּראָזע אויסגעדיכטעט דורך אַן אָריגינעלן פּאָעט.

אַזוינס האָבן מיר שוין געזען אויך ביי יידן, אָבער אין דעם פאַל, האָבן מיר פאַר זיך דיכטערישע פּראָזע פון אַ פּאָעט וואָס האָט אויף דער אייגענער הויט, מיט זיין גאַנצן וועזן איבערגעלעבט די מאָרד־קאַטאַסטראָפע פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום צוגלייך מיט אומגלייבלעכן יידישן ווידערשטאַנד. די פּראָזע פון סוצקעווער איז געקומען ניט בלויז שוין נאָך קאַפקען, נאָר, דאַכט זיך, שוין נאָך אַלעמען...

דער געטלעכער פונק פון סוצקעווערס פּראָזע שפּריצט אַרויס ווען עס שטויסן זיך צוזאַמען צוויי קעגנזעצלעכע סטיכייעס: "די ברכה פון שיינקייט" מיט דער קללה פון דער צייט...

וואָס שייך דער זאַמלונג פון **יצחק באַשעוויס־זינגער** איז דאָס אויך אַ ביז גאָר פיינער אָפּקלייב פון דערציילונגען וועלכע זענען, מיינען מיר, שוין גוט באַקאַנט דעם יידיש־לייענער.

אפילו די יעניקע, וואָס האַלטן נישט זייער פון באַשעוויסעס אויסטערלישע געשיכטעס, פון זיינע נייגונגען צו "יידישער דעמאָניסטיק", פון זיינע קינסטלעריש־פּסיכאָלאָגישע פּאָרטיפונגען אין דער פּאַטאָלאָגיע פון פּאַרקריפּלטע מענטשלעכע נשמות, אויך יענע וועלן מוזן פּאַרכישופט ווערן פאַר זיין שפּראַך־געניאַליטעט, פאַר דער אומדערהערטער עשירות פון זיין פּילשיכטיקן און זאַפטיק־פּילפּאַרביקן יידיש־לשון, ווו יעדער לאָקאַליזם אפילו קלינגט אוניווערסאַל.

די שילדערונגען און דאָס לשון פון בילגאָריי, ראַדזימין, די קראָכמאַלנע גאַס... איסט־סייד און פון בית־דין שטיבל בלייבן ביי אים שטענדיק פריש און נישט צום אויסשעפּן, ווי די שטענדיק פריש־קוועליקע אוצרות פון אונדזער פאָלקלאָר.

שלום־עליכם האָט געזאָגט צום לעצטן מאָל מיט אַ שמייכל, אַז ער האָט "געשריבן יידיש־דייטש פאַר ווייבער"... און ווען יצחק באַשעוויס־זינגער לאָזט אַליין ריידן זיינע נשים, ווען מיר הערן זיך איין אין זייער מייסטעריש־אינדיווידואַליזירטן מאָנאָלאָג, ווערט אונדז באַזונדערס און אויפסנייַ פאַרשטענדלעך פאַר וואָס אונדזער פאָלק האָט געקרוינט די יידישע שפּראַך מיט אַזוי פיל האַרציקייט אַלס מאַמע־לשון.

**ל. פּאַדאַליער**



4. **בלימאַלע יאַקיר — די ווייסע ציג מיט די זילבערנע גלעקעלעך — פּאַרלאַג** "המנורה", תל־אביב 1976. אַרויסגעגעבן פון די עלטערן צום אָנדענק פון זייער טאָכטער זכרונה לברכה און פון איר חרוב געוואָרענעם שטעטל — **זגוריצע.**

די 15 דערציילונגען אויף 350 זייטן פאַרכאַפּן דעם לייענער און האַלטן אים ביזן סוף פון לעצטן זייטל.

דאָס זענען גוט געפּיילטע און געשליפענע איבערזעצונגען פון רוסיש, איבערזעצונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן און געדרוקט געוואָרן אין יידישע צייטשריפטן נאָך בעת איר לעבן און וועלכע האָבן זיך געבעסערט פון וואַריאַנט צו וואַריאַנט דערגרייכנדיק צו שלימות אין איצטיקן בוך.

ראָס בוך עפנט זיך מיט "אַ וואָרט וועגן דער טאָכטער" פון בלימעלעס פאָטער און איבערזעצער פון בוך, דער שרייבער יאַנקל יאַקיר. ער ברענגט ציטאַטן פון לידער צו בלימעלען פון די דיכטער חיים ראַבינזאָן און מאָטל סאַקציער און ווי אויך ציטאַטן פון אָפּשאַצונגען פון דער יונג פאַרשניטענער טאַלענטירטער שרייבערין פון לעוו קאַסיל, מ. חרץ, י. שרייבמאַן און מ. סאַקציער.

אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פאַר בלימעלעס שרייבן איז די בריק צווישן

דער צייט, וואָס ווערט באַשריבן און דער צייט ווען די דערציילונגען זענען געשריבן געוואָרן:

״איך דערקען דעם אַלטן, מידן בוים אויפן ברעג, אונטער וועלכן די מאַמע און איך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער זון מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק, איך דערקען דאָס אָרט, צו וועלכן ס׳איז דעמלט צוגעשוווּמען דאָס מאַטאָר־שיפל. גלייך ווי עמעצער זאָל האָבן אויסגעווישט דאָס מוטנע גלאָז פונעם זכרון, און אַלץ, וואָס איז געווען פאַרהוילן אונטערן גלאָז, איז מיט אַ מאָל געוואָרן בולט און אָנזיכטיק״.

**מ. ח.**



**רחל פישמאַן: ווילדע ציג.** לידער מיט אַ דערבייאיקער איבערזעצונג אויף עברית פון **אריה אהרוני.** אַרויסגעגעבן אין 1976, ירושלימער פאַרלאַג ״קרית ספר״.

דאָס איז שוין די פערטע לידער־זאַמלונג פון דער באַגאַבטער יידישער דיכטערין און חברטע פון קיבוץ בית־אלפא.

די זאַמלונג נעמט אין זיך אַריין דריי לידער־ציקלען, וועלכע זענען ווי אַרייַנגעראַמט צווישן ערשטן איינצל־ליד — ״אַ בריוו צום רעדאַקטאָר״ אין דעם לעצטן — ״זיי קומען אָן״.

רחל פישמאַנס לידער טיילן זיך אויס מיט אַ מין דורכדרינגלעכער פרישקייט ביים איבערגעבן די סאַמע פאַרבאַרגנסטע שפּירונגען פון איר קאָמפּליצירטער פּאָעטישער וועלט. איינס פון די לידער הייסט ״ביי דער אייביקער מחיצה״. שרייבט זי דאָרט, די דיכטערין, מיט טיפן ווייטיק:

**״גליקן זאָל מען ניט מעלה־גירהן. / שטעל זיך אַוועק אויף דיין שוועל. / בינד גוט / די שיכבענדלעך צו / איין שפּאַן / איין אומזין / איין לאַך / פון דאָס טאָגטעגלעכע / ביז דאָס אוממעגלעכע / כ׳קען מיין פוס ניט הייבן. /**

דאָך — דאָס גרויסע ווונדער, וואָס דווקא אין אָט די קאַרגע פּאָר צענדלינג לידער גיט זיך איר איין נישט איין מאָל אַריבערשפּרינגען די אייביקע מחיצה ״צווישן טאָגטעגלעכן און אוממעגלעכן״, אָט ווי יענע ווילדע ציג, וועלכע זי האָט אַזוי שיין און אמתדיק אַרויסגעדיכטעט פון איר מענטשלעכער פיין־און־שיין:

עס האַלט זיך אַלץ
סיי־ווי־סיי
קוים־קוים
אויף אַ שוואַכער סטרונע.
אַ פאַרשיווע וועלט.
נאָר געדעכט איז זי —
מיין ווילדע:
לידער
מוז מען...

כאַראַקטעריסטיש ביז גאָר איז פאַר רחל פישמאַנס לעצטער זאַמלונג דער כמעט אומזעבאַרער איבערגאַנג פון אַבסטראַקציע צו דער סאַמע טיפסטער אינטימיטעט און פון קאַפּריזנע נעפלהאַפטע שפּירונגען צו אוניווערסאַלער פּאָעטישער פאַראַלגעמיינערונג.

**ל. פ.**



**אפרים רויטמאַן, ״אויפן אינדזל פון זען״,** לידער און פּאָעמען. פאַרלאַג ״המנורה״ תל־אביב, 1975.

אין טשערנאָוויץ אין 1937 האָט אפרים רויטמאַן דעביוטירט מיט אַ ביכעלע לידער ״פינגער און ליכט״ און אין 1957 טויכט ווידער אויף זיין נאָמען, דאָס מאָל אין די וואַרשעווער ״יידישע שריפטן״ און ״פאָלקס־שטימע״ מיט לידער, וועלכע ער האָט דאָרט פאַרגעזעצט צו דרוקן ביז דער סאָמע עליה אין 1972.

רויטמאַן האָט זיך אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי באַטייליקט אין דער מלחמה קעגן נאַצי־דייטשלאַנד און צוריק געקומען קיין טשערנאָוויץ אַ מלחמה־אינוואַליד נאָר פול מיט גלויבן אין אַ ליכטיקן מאָרגן, באַלד אָבער האָט ער פון זיין ״אינדזל פון זען״ דערזען:

פון מיין גלויבן אין ליכט,
פון מיין ראַנגלען זיך מיט דיר
איז מיר פינצטערער פון דיר

**פינצטערניש.**

שטיל און אַנטשלאָסן פאַרלאָזט ער רוס־
לאַנד:
כ׳פאַרלאָז דיך, פרעמדלאַנד, וווּ איך בין
געבוירן,
ווייל ניט מיין היים איז דאָ פאַראַן.

אין אַריינפיר צום בוך "אויפן אינדזל פון זען" זאָגט דער מחבר:

"דער דאָזיקער באַנד איז אַ ביז גאָר קליינער טייל פון מיינע שאַפונגען" — איז לאָמיר אים ווינטשן אַרויסצוגעבן אַל דאָס גוטע, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט, אַז דער פּאָרטרעט פון מחבר זאָל פאַר אונדז דערשיינען פולער, גאַנצער.



**יאָסל לערנער, "פון כעלעמער פּנקס",** אַרויסגעגעבן פון "קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל" און י. ל. פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב 1975.

לערנערס ערשט לידער־בוך "דאָס געזאַנג פון דער הינטערגאַס" איז דערשינען אין בוקאַרעסט אין 1936 און אַצינד אין 1975 אין תל־אביב — דאָס צווייטע, אַ מהלך פון כמעט פערציק יאָר פון בוך צו בוך. דאָס דערקלערט זיך מיטן לאַנגן־לאַנגן גלות רוסלאַנד. לערנער איז ניט דער איינציקער יידישער דיכטער, וואָס האָט דאָרט פאַר יאָרצענדליקער ניט זוכה געווען צו קיין בוך, כאָטש שפּעריש האָט ער ניט אויפגעהערט צו זיין אפילו אין די באַדינגונגען פון טראַנסניסטריע און ביזן סאַמע טאָג פון זיין עליה.

אַן עדות אויף זיין שעפערישקייט איז די וואָרשעווער "פאָלקס־שטימע", וווּ ער האָט אין 1956 (פריער איז ניט מעגלעך געווען) אָפּגעדרוקט זיין ערשט כעלעמער ליד "דער כעלעמער זייגער" און ס׳איז אָוועק ביי אים אַ סדרה פון דרוקן כעלעמער לידער אויך אין די "יידישע שריפטן" און שפּעטער אפילו אין "סאָוועטיש היימלאַנד".

דער אמת איז, אַז כעלעמער לידער האָט מען ביי אונדז געשריבן אויך פאַר לערנערן — מאַני לייב, קאַציזנע, גלאַטשטיין, מאַנגער און אַנדערע —

כעלעם איז, ווי איר ווייסט, אַ שטאָט
און גאָט איז, ווי איר ווייסט, אַ פאָטער
און איך, דער לעצטער כעלעמער,
זינג דאָס לידל פאַרן קאָטער.
(איציק מאַנגער)

אַ טעות מאַנגערס. ער איז ניט דער לעצטער כעלעמער, נאָר אויב ביז לערנערן האָבן יידישע דיכטער געשריבן וועגן איינע, וועגן צוויי און וועגן גאַנצע דריי כעלעמער לידער, איז לערנער דער ערשטער צו שאַפן אַ גאַנצע כעלעמיאַדע און אויב זי איז אין בוכפאָרם דערשינען ערשט איצט איז די שולד ניט זיינע.

אין גאַנצן ניי און אומבאַקאַנט ביזן בוך זענען זיינע "הערשעלע אָסטראָפּאָליער"־לידער. זיי בילדן אַן אינטעגראַלע טייל פון דער כעלעמיאַדע. געשעפּט פון זעלבן פאָלקס־אוצרדיקן קוואַל.

ביז גאָר געראָטן זענען לערנערס קורצע מעשהלעך "אַ וועלט מיט וועלטעלעך", קירצער שרייבן איז ניט מעגלעך. צוליב קורצקייט וועלן מיר ברענגען איינס פון זיי כדי צו אילוסטרירן לערנערס אָפּגעלייטערטן קוק אויפן לעבן:

1. הינטיש געביל.

אין נאָענטן גאָרטן האָט געזונגען אַ סאָלאָוויי.

— דו הערסט ווי ער דעלאַנגט עס? — האָט דאָס פערד זיך אָנגערופן צום הונט. — נאָך אַזאַ מין זינגען איז דיין געביל פשוט ניט צום איבערטראָגן.

— פאַר דעם, וואָס בלאָנדזשעט און זוכט אַ יישוב — האָט דער הונט געענטפערט, איז מיין געביל פיל אָנגענעמער, ווי דאָס געזאַנג פון סאָלאָוויי.

אַ באַזונדער אָרט אין בוך פאַרנעמען די "לירישע שפּליטערס" אין יאַפּאַנישן סטיל, וועלכע זענען שוין גאַרניט קיין שפּליטערס און בילדן באַזונדערע פערלדיקע גאַנצקייטן:

דער פויגל, וואָס איז אַנגעפלויגן
און זיך אָפּגעשטעלט אויפן וויינשלבוים,
איז מיט אַ דורכגעשאָסענעם פליגל.

די גרינע וויינשל אויף דער צווייג
זענען מיט אַ מאָל רייף געוואָרן.

דאָס בוך ענדיקט זיך מיט דריי לידער ״ליריק״. אַן אַדערויף אויף אַ קומענדיק בוך.



**יצחק פּאַנער, ״שטריכן צום פּאָרטרעט פון איציק מאַנגער״.** ״המנורה״ תל־אביב יאַנואַר 1976.

די יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט־לעכקייט אין תל־אביב האָט אין 1975 געפייערט י. פּאַנערס 85סטן געבוירנ־טאָג, עד מאה ועשרים, און צו דער דאָ־זיקער דאַטע האָט... ער, פּאַנער, אונדז צוגעטראָגן אַ ביז גאָר טייערע מתנה — אַ זאַמלונג זכרונות און בריוו — ״שטריכן צום פּאָרטרעט פון איציק מאַנ־גער״.

ווען מאַנגער האָט געשריבן פּאַנערן בריוו, האָט ער זיכער ניט געטראַכט, אַז פּאַנערן וועט זיך אַ מאָל גלוסטן זיי אויסצונוצן צו ״שטריכן״. דאָס איז אי אַ מעלה אי אַ חסרון. די מעלה איז, וואָס נישט טראַכטנדיק אַזוי, איז מען אין בריוו עכט, ניט געפּעלשט (מאַנגער איז אין זיי שוין צו עכט); דער חסרון — וואָס ניט אַלץ פון מאַנגערס בריוו קאָן מען פאַרעפנטלעכן. פּאַנער האָט אָבער פאַרשטאַנען, וואָס אָפּצוקלייבן און אַרויסברענגען. ס׳איז ניט קיין גרינגע אַרבעט און ס׳קומט אים אַ יישר כוח.

**מ. ח.**



**מ. וואַלדמאַן, ״דער גאַנג אַרויף צו ירושלים״.** די דאָזיקע פּאָעמע האָט לעצ־טנס אַרויסגעגעבן אין אַלבאָם־פאָרמאַט דער פאַרבאַנד פון מזרח־אייראָפּעישע יידן.

מ. וואַלדמאַנס ליריש־פּאָעטעטיש גע־זאַנג צו אונדזער הייליקער שטאָט איז איינגעטיילט אין פיר קורצע קאַפּיטלעך. חוץ אַריגינעלן יידיש־טעקסט געפינען מיר דאָ אויך איבערזעצונגען פון דער פּאָעמע אין עברית־לשון פון דיכטער חיים ראַבינזאָן און אין פראַנצויזיש (שאַרל דאָבזשינסקי). דאָס בוך איז פאַר־זען מיט אַ בצימצומדיק אַריינפיר־וואָרט פון **אַלבערט סטאַרא**, מיט באַקאַנטע פאָ־טאָ־בילדער און אָריגינעלע צייכענונגען פון קינסטלער **ז. שרעטער**, אַרויסגע־געבן פיין און מיט געשמאַק ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ פּאַריזער אויסגאַבע פון יאָר 1976.



**מיט ברידערלעכער טריישאַפט און נאַציאָנאַלער אחריות**

מיר האַלטן פאַר וויכטיק דערווייל כאָטש אין קורצן אָפּמערקן צוויי לעצטנס דערשינענע ליטעראַריש־דאָקומענטאַלע ווערק:

1) **חיים יעלין — דער געטאָ־קעמפער און שרייבער.** הוצאת איגוד יוצאי ליטע בישראל, תל־אביב 1975. 316 זייטן.

דאָס בוך איז רעדאַגירט דורך **יעקב אַלייסקי, מאיר יעלין, ד״ר דב לעווין, ישראל קאַפּלאַן.**

מיר ווילן זיך באַגנוגענען מיט דער בצימצומדיקער אַנאָטאַציע, וועלכע מיר לייענען אויף די טעוועלעך פון שוואַרץ־רויטן בוך: ״דער טראַגיש אומגעקומע־נער אַנטי־נאַצי־קעמפער, דער שרייבער חיים יעלין, וואָס איז אין קאָוונער גע־טאָ געשטאַנען בראש פון דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג און פון די פּאַרטיזאַ־נער — ער און זיין אָנדענק אין אָט דעם בוך.

צום ערשטן מאָל ווערן פאַרעפנטלעכט חיים יעלינס כתבים, אין געטאָ געשריבן, און על פּי אַ נס אָפּגעראַטעוועט פון פייער.

צום וואָרט קומען אויך חיים יעלינס פריינד און מיטקעמפערס. זיי דערציילן וועגן איינעם פון די העלדישסטע זין, וואָס די יידישע ליטע האָט אַרויסגעגעבן אין איר אומקום־תקופה״...

2) **פייוול זיגלבוים, ״דער כוח צו שטאַרבן״.** משפחה־בוך. פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב 1976. 380 זייטן.

אויב דער אָנדענק פון העלד חיים

יעלין איז אין ראַטנפאַרבאַנד נישט נאָר פאַרשוויגן, נאָר אויך נישט איין מאָל פאַרשפּיגן געוואָרן דורך די אָפּיציעלע סאָוועטישע וואָרטזאָגער און דער געהיי־מער פּאָליציי־דינסט. איז דאָ דער נאָמען פון אַרטור זיגלבוים — איינעם פון די הערלעכסטע געשטאַלטן אין דער געשיכ־טע פון יידישן ווידערשטאַנד און קידוש העם — שוין לאַנג באַרימט געוואָרן פאַר דער יידישער און נישט נאָר יידישער וועלט־עפנטלעכקייט. זיין טראַגיש לעבן, זיין גערעַנגל און זיין כוח צו שטאַרבן — די לעצטע און איינציקע האָפענונג, אַז אפשר קאָן מען כאָטש מיט זעלבסט־מאָרד אַ וועק טאָן די קאַלטע גלייכגיל־טיקע וועלט, זי זאָל זיך אַ קער טאָן מיטן פּנים צו דער פאַשיסטישער טאָטאַ־לער אויסראָטונג פון פוילישן יידנטום, — האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקן אָפּ־קלאַנג. זיין נאָמען איז פאַראייביקט אין אַלע מוזעומס פון יידישער מאַרטיראָלאָ־גיע; פאַרשערישע אַרבעטן פון וויכטי־קע היסטאָריאָגראַפן, לידער און פאָעמעס פון די גרעסטע יידישע דיכטער זענען געווידמעט זיין אָנדענק.

די גרעסטע שטאָט פון דער ציוניסטי־שער מדינה — תל־אביב, האָט באַקרוינט איינע פון אירע גאַסן מיטן נאָמען פון בונדיסטישן פירער אַרטור זיגלבוים.

די ערשטע העלפט פון בוך ״דער כוח צו שטאַרבן״ שטעלט מיט זיך פאָר אַ משפּחה־כראָניק אַרויסגעבראַכט מייסטע־ריש־געפּרעסט און מיט ליידשאַפטלעכער נאָסטאַלגיע פון מחבר און זאַמלער פייוול זיגלבוים, דעם פיינעם דערציילער און ברודער פון דעם העלד און מאַרטירער אַרטור (שמואל) זיגלבוים. פון אָט דער כראָניק ווערט קלאָר ביז ווייטיק, אַז נאָר פון אַזאַ יידיש־דערהויבענער סביבה האָט געקאָנט אַרויסקומען אַזאַ מין פאָלקס־העלד.

מיר שטויסן זיך אָן, אַז אויך אינעם בוך וועגן חיים יעלין האָט די ווייט־גרעסטע ראָל אָלס זאַמלער, ליטעראַטור־פאָרשער און רעדאַקטאָר געשפּילט זיין ברודער, דער שרייבער בייער עולה פון סאָוועטן־ליטע מאיר יעלין.ביידע ביכער זענען אַ וויכטיקער ביישטייער צו אונ־דזער חורבן־ און ווידערשטאַנד־ליטעראַ־טור. ביידע ביכער זענען געשריבן און געזאַמלט מיט גרויסער ברידערלעכער טריישאַפט און נאַציאָנאַלער אחריות.

ל. פ.



## ״די ערד פאַרשטייט״

אין י״ל פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב איז נאָר־וואָס דערשינען די ערשטע לידער־זאַמלונג אין לאַנד פון דיכטער בייעם עולה חיים מאַלטינסקי א.ג. ״די ערד פאַרשטייט״. אין בוך קומען אַריין גע־קליבענע לידער פון זיינע פילצאָליקע ווערק אַרויסגעגעבן אין סאָוועטן־פאַר־באַנד, ווי אויך ניי־געשאַפענע דיכטונג שוין אין ישראל. דאָס בוך אַנטהאַלט 202 זייטן.



## אַ ניי בוך דערציילונגען פון לייב אָליצקי ז״ל

״פון דער היים און פון דער פרעמד״, אַזוי הייסט די נייע זאַמלונג דערציילונ־גען פון דיכטער און פּראָזע־מייסטער לייב אָליצקי ז״ל.

״...דער מאָטיוו פון היים און פרעמד־קייט האָט אויך באַגלייט אָליצקין אויף זיין יחידישן וועג אין אונדזערע ״זומער־טעג״, אַנטקעגן ראַנד פון תל־אביבער ים. ס'איז געווען אין איינקלאַנג מיט זיין גורל־וועג, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין כסדרדיקער בענקשאַפט צום באַנייטן שורש, צו היים און היימישקייט״... אַזוי זאָגן אין זייער אַריינפיר־וואָרט די אַרויסגעבער פון בוך.

דאָס בוך איז פאַרזען אויך מיט אַ נאָכוואָרט פון ל. אָליצקי א.ג. ״לייב אָליצקי שרייבער, ברודער, לערער״, ווי אויך מיט ביאָגראַפישע און ביבליאָגראַ־פישע פּרטים.

פאַרלאַג ״ישראל־בוך״, תל־אביב 1976, 190 זייטן.

**"ביי זיך"**, העפטן פון ליטעראַטור, קול־טור און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. נומער 7, 1976, 174 זייטן, אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָמיטעט פאַר יידישע קולטור אין ישראל, רעדאַקטאָר יצחק יאַנאַסאָ־וויטש.

פון די 36 באַטייליקטע מחברים טרעפן מיר 19 פּאָעטן מיט לידער, 18 — מיט אָריגינעלע יידישע און איינער, אברהם חלפי, מיט לידער איבערזעצט פון עברית פון יוסף פּאַפּיערניקאָוו. עסייען און רע־צענזיעס וועגן דיכטונג: א. ליס — וועגן ישעיהו שפּיגלס לידער, מרדכי חלמיש וועגן י. ז. שרגלס דיכטונג, ל. פּאַדריי־אַטשיק וועגן פּרץ מאַרקיש, וו. בלום (מאָכלין) וועגן דוד האָפשטיין און אַ רעצענזיע פון יהודה קערש וועגן י. לער־נערס לידערבוך.

ביט אָפּגערעדטערהייט רופן זיך איבער אייניקע לידער פון דריי דיכטער אין דאָזיקן נומער:

בינעם העלער: "יעקבס לייטער"

"דער לייטער אָנגעשפּאַרט איז אינעם
הימל

און בלויז מלאכים זעט ער אינעם
קלעטער — —"

הירש אָשעראָוויטש: "ווי יעקב אבינו"
"כ'האָב געראַנגלט זיך מיט זיך
פּונקט ווי יעקב מיטן מלאך."

יאָסל לערנער: "דער שטיין מיר צו־
קאָפּנס"

"גאָט! / איך בין דיין לייטער / גייסט
אויף מיר / אַראָפּ / אַרויף / דער שטיין
וואָס צוקאָפּנס / איז מיין שטענדיקער
באַגלייטער. /

פון פאַרשיידענע גלות־ווייטקייטן —
דער ווילנער אָשעראָוויטש, דער וואַר־שעווער בינם העלער און דער טשערנאָ־וויצער יאָסל לערנער — זענען זיי גע־קומען צום זעלבן אַלט־יידישן קוואַל פון וועלכן זיי ציען יניקה.

מיר טרעפן דערציילונגען פון קלמן סעגאַל, שלמה שנהוד, צבי אייזנמאַן, סטאַניסלאַוו וויגאָדסקי (פון פּויליש קלמן סעגאַל), אהרן אַפּלפעלד (פון עברית אפרים שעדלעצקי) און פון וואָלף קאַרמיאַל.

י. יאַנאַסאָוויטש שרייבט וועגן פייוול זיגלבוימס בוך "דער כוח צו שטאַרבן", שמעון קאַנץ וועגן די נייע ביכער פון אברהם סוצקעווער און יצחק באַשעוויס, אסתר ראָזנטאַל־שניידערמאַן — זכרונות וועגן י. קיפּניס און אַן עסיי פון אפרים שרייער וועגן אַבסטראַקטער קונסט.

דער נומער עפנט זיך מיט אַ מאמר פון יצחק קאָרן "צי ענדיקט זיך די הש־פּעה פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום?" און שליסט זיך מיט כראָניק "די וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידיש און יידישער קולטור".

מ. ח.

**אברהם זאַק — "פון אַלע מיינע יאָרן** (אַנטאָלאָגיע פון מיינע לידער און פּאָ־עמעס)", דערשינען אין בוענאָס־איירעס, 1975. 350 זז. **דאָס איז אַ פיינער זעלבסט־אָפּקלייב** פון דיכטער אברהם זאַק — איינעם פון די חשובסטע וועטעראַנען פון דער יידישער פּאָעזיע. ס'קומט אונדזער טייערן אברהם זאַק אַ האַרציקער יישר כוח און זאָל ער געבענטשט זיין מיט דער ברכה פון לאַנגע יאָר געזונט און שעפערישקייט.



# קולטור־כראָניק

## אָוונט לכבוד י. ל. פּרץ

דעם 13טן נאָוועמבער איז אין אגרון־זאַל פאָרגעקומען אַן אָוונט געווידמעט י.ל. פּרץ — 60 יאָר נאָך זיין פּטירה. דעם צענטראַלן רעפעראַט האָט געהאַלטן פּראָפ׳ סאַל ליפּצין און דער הבימה־אַרטיסט שמעון פינקל האָט רעציטירט פון פּרצעס שאַפונגען. דעם פאָרזיץ האָט געפירט ד״ר שמואל הורביץ ז״ל.

## חנוכה־אָוונט

אין דעצעמבער איז דער אָוונט פון דער ירושלימער יידישער קולטור־געזעלשאַפט געווען געווידמעט חנוכה — מיט יצחק קאָרן אַלס גאַסט־רעדנער, וואָס האָט באַריכטעט וועגן דער פלאַנירטער וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידיש. מענינא דיומא האָט גערעדט דער פאָרזיצער ד״ר גרשון וויינער. די שמחה האָט באַשיינט מיט רעציטאַציעס און געזאַנג דער יוגנט־קרייז ביי דער קולטור־געזעלשאַפט.

## ״ציוניזם היינט־צו־טאָג״

אין יאַנואַר איז פאָרגעקומען אַן אָוונט וועגן ציוניזם היינט־צו־טאָג — אין אַנבליק פון דער קאַמפּאַניע קעגן ציוניזם און מדינת ישראל אין דער אונ״אָ. מיט רעדעס זענען אַרויסגעטראָטן כנסת־דעפּוטאַט חייקע גראָסמאַן, יצחק הרכבי און דער מיטגליד פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע הרב מרדכי קירשבלום. שאַפונגען אויף דער טעמע האָבן געלייענט די דיכטער: רחל בוימוואָל, מאיר חרץ, זיאַמע טעלעסין און יוסף קערלער. דעם פאָרזיץ האָט געפירט — ד״ר שמואל הורביץ ז״ל.

## פּאָעזיע און געזאַנג

דער אָוונט אין חודש פעברואַר איז געווען געווידמעט פּאָעזיע און געזאַנג. נאָכן אַריינפיר פון ד״ר גרשון וויינער האָט ברכה קאָפּשטיין געלייענט פון אירע שאַפונגען און דער זינגער־גאַסט פון אַמעריקע בען בעלפער האָט געגעבן אַ רייכן פּראָגראַם פון יידישע פאָלקסלידער און קונסט־לידער. ביים קלאַוויר האָט באַגלייט זיין פרוי — פלאָרענס בעלפער.

## הונדערט יאָר אברהם רייזען

אין צוותא־קלוב איז פאָרגעקומען אַן אָוונט געווידמעט הונדערט יאָר אברהם רייזען. אַ רעפעראַט אויף דער טעמע האָט געהאַלטן אברהם ביק. גערעדט האָבן נאָך דער פאָרזיצער מאַקס מעלמאַן און דער דיכטער זיאַמע טעלעסין. סימע סקורקאָוויטש האָט רעציטירט און יחיאל בורגין האָט געזונגען רייזען־לידער. ביים קלאַוויר האָט באַגלייט נחמיה בורגין.

## פּרץ מאַרקיש־אָוונט

געעפנט דעם אָוונט האָט דער קולטור־עסקן און פערזענלעכער פריינט פון פּרץ מאַרקיש פון זיינע פאַריזער יאָרן, יעקב ביומען. אַן אַלזייטיקן רעפעראַט וועגן פּרץ מאַרקיש און זיין שאַפן האָט געהאַלטן לייזער פּאָדריאַטשיק. ער האָט באַזונדערס אַרויסגעהויבן דעם לייט־מאָטיוו אין מאַרקישעס שאַפן, וואָס איז דער המשך פון פאָלק און די קאָנטינואיטעט פון די יידישע דורות. דוד מאַרקיש האָט געלייענט (אין רוסיש) שאַפונ־

געװען געווידמעט זיין פאָטער. דעם אָוונט האָט פאַרענדיקט הערץ גראָסבאַרד מיט רעציטירן אַן אָפּקלייב פון מאַרקישעס שאַפן.

## דראַמאַטישער יוגנט־קרייז ביי דער קולטור־געזעלשאַפט

ביים יוגנט־קרייז פון דער קולטור־געזעלשאַפט האָט אָנגעהויבן צו ווירקן אַ דראַמאַטישער קרייז אונטער דער אָנפירערשאַפט פון באַקאַנטן רעזשיסער און טעאַטראָלאָג בנימין צמח. אין גיכן וועט פאָרקומען דער ערשטער עפנטלעכער אויפטריט פון דאָזיקן קרייז.

## צום אָנדענק פון דער שואה און גבורה

כ״ז ניסן איז פאָרגעקומען אַ געדענק־אָוונט צום אָנדענק פון חורבן און גבורה מיט דער באַטייליקונג פון שרייבער ישעיה שפּיגל — צום דערשיינען פון זיינע צוויי בענד געטאָ־דערציילונגען ״שטערן לייכטן אין תהום״ און צו זיין ווערן אַ בן־שבעים. אַן אַריינפיר־וואָרט וועגן יום השואה און וועגן פּלאַץ פון שפּיגלס דערציילונגען אין דער געטאָ־ליטעראַטור האָט געהאַלטן דער פאָרזיצער פון אָוונט ד״ר דוד ספאַרד. די זינגערין עמאַ שייוועד האָט געזונגען לידער פון געטאָ און פּאַרטיזאַנקעס. ביים קלאַוויר האָט באַגלייט אַריה זאַקס.

## ליטעראַטור־פאָנד א. נ. פון ד״ר שמואל הורביץ ז״ל

אויף דער טרויער־זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג פון דער קולטור־געזעלשאַפט צו דער שבעה נאָכן פּלוצימדיקן טויט פון איר פאָרזיצער ד״ר שמואל הורביץ איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ קולטור־פאָנד אויף זיין נאָמען צו העלפן אַרויסגעבן ביכער פון יידיש־שרייבער. אויך איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אויסצוויילן ד״ר גרשון ווינער אַלס נייעם פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט.

# פון אַלמאַנאַך צו אַלמאַנאַך...

## די 8טע פאַרטיילונג פון איציק מאַנגער־פּרייז

דעם 27סטן יוני איז אין הבימה־זאַל (תל־אביב) פאָרגעקומען די 8טע פאַרטיילונג פון מאַנגער־פּרייז פאַר ליטעראַטור־שאַפונג אין יידיש.

אַן אימפּאָזאַנטע פייערלעכקייט האָט אויך דאָס מאָל געהערשט אין גרויסן איבערגעפולטן זאַל און אויף דער בינע, וועלכע עס האָבן באַשיינט מיט זייער אָנוועזנהייט אונדזער מדינה־פּרעזידענט **אפרים קציר**, דער פינאַנץ־מיניסטער **יהושע ראַבינאָוויטש**, דער פאַרטרעטער פון סוכנות־פאָרזיצער **אריה דולטשין** און ראש העיר תל־אביב **שלמה להט**. די לעצטע צוויי זענען אגב אַרויסגעטראָטן מיט פּרעכטיקע רעדעס צום לויב פון דער יידישער שפּראַך און יידישער ליטעראַטור.

די היאָריקע מאַנגער־פּרעמיעס האָבן באַקומען דער באַוווסטער ישראל־דיכטער **אריה שמרי** און פון חוץ־לארץ— דער דיכטער **לייזער אייכענראַנד**. די פּרעמיע האָט אויך באַקומען דער סעקרעטאַר פון מאַנגער־פּרייז־קאָמיטעט **אליעזר רובינשטיין** פאַר זיינע קינסטלערישע איבערזעצונגען פון דער העברעישער ליטעראַטור־קלאַסיק. די **ערן־פּרעמיע** פון מאַנגער־פּרייז האָט דאָס מאָל באַקומען דער גרויסער יידישער בינע־מייסטער **שמעון דזשיגאַן**.

די פייערונגען זענען באַגלייט געוואָרן דורך אַ גלענצנדן קאָנצערט מיטן אָנטייל פון באַוווסטע ישראל־מוזיקער, יידישע וואָרט־קינסטלער און זינגער.

# צו אונדזערע אילוסטראַציעס

## זינאָווי טאָלקאַטשאָוו

יידיש־סאָוועטישער קינסטלער. וווינט אין קיעוו.

אין די צוואַנציקער יאָרן דעקאָרירט מיט פאַרביקע אייל־פּרעסקן דעם יידישן קלוב אויפן קיעווער פּאָדאָל. די דאָזיקע אינטערעסאַנטע אַרבעט, וואָס איז, לייַדער, שפּעטער צו גרונט געגאַנגען צוזאַמען מיטן קלוב, איז פאַרבליבן בלויז אויף זעלטענע פאָטאָ־בילדער און אין דעם באַגייסטערטן אָפּרוף פון באַרימטן מעקסיקאַנער קינסטלער דוד סיקייראָס...

בעת דער אַנטי־נאַצי־מלחמה, אַלס זעלנער פון דער סאָוועטישער אַרמיי, געווען צווישן די באַפרייער פון טרעבלינקער טויט־לאַגער. זיינע אויפטרייסלענדיקע צייכענונגען, אויף די רייַנע בלאַנקן פון דער דייטשער לאַגער־קאָמענדאַנטור, זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין לאָדזש אין 1945 יאָר, (שפּעטער אין וואַרשע דערשינען אין אַלבאָם־פאָרם). דאָרטן אויך דערשינען זיין אַלבאָם "אַ שטעטל".

געשאַפן צאָלרייכע אילוסטראַציעס צו די ווערק פון שלום־עליכם און י. ל. פּרץ (אייל־בילדער, גוואַש און שוואַרץ־ווייס). צוליב זיין יידישער טעמאַטיק געווען פאַרפאָלגט אין די יאָרן 1948—1952.

צו דער 50טסער יאָרצייט פון שלום־עליכם געהאַט אַן אויסשטעלונג אין קיעווער קינסטלער־הויז.

## איזיו שערף

געבוירן אין טשערנאָוויץ אין 1913, געוואַקסן אין אַ יידישער קולטור־סביבה, גאָר פרי אָנגעהויבן מאָלן און פון סאַמע אָנהייב זיך אויסגעטיילט מיט זיין אייגנאַרטיקייט.

אין טשערנאָוויץ געשאַפן דעקאָראַציעס פאַרן יידישן קאָמעלעאָן־טעאַטער (1934—1935), זיך באַטייליקט אין אויסשטעלונגען פון יונגע יידישע מאָלער (1935—1936), געצייכנט אילוסטראַציעס צו יידישע לידער ("זעקס שלאָפלידער", ניגונים פון לייבל לעווין, אַרויסגעגעבן פון הערש סעגאַל 1939).

מלחמה־צייט — אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי.

אין יאַס — סצענאָגראַף פון יאַסער יידישן מלוכה־טעאַטער (1950—1962), אויסגעשטעלט 35 קאַרטאָן־שניטן אין דער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק און אין דעם פיליאַל פונעם פּלאַסטיקער־פאָנד (1957), געמאַכט אַריבער 50 סצענוגראַפעס, דעקאָר און קאָסטיומען אויך פאַרן פּופּן־טעאַטער.

נאָכן פאַרמאַכן דאָס יאַסער טעאַטער געשאַפן דעקאָרן און קאָסטיומען פאַרן בוקאַרעסטער יידישן מלוכה־טעאַטער און געהאַט צוויי אויסשטעלונגען אין האָל פון טעאַטער.

עולה געווען אין 1974, דעקאָראַטאָר פון אידאַ קאַמינסקאַס יידישן טעאַטער אין ישראל. געהאַט צוויי אויסשטעלונגען אין תל־אביבער בית שלום־עליכם, אין רחובות און אין כפר סבא.

די בילדער אין היינטיקן נומער זענען גענומען פון זיין מאַפּע "מאָטיוון און געשטאַלטן פון דער יידישער ליטעראַטור" ("עקד" תל־אביב 1969) אַרויסגעגעבן פון הערש סעגאַל, בעת שערף האָט נאָך געלעבט אין יאַס, רומעניע.

**משה בערנשטיין** — באַוווסטער ישראל קינסטלער, שרייבט אויך לידער אין יידיש. זע וועגן אים אין היינטיקן אַלמאַנאַך־נומער די אַרבעט פון אברהם ליס (ז. 207), ווי אויך זיינע לידער (ז. 214).

# ביאָ־ביבליאָגראַפיע

## הירש אָשעראָוויטש

געבוירן אין יאָר 1908 אין פּאַניעוועזש (ליטע), פאַרענדיקט דעם קאָוונער אוניווערסיטעט. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין יאָר 1934.

פאַרעפנטלעכט פאָלגנדיקע ווערק: "באַגינען", ווילנע 1941, "פון קלעם אַרויס" (מאָסקווער פאַרלאַג "עמעס", 1947), "זונענגאַנג" (מאָסקווער פאַרלאַג "סאָוועטסקי פּיסאַטעל" 1969), אין רוסישער איבערזעצונג — "מיין גוטער קליאָן" (מאָסקווע 1962), אין ליטווישער — "דער האָניק פון דערקענטעניש" (ווילנע). אַ צייט געווען רעדאַקציע־מיטגליד פון "סאָוועטיש היימלאַנד".

עולה געווען אין יאָר 1971. פאַרעפנטלעכט אין ישראל דאָס בוך "צווישן בליץ און דונער" (1972 פּרץ־פאַרלאַג, תל־אביב) און "אין דער וועלט פון עקדות" (1975, פאַרלאַג "המנורה", תל־אביב). באַלוינט מיט דער פיכמאַן־פּרעמיע (1972) און מיט דער גלאַטשטיין־פּרעמיע (ניו־יאָרק 1973).

## העלען בורקאַ (פערלשטיין)

געבוירן אין סאַרנע, וואָלינער גובערניע. שטאַמט פון אַ פאַרצווייגטער למדנישער משפחה. פאַרענדיקט אַ פּוילישע פאָלק־שול און די "תרבות"־גימנאַזיע. אָנגעהויבן גאָר פרי צו שרייבן.

נאָך די וואָגל־יאָרן, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, צוזאַמען מיט מאַן און קינד עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1949.

געדרוקט דער עיקר אין ניו־יאָרקער "טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" רעפּאָרטאַזשן, סקיצן און בילדער פון ישראל־לעבן און אירע ראָמאַנען: "די טאָכטער פון ירושלים", (שפּעטער דערשינען אין בוך־פאָרם), "ישראל'ס טעכטער", "די ערשטע ליבע", און אַנד.

העלען בורקאַ שרייבט איןביידע שפּראַכן: עברית און יידיש, זעצט אויך איבער ווערק פון פּויליש, רוסיש, אוקראַיניש, יידיש.

אין בוך־פאָרם דערשינען: "אַ חתונה אָן חופּה וקידושין", "גאָט לעבט נישט אין וואַלד" (געדרוקט פריער אין "יידישער צייטונג" און "קאַנאַדער אָדלער"), אויך איבערזעצט געוואָרן אין דייטש.

פון די העברעישע ווערק איז כדאי צו פאַרצייכענען: "רעייתו של חייל" (אין מערערע אויפלאַגעס), "הגיבור האחרון של אל־פתח", "לא כדאי להיות אשה", "קשה להיות צנועה" און אַנדערע.

וווינט אין רמת גן.

## אַננאַ דרעסנער

געבוירן אין שטעטל קאָלאָמיי, באַקומען אַ טראַדיציאָנעל־יידישע און ציוניסטישע דערציונג. פאַרענדיקט דעם סטאַניסלאַווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אין געביט פון רוסישער פילאָלאָגיע.

פון יאָר 1947 — אין פּוילן. אַרבעט אַלס לערערין פון עברית אין וואַלבזשיך, ביז דער ליקווידאַציע פון דער העברעישער שול אין יאָר 1950.

איבערזעצט און אַרויסגעגעבן אין פּויליש — אַ באַנד "געקליבענע ווערק" פון י. ל. פּרץ (פאַרלאַג "אַססאַלינעום"

1958, סעריע פרעמד־שפּראַכיקע קלאַסי־קער״), ״גאַנץ טוביה דער מילכיקער״ פון שלום־עליכם (אַרויסגעגעבן צום יו־בילעאָר־יאָר פאַר שלום־עליכם 1960). ס׳דערשיינען אויך אין דער פּוילישער פּעריאָדיק אירע איבערזעצונגען פון שלום אַש, ביאַליק, משה שמיר, פּרץ מאַרקיש, שמואל האַלקין, און פון אַנ־דערע יידישע און העברעישע שרייבער.

עולה געווען אין יאָר 1964, געלערנט יידיש־ליטעראַטור אין ירושלימער הע־ברעישן אוניווערסיטעט. פון 1972 — פּעדאַגאָג אויפן יידיש־אָפּטייל פון זעלבן אוניווערסיטעט. ענדיקט אַרויס איר דאָק־טאָר־דיסערטאַציע אונטער דער אָנפירונג פון פּראָפ׳ חנא שמערוק אויף דער טע־מע: ״די אַנטוויקלונג פונעם ראָמאַן ביי שלום־עליכם״.

## משה זאַלצמאַן

געבוירן אין יאָר 1911 אין אַפּט, קעל־צער קרייז, פּוילן. געלערנט אין חדר, דערנאָך אין אַ ישיבה.

אין די דרייסיקער יאָרן דעביוטירט אין קראָקעווער ״די פּאָסט״ מיט אַ ליד ״שטור־רעם״.

מלחמה־צייט אַוועק קיין ראַטנפאַר־באַנד.

צוריק קומענדיק קיין פּוילן געדרוקט לידער און דערציילונגען אין די יידישע אויסגאַבעס. אין 1952 אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער.

געווען אַ צייט רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון ״יידישע שריפטן״, קאָרעקטאָר און סטיל־רעדאַקטאָר אין פאַרלאַג ״יידיש־בוך״.

אַ שווער־צעשלאָגענער מיט ניסים זיך געראַטעוועט פון קעלצער פּאָגראָם. פון פּוילן אַרויס אין 1960.

עולה געווען אין 1964 פון אויסטראַ־ליע.

וווינט אין תל־אביב.

## אברהם ליס

געבוירן אין ביאַליסטאָק (פּוילן), פאַר־ענדיקט די דאָרטיקע העברעישע גימ־נאַזיע, עולה געווען אין יאָר 1936, ווו פון פריער האָבן זיך שוין געפונען אין לאַנד זיינע עלטערן און אַ פאַרצווייגטע משפּחה.

דעביוטירט אין יאָר 1935 אין ביאַליס־טאָקער ״אונדזער לעבן״ מיט אַן אָפּ־האַנדלונג וועגן דעם קינסטלער־האַלצ־שניצער א. חריף.

שרייבט ליטעראַטור־קריטישע אַרטיק־לען און עסייען.

אַרויסגעגעבן צוויי ביכער עסייען: ״היים און דויער״ (336 ז״ז) און ״אין זכות פון וואָרט״ (336 ז״ז).

מיטרעדאַקטירט ״בלעטער״ — פאַר לי־טעראַטור און קריטיק, ת״א 1941—1944 און דעם זאַמלבוך ״אונדזערס״, ת״א 1949.

צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַגירט אַ ריי ביכער, צוו. אַנד. דעם זאַמלבוך אין הע־ברעיש און יידיש ״זלמן שזר — נשיא וסופר״, ״ספר ראובן רובינשטיין״ און דעם אָנדענק־בוך ״ד״ר ישראל רובין״.

געווען 7 יאָר פאַרוואַלטער פון י. ל. פּרץ־פאַרלאַג. איז איצט דירעקטאָר פון בית שלום־עליכם אין תל־אביב.

גרייט איצט צום דרוק אַ בוך ״שמועסן בכתב״ וועגן שרייבער און קינסטלער.

## חיים מאַלטינסקי

געבוירן אין פּאַניעוועזש (ליטע), אין יאָר 1910. פאַרענדיקט דעם קיעווער פּע־דאַגאָגישן אינסטיטוט (יידישע אָפּטיי־לונג). אָנגעהויבן דרוקן לידער אין 1925.

דאָס ערשטע לידער־ביכל — ״ווי דאָס לעבן טייער״ דערשינען אין קיעוו אין 1931 יאָר.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן דערשינען אַ גאַנצע ריי לידער־זאַמלונגען, דערין

אויך איבערזעצטע אין ווייסרוסיש און רוסיש.

אין 1933 איז אין מינסק אויך דערשינען זיין ביכל פּראָזע א.ב. „קינדער". אַלס אָפיציר אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי אָנטייל גענומען אין דער אַנטי־נאַצי־מלחמה. געווען שווער פאַרוווּנדעט.

פון 1947 געוווינט אין ביראָבידזשאַן, ווו רעדאַגירט דעם אַלמאַנאַך „ביראָבידזשאַן".

צוזאַמען מיט אַנדערע יידישע שרייבער געווען רעפּרעסירט דורך די סאָוועטישע מאַכט־אָרגאַנען. אַ צייט פאַר זיין עולה זיין קיין ישראל געווען רעד־קאָלעגיע־מיטגליד פון „סאָוועטיש היימלאַנד". געקומען קיין ישראל אין יאָר 1974. אין 1976 דערשינען זיין לידער־זאַמלונג „די ערד פאַרשטייט" (פאַרלאַג י.ל. פּרץ, תל־אביב).

## מנחם סטעמפּל

געבוירן אין לאַנצוט (גאַליציען) אין יאָר 1901. געקומען קיין ארץ ישראל אין 1925. געווען אַ חבר אין גדוד עבודה אויפן נאָמען פון יוסף טרומפּלדור אין ירושלים. איינער פון די גרינדער פון רמת רחל, געאַרבעט ביי שטיין־האַקעריי, שאָסיי־פלאַסטערונג, בוי־וועזן . . .

שפּעטער געאַרבעט אין פּרדסים פון נס־ציונה. אין יאָר 1933 געווען איינער פון די גרינדער פון מושב כפר יונה. זיך באַזעצט דאָרט, פאַרפלאַנצט און באַאַרבעט אַ פּרדס. געפירט דאָרט דיווירטשאַפט ביז דער לעצטער צייט. איצט זיך באַזעצט אין ירושלים.

דעביוטירט אין „לעמבערגער טאַגעבלאַט" מיט אַ ליד „צווישן בערג", פאַרעפנטלעכט לידער אין „אייגנס" (שריפטן פאַר ליטעראַטור און קונסט, אַפּריל 1929), געדרוקט לידער אין די וואַרשעווער „פאָלקס־צייטונג", „אַרבעטער־צייטונג" און אין תל־אביבער „דבר".

אַ ברייטן אָפּקלאַנג האָט באַקומען זיין לידער־זאַמלונג „אויף דער שוועל פון ליכטיקן טאָג" (פאַרלאַג „האַמער", ת"א, 1929) מיט אַ פאָרוואָרט פון דניאל לייבל — איינע פון די ערשטע יידישע זאַמלונגען וועגן ארץ־ישראל־ווירקלעכקייט.

געווען צווישן די גרונטלייגער פון יידישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין תל־אביב צוזאַמען מיט ד"ר ראַפּאַלקעס (ניר) און דעם דיכטער יוסף פּאַפּערניקאָוו.

## לייזער פּאָדריאַטשיק

קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער. געבוירן אין יאָר 1914. פאַרענדיקט דעם העברעישן לערער־סעמינאַר אין טשערנאָוויץ, ביז דער אינוואַזיע פון די סאָוועטן געאַרבעט דאָרט אַלס לערער און טעטיק געווען אין די יידישע ליטעראַרישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע קרייזן. דעביוטירט אין די „טשערנאָוויצער בלעטער" (1935). בעת דער מלחמה געווען אין עוואַקואַציע אין טאַשקענט, ווו זיך דערנענטערט צום מאָסקווער מלוכהשן יידישן טעאַטער און ביז צו דער ליקווידאַציע פון טעאַטער און זיין סטודיע, געאַרבעט אַלס פּעדאַגאָג און שפּעטער פאַרוואַלטער פון פּעדאַגאָגישן אָפּטייל ביי דער יידישער טעאַטער־סטודיע א. נ. פון שלמה מיכאָעלס.

שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין ריגע, פאַרעפנטלעכט ליטעראַריש־פאָרשערישע אַרבעטן אין „סאָוועטיש היימלאַנד".

עולה געווען אין יאָר 1971. גרייט אַ בוך ליטעראַטור־עסייען, אָפּהאַנדלונגען און פאָרש־אַרבעטן.

## מאַשע שטוקער פּאַיוק

געבוירן 1914 אין קאַרטוז בערעזע (פּוילן). געקומען קיין אַרגענטינע אין 1925 צוזאַמען מיט די עלטערן און ברידער, וועלכע האָבן זיך קאָלאָניזירט אויף

די איק״אָ־ערדן אין דער קאָלאָניע מאָנ־טעפיאָרע. פאַרענדיקט דעם יידיש־העב־ברעישן לערער־סעמינאַר אין בוענאָס איירעס. אירע ערשטע לידער פאַרעפנט־לעכט אין ״די יידישע צייטונג״ פון בוע־נאָס איירעס אין 1933. שפּעטער מיט יאָרן געוואָרן אַ שטענדיקע מיטאַרבעטע־רין פון דער טאָג־צייטונג ״די פּרעסע״, בעיקר אויף דער וועכנטלעכער קינדער־זייט, און פּעריאָדיש זיך אויך באַטייליקט מיט לידער און דערציילונגען.

מיטגעאַרבעט אין פאַרשידענע צייט־שריפטן און זאַמלביכער.

דער ערשטער בוך ״קינדערלעך״ (קינ־דער־לידער) אַרויסגעגעבן אין 1947 דורך דער יידישער לערער־אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע.

**״זונגענדיק״** (קינדער־לידער) 1951, אַרויסגעגעבן דורך דעם ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין אַרגענטינע. **״פאַרביקע כוואַליעס״** (לידער) דערשינען אין 1954. **״גוט יום־טוב״** — 1957, (לי־דער, סצענקעס און אגדות פאַר קינדער).

״דער צויבערבוים״ — 1961 (מעשהלעך און לידער פאַר קינדער). **״כלניות״** — 1964, לידער פאַר גרויס און קליין, גע־ווידמעט איר ערשטן באַזוך אין ישראל. **״צו דיר״** — 1966, (לידער און דערציי־לונגען פאַר גרויסע).

**״אַ היים״** — 1969 (לידער און דער־ציילונגען פאַר גרויס און קליין).

עולה געווען קיין ישראל אין 1974, נאָך דריי באַזוכן אין לאַנד. אין ישראל זענען דערשינען אירע דריי ביכער קינ־דער־מעשהלעך: ״טלי וסבתא״ — 1970, ״גן של שלום״ — 1973, **״עץ הפלא״** — 1975. אַלע אין פאַרלאַג ״יזרעאל״ (אי־בערזעצונגען פון אפרים תלמי).

פאַרעפנטלעכט אַ טייל מעשהלעך אין ״דבר לילדים״ און ״משמר לילדים״ און אויך קינדער־לידער, איבערזעצט פון דעם דיכטער נח פניאל.

אירע קינדער־לידער ווערן געלערנט און געזונגען אין די יידישע שולן פון אַרגענטינע.

וווינט אין תל־אביב.

## ציקערט אברהם־פנחס

געבוירן אין לאָדזש אין יאָר 1926. באַ־קומען אַ טראַדיציאָנעל־חסידישע דער־ציונג. צו 14 יאָר בעת דער נאַצי־אינ־וואַזיע אַריינגעשפּאַרט געוואָרן אין לאָד־זשער געטאָ. דאָרט אָנגעהויבן צו שרייבן לירישע לידער.

אין 1944 צוזאַמען מיטן לעצטן טראַנס־פּאָרט לאָדזשער יידן פאַרשיקט מען אים אין טויט־לאַגער אוישוויץ, פון וואַנען באַפרייט געוואָרן סוף מלחמה.

פון 1948 זיך באַזעצט אין מעלבורן (אויסטראַליע), ווו ס׳אַנטוויקלט זיך זיין אַקטיווע ליטעראַרישע שעפערישקייט. שרייבט לידער, דערציילונגען און דאָקו־מענטאַלע באַשרייבונגען פון לאָדזשער געטאָ און לאַגער.

זיינע צאָלרייכע שאַפונגען זענען גע־דרוקט געווען אין דער יידישער פּעריאָ־דיק פון אויסטראַליע, קאַנאַדע, לאָנדאָן, פּאַריז, ניו־יאָרק.

אַ טייל פון זיינע לידער, געשריבענע אין לאָדזשער געטאָ א״נ נחום טשאַר־נאָווסקי און אָן אָן אונטערשריפט זענען אַריין אין דער זאַמלונג ״דאָס ליד פון געטאָ״ — וואַרשע 1962.

עולה געווען פון מעלבורן אין 1976. זיך באַזעצט אין ירושלים.

## וואָלף קאַרמיאָל

געבוירן אין יאָר 1910, לאָדזש. געענ־דיקט דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט אויפן געביט פון פּוילישער פילאָלאָגיע.

פון 1935 שטודירט העברעישע ליטעראַ־טור אין ירושלימער אוניווערסיטעט. פון 1937 — צוריק אין פוילן פון מאַרץ 1940 — צוזאַמען מיט דער משפחה פאַר־יאָגט געוואָרן אין לאָדזשער געטאָ, וווּ טעטיק געווען אַלס לערער און אויך אָנ־געהויבן שאַפן אין יידיש. נאָך דער ליק־ווידאַציע פון געטאָ, זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשיידענע פלעצער.

דעביוטירט אין יאָר 1945 אין דער לאָדזשער צייטונג "דאָס נייע לעבן" מיט די דערציילונגען "ברויט" און "מוטער און זון". פאַרעפנטלעכט דערציילונגען און אַרטיקלען וועגן אומקום און חורבן אין דער פוילישער פרעסע. געווען רע־דאַקטאָר פון די ראַדיאָ־אָודיציעס פון דער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש, אין יאָר 1945.

רעדאַגירט פאַרשיידענע ציוניסטישע אויסגאַבן אין פוילן און שפּעטער אין שוועדן (אויף פויליש). אין 1947 עמי־גרירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. גע־אַרבעט אַלס לערער און פאַרעפנטלעכט דערציילונגען אין דער יידישער וועלט־פּעריאָדיק און אין ענגלישע צייטונגען.

אין יאָר 1970 עולה געווען קיין ישראל.

אין 1968 איז דערשינען זיין בוך "ווע־געגנער ציִען צום סוף וועלט", און אין 1973 אַ בוך דערציילונגען אין ענגליש. ביידע ביכער זענען דערשינען אין פאַר־לאַג "המנורה" תל־אביב.

## בנימין שלעווין

געבוירן אין 1913 אין בריסק דליטא ; זיין ערשט בוך דערציילונגען דערשינען אין וואַרשע אין 1933. זינט 1934 לעבט ער אין פאַריז, וווּ ער האָט אַנטוויקלט זייער אַן אינטענסיווע שעפערישע טעטי־קייט. אַרויסגעגעבן מערערע ביכער, ראָ־מאַנען, דערציילונגען, וועגן לעבן פון יידן אין פוילן, פראַנקרייך, אַמעריקע, זייער פיל געשריבן וועגן ישראל, וווהין ער קומט אָפט. איינס פון זיינע וויכ־טיקסטע ווערק איז דער היסטאָרישער ראָמאַן "ליפּע קאָמאַשנמאַכער", וועגן אָנהייב פון די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען ביי יידן אין מזרח־אייראָפּע סוף פאַריקן יאָרהונדערט. פאַרעפנטלעכט ביז היינט איבער 15 ביכער.



# ביים שליסן דעם נומער

## ערב דער וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער קולטור אין ירושלים

### אינטערוויו פון אונדזער רעדאַקטאָר מיטן פּאָרזיצער פון קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל חבר יצחק קאָרן

יוסף קערלער: ס׳איז שוין, דאַכט זיך, פיל גערעדט געוואָרן וועגן דער וויכטיקייט פונעם באַשלוס פון ישראלדיקן בילדונגס־מיניסטער צו אָנערקענען יידיש ווי אַן אויס־וואַל־לימוד ביי די מאַטורע־עקזאַמענעס אין די מיטל־שולן. ס׳איז אויך שווער ניט צו דערשאַצן די ראָל און די אַקטיוויטעטן פונעם קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור, כדי אַזאַ באַשלוס זאָל צושטאַנד קומען; און דאָך וואָלט זיך וועלן הערן דירעקט פון אייך, פריינד יצחק קאָרן, ווי אַט דער באַשלוס קאָן זיך אויסווירקן פאַר דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ און ווידעראויפלעבונג פון אונדזער טייער מאַמע־לשון און זיינע רייכע קולטור־אוצרות.

יצחק קאָרן: אוודאי וויל איך נישט אונטערשאַצן די טעטיקייט פון אונדזער קאָמיטעט, אָבער זאָגן דאַרף מען, אַז נאָך ביז די אינטערווענצן פון קאָמיטעט איז דער עצם־געדאַנק וועגן דער נייטיקייט פון אַזאַ באַשלוס ברייט און פילזייטיק באַהאַנדלט געוואָרן אין בילדונגס־מיניסטעריום גופא. דער דאָזיקער געדאַנק האָט געגרייפט סיי צווישן דער ישראל־ געזעלשאַפטלעכקייט, סיי אין מלוכהשע אינ־סטאַנצן.

ס׳איז נייטיק אידעיש באַגרינדן די וויכטיקייט פון אַזאַ מין באַשלוס, ווייל סע האַנדלט זיך ניט וועגן שטודירן געאָמעטריע אָדער לאַטיין, סע האַנדלט זיך וועגן דערלערנען אַ קעגנשטאַנד, אַ שפּראַך, וועלכע טראָגט מיט זיך גוואַלדיקע, טיפע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס און דורותדיקע פאָלקס־ווערטן. איך זע אין דעם באַשלוס פון אונדזער בילדונגס־מיניסטעריום אַ ביז גאָר וויכטיקע געשעעניש און, פאַרשטענדלעך, אַז דער באַשלוס קאָן ערשט דאַן רעאַליזירט ווערן, אויב די עלטערן פון די קינדער זאָלן וועלן אויסנוצן דאָס רעכט אויף צו דערלערנען יידיש.

ס׳איז נישט גענוג, וואָס אַזאַ באַשלוס איז פאַראַן, וואָס אין בילדונגס־מיניס־טעריום האָט זיך געשאַפן אַ פיינע, אַ זייער וואַרעמע באַציונג צו יידיש; אויב סע זענען ווירקלעך פאַראַן טויזנטער און טויזנטער יידן, וואָס אָטעמען מיט יידישקייט, האָבן ליב די יידישע שפּראַך, די ליטעראַטור און קולטור — זאָלן זיי מיט אַט דער ליבשאַפט באַווירקן די קינדער זייערע, זאָלן זיי זאָרגן, אַז יידיש זאָל ווערן איינס פון די אויסוואַל־לימודים ביי זייערע קינדער. דאָס וועט זיין גוט פאַר ישראל, גוט פאַרן קינד און לטובת דער ברידערלעכער באַהעפטונג צווישן מדינת ישראל און די תפוצות.

דער באַשלוס איז אַ באַווייז פון אַ סך מאַטוריטעט, אויסגעהאַלטנקייט נאַ־ציאָנאַלע און קולטורעלע, וואָס די ישראל־רעגירונג קאָן זיך דערלויבן, — דווקא

איצט, נישט אין קיין גרינגער צייט — אַנערקענען יידיש אַלס אינטעגראַלן טייל פון אונדזער דורותדיק רייכן קולטור־אוצר. אָבער ס'איז נייטיק צו זאָגן פון ירושלים, דורכן ″ירושלימער אַלמאַנאַך″, צו אַלע יידיש־ליבהאָבער אויף דער גאַנצער וועלט, צו די, וואָס נעמען אָן דעם ענין ערנסט, נישט ווי אַ דעקלאַמאַציע, אַז דער באַשלוס פון ישראלדיקן בילדונגס־מיניסטעריום איז אויך אַ רוף און אַ דערמוטיקונג צו אַקטיווער טעטיקייט פאַר אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס, קולטור־טוער, עסקנים און יידיש־שאַפער אין די פאַרשיידענע גלות־לענדער; די אָנהענ־גער, די וואָס האָבן ליב יידיש, די וואָס לעבן מיט יידיש — טאָקע זיי אַליין דאַרפן עס נעמען אויף די אייגענע פלייצעס דעם גרויסן עול פון פלעגן יידישע דערציונג און יידישע קולטור.

צוריק מיט דריי יאָר, ווען מיר האָבן געגרינדעט דעם קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל, האָבן ביי אונדז נישט ווייניק מענטשן סקעפטיש אונטערגע־שמייכלט... אָבער זאָגן דאַרף מען, אַז נאָך ביז צו דעם ענין פון אַנערקענען יידיש פאַר די מיטל־שולן זענען שוין געמאַכט געוואָרן אין דער ריכטונג אַ ריי גאַנץ וויכטיקע שריט. ס'וועט גענוג זיין צו דערמאָנען די פלאַנירטע סעריע פון צוועלף בענדער — ווערק פון שרייבער־עולים פון ס״פ (9 בענדער פון אַט דער סעריע זענען שוין דערשינען). ס'איז געוויס געשטיגן דער פרעסטיזש און די חשיבות פון יידיש־שאַפונג, דורך דעם וואָס צוריק מיט דריי יאָר איז אונדזער דעמלטדיקער פרעמיער גאָלדע מאיר אַנטקעגנגעקומען אונדזער ווענדונג, וועגן איינשטעלן אַ פרעמיע פון ראש הממשלה אויף פאַר יידישער ליטעראַטור; זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער אָפמאַך פון אונדזער קאָמיטעט מיטן ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט, לויט וועלכן מיר גיבן אַרויס אַ ריי ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער, באַגלייט מיט פאָרש־אַרבעטן און ליטעראַטור־וויסנשאַפטלעכע קאָמענ־טאַרן; דאָס דערשיינען פון די ערשטע צוויי בענדער זאָגן עדות וועגן דעם, אַז ס'קאָן קומען אַ ווענדונג אין דער באַציונג צו יידיש אויך לגבי די קרייזן, וואָס מיר האָבן נישט געגלויבט, אַז זיי קענען זיין נאָענט צו אונדז.

די אַלע אויפטוען, אגב בלויז אַ טייל פון אונדזערע טעטיקייטן, באַשטעטיקן דעם געדאַנק, אַז אַ גרופע, אַ מינדערהייט אפילו, וועלכע איז דינאַמיש אין איר כסדרדיקער אַרבעט לטובת דער יידישער קולטור, קאָן זיך דערשלאָגן צו גוטע און וויכטיקע רעזולטאַטן. אַלזאָ, נישט זיצן מיט אַראָפגעלאָזטע הענט, נישט קלאָגן און טרויערן, נאָר אַקטיוויזירן יידישע טעטיקייט. ס'איז אַ פראַגע פון טיפן גלויבן, פון קומען מיט אַ פאָזיטיווער פראָגראַם און קאָנסטרוקטיווע מעשים. און איך גלויב, אַז ס'איז אַ שעת הכושר מיר זאָלן מיט דער פולסטער קראַפט אויסנוצן דעם גינסטיקן מאָמענט, כדי צו שטאַרקן דעם פרעסטיזש און די צוקונפט פון יידיש, ווי אויך דערנענטערן די קאָאָפעראַציע צווישן יידיש און עברית.

**יוסף קערלער:** כדי עס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן אַ וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער קולטור אין ירושלים האָט געמוזט קומען נישט נאָר דער גוטער ווילן און די איניציאַטיוו פון מדינת ישראל, ס'האָבן געמוזט, מיין איך, פאַרקומען, במשך פון די לעצטע יאָר־

צענטליקער, ראַדיקאַלע ענדערונגען אויף דער וועלט בכלל און אין די יידישע תפוצות בפרט, באַזונדערס אין דער יידיש־יידישער וועלט. צי קאַנט איר אונדז אויפקלערן אין וואָס באַשטייען די דאָזיקע ראַדיקאַלע ענדערונגען?

יצחק קאָרן: ווען מיר האָבן פּאַרקלערט צוזאַמענרופן די וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידישער קולטור איז פאַר אונדז געשטאַנען דער סימבאָל: ירושלים רופט די קאָנפערענץ...

פאַר אונדז, די איניציאַטאָרן, האָט געמוזט אויפשווימען די פראַגע צי איז רויִק די שעה, צי איז זי צופּאַסיק פאַר אַזאַ מין צוזאַמענטרעף?

אויב ירושלים, וואָס איז אין איר איבערוועגנדיקער מערהייט אַ העברעישע, וויל איינלאַדן מענטשן, וואָס זאָלן ריידן יידיש און זאָרגן בעיקר פאַר יידיש, צי האָבן די דאָזיקע מענטשן אויך אַ סענטימענט פאַר ירושלים, צי האָבן זיי אַ געפיל און אַ באַציונג צו ארץ־ישראל און צו דעם וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ארץ־ישראל?... מע דאַרף זאָגן, אַז די היינטיקע ווירקלעכקייט אין יידישן לעבן גיט אונדז אַ פּאָזיטיוון ענטפער אויף אָט דער פראַגע.

צוויי אינטערעסאַנטע היסטאָרישע פּראָצעסן האָבן זיך אַנטוויקלט פאַר אונדזערע אויגן:

ערשטנס, נאָך שווערע יאָרן אָנגעשטרענגטע באַציונגען צווישן העברעיזם און יידישיזם אין ישראל, באַזונדערס אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן, ווען מען האָט געמיינט, אַז ס'וועט שוין קיין מאָל נישט זיין קיין מעגלעכקייט צו וואַרפן אַ בריק צווישן די צוויי פיינטלעכע מחנות, האָט זיך אָבער פאַר די לעצטע יאָרצענטליקער שוין אָנגעמערקט אַן אָנהייב פון געוויסער עלאַסטישקייט, פון מילדערונג, פון זוכן אַ וועג צו פאַרשטענדעניש... ווען ס'האָט אָנגעהויבן דערשיינען די "גאָלדענע קייט" ביי דער הסתדרות, איז דאָס געווען נישט נאָר אַ ליטעראַרישע געשעעניש, ס'איז אויך געווען אַ סימבאָלישער אויסדרוק פון דעם, אַז ס'איז געקומען די צייט פון פּרוּוון אַ סוף מאַכן צו די רייבונגען און סכסוכים צווישן עברית און יידיש. די דאָזיקע טענדענץ האָט זיך געשטאַרקט מיטן אויפשטעלן די יידיש־קאַטעדרע ביים ירושלימער העברעישן אוניווערסיטעט, מיט דער אַנטוויקלונג פון אַ פּעריאָדישער יידישער פּרעסע, פאַרלאַג־וועזן, ליטעראַרישע און טעאַטראַלע אימפּרעזן אדג"ל.

דער קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור איז שוין אַנטשטאַנען אין אַ צייט, ווען די באַטור האָט צו אונדז געשמייכלט, אין אַ קלימאַט פון שטייגנדיקער קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש... פאַרשטייט זיך, אַז סע זענען נאָך געבליבן געבוג פאַרביסענע "חסידים־שוטים", אָבער ווי מיר קלערן, שאַפט זיך די געהעריקע אַטמאָספער, אַ דאַנק וועלכער ס'וועט מוזן ביסלעכווייז אָפּטרעטן די פאַרעלטערטע פיינדשאַפט... צווייטנס, דאַרף מען גלייכצייטיק זאָגן, אַז אָט דער פּראָצעס פון דערנענטערונג אין ישראל איז מעגלעך אַ רעזולטאַט פון יענע היסטאָרישע ענדערונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין די יידישע קהילות פון דער וועלט, וואָס שייך דער באַציונג פון די יידישיסטישע קרייזן צו ארץ־ישראל.

אין די קרייזן וואָס האָבן געקעמפט פאַרן קיום פון ידיש, זענען, וואָס אַן אמת, געווען אויך הייסע ציוניסטן און צווישן זיי — גרויסע פירער און גרויסע שרייבער — סיי יידישע און סיי העברעישע...

דער גענישלער דיכטער ביאַליק, ביאַליק דער העברעיסט, וואָס האָט ווי פיל אין זיין צייט, אויך געשריבן אין יידיש, האָט אַ מאָל מיט גרויס כבוד דערמאָנט די היסטאָרישע ראָליע פון יידיש, וואָס האָט אויסגעהיט העברעיש פון צעברעקלונג אויף פאַרשיידענע דיאַלעקטן...

דאַקעגן זענען אויף דער יידישער גאַס טעטיק געווען אַ סך וויכטיקע טוער, שריפטשטעלער, גאַנצע פאַרטייען און פאָליטישע שטרעמונגען, וואָס האָבן דינאַ־מיש באַקעמפט דעם ציוניזם, די אידייע פון ארץ־ישראל.

דאָס סאַמע סימבאָלישסטע אין אייער פראַגע באַשטייט דעריבער וואָס גופא אין גלות האָט די אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, דער פיינפולער וועג פון יידישע מאַסן קיין ארץ־ישראל, אַוועקגעשטעלט פאַר אַ גרויסער פּראָבלעם אַ סך פון אונדזערע קעגנערס.

מיר באַגעגענען היינט צווישן די וואָס גרייטן זיך אַקטיוו צו דער ירושלימער קאָנפערענץ פיל געוועזענע פאַרביסענע אַנטי־ציוניסטן.

היינט שטייען מיר פאַר אַ דערשיינונג פון היסטאָרישער באַדייטונג, ווען אין דער מאַסע פאָליטישע קעגנערס און אויך ביי געוויסע פירער זייערע, קומט פאָר אַ פּראָצעס פון רעוויזיע, פון אידעישע איבערשאַצונגען, וואָס שייך ציוניזם און מדינת ישראל. אַזאַ דערשיינונג איז צו מערקן צווישן די בונדיסטישע קרייזן ווי אויך צווישן אַנדערע פאָליטישע שטרעמונגען. אפילו די ניט־עקסטרעמע, די "אָפּ־געטשעפּעטע" קאָמוניסטישע גרופּן, וואָס גייען היינט נישט אין שפּאַן מיטן מאָסקווער קרעמל, רעדן שוין אויך אַן אַנדער לשון, זיי רעדן וועגן מדינת ישראל מיט פיל מער סימפּאַטיע און פאַראינטערעסירטקייט.

איך גלויב, אַז די יידישע גאַס אין די תפוצות האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין דער נייער פילאָזאָפיע פון זוכן דעם גייסטיקן צענטער פון יידישן פאָלק אין מדינת ישראל.

אויב פאַרן שרעקלעכן חורבן מיט פאַרלירן די 6 מיליאָן יידן אין פוילן, מזרח־אייראָפּע, געווען די קרוין און, אין אַ געוויסער מאָס, דער צענטער פון אונדזער פאָלק אין גלות, האָט זיך נאָכן חורבן, זיכער אויסגעבילדעט דער גרעס־טער יידישער ישוב אין אַמעריקע... אָבער אַמעריקע איז גייסטיק, נאַציאָנאַל, טיף־יידישלעך נישט געוואָרן דאָס האַרץ פון יידישן פאָלק, און אַלע יידישע אינ־טערעסן ווערן ביי היינטיקן טאָג קאָנצענטרירט אַרום דעם קיום פון מדינת ישראל, וואָס פאַרוואַנדלט זיך אַלץ מער און מער אין דעם גייסטיקן צענטער פון וועלט־יידנטום.

די יידישע וועלט, אויב זי וועט האָבן גענוג טאַקט, פאַרשטאַנד און וויית־זעעוודיקייט, וועט זי געוויס קאָנען אויסנוצן די באַגעגעניש מיט ירושלים און דעם

גוטן ווילן פון מדינת ישראל, כדי צו שטאַרקן די יידישע קולטור אויף גאַר דער וועלט.

י. קערלער: אין אייער ענטפער אויף דער פּאַריקער פראַגע האָט איר דערמאָנט וועגן ווּזנטלעכע ענדערונגען אין דער באַציונג צו מדינת ישראל אויך ביי די מעסיקע קאָמוניסטיש־געשטימטע גרופּעס אויף דער יידישער גאַס. איר שטויסט זיך שוין אוודאי אָן, אַז כ׳וויל ווידער באַרירן דעם אַנגעווייטיקטן ענין וועגן דעם חרם, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף דעם אַמעריקאַנער ״איקוף״, אַ יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע, וואָס שוין לאַנג ווי זי עפנט ניט איר שירעם אין ניו־יאָרק ווען... ס׳רעגנט אין מאָסקווע, אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט, אַן שום צווייפל, פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור און, ווי באַוווּסט, טרעט איצט ״איקוף״ אַרויס גאַנץ שאַרף און אומצווייידייטיק קעגן דעם רוצחישן סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם און אַנטי־ישראַליזם.

ווי באַציט איר זיך צו דעם דאָזיקן ענין?

יצחק קאָרן: פאַראַן אַזעלכע פּיעסן, ווו די העלדן, וועגן וועלכע מע רעדט זייער אָפט אויף דער בינע, געפינען זיך די גאַנצע צייט ערגעץ הינטער די קוליסן... סע זענען דאָ ביי אונדז אַזעלכע קרייזן, וואָס פאַרוואַנדלען דעם ענין ״איקוף״ אין אַ האַרץ־רייסנדיקער דראַמע...

**מיין פּערזענלעכע באַציונג צום ״איקוף״ און צו זיין אָנטייל אין דער קאָנפערענץ איז נישט קיין קעגנערישע און והא־ראיה: מענטשן, וואָס דענקען אידעאָלאָגיש אין איינקלאַנג מיטן צפון־אַמעריקאַנער ״איקוף״ — מענטשן פון ישראל, פראַנקרייך, אַרגענטינע זענען אויסגעוויילט געוואָרן און זיי וועלן זיך באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ.**

מיר, דאָ אין לאַנד, האָבן אויף קיינעם נישט אַרויפגעלייגט קיין וועטאָ; מיר האַלטן זיך אָבער ביים פריער אָנגענומענעם פּרינציפּ, אַז יעדער לאַנד־קאָמיטעט איז אַבסאָלוט זעלבשטענדיק ביים אויסוויילן זיין אייגענע רעפּרעזענטאַנץ. איך ווייס, אַז מע קאָן אַרויפלייגן די לאַסט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויפן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט — ער זאָל אויף דער אייגענער אחריות איינלאַדן וועמען ער געפינט פאַר נויטיק. מיר טאָרן דאָס אָבער נישט טאָן, דווקא דערפאַר, ווייל מיר שטייען ערב אַ קאָנפערענץ, ווו ס׳וועלן צוזאַמענגערופן מענטשן פון פאַרשיידענע פּאָליטישע שאַטירונגען, שטעלונגען, מיינונגען, און מיר שטרעבן אָט די מענטשן פאַראייניקן אַרום דער הערלעכער אויפגאַבע פון פעסטיקן יידישע קולטור. ווי קאָנען מיר ברעכן אונדזער פּרינציפּ, וואָס איז אין גרונט דעמאָקראַטיש, דעם פּרינציפּ וועגן אויטאָנאָמע רעכט פון יעדן לאַנד־קאָמיטעט?

ס׳ווילט זיך מיר פרעגן, דורך אייך, דעם ״איקוף״: אויב די איבערוועגנדיקע מערהייט אינסטיטוציעס, וועלכע שטעלן מיט זיך פאַר ביי די 80 פּראָצענט פון יידישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע, אויב זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט שטאָל־און־אייזן און ווילן נישט אַריינגעמען אין זייער רעפּרעזענטאַנץ דעם ״איקוף״; ״אַדער־אַדער״, זאָגן זיי אפילו... פרעג איך אייך, זאָלן מיר דאָ אין ישראל נישט אָנערקענען דאָס אָרגאַניזירטקייט פון אַ געוויסן לאַנד און זאָגן ״קינדערלעך, איר מעגט זיך האָבן אייער שטעלונג און מיר וועלן, איבער אייערע קעפּ, טאָן

ווי מיר פאַרשטייען...?" צו וואָס קאָן דאָס פירן אויב נישט צו אַ שפּאַלטונג, ווען די ווייט־גרעסטע מערהייט פון געגעבענעם לאַנד וועט אונדז, פון סאַמע אָנהייב, פאַרלאָזן?

פרעג איך טאַקע די "איקוף"־טוער, דאַרף מען אַזוי אײַנרייסן די וועלט, באַווירקן צענדליקער מענטשן, זיי זאָלן אָן אויפהער שיקן צו אונדז בריוו און ווענדונגען מיט דער איינציקער טענה, פאַר וואָס מיר באַוועלן דעם "איקוף". צי דען פאַרשטייען זיי נישט, אַז ניט מיר זענען דער ריכטיקער אַדרעס? זאָלן זיי שיקן בריוו, איבערצייגן און באַאיינפלוסן דעם אַמעריקאַנער לאַנד־קאָמיטעט, אַז טאַקע ער, דער קאָמיטעט אַליין, זאָל געפינען אַ מאָדוס וויווענדי.

**איך חזר אָבער איבער: די "איקוף"־קרייזן פון אַנדערע לענדער קאָנען זיך יאָ באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ, הייסט עס, אַז דער קאָנפליקט מיטן אַמערי־קאַנער "איקוף" איז אַ לאָקאַלער.**

איך באַדויער, וואָס אַזאַ לאַגע האָט זיך געשאַפן אין אַמעריקע. מיר דאָ, אין ישראל, וואָלטן אוודאי געוואָלט האָבן ביי זיך אַן איינהייטלעכן פראָנט פאַר יידיש, אָבער נישט מיר זענען באַרופן צו לייזן לאָקאַלע קאָנפליקטן. און מיר טאָרן דאָס נישט טאָן טאַקע אין די אינטערעסן פון איינהייט און קאָאָרדינאַציע.

די קאָנפערענץ קאָן אַרייננברענגען אַ גוואַלדיקן צושטייער פאַר יידישער שפּראַך און יידישער קולטור, אויב אונדז וועט זיך איינגעבן צו שאַפן דאָרט אַן אַטמאָספער פון צוזאַמענאַרבעט... אויך דעמלט, ווען עמעצער קען זיך נישט באַטייליקן און ער איז איבערצייגט, אַז ער דאַרף זיך יאָ באַטייליקן...

די גרויסע מערהייט וועט זיין און איז מיט אונדז. און ווערליק דעם אָפּקלאַנג און דעם קאָלאָסאַלן אינטערעס אין דער יידישער וועלט־עפנטלעכקייט צו דער אָנגעמערקטער קאָנפערענץ, מיין איך, אַז אין ירושלים וועלן מיר האָבן אַ גרויס געשעעניש, נישט נאָר פון דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער, נאָר בעיקר — פון באַ־טראַכטן און אָנמערקן וועגן ווי צו שטאַרקן יידישע קולטור, דערציונג, טעאַטער א.א.וו. די קאָנפערענץ דאַרף אויך ברענגען צו פאַרשטענדיקונג און גרעסערער דערנענטערונג צווישן דער יידישער און העברעישער וועלט, כדי צו קאָאָפּערירן אין יענער קאָאָפּעראַציע, וועלכע האָט עקזיסטירט ביז צו דער עפּאָכע פון ברי־דער־קריגערייען צווישן "יידישיזם" און "העברעיזם"...

איך גלייב, אַז די ירושלימער וועלט־קאָנפערענץ פאַר יידיש קען זיין אַ היסטאָרישע קאָנפערענץ.

יוסף קערלער: לויט אונדזערע אָנגאָבן זענען פאַר די לעצטע פינף יאָר עולה געווען העכער פערציק יידישע שרייבער, אַקטיאָרן, קולטור־טוער, מיינסטנס — פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. דאָס איז אַ גרויסער כוח פאַר יידיש אין מדינת ישראל. וואָס שייך די געקו־מענע פון ס"פ, איז ביי אַ טייל אונדזערע ליטעראַרישע "דעה־זאָגער" פאַראַן אַ גאַנץ נישט פריינדלעכע, וואָלט איך איידל געזאָגט, גרינגשעצונג צו זיי; זיי זענען כלומרשט אָנגעשטעקט מיטן אַזוי גערופענעם "סאָצרעאַליזם", כאָטש קיינער וועט נישט לייקענען, אַז פיל פון זיי האָבן מיטגעבראַכט טיף־נאַציאָנאַלע ווערק פון הויכער קינסטלערישער

קוואַליטעט. אמת, אַ מער מילדערע באַציונג איז צו יענע, וועלכע זענען געקומען פון די מעריבדיקע ראַנד־געביטן, פאַרכאַפּטע דורך די סאָוועטן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה . . .

צי האַלט איר נישט, אַז אויפן פלאַנירטן צוזאַמענפאַר זענען ווייניק און נישט ווי געהעריק פאָרגעשטעלט די שרייבער און קולטור־טוער, געקומענע פון ס״פ ? צי איז דאָס נישט קיין אָפּשפּיגלונג פון דער קרענקלעכער נעגאַציע ביי יענע ״דעה־זאָגער״ אויף דער ״יידישער גאַס״ פון תל־אביב ?

**יצחק קאָרן:** איך בין שטאַרק צופרידן, וואָס איך האָב די געלעגנהייט אַרויס־צוזאָגן מיין מיינונג וועגן דער גרופּע פון 40—45 קינסטלער און קולטור־טוער, צווישן זיי העכער צוואַנציק שרייבער, געקומענע פון ס״פ. איך האַלט, אַז מען טוט אָן עוולה און איך גלייב, אַז ס׳איז נישט ערנסט, ווען ביי אונדז באַציען זיך אייניקע קריטישע קרייזן צום שרייבער־עולה אין אַזאַ פאָרם, וואָס ביי אים רופט עס אַרויס צומאָל אַ געפיל פון פאַרביטערונג.

זיי האָבן פאַרלאָזט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד מיטן ווילן צוטוליען זיך צו ארץ־ישראל און ס׳טרעפט, אַז דווקא דאָ געפינען זיך אַזעלכע, וואָס באַגעגענען זיי נישט גענוג פריינדלעך און נישט מיט גענוג טאַקט. אָבער כ׳בין זיכער, אַז מע טאָר נישט פאַראַלגעמיינערן. דער צוגאַנג צום שרייבער איז בדרך כלל אַ סעלעק־טיווער. פאַראַן צווישן די עולים פון רוסלאַנד, כ׳וויל דאָ נישט אָנרופן קיין נעמען, שרייבער און דיכטער, וואָס קאָנען באַשיינען די מזרח־וואַנט פון דער יידישער ליטעראַטור. פאַראַן אויך שוואַכערע, ווי געוויינלעך, אָבער די פראָפּאָרץ פון די שוואַכערע איז נישט גרעסער, זי איז אַ סך קלענער ווי אַט די פּראָפּאָרץ צווישן די היגע קינסטלער, שרייבער און דיכטער. און איך נעם נישט אָן דעם אָנגראַ, דעם פאַלשן צוגאַנג פון שטעלן פאַר אַלע גלייך אייבעם און דעם זעלבן שטאַמפּ.

אויף דעם שטאַמפּ — די באַשולדיקונג אין ״סאָצרעאַליזם״ נעם איך נישט אָן. איך האָב גאָר אַן אַנדער טענה צו די שרייבער געקומענע פון ס״פ. און אַ מאָל איז גוט אויסהערן אַ טענה אויך פון אַן אויפריכטיקן פריינד.

אויף אייבער אַ פייערלעכער באַגעגעניש מיט אַ גרופּע באַסאַראַבער שריי־בער־עולים פון סאָוועטנפאַרבאַנד האָב איך זיי אויסגעדרוקט מיין אויפריכטיקן ווונטש, אַז זיי זאָלן זיך פּרווון אַרויסברענגען זייער קאָלעקטיווע שטעלונג, זייער ביי שעפעריש וואָרט וועגן דער ישראל־ווירקלעכקייט און דאָס וואָלט געווען אָן אויפטו פון גרויס וויכטיקייט. איך שטרייך אונטער: אַלס קאָלעקטיוו. איך רעד נישט וועגן יחידים. אייניקע צווישן די ניי־געקומענע פּרווון זיך דאָס טאָן. יעדער אייגער — אויף זיין אופן. אוודאי קאָן מען קיין שרייבער און דיכטער נישט דיקטירן . . . , אָבער אויסדריקן אַ ווונטש מעג מען דאָך.

די געאָפּאָליטישע און נאַציאָנאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע ס׳האָבן געלעבט די לעצטע דרייסיק יאָר די יידיש־שאַפער אין סאָוועט־רוסלאַנד האָבן אָנגעזאַמלט אין זיי אַ גוואַלדיקע נאַציאָנאַלע ענערגיע, וועלכע זיי דאַרפן ברענגען צום אויס־דרוק. דערייבער זאָג איך, כאָטש די שרייבער־עולים פונקט ווי די וותיקים, זענען נישט אַלע לייוויקס אָדער שלום אַשס. בכלל, האַלט איך, האָט דער רבונו של

עולם געהאַנדלט זייער קאָרעקט ביים פונאַנדערטיילן טאַלאַנט צווישן היגע און נייע געקומענע יידישע שרייבער... פאַראַן, חזר איך איבער, גוטע, מיטעלע און מער שוואַכע שרייבער ביי אַלע אין דער זעלבער מאָס, אָבער דאָס וואָס איז וויכטיק, דאָס וואָס דער שרייבער פון סאָוועט־רוסלאַנד האָט און אַנדערע פאַר־מאָגן דאָס ניט — דעם ניסיון פון צענדליקער יאָרן, ווו יידיש לעבן איז פאַר־קריפּלט און געשטיקט געוואָרן, אָט די טראַגישע דערפאַרונג דאַרף אין דער פולסטער מאָס קומען צום שעפערישן אויסדרוק אין ישראל, אין אַ פריי לאַנד. דאָס פעלט מיר. און ס'פעלט מיר אויך פיל מאָל דער מוט פון דעם קאָלעקטיוו אָדער גרופּע זאָגן עפּעס אַ זעלבשטענדיק וואָרט וועגן אינערלעכן לעבן אין ישראל, וועגן דער ישראל־פּראָבלעמאַטיק.

איך האַלט פאַרן גרעסטן פּאַטריאַטיזם אַרויסהעלפן און שטיצן די שרייבער־עולים פון ס״פ, ווען ס'וואַכט אויף אין זיי דער געדאַנק און דער ווילן ווייטער, אַלץ מער און מער צו שאַרפן די שווערד פון יידישער גייסטיקייט.

אין דער עפנטלעכער מיינונג קאָן מען הערן פאַרשיידענע אָפּשאַצונגען וועגן די שרייבער־גרופּע געקומענע פון ס״פ, וועגן יעדעמען באַזונדער און לויט יעדע־מענס געשמאַק. איך גלויב אָבער נישט, אַז ס'איז פאַראַן אַ גרינגשעצונג צו אָט דער גרופּע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ וואָגיקן כוח אין דער יידישער קול־טור־וועלט.

וואָס שייך דער רעפּרעזענטאַנץ פון די דאָזיקע שרייבער אויף דער קאָנפערענץ, זענען אַ פּאָר חברים פאַרטראָטן גאַנץ בכבודיק און מיר רעכענען נאָך אויס אויף דער אַקטיווער באַטייליקונג פון די שרייבער־עולים אין דער אַרבעט פון פאַרשי־דענע קאָמיסיעס, אין די דעבאַטן אדג״ל. מע דאַרף אָבער געדענקען, אַז אין דער קאָנפערענץ דאַרפן זיין פאַרטראָטן דעלעגאַציעס פון 17 לענדער...

אָבער נישט אין דעם איז די פּראָבלעם. איך וויל נאָך זיין אַן עדות, ווען ס'וועט אַ קלינג טאָן דאָס נייע וואָרט פון אָט דעם קאָלעקטיוו... אַ סך מאָל קלער איך, אַז דער ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ דינט אַלס אַ מין שעפערישע קאָ־וואַדלע ווו איר פּרוווט אויסשמידן אָט די קאָלעקטיווע שליחות פון שרייבער און דיכטער געקומענע פון סאָוועטנפאַרבאַנד. און ס'וועט אייך קומען אַ יישר כוח אויב דאָס וועט זיך אייך איינגעבן.

י. קערלער: איך דאַנק אייך, פריינד יצחק קאָרן, אין נאָמען פון דער רעדאַקציע, פאַר דעם באַלערעוודיקן אינטערוויו, וואָס איר האָט געגעבן צוליב די לייענער פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״. נאַטירלעך, אַז אויב מיר זענען מיט עפּעס נישט מסכים וועלן מיר דאָס לאָזן ביז צו די דעבאַטן אויף דער קומענדיקער קאָנפערענץ...

צווישן די פּרינציפּן פון ״ירושלימער אַלמאַנאַך״ קומט נישט אַריין קיין זעלבסט־רעקלאַמע, דערפאַר האָב איך נישט געפרעגט קיין מיינונג וועגן אונדזער אויסגאַבע. דאָך זענען מיר צופרידן וואָס צווישן די צענדליקער פּאָזיטיווע און אפילו באַגייסטערטע רעצענ־זיעס און אָפּרופן אין דער יידישער וועלט־פּרעסע אויף פאַרשיידענע לשונות, קאָנען מיר איצט אויך פאַרצייכענען אייער פּאַרזיכטיקע אָבער גאַנץ פּאָזיטיווע מיינונג וועגן דער ראַליע פון אונדזער ״ירושלימער אַלמאַנאַך״. אַ האַרציקן דאַנק!

# ל י י ע נ ט

# אין ירושלימער אַלמאַנאַך – 8

## שאַפונגען און דאָקומענטירטע מאַטעריאַלן
## פון

# יידישן "סאַמיזדאַט"

**(אַליין־אויסגאַבן פון די עליה־קעמפער**
**אין סאָוועטן־פאַרבאַנד)**

### פון דער רעדאַקציע:

כתב־ידן ווערן אָנגענומען נאָר געדרוקטע אויף אַ שרייב־מאַשינקע. כתב־ידן שוין געדרוקטע אין וועלכער ס׳איז אויסגאַבע — טעגלעכע אָדער פעריאָדישע — ווערן נישט גענומען אין באַטראַכט. נישט קיין אָנגענומענע מאַטעריאַלן ווערן נישט צוריקגעשיקט.

# קאָמיטעט פאַר יידישער קולטור אין ישראל

בני אפרים 228 — מעוז אביב — תל־אביב

אין דער סעריע

„ביכער פון יידישע שרייבער, נייע עולים פון סאָוויעט־רוסלאַנד"

אַרויסגעגעבן דורכן פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב

זענען ביז איצט דערשינען :

1) **הירש אָשעראָוויטש** : צווישן בליץ און דונער (לידער)

2) **מאיר חרץ** : פון פרעמדן גן־עדן (לידער)

3) **עלי שעכטמאַן** : ערב (ראָמאַן) באַנד 1

4) **עלי שעכטמאַן** : ערב, באַנד 2

4) **יעקב יאַקיר**: אַ שליטן מיט ישובניקעס (דערציילונגען)

5) **יאָסל לערנער** : פון כעלעמער פנקס

6) **שלמה רויטמאַן** :
דער לעץ און דער ריטער (לידער און פאָעמעס)

דערשיינען אין גיכן

**מאיר יעלין** : דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן

**מאָטל סאַקציער** : לידער

# קרן קימת לישראל — 75 יאָר אַלט

**געשיכטע:** דער קרן קימת לישראל איז געגרינדעט געוואָרן אויפן פינפטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, י״ט טבת תרס״ב (28סטער דעצעמבער 1901), אויפן פאָרשלאַג פון פראָפ׳ צבי הערמאַן שאַפּירא, אונטערגעשטיצט דורך ד״ר בנימין־זאב הערצל.

אין דער געשיכטע פון קרן קימת קען מען אונטערשיידן דריי תקופות: ערשטע — פון יאָר 1901 ביזן מדינה־אויפקום אין 1948; צווייטע תקופה — פון מדינה־אויפקום אין 1948 ביזן שליסן די קאָנווענץ מיט דער ישראל־רעגירונג אין 1960; און די דריטע תקופה — זינט דעם שליסן די קאָנווענץ מיט דער ישראל־רעגירונג אין יאָר 1960 און ווייטער.

**אויפגאַבן:** מיט דער גרינדונג פון קרן קימת איז דעפינירט געוואָרן זיין עלעמענטאַרע אויפגאַבע ווי דער אויסלייזער פון באָדן אין ארץ־ישראל אַלס אייביק פאַרמעגן פונעם יידישן פאָלק, באָדן וואָס קען נישט פאַרקויפט ווערן נאָר ווערט אָפּגעגעבן בלויז אין אַרענדע פאַר די באַדערפענישן פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע.

אַ צווייטע אויפגאַבע איז — אַנטוויקלען די דערוואָרבענע באָדן־שטחים און זייער צוגרייטונג פאַר דער התיישבות.

די פינאַנסירונג פון די ביידע אויפגאַבן קומט פון פאָלקס־שפּענדונגען. אין די ערשטע יאָרן זענען אַלע הכנסות פונעם פאָנד געקומען פון דאָזיקן מקור; שפּעטער איז צו די שפּענדונגען צוגעקומען אַ נייער הכנסה־קוואַל: די הכנסה פון פאַרפאַכטן דעם באָדן.

ביזן מדינה־אויפקום האָט די פּאָליטישע ווירקלעכקייט פאַרפליכטעט צו קאָנצענטרירן דעם רוב באַמיונגען אויף אויסצולייזן באָדן פון פרעמדע הענט, כדי אויסצוברייטערן דעם באָדן־יסוד פון יידישן ישוב און פאַרשטאַרקן דערמיט די פעיקייט פון עליה־אויפנעם און פון התיישבות־ווערק.

אָנהייבנדיק פון מדינה־אויפקום זענען דער רוב רעזערוון פון קרן קימת באַשטימט פאַרן צווייטן ציל — אויסלייזונג פון ישראל־באָדן פון דער וויסטקייט. די קאָנווענץ וואָס איז געחתמעט געוואָרן צווישן דעם קרן קימת לישראל און מדינת ישראל אין יאָר 1960 דעפינירט קלאָר די דאָזיקע אויפגאַבע און אָנערקענט דעם קרן קימת אַלס די אייני־ציקע אינסטאַנץ פאַר דער אַנטוויקלונג פון ישראלדיקן באָדן דורך צוגרייטן אים פאַר התיישבות, באַוואַלדונג און עפענונג פון נייע גרענעץ־געביטן פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע.

**דערגרייכונגען:** די אַרבעט פון קרן קימת דערפילט אַן אַנטשיידנדיקע אויפגאַבע ביים באַשטימען די גרענעצן פון דער יידישער מדינה, וואָס זענען על פּי רוב אָנגעצייכנט געוואָרן לענגאויס די ליניעס אין וועלכע עס זענען געגרינדעט געוואָרן יידישע ישובים אויפן נאַציאָנאַלן באָדן.

ביזן מדינה־אויפקום האָט דער באָדן־פאַרמעג פון קרן קימת באַטראָפן עפּעס מער ווי אַ מיליאָן דונאַם; 87% פון אַלע יידישע ישובים וואָס זענען אַנטשטאַנען ביז 1948 זענען געגרינדעט געוואָרן אויפן דאָזיקן באָדן.

נאָכן מדינה־אויפקום זענען אַריבער אין רשות פון קרן קימת נאָך אַן ערך 2 מיליאָן דונאַם, וואָס האָבן געדינט פאַר דער אויפשטעלונג פון נייע ישובים און שטאָטישע וווין־קוואַרטאַלן.

זייט זיין גרינדונג האָט דער קרן קימת פאַרוואַנדלט קרוב 750 טויזנט דונאַם זומפּי־קער, פעלדזיקער און זאַמדיקער באָדן אין אַ פרוכטבאַר, באַזעצט און באַוויינט לאַנד; אַן ערך 10% פון דעם שטח איז דרענירט און מעליאָרירט געוואָרן ביזן מדינה־אויפקום און דאָס איבעריקע פון 1948 ביזן הייַנטיקן טאָג.

זינט דעם אָנהייב פון זיין באַוואַלדונגס־ווערק אָנהייב צוואַנציקער יאָרן האָט דער קרן קימת געפלאַנצט אַן ערך 125 מיליאָן ביימער אויף אַ שטח פון 500 טויזנט דונאַם און דערמיט געענדערט דעם לאַנד־פּייזאַזש אין פיל ראַיאָנען, בעיקר אין די ירושלימער בערג, אין די בערג פון אפרים און גליל.

כדי צו עפענען נייע גרענעץ־געביטן פאַר התיישבות האָט דער קרן קימת דורכגע־בראָכן זינט דעם מדינה־אויפקום 3,000 ק״מ וועגן.

**אַנטוויקלונגס־געביטן:** די טעטיקייט פון קרן קימת פאַרן מדינה־אויפקום האָט זיך בעיקר קאָנצענטרירט אין די טאָלן: עס זענען דערוואָרבן און דרענירט געוואָרן די שטחים פון עמק בית שאן, עמק יזרעאל, עמק זבולון, עמק חפר און שרון. אין דער זעלבער תקופה זענען געמאַכט געוואָרן די ערשטע פרווון אַריינצודרינגען אויך אין די בערג פון ירושלים, גליל און נגב.

נאָכן מדינה־אויפקום זענען די באַמיונגען בעיקר קאָנצענטרירט געוואָרן ביים אַנט־וויקלען באַרגיקע געגנטן (גליל, גלבוע, ירושלימער קאָרידאָר) און ערבה. זינט דעם זעקסטאָגיקן קריג האָט דער קרן קימת אַנטוויקלט נייע ראַיאָנען פאַר התיישבות אין גולן, עזה־פּאַס, פּיתחת־רפיח און ביים ברעג פון אילת־גאָלף.